י. הירשהויט

# אין גאַנג פון דער געשיכטע

מאָנאָגראַפיעס און עסייען







אַרויסגעגעבן דורכן
וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור
תל־אביב, תשמ״ד — 1984

# וועגן דעם בוך

די מאָנאָגראַפיעס פון י. הירשהויט ז״ל, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, זענען פון גרויס וויכטיקייט אין דער איצטיקער תקופה. די תקופה איז אַזאַ קאָמפּליצירטע און מיט אַזוי פיל ווידעראַנאַנדן, אַז ס׳איז אוממעגלעך צו באַצייכענען, צי איז זי אַ תקופה פון „וועלן פאַרגעסן״, אָדער אַ תקופה אין וועלכער די אַקטועלע היסטאָרישע כמעט אַפּאָקאַליפּטישע אַנטוויקלונגען אין יידישן פאָלק פאַרשטויסן דעם נעכטן, במילא פאַרשטויסן זיי אויך דעם גרעסטן חורבן, וואָס איז צושטאַנדגעקומען ערשט נעכטן. אין אָט דער צייט איז עס ממש אַ חסד של אמת צו פאַרעפנטלעכן און דערציילן ווער זענען עס געווען די היסטאָריקערס, וואָס האָבן אין דער נייער צייט געזוכט און גע־נישטערט אין די אַרכיוון פון מאַגיסטראַטן, קהילות און שטאַטלעכע אַרכיוון אין פוילן, כדי אויפצושטעלן דאָס כללדיקע בילד פון דעם יידישן קאָלעקטיוו אין מיזרח־אייראָפּע, וואָס האָט געשאַפן דאָס אַקטיווע, שעפערישע און מאָדערן יידיש פאָלק.

יידן אין מיזרח־אייראָפּע האָבן נישט געהאַט קיין קראָניקערס וואָס זאָלן נאָכגיין טריט נאָך טריט דאָס יידישע לעבן און פאַרשרייבן אַזוי ווי עס פלעגן פאַרשרייבן די קראָניקערס פון מלכים און הערשערס און די קלויסטער־קראָניקערס פאַרן באַדאַרף פון דעם הערשנדיקן קאַטוילישן קלער. אַזעלכע קראָניקעס ווי די פון נתן האַנאָווער, „יון מצולה״, וועגן די פּאָגראָמען פון די קאָזאַקן אין די יאָרן 1648—1649 (ת״ח ות״ט) ביז דעם יאָר 1652, זענען זעלטענע. די קוואַלן פאַר דער יידישער געשיכטע אין מיזרח־אייראָפּע האָבן זיך געפונען אין פינקסים פון קהילות, אין מאַגיסטראַטן, אין די פּראָטאָקאָלן פון דעם וועד אַרבע אַרצות, דעם יידישן סיים; געוויסע פאַקטן זענען געווען אין די שאלות ותשובות; אין אַזאַ פאַמיליען־קראָניק ווי די וואָס פון גליקל פון האַמעלן זענען דערמאָנט יידן פון פוילן, וואָס האָבן דערגרייכט דייטשלאַנד ווי אַנטלאָפענע פון די קאָזאַקישע פּאָגראָמען.

ביז דעם 19טן יאָרהונדערט האָבן יידן געהאַט ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר געשיכטע־שרייבערייִ. אַרום די געשיכטלעכע פאַקטן אין תנך זענען געפירט געוואָרן פּאָלעמיקעס, צי די פאַקטן זענען ווירקלעכע אָדער לעגענדע זענען זיי. ביז דער מאָדערנער צייט, ווען אַרכעאָלאָגן האָבן אָנגעהויבן זוכן אין דער ערד פון מעזאָפּאָטאַמיע, ארץ־ישראל און אין אַנדערע פּלעצער אין דעם ראַיאָן און היסטאָרישע פאַקטן אין תנך האָבן זיך אַזוי אַרום באַשטעטיקט בעת אַנדערע זענען אָפּגעלייקנט געוואָרן ביז ווייטערדיקע גראָבונגען. אַפילו אַרום אַזאַ ריזיק היסטאָריש ווערק ווי „די געשיכטע פון דער מלחמה פון יידן קעגן די רוימער״, פון יאָסעפוס פלאַוויוס (יוסף בן מתתיהו הכהן), איז במשך

פון הונדערטער יאָרן אָנגעגאַנגען אַ הייסע פּאָלעמיק, וואָס ביזן היינטיקן טאָג האָט זי זיך נישט אָפּגעקילט. אַפּילו י. הירשהויט, אין זיין עסיי וועגן דער אַלט־ייִדישער היסטאָריאָזאָפיע (אין דעם בוך) לאָזט זיך מיטרייסן מיט די ייִדישע קעגנערס פון פלאַוויוסן אַז ער האָט זיין ווערק אָנגעשריבן אויף דער באַשטעלונג פון די רוימער, הגם פלאַוויוס האָט זיין געשיכטע לכתחילה אָנגעשריבן אינעם „לשון פון אונדזערע אָבות" (אַראַמיש געמישט מיט העברעיִש), און ערשט שפּעטער איבערזעצט אין גריכיש, כּדי די פעלקער פון די רוימישע קאָלאָניעס אינעם מיטעלן מיזרח זאָלן זיך מיט איר באַקענען.

ווי דער ערשטער ווירקלעכער ייִדישער היסטאָריקער האָט זיין ווערק געהאַט אַזאַ אימפּאַקט אויף ייִדן און נישט־ייִדן, אַז ביי ייִדן האָט ער גורם געווען צום אַנטשטייק פון דער קאָמפּילאַציע „יוסיפון", וואָס אין גילגולים איז ער דערגאַנגען ביז היסטאָרישן אַבסורד. צוזאַמען מיט די עפּיטעטן „פאַררעטער", „ליגנער" א"אַ האָבן געוויסע ייִדישע קרייזן אים פאַרערט אויף אַזוי פיל, אַז צוויי פּערזענלעכקייטן האָבן זייערע פאַמיליען־נעמען געענדערט אויף דעם נאָמען, מיט וועלכן דאָס פּשוטע פאָלק פלעגט רופן יוסף בן מתתיהו — בן־גוריון (דוד גרין), אָדער בן־גריון (מיכה יוסף בערדיטשעווסקי).

שפּעטער איז די ייִדישע געשיכטע־שרייבעריי ווידער פאַרזונקען און איז אויפגעלעבט געוואָרן ערשט אין 19טן יאָרהונדערט דורך היינריך גרעץ און שמעון דובנאָוו. אין דער נייער צייט האָבן די היסטאָריקערס ד"ר מאיר באַלאַבאַן, ד"ר יצחק שיפּער, ד"ר רפאל מאַלער, ד"ר עמנואל רינגעלבלום, ד"ר פיליפּ פרידמאַן א"אַ פונעם עלטערן און ייִנגערן דור גענישטערט אין אַלע מעגלעכע אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן געבן אַן אַלזייטיק בילד פון דער ייִדישער געשיכטע אין מיזרח־אייראָפּע. זייערע פאָרשונגען האָבן אַרומגענומען אַלע געביטן פונעם ייִדישן לעבן, ייִדישן שטייגער, פאָלקלאָר, פּאָליטישע און סאָציאַלע באַוועגונגען. היסטאָריש זוכעניש און פאָרשונג איז געוואָרן אַ סעקטאָר אין אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור, ווי בעלעטריסטיק, פּאָעזיע, קריטיק און עסייִסטיק.

די דערמאָנטע היסטאָריקערס האָבן זייער אַרבעט נישט פאַרענדיקט. די נאַציס האָבן אויסגעמאָרדט אונדזער פאָלק און אויך אונטערגעגראָבן די וואָרצלען פון אונדזער קולטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין מיזרח־אייראָפּע במשך הונדערטער יאָרן. מאיר באַלאַבאַנס קבר האָב איך אין יאָר 1947 געפונען אויפן גענשער בית עולם, אין וואַרשע, אַ צעטרעטענעם און אָן אַ מצבה; ד"ר יצחק שיפּער איז פאַרפייניקט געוואָרן אין מיידאַנעק; ד"ר עמנואל רינגעלבלום איז דערמאָרדט געוואָרן נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן אויפגעדעקט דעם בונקער אויף דער אַרישער זייט, אין וועלכן דער שאַפער פון דעם געטאָ־אַרכיוו איז געווען אויסבאַהאַלטן. ד"ר פיליפּ פרידמאַן איז געוואָרן דער היסטאָריקער פון אונדזער חורבן.

אַוודאי געפינען זיך געשיכטע־ביכער פון די דערמאָנטע היסטאָריקערס

אין ביבליאָטעקן און די קומענדיקע היסטאָריקערס וועלן שעפּן פון זייערע פאָרשונגען, אָבער אויך זיך פרעגן: וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אָט די פערזענלעכקייטן? זייער לעבן און נסיונות אין געטאָ זענען אַליין געשיכטע.

נישט נאָר די היסטאָריקערס, נאָר אויך די וועלכע האָבן געשאַפן היסטאָריע אין די זעלבע יאָרן ווען די היסטאָריקערס האָבן געלעבט און געשאַפן: אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע איז נישט געווען נאָך אַזאַ תקופה פון אויפשטייג אין אַלע געביטן פונעם ייִדישן לעבן — קולטור, קונסט, ליטעראַטור, פּאָליטישע און סאָציאַלע באַוועגונגען — ווי די תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות אין פּוילן. דער קאַמף־מכשיר פון ייִדן איז געווען די טריבונע און דאָס געדרוקטע ייִדישע וואָרט. ס׳זענען אויפגעקומען ייִדישע מנהיגים, וואָס האָבן אויך פאַרמאָגט שרייבערישן, פּובליציסטיש־פּאָליטישן טאַלאַנט, פאַרקערפּערט מיט אידעאָלאָגיע און קאָמף פאַר די טאָגטעגלעכע נויטן. וועגן איינעם פון אַ גאַנצן דור מנהיגים — ד״ר יהושע גאָטליב — שרייבט י. הירשהויט אין אַ קורצער מאָנאָגראַפיע, וואָס איז געבליבן אין כתב־יד אין זיין ליטעראַרישער ירושה. ווי אין אַ טראָפּן וואַסער שפּיגלט זיך אָפּ דער גאַנצער ים, אַזוי שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם איינציקן באַשריבענעם ד״ר יהושע העשל גאָטליב די גאַנצע פּלעיאַדע ייִדישע מנהיגים אין פּוילן פון אַלע שטרעמונגען אינעם געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן. פון רעכטס ביז לינקס. פון דעם אופן ווי י. הירשהויט באַשרייבט דאָס געשטאַלט פון ד״ר גאָטליב באַקומט זיך אויך די ראַפינירטע מענטשלעכקייט פון דעם מחבר גופא, פון י. הירשהויט.

י. הירשהויט האָט געהערט צו די ייִדישע שרייבערס, וואָס זיינען ווי מענטשן געווען דורכגענומען מיט דעם אוניווערסאַלן הומאַניזם וואָס איז געווען און איז ווייטער דער לייטמאָטיוו פון דער ייִדישער ליטעראַטור. צו דעם איז י. הירשהויט געווען אַ באמת גוטער, האַרציקער מענטש, פול מיט ליבשאַפט פאַר דעם מין מענטש. אָט די פיינע אייגנשאַפטן קומען צום אויסדרוק נישט בלויז אין די מאָנאָגראַפיעס וועגן אומגעקומענע פאַרשטאָרבענע היסטאָריקערס און ד״ר גאָטליב, נאָר אויך אין זיין בוך נאָוועלן „דער ניגון פון נעכטן", וואָס איז דערשינען אין תל־אָביב אין יאָר 1978. די ליבשאַפט און פיינקייט, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין ווערטער אין זיינע נאָוועלן און מאָנאָגראַפיעס וואָלט מען געקאָנט פאַרוואַנדלען אין מוזיק געשאַפן פון שאָפּען אָדער מאָצאַרט. מיט זיינע מאָנאָגראַפיעס האָט י. הירשהויט אַוועקגעשטעלט פיר אייביקייטס־מצבות פאַר פיר ייִדישע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן גוט געדינט אונדזער פאָלק. ער האָט נישט באַוויזן מער. דער טעמפּעראַמענט מיט וועלכן די מאָנאָגראַפיעס זענען געשריבן, זאָגט עדות וועגן דעם וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט צו דערוואַרטן פון י. הירשהויט. דער פריצייטיקער טויט האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין פאַרמעסט, ווי ער האָט אַ סוף געמאַכט צום פאַרמעסט פון די, וועגן וועלכע ער שרייבט.

**מ. צאַנין**

# יחיאל הירשהויט

## ביאָגראַפֿישע נאָטיצן

יחיאל הירשהויט איז געבוירן געוואָרן אין דראָהאָביטש, מיזרח־גאַליציע, דעם 2טן סעפּטעמבער 1908. ער האָט דאָרטן באַקומען מאַטורע, נאָך דעם געענדיקט דעם לעמבערגער אוניווערסיטעט, ווי אַ מאַגיסטער פֿון רעכט־וויסנשאַפֿט און פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אויך געענדיקט דעם העברעישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין לעמבערג. דערנאָך געווען אַ פֿירנדיקער ציוניסטישער טוער אין מיזרח־גאַליציע און פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען אין דער ייִדישער פּרעסע אין פּוילן, אין ייִדיש און פּויליש („נאַרוד", וואַרשע; „דער אמת", וואַרשע; „דער נייער וועג", פּאַריז, שפּעטער — לאָנדאָן; „דער קאַמף", לעמבערג; „די נויע וועלט", ווין; די טאָגצייטונגען: „כווילאַ" (פּויליש), לעמבערג, און „הײַנט", וואַרשע).

די נאַצישע אָקופּאַציע־צייט האָט ער דורכגעמאַכט אין פּוילן, ווו ער איז אויך געווען ביז 1946. ער איז אויסגעשטאַנען שרעקלעכע פּייניקונגען אויפֿן וואַרשעווער „פּאַוויאַק", פֿון וואַנען ער איז העלדיש אַנטלאָפֿן. אין די מלחמה־יאָרן האָט ער פֿאַרלוירן זיין גאַנצע משפּחה — דרײַ ברידער און אַ שוועסטער מיט זייערע משפּחות, און די מוטער, וואָס די דייטשן האָבן זי דערשאָסן פֿאַר זיינע אויגן, און זיין ערשטע פֿרוי מיט זייער פּינפֿיאָריק טעכטערל.

גלייך נאָך דער מלחמה איז ער געווען פֿון די באַנײַערס און גרונטלייגערס פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין נײַעם פּוילן, גרינדער און רעדאַקטאָר פֿון דער ערשטער ציוניסטישער צייטונג „איחוד", און אויך געשאַפֿן די ערשטע ייִדיש־פּוילישע צייטונג „אָפּיניאַ", אין לאָדזש; גלייכצייטיק איז ער אויך געווען רעדאַקציע־מיטגליד פֿון דער ייִדישער פּרעסע־אַגענטור אין לאָדזש.

אין 1946 איז ער אַוועק קיין פֿראַנקרייך, ווו ער איז געווען רעדאַקטאָר און מיטאַרבעטער פֿון אַ גאַנצער ריי פּאַריזער זשורנאַלן און צייטונגען: „די ציוניסטישע שטימע", „ווידעראויפֿבוי", אַרויסגעגעבן דורכן פֿאַרבאַנד פֿון פּוילישע ייִדן אין פֿראַנקרייך, „אונדזער וועג" א"אַ; פֿאַרעפֿנטלעכט אין זשורנאַל „קיום" עטלעכע סעריעס עסייען וועגן פּראָבלעמען פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, חורבן־ליטעראַטור ביי דייטשן, פּאָליאַקן און ייִדן א"אַ.

אין 1951 איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק. דאָ האָט ער מיטגעאַרבעט אין פֿאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן („אַמעריקאַנער", „צוקונפֿט", „ייִוואָ־בלעטער", „די גאָלדענע קייט" א"אַ), און פֿאַרעפֿנטלעכט אין „פֿון נאָענטן עבר" די מאָנאָגראַפֿיעס וועגן „ד"ר י. שיפּער — זיין לעבן און שאַפֿן", „מאיר באַלאַבאַן" א"אַ. ער האָט וועגן חורבן־פּראָבלעמען געשריבן עסייען, ליטע־

ראַטור־קריטיק, היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, פּובליציסטיק און אויך דערציילונגען. אין יאָר 1982 האָט זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס" זיין גרעסערע דערציילונג „דער ריטמײַסטער".

*

זינט 1971 און ביז צו זיין טויט איז ער געווען הויפּט־רעדאַקטאָר פון דעם ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכן חודש־זשורנאַל „צוקונפט", ניו־יאָרק. די לעצטע פופצן יאָר איז ער געווען פּרעזידענט פון יידישן פּען־קלוב; ער איז אויך געווען עקזעקוטיוו־מיטגליד פון „וואַגראַ" (פאַרבאַנד פון לעבנגעבליבענע פונעם חורבן), און עקזעקוטיוו־מיטגליד פון יידישן קולטור־קאָנגרעס.

אין בוכפאָרעם זענען דערשינען זיינע ווערק: „פּינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק" (1948), וואָס איז אַרויס אויך אויף ענגליש "Jewish Martyrs of Pawiak", 1982, ניו־יאָרק, אין אַ נײַער באַאַרבעטונג און מיט הוספות, איינגעשלאָסן דעם פּראָצעס אין האַמבורג; „יידישע נאַפּט־מאַגנאַטן" (בוענאָס איירעס, 1954), פאַר וועלכן עס איז אים צוגעטיילט געוואָרן די סטאָליאַר־פּרעמיע (האָט זיך אויך געדרוקט, אין המשכים, אין דער תל־אָביבער העברעישער טאָגצייטונג „הדור"; „דער ניגון פון נעכטן" (1978), אַ באַנד נאָוועלן, דערשינען אין י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תל־אָביב.

י. הירשהויט איז אַוועק פון דער וועלט אין ניו־יאָרק דעם 20סטן מערץ 1983.

# אינהאַלט:

ערשטער טייל

# ד״ר מאיר באַלאַבאַן — דער היסטאָריקער פונעם פוילישן ייִדנטום

## א
## לעמבערג און גליניאַני

געטע זאָגט אין איינעם פון זיינע אַפּאָריזמען:

„ווער ס׳וויל דעם דיכטער גוט פאַרשטיין
דער מוז אינעם דיכטערס לאַנד גיין״.

איך קען נישט קיין אַנדער שטאָט, וואָס באַשטעטיקט אַזוי בולט דעם אמת פונעם דאָזיקן געדאַנק, ווי די שטאָט לעמבערג. אַ מאָדנע אייגנשאַפט האָט זי געהאַט, די דאָזיקע שטאָט: זי האָט אַרויסגעגעבן אַ סך גדולים אויף פאַרשיידענע געביטן פון אינטעלעקט. אָבער גאַנץ זעלטן האָט ווער פון זיי געקאָנט זיך איינאָרדנען אין זיין היימשטאָט. זיי פלעגן אַוועקגיין אין אַנדערע מקומות, דאָרט ווירקן און שאַפן, נאָר עפּעס אַן אייגנאַרטיקער חותם פון זייער געבוירן־שטאָט איז ביי זיי פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן. ס׳איז ביי זיי געווען אַ מין נשמהדיקע צוגעבונדנקייט צו לעמבערג און זי פלעגט ווי אַ מיסטעריעזער פלויד עמאַנירן פון זייערע שאַפונגען.

דאָס נאָר וואָס געזאָגטע איז חל נישט בלויז אויף ייִדן, אויך די קולטור־געשיכטע פון פּאָליאַקן אין לעמבערג דערציילט וועגן די זעלביקע פאַקטן. ס׳איז געווען דער חן פון דער דאָזיקער שטאָט, וואָס האָט געהאַלטן אירע קינדער ווי אונטער אַן אויסנעמיקן כּישוף.

די באַקאַנטע ראַבינערס און געלערנטע: ד״ר מרדכי ערנפּרייז פון שטאָקהאָלם, ד״ר יהושע טהאָן פון קראָקע, האָבן געשטאַמט פון לעמבערג. זיי האָבן ווייט צעשפּרייט דאָס ליכט פון חכמת־ישׂראל און שטענדיק האָבן זיי מיטגעטראָגן מיט זיך דעם כּישופדיקן חן פון זייער היימשטאָט און אַ מערקווערדיקע צוגעבונדנקייט צו איר.

אויך ד״ר מאיר באַלאַבאַן האָט געהערט צום דאָזיקן מין געלערנטע,

כאָטש ער איז געווען יינגער פון די צוויי ראַבינערס. פונקט ווי זיי האָט ער געשטאַמט פון לעמבערג און פונקט ווי זיי האָט ער געווירקט און געשאַפן ווייט פון זיין היימשטאָט: אין וואַרשע. אָבער מיטן ספּעציפישן לעמבערגער חותם האָט ער זיך קיין מאָל נישט צעשיידט.

וואָלט דעריבער נישט מעגלעך געווען צו פאַרשטיין באַלאַבאַנען, אָפּשאַצן זיין וויסנשאַפטלעכע און שרייבערישע סובסטאַנץ, אויב מען זאָל צו ערשט זיך נישט באַקענען מיט דער גייסטיקער אַטמאָספער פון זיין געבוירן־שטאָט און מיט די דאָרטיקע קולטורעלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן באַלאַבאַנען אַזוי שטאַרק באַווירקט אין זיינע יוגנט־יאָרן.

זינט די עלטסטע צייטן (אַן ערך דעם יאָר 1350) האָט לעמבערג געהאַט צוויי יידישע קהילות: די שטאָטישע, וואָס איז איינגעשלאָסן געווען אין די מויערן פון דער שטאָט און האָט פאַרנומען די „יידן־גאַס" (שפּעטערדיקע באָימאָוו) מיט די אַרומיקע געסלעך און די פאַרשטאָטישע, וואָס איז געווען מחוץ פון די שטאָט־מויערן, אין דער געגנט פון די שפּעטערדיקע גאַסן: זשולקעווסקאַ, קאַזימיעזשאָווסקע א"אַ. כאָטש ביידע קהילות האָבן אין אַל־געמיין געטיילט דעם זעלביקן גורל (מחמת זיי האָבן כסדר געמוזט קעמפן פאַרן רעכט צו האַנדלען און גלייכצייטיק זיך שיצן קעגן כלערליי שונאים, וואָס האָבן געראַבעוועט און געמאָרדעט יידן), איז פון דעסטוועגן אין אַלע צייטן צווישן די צוויי קהילות געווען אַ שטאַרקער אַנטאַגאַניזם. די שטאָטישע יידן האָבן זיך באַטראַכט פאַר געהויבענע לייט און צו די פאַרשטאָטישע זיך באַצויגן ווי צו אַ געמיינערן גראַד.

ערשט ביים איבערבראַך פונעם 18טן און 19טן י"ה, ווען עסטרייך האָט ביי פּוילן צוגענומען לעמבערג, זיינען צענומען געוואָרן די טויערן פון דער שטאָט. די פאַרשטאָט איז צוזאַמען מיט דער שטאָט פאַראייניקט געוואָרן אין אַ „גרויס לעמבערג" און די עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג פאַר צוויי באַזונדערע קהילות איז מער נישט געווען. די קהילה־פאַרוואַלטונג איז טאַקע דעמאָלט שוין געווען אַ בשותּפותדיקע פאַר דער שטאָט און פאַרשטאָט, אָבער רבנים, חזנים און שוחטים האָבן זיי ווייטער געהאַט באַזונדערע. דער אַנטאַגאַניזם פון די פריערדיקע צייטן האָט ווייטער אָנגעהאַלטן. נאָך ביים אָנהייב פונעם איצ־טיקן יאָרהונדערט פלעגט דער עלטערער דור פון די לעמבערגער יידן פירן אַ גענויעם חשבון, ווער ס'איז אַ שטאָטישער און ווער אַ פאַרשטאָטישער.

בעת די עסטרייכער האָבן איינגעפירט אין לעמבערג זייער אָרדענונג,

האָבן זיי אָפּגעטאָן נאָך איין זאַך: זיי האָבן "געטערפּעט" אינעם שטאָט־צענטער איינינקע גאַסן, וווּ ייִדן האָבן אין דער צייט פון דער פּוילישער מלוכה געוווינט אומלעגאַל אָדער האַלבלעגאַל. אין פּשוטן לשון מיינט עס, אַז זיי האָבן פון די דאָזיקע גאַסן פאַרטריבן די ייִדן. האָט זיך דעמאָלט אַ גרויסער טייל פון די "שטאָטישע" אַריבערגעצויגן אויף דער ברייטער גאַס (קאַזימיעזשאָווסקע) און נאָך אויף אַנדערע גאַסן פון דער אַמאָליקער פאַר־שטאָט. די דאָזיקע איבערגעפּלאַנצטע שטאָטישע ייִדן האָבן זיך מיט דער צייט איינגעוואָרצלט אויפן נייעם אָרט און זיינען געוואָרן פאַרברענטע פאַר־שטאָטישע פּאַטריאָטן.

באַלאַבאַנס פאָרעלטערן האָבן אויך געמוזט מיטמאַכן די דאָזיקע בעל־כרחה־איבערפּלאַנצונג, ווייל אָט ווייסן מיר, אַז איינער פון זיי, ר׳ לייבוש (לעווקאָ), באַלאַבאַן, איז ביים סוף פונעם 18טן י״ה געווען פּרנס חודש פון דער שטאָטישער קהילה. דערקעגן מאירס זיידע (דעם טאַטנס פאָטער) און זיין טאַטע האָבן געוווינט אויף דער ברייטער גאַס. דער זיידע — אַזוי דערציילט באַלאַבאַן אין זיינע דרך אַגבדיקע זכרונות — איז געווען אַ פאַרברענטער "פאָרשטאָטישער". והא ראיה, ווען מאיר (ער איז דעמאָלט געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען) האָט אַ מאָל געזאָגט דעם זיידן, אַז ברוך שור, דער חזן פון דער שטאָטישער שול איז בעסער פונעם פאָרשטאָטישן חזן, ר׳ אַהרן שלמה, האָט דאָס דעם זיידן שטאַרק פאַרדראָסן און ער האָט געענט־פערט, אַז אַזאַ זאַך "קאָנען זאָגן נאָר טיפּשים".

ד״ר מאיר באַלאַבאַנס טאַטע, אַלכּסנדר זוסמאַן באַלאַבאַן, איז געווען אַ טראַדיציאָנעלער ייִד, אָבער שוין אַ משׂכּיל. ער האָט גערעדט דייטש, געלייענט די ווינער צייטונגען, ווי אויך השׂכּלה און סתּם וועלטלעכע ביכער. ער האָט אַפילו געהאַט געפירט אַ טאָגבוך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פונעם יאָר 1868. אינעם טאָגבוך האָט אַלכּסנדר זוסמאַן פאַרשריבן אַלע וויכטיקסטע צייט־געשעענישן סיי פון זיין שטאָט לעמבערג און סיי פון דער וועלט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מאיר אויסגענוצט דעם דאָזיקן טאָגבוך פאַר זיינע היסטאָרישע אַרבעטן.

קיין גביר איז מאירס טאַטע קיין מאָל נישט געווען. אַ טיפּיש־באַלע־באַטישער ייִד, אָן אַ באַשטימטער פּראָפעסיע אָדער אַ באַשטימטן מסחר. ער איז געווען אַ מעקלער, געלעבט פון לופטגעשעפטן און דערפון האָט ער געדאַרפט מפרנס זיין אַ שטוב מיט קינדער.

מאיר איז געבוירן געוואָרן דעם 20סטן פעברואַר, 1877. ביים ברית האָט ער באַקומען צוויי נעמען: מאיר שמואל. דער פאָטער האָט באַשטימט „צו לאָזן אים שטודירן", אָבער פון דער יידישער דערציִונג האָט ער אים נישט געוואָלט אָפּוועקרייסן. האָט מאיר געלערנט גלייכצייטיק אין דער עפנט־לעכער שול און אין חדר. עס איז אָבער שווער געווען אָנצוגיין מיט דיביידע צוזאַמען. ווען מאיר האָט שוין אָנגעהויבן לערנען אין גימנאַזיע, ווו מען פלעגט אין יענע צייטן אָנשטאָפּן די תלמידים מיט אַ סך וויסן אין לאַטייניש און גריכיש, איז מיטן יידיש־לימוד געוואָרן נאָך שווערער. אָבער דער טאַטע האָט מיט אַלע זיינע מיטלען געקעמפט, כּדי מאירן צו דערהאַלטן ביי פולער יידישקייט.

מיטן זיידן און מיטן טאַטן פלעגט מאיר גיין דאַוונען. שבתים האָבן זיי געדאַוונט אין אַ קליינער קלויז אויף קאַזימיעזשאַווסקע גאַס, ימים־טובים אינעם „פּאַרשטאַטישן" בית־מדרש. יענע שבתים, ווען ס'איז אין דעם פאַר־געשריטענעם טעמפּל געווען אָנאָנסירט אַ דרשה פונעם ראַבינער, ד"ר בער־נאַרד לעווענשטיין, פלעגט דער טאַטע גיך אָפּדאַוונען און צוזאַמען מיט מאירן לויפן אין טעמפּל אַריין, כּדי נישט דורכצולאָזן די דרשה פונעם באַליבטן ראַבינער.

אין די העכערע קלאַסן פון דער גימנאַזיע האָט אויף באַלאַבאַנען שטאַרק משפּיע געווען דער ראַבינער, ד"ר יוסף קאָבאַק.*

אָט דער ד"ר קאָבאַק איז ביזן יאָר 1892 געווען רעליגיע־לערער אין דער פּערטער גימנאַזיע אין לעמבערג. ער איז שוין אין יענע צייטן געווען אַ חובב ציון און האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער יוגנט. אין יאָר 1885 האָט ער געשאַפן דעם פאַראיין „מקרא קודש", וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען צו העלפן יידישע יונגע־לייט, ישיבה בחורים און תורה־לערנער, צוגרייטן זיך צו די עקזאַמענס אין גימנאַזיע. ד"ר קאָבאַק אַליין און נאָך אייניקע לערערס זיינען דאָרט געווען די קאָרעפּעטיטאָרן און זיי האָבן געלערנט מיט די יונגע לייט לאַטיין, גריכיש, מאַטעמאַטיק, אאַז"וו.

אינעם „מקרא קודש" האָבן זייערע ערשטע טריט אויפן וועג צו וועלט־לעכער בילדונג געשטעלט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי ד"ר מרדכי ערנ־פּרייז, ד"ר יהושע טהאָן, ד"ר שמואל וואָלף גוטמאַן (דער שפּעטערדיקער

* וועגן ד"ר יוסף קאָבאַק ווערט דערציילט אין דער אַרבעט „קאַריפייען פונעם קולטור־ציוניזם אין גאַליציע" — אויף ז"ז 246–248.

לעמבערגער קרייז־ראַבינער), ד״ר ישעיה וואַסער (דער שפּעטערדיקער לאַנג־יאָריקער פּרעזידענט פונעם טעמפּל) און נאָך אַ סך אַנדערע.

דער דאָזיקער פאַראיין האָט געהאַט אַ ברייטע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם און בקרוב האָט זיך פון אים אויסגעטיילט דער ערשטער לעמבערגער ציון־פאַראיין. מאיר באַלאַבאַן איז צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע סטודענטן פון זיין עלטער, אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם פאַראיין און איז געוואָרן אַן איבער־געגעבענער ציוניסטישער אַקטיוויסט. ער האָט דאָרט געאַרבעט צוזאַמען מיט אייניקע עלטערע חברים, צווישן וועלכע עס זיינען (חוץ די שוין פריִער אויסגערעכנטע: ערנפּרייז און טהאָן) געווען: די צוויי ברידער שטאַנד, אַדאָלף און קאַראָל, ראובן בירער, גרשון ציפּער, גרשם באַדער, א״אַ.

אין יאָר 1891 האָט דער ציון־פאַראיין אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „פּזשישלאָשטש״ (צוקונפט), וואָס פלעגט דערשיינען צוויי מאָל אַ חודש. ווי עס גיט איבער באַלאַבאַן (מיר שעפּן ווידער פון זיינע דרך אַגבדיקע זכרונות, צעוואָרפענע איבער זיינע פאַרשיידענע ווערק), איז אַדאָלף שטאַנד געווען רעדאַקטאָר פונעם דאָזיקן זשורנאַל, און באַלאַבאַן, דעמאָלט אַ גאָר יונגער סטודענט איז געווען זיין טעכנישער אַרויסהעלפער. טאָקע דאָרט, אויף די שפּאַלטן פון „פּזשישלאָשטש״, האָט באַלאַבאַן צום ערשטן מאָל געפּרוווט זיינע כוחות אין דער שרייבערישער מלאכה. ער האָט נאָך דעמאָלט נישט געטראַכט וועגן היסטאָרישער פאָרשונג. ס׳איז אויך נישט געווען קיין רייד וועגן דעם, אַז ער זאָל נעמען שטעלונג צו די ערנסטע ציוניסטישע פּראָבלעמען, וואָס זיינע עלטערע חברים, און דער עיקר אַדאָלף שטאַנד, פלעגן באַהאַנדלען אינעם זשורנאַל. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט צוזאַמענשטעלן די כראָניק, די קאָרעספּאָנדענצן וכדומה.

אָן ערך אין יאָר 1896 האָט באַלאַבאַן געענדיקט די גימנאַזיע און זיך פאַרשריבן אויפן יורידישן פאַקולטעט פונעם לעמבערגער אוניווערסיטעט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אָנגיין מיט זיין לערנען מחמת דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, אין וועלכער זיין משפּחה האָט זיך געפונען. ער האָט איבערגעריסן דאָס לערנען און אָנגענומען אַ לערער־שטעלע אין דער שול־נעץ פון דער באַראָן־הירש־פונדאַציע. די דאָזיקע פונדאַציע האָט אין יענע צייטן אויסגעהאַלטן שולן פאַר יידישע קינדער כמעט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע. אין די דאָזיקע שולן האָט מען געלערנט פּויליש און די שול אַליין האָט זיך כמעט מיט גאָרנישט נישט אויסגעטיילט פון די

אַלגעמיינע מוניציפּאַלע פֿאַלקסשולן, סיידן מיט דעם, וואָס שבת איז זי געווען פֿאַרמאַכט.

באַלאַבאַנען האָט די הירש־פֿונדאַציע געשיקט קיין גאַלאַגורי און נאָך אַ קורצער צייט קיין גלינע (גליניאַני), אַ קליין שטעטל נישט ווייט פֿון לעמבערג. וועגן באַלאַבאַנס צוויי יאָר לערער־אַרבעט (1897—1898) אין גלינע איז פֿאַראַן אַ באַריכט פֿון אַ גלינער לאַנדסמאַן, חנוך האַלפּערן (יִוואָ־בלעטער, באַנד 27, נ״ר 2, 1946). האַלפּערן דערציילט דאָרט, אַז באַלאַבאַן איז געקומען קיין גלינע ווי אַן אויסגעשפּראָכענער ציוניסט „פֿון אַדאָלף שטאַנדס און ד״ר אַברהם קאָרקיסעס חדר״. כאָטש די הירש־פֿונדאַציע האָט אירע לערערס נישט דערלויבט צו באַטייליקן זיך אין ציוניסטישער אַרבעט, האָט באַלאַבאַן תּיכּף נאָכן אָנקומען קיין גלינע זיך געשטעלט אין פֿאַר־בינדונג מיט די עטלעכע ציוניסטן, וואָס זיינען געווען אין שטעטל. אונטער זיין השפּעה און מיט זיין הילף איז אין יאָר 1898 אין גלינע געגרינדעט געוואָרן דער ציוניסטישער פֿאַראיין „אהבת ציון״.

פֿון חנוך האַלפּערנס באַריכט ווייסן מיר נאָך, אַז אין גלינע האָט זיך באַלאַבאַן באַקענט מיט מאָטיק האַלפּערן, דעם שפּעטערדיקן העברעיִשן שרייבער, מרדכי בן־יחזקאל, וואָס איז נאָך אין יענער צייט געווען אַ קלויז־בחור. די דאָזיקע באַקאַנטשאַפֿט איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פֿריינדשאַפֿט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרן, בעת מרדכי בן־יחזקאל האָט געוווינט אין לעמבערג און זיך פֿאַרנומען מיט לערעריי. חנוך האַלפּערן דערציילט, אַז ביי מרדכין האָט באַלאַבאַן דערגאַנצט זיין בילדונג אין העברעיִש און יידיש.

אַרבעטנדיק אין גלינע האָט באַלאַבאַן נישט איבערגעריסן זיין פֿאַר־בינדונג מיט לעמבערג. יעדן פֿרייטיק, נאָכן שליסן די לימודים, פֿלעגט ער מיט דער באַן פֿאָרן אַהיים. וועגן די דאָזיקע פֿרייטיקדיקע נסיעות, פֿלעגט באַלאַבאַן אין די שפּעטערדיקע יאָרן דערציילן פֿאַרשיידענע טשיקאַווע מעשׂהלעך. אָט איז איינע פֿון זיי, וואָס כאַראַקטעריזירט דאָס שטעטל גלינע: דאָס דאָזיקע שטעטל איז געווען שמוציק און פֿאַרבלאָטיקט. באַזונדערס אין דער צייט פֿון די האַרבסטיקע רעגנס איז די בלאָטע געלעגן אַזוי ברייט און הויך, אַז ס׳איז ממש נישט מעגלעך געווען דורכצושפּרייזן די גאַס. באַלאַבאַן פֿלעגט נאָכן פֿאַרמאַכן די שול זיך אויפֿזעצן אויף אַ פֿויערישן וואָגן, וואָס האָט אים געפֿירט צו דער באַן. ער האָט אָבער אויפֿן וועג געמוזט אָפּ־

טרעטן ביים שמש און אים איבערגעבן דעם שליסל פון דער שול. איז אָבער אין דער בלאָטע־צייט נישט מעגלעך געווען אַראָפּצוגיין פונעם וואָגן. איז באַלאַבאַן געפאַלן אויף אַזאַ המצאה: ער האָט זיך אָפּגעשמועסט מיטן שמש, אַז ער זאָל אים אָפּוואַרטן לעבן זיין הויז און באַלאַבאַן האָט מיט זיך מיטגעפירט אַ לאַנגן שטעקן. אין זיין עק האָט ער אָנגעבונדן דעם שליסל און אַזוי אים דערלאַנגט דעם שמש.

די שבתים און זונטיקס פלעגט באַלאַבאַן פאַרברענגען טיילוויַיז אין קרייז פון זיין משפחה, אָבער מער אין קרייז פון זיינע ציוניסטישע חברים. ער פלעגט אויך באַזוכן די ביבליאָטעקן און דער עיקר די קהילה־ביבליאָטעק. אין יענער צייט פלעגט דאָרט כסדר זיצן ד״ר קאָבאַק. ער האָט שוין דעמאָלט נישט געטאָן קיין שום פאָרשונג־אַרבעט און האָט אויך גאָרנישט געשריבן. קיין פּרנסה האָט ער אויך נישט געהאַט. זיינע אַמאָליקע תלמידים, וואָס זיינען איצט געווען קאָנצענטרירט אין דעם פאַראיין „דורשי שלום ציון״ (זשעזשניצקע גאַס 5), האָבן אים איינגעלאַדן צו זאָגן יעדן שבת תורה אינעם פאַראיין. דערפאַר האָבן זיי אים געצאָלט אַ געוויסן האָנאָראַר.

אַלע טעג פון דער וואָך פלעגט ד״ר קאָבאַק זיצן איבער אַ ספר אין קהילה־ביבליאָטעק. דער עיקר אָבער האָט ער עמעצן געזוכט, כדי מיט אים צו כאַפּן אַ שמועס. צו אים פלעגן יונגע וויסנשאַפטלערס זיך ווענדן נאָך פאַרשיידענע עצות און ער פלעגט זיי די עצות געבן מיט אַ ברייטער האַנט. אויך באַלאַבאַן פלעגט מיט אים שמועסן און טאַקע ער האָט אינספּירירט באַלאַבאַנען צו פאָרשן די ייִדיש־פּוילישע געשיכטע. די יאָרן 1898—1900 זיינען טאַקע דער פּעריאָד, ווען ביי באַלאַבאַנען איז אויפגעקומען און זיך באַפעסטיקט דער געדאַנק ערנסט צו אַרבעטן אויף דעם דאָזיקן געביט.

ווען באַלאַבאַן האָט אויפגעהערט צו זיין אַ לערער פון די באַראָן הירש־שולן האָט ער פון ס׳ניי גענומען שטודירן. דאָס מאָל האָט ער אויסגעקליבן דעם פילאָסאָפישן פאַקולטעט און גענומען שטודירן געשיכטע. אַן ערך אין יאָר 1902 האָט ער געענדיקט דעם אוניווערסיטעט. אַ ביסל שפּעטער האָט ער באַקומען דעם דאָקטאָראַט אויפן סמך פון אַן אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין לעמבערג.

אין דער צייט פון יענע שטודיעס אויפן לעמבערגער אוניווערסיטעט איז באַלאַבאַן ווייטער געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער פלעגט אַרויסטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען און האָט באַקומען אַ שם פון אַ גוטן

רעדנער. ער האָט אויך אינטענסיוו מיטגעאַרבעט אין די ציוניסטישע אויסגאַבעס. אין יאָר 1902 האָט אַנשטאָט דעם „פּזשישלאָשטש" אָנגעהויבן דערשיינען דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט „ווסכוד" (מיזרח). דער הויפּט־רעדאַקטאָר איז געווען ד"ר אַברהם קאָרקיס. שטענדיקע מיטאַרבעטער: אַדאָלף שטאַנד, גרשם באַדער, דוד מאַלץ און הענריק גאַבעל. אין „ווסכוד" האָט באַלאַבאַן אָפּגעדרוקט אַ ריי אַרטיקלען, טיילווייז אונטערן פּסעוודאָנים „אָמעס" און טיילווייז אונטער זיין אייגענעם נאָמען.

באַלאַבאַנס אַרטיקלען אינעם ערשטן יאָרגאַנג פון „ווסכוד" (1902) האָבן נאָך אַ קנאַפּע שייכות צו געשיכטע־פאָרשונג. גיכער זיינען זיי פּובליציסטישע אַרבעטן און אַ סך פון זיי האָבן אַפילו אַ שטאַרק פּאָלעמישן כאַראַקטער אין גייסט פון די דעמאָלטיקע ציוניסטישע פאָדערונגען. אַזוי למשל האָט ער אין אַ סעריע אַרטיקלען „די פאָלקסשולן פון דער באַראָן הירש־פונדאַציע אין גאַליציע" אָנגעגריפן די פאַרוואַלטונג פון די דאָזיקע שולן (וואָס ער האָט גוט געקענט פון זיין צווייאָריקער אַרבעט ווי אַ לערער), הלמאי זי פאַרשווענדט געלטמיטלען און זי פירט די שולן אין גייסט פון אַן אויסדריקלעכער אַסימילאַציע. אַ צווייטע ענלעכע אַרבעט איז דאָס אַרטיקל וועגן דעם יידישן שפּיטאָל אין לעמבערג.

ס'איז אָבער קענטיק, אַז אין יענער צייט פאַרנעמט ער זיך שוין מיט פאָרשן די געשיכטע פון יידן אין לעמבערג. והאָ ראַיה, אין איינעם פון די נומערן „ווסכוד" פון יאָר 1902 האָט ער אָפּגעדרוקט די אַרבעט „זאַיאַזד זשידאָווסקי" (די שטייער־עקזעקוציע), ווו ער שילדערט אַ שטייער־עקזעקוציע, וואָס די מענטשן פון ר' יצחק נאַכמאַנאָוויטש, דער מוכסן און קעניגלעכער שטייער־פאַכטער אין 16־טן י"ה, האָבן אַדורכגעפירט איבערן שלאַכטשיץ וועגטשיסלאַוו סליוויצקי פונעם דאָרף טשיזשיקאָוו, וואָס געפינט זיך אויפן וועג פון לעמבערג קיין זלאָטשאָוו. דעם מאַטעריאַל פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט באַלאַבאַן געפונען אין די אַלטע אַקטן פונעם לעמבערגער גראָדאַמט (ראַיאָן־אַמט) און דאָס איז אַ באַווייז, אַז שוין אין יענער צייט האָט ער גענישטערט אין די לעמבערגער אַרכיוון.

## ב

# דער היסטאָריקער פון זיין היימשטאָט

אין יאָר 1903 האָט מאיר באַלאַבאַן, אַ פריש־געבאַקענער ד״ר פילאָ־סאָפיע, אָנגענומען די שטעלע פון רעליגיע־לערער אין דער פּערטער גימ־נאַזיע אין לעמבערג. די דאָזיקע אַרבעט האָט אים איבערגעלאָזט גענוג פרייע צייט אָנצוגיין מיט פאָרשן די געשיכטע פון ייִדן אין לעמבערג.

דער מצב פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע אין פּוילן איז אין יענער צייט נישט געווען קיין געהויבענער. צווייערליי מינים געשיכטע־שרייבערס זיינען דעמאָלט געווען ביי ייִדן: די פון דער אַלטער משׂכּילישער שול, וואָס האָבן דאָס רוב געשריבן העברעיִש און האָבן נישט געהאַט קיין ווּיסנשאַפט־לעכע צוגרייטונג לויט די השׂגות פון דער נייער צייט און די פון דער אַסימי־לאַטאָרישער אָריענטאַציע, וואָס האָבן שוין יאָ געהאַט אַ וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג, האָבן אָבער מורא געהאַט צו דערציילן וועגן וועלכע נישט איז אַנטאַגאָניזמען, וואָס האָבן אין דער פאַרגאַנגענהייט עקסיסטירט צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג און די ייִדן.

ביי די ערשטע איז דאָס היסטאָרישע ווערק אַרויסגעקומען אָן סיסטעם. דאָס בילד, אין בעסטן פאַל כאַאָטיש, אין רוב פאַלן איז אין זייערע ווערק קיין היסטאָריש בילד בכלל נישט געווען, ווייל די דאָזיקע משׂכּילים האָבן נישט געקענט ציִען קיין געהעריקע מסקנות פון היסטאָרישע פאַקטן. די ווערק פון די משׂכּילישע היסטאָריקער פון דער צווייטער העלפט 19־טן י״ה שטעלן מיט זיך פאָר נישט מער ווי זאַמלונגען פון היסטאָרישע פאַקטן אויפן סמך פון אויסגעפאָרשטע דאָקומענטן. און די פאַקטן אַליין זיינען אויך נישט קיין קאָנטראָלירטע, אָפט טאַקע טעותדיקע.

ביי די צווייטע, די אַסימילאַטאָרישע היסטאָריקער, איז דאָס היסטאָרישע בילד אַרויסגעקומען איינזייטיק, שלום ושלוהדיק, ס'איז אַפילו שווער זיי צו באַשולדיקן אין אַ בכּיוונדיקער געשיכטע־פעלשונג, ווייל סוף כּל סוף איז ביי זיי די כּוונה נישט געווען קיין שלעכטע. זיי האָבן געטראַכט, אַז אויב זיי וועלן דערציילן וועגן די אַמאָליקע רדיפות, וואָס ייִדן האָבן געהאַט אויסצו־שטיין פון פּאָליאַקן, וועט דאָס מיינען, אַז זיי לייגן אַריין אַ פינגער אין מויל פון די היינטיקע אַנטיסעמיטן און גיבן זיי אַ סטימול אַרויסצוטרעטן קעגן ייִדן. פון די גוטע כּוונות איז אָבער די היסטאָריאָגראַפיע נישט געהאָלפן

געוואָרן. דער סך־הכּל איז געווען, אַז ביזן סוף פונעם 19טן י״ה האָט די געשיכטע פון ייִדן אין פוילן נאָך נישט געהאַט אירע אמתדיקע באַשרייבערס.

אויפן געביט פון דער היסטאָריאָגראַפיע פון ייִדן אין לעמבערג איז די לאַגע נישט געווען קיין בעסערע. סך־הכּל זיינען געווען דריי אָדער פיר געדרוקטע ווערק, אויף וועלכע באַלאַבאַן האָט געקאָנט זיך שטיצן אין זיין פאָרשונגס־אַרבעט. די דאָזיקע ווערק זיינען געווען: גבריאל סוכיסטאָוו — „מצבת קודש״; לעמבערג, 1860—1869 (העברעיִש); שלמה בובער — „אנשי שם״, ביאָגראַפיעס פון לעמבערגער רבנים און פרנסים, קראָקע, 1895 (העב־רעיִש); ד״ר יחזקאל קאַראָ — „די געשיכטע פון ייִדן אין לעמבערג״; קראָקע, 1894 (דייטש) און נתן סאַמועלי — „אַלט לעמבערג״ („עסטעררייכישע וואָכנשריפט״), ווין 1902 (דייטש).

מיט אָט די אַלע אויסגערעכנטע ווערק איז אָבער געווען די צרה, וואָס זיי האָבן זיך געשטיצט בלויז אויף ייִדישע מקורים. מחמת דעם זיינען זיי געווען איינזייטיק און נישט זיכער. גבריאל סוכיסטאָוו, למשל, האָט קאָפּירט די עפּיטאַפיעס אויף די מצבות אויפן אַלטן ייִדישן בית עולם און האָט דערביי געמאַכט אַ היפּש ביסל טעותים. ער האָט זיך אויך באַנוצט מיטן פּינקס פון דער „גרויסער״ שול, פון וועלכן ער האָט אָגב אַרויסגענומען ידיעות וועגן דעם גרויסן פּראָצעס מיטן יעזויִטישן אָרדן. ער האָט אָבער דעם פּינקס ערגעץ פאַרוואָרפן און נאָך אים האָט קיינער שוין נישט געזען דעם דאָזיקן וויכטיקן דאָקומענט.

שלמה בובערס „אנשי שם״ איז אַ וויכטיקע און אינטערעסאַנטע אַרבעט. אויך סאַמועליס „אַלט לעמבערג״ איז זייער שיין אָנגעשריבן. די אַרבעט האָט אָבער מער אַ ליטעראַרישן ווערט, ווי אַ היסטאָרישן. ד״ר יחזקאל קאַראָ איז געווען אַ תּלמיד פונעם גרויסן גרעץ און ער האָט געפאָלגט דעם געבאָט פון זיין לערער: „פאָרשט די געשיכטע פון די קהילות, אין וועלכע דער גורל וועט אייך פאַרוואָרפן״. אַזוי ווי דער גורל האָט אים פאַרוואָרפן, ווי אַ ראַבינער, קיין לעמבערג, האָט ער געפאָרשט די געשיכטע פון דער לעמבערגער קהילה און ער האָט זיין ווערק אָנגעשריבן אַזוי ווי ער האָט געקאָנט.

ד״ר מאיר באַלאַבאַן האָט פון אָט די אַרבעטן אונטערגעצויגן אַ סך הכּל, און האָט זיך גענומען פאָרשן די אַלטע לעמבערגער אַרכיוון: די אַקטן פונעם לעמבערגער גראַד (ראַיאָן), פונעם לאַנדאַמט (די אַמאָליקע וואָיעוואָדסטווע),

פונעם „עסטערַרייכישן גאָווערנעמענט־אַמט" און גאַליציישן סיים (לאַנד־פּאַר־לאַמענט). ער האָט אויך דורכגענישטערט די אַלטע אַקטן פונעם שטאָטראַט, פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג און די פּינקסים פון די ייִדישע קהילות.

אַזאַ אַרבעט האָט גענומען עטלעכע יאָר. אָבער באַלאַבאַן האָט אין דער צווישנצייט געדרוקט קלענערע פּרט־אַרבעטן, וואָס זיינען געווען דער רעזול־טאַט פון די דאָזיקע פאָרשונגען. אַזוי געפינען מיר אין „ווסכוד" פון יאָר 1903 אַן אַרבעט א"ט „פון די אוראַלטע צייטן", וווּ עס ווערט דערציילט וועגן די ערשטע ייִדישע ישובים אין פּוילן. אין „איזראַעליט" און „ווסכוד" פון יאָר 1904 האָט ער אָפּגעדרוקט אַן אינטערעסאַנטע היסטאָרישע סקיצע וועגן דעם ייִדישן יונגער־מאַן פּנחס בן־אליעזר, וואָס איז אונטערן נאָמען יאַן ברעדלאָ געוואָרן אַ פּאַנטרעגער אין דער שוועדישער אַרמיי (בעת דער שוועדישער אינוואַזיע אין פּוילן).

אין יאָר 1905 דערשיינט זיין אַרבעט „דאָס פּריוואַט־לעבן פון לעמ־בערגער ייִדן ביים איבערבראַך פון 16טן און 17טן י"ה". דאָס איז אַ טייל פון זיין ערשטן גרעסערן ווערק, וואָס איז שוין אין יענער צייט פאַרטיק געווען צום דרוק. אָט דאָס ווערק האָט באַלאַבאַנען אַוועקגעשטעלט אין סאַמע אויבנאָן פון די ייִדישע היסטאָריאָגראַפן אין פּוילן.

„לעמבערגער ייִדן ביים איבערבראַך פונעם 16טן און 17טן י"ה" איז אַ בוך פון אַן ערך 800 זייטן. אין יאָר 1906 האָט דאָס דאָזיקע בוך געוווּנען דעם ערשטן פּרייז אויפן וויסנשאַפטלעכן קאָנקורס א"נ פון ה. וואָוועלבערג (אַ ייִדישער פאַרלעגער און מנדב פון וואַרשע, וואָס האָט געשאַפן אַ פונדאַציע צו פּרעמירן ווערק וועגן ייִדישער געשיכטע אין פּוילן). דער פּרייז איז צוגעטיילט געוואָרן דורכן פילאָסאָפישן פאַקולטעט פונעם לעמבערגער אוני־ווערסיטעט, וואָס האָט טאַקע אין זעלביקן יאָר אַרויסגעגעבן דאָס בוך. אין יאָר 1907 האָט די אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט אין קראָקע רעקאָמענדירט דאָס זעלביקע בוך צו דער באַרטשעווסקי־פּרעמיע, וואָס איז געווען די העכסטע אויסצייכענונג, וואָס אַ פּויליש וויסנשאַפטלעך ווערק האָט געקאָנט באַקומען.

אינעם אַריינפיר צום בוך פאַרנעמט זיך באַלאַבאַן מיט דער פראַגע וועגן אויפקום פון די ערשטע ייִדישע ישובים אין פּוילן בכלל, און אין לעמבערג בפרט. עס מערקט זיך דאָ אַ געוויסע השפּעה פונעם יונג־פאַרשטאָרבענעם היסטאָריקער מאַקסימיליאַן גומפּלאָוויטש, וואָס זיין בוך „דער אָנהייב פון דער ייִדישער רעליגיע אין פּוילן" איז דערשינען אין יאָר 1903. אין אָט דעם

בוך האָט גומפּלאָוויטש אויפגעשטעלט די באַוווּסטע טעאָריע, אַז די ערשטע איינוואַנדערונגען פון ייִדן קיין פוילן זיינען געקומען פון מיזרח (כּוזרים־לאַנד) און נישט פון מערב.

באַלאַבאַן האָט נאָך דעמאָלט נישט גענומען קיין אויסדריקלעכע שטעלונג צו גומפּלאָוויטשעס טעאָריע. אַדרבא, ער האָט פאַר איר געעפנט נאָך אַ קליין פענצטערל, בעת ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין לעמבערג האָבן ייִדן נאָך געוווינט אין דער צייט פון די רייסישע הערשערס, איידער קאַזימיעזש דער גרויסער האָט אָנגעשלאָסן רויט־רייסן צו פוילן (הערלפט פונעם 14טן י״ה). אויף דער פראַגע: ווער די דאָזיקע ייִדן זיינען געווען און ווי אַזוי זיי האָבן זיך געפירט, האָט באַלאַבאַן נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער, ווייל די היסטאָרישע מקורות שווייגן וועגן דעם. אויך איז באַלאַבאַן מסכּים געווען, אַז די ערשטע ייִדישע תּושבים אין פוילן זיינען געקומען נאָך אין די צייטן פון דער רוימישער אימפּעריע.

פון דעסטוועגן — מיינט באַלאַבאַן — איז די השפּעה פון די עלטסטע ייִדישע תּושבים נישט געווען קיין ממשותדיקע. די איינוואַנדערונג פון מערב איז געווען נישט אַן ערך אַ שטאַרקערע סיי צוליב דער צאָל פון די איינ־וואַנדערערס און סיי צוליב די ריינע קולטור־רעליגיעזע טראַדיציעס, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט. דעריבער טאַקע האָט די מערבדיקע איינ־וואַנדערונג געלייגט איר חותם אויף דעם פּוילישן ייִדנטום.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען ד״ר יצחק שיפּער האָט אונטערגעכאַפּט גומ־פּלאָוויטשעס טעאָריע און אָנגעהויבן זי אַנטוויקלען און באַפעסטיקן מיט כּלערליי באַווייזן, האָט זיך אויך אויסגעפורעמט באַלאַבאַנס היפּוכדיקע שטע־לונג צום דאָזיקן ענין. שיפּער האָט זיך געשטיצט דער עיקר אויף צוויי מינים באַווייזן: ערשטנס, האָט ער געבראַכט אַ רייכן אָנאָמאַטישן מאַטעריאַל, ציטירט נעמען פון דערפער, אַזעלכע ווי קאַזאַרי, קאַבאַרי און ענלעכע, אויף דער טעריטאָריע, וואָס האָט לויט אים געדאַרפט זיין דער צענטער פון דער אַמאָליקער איינוואַנדערונג פון די כּוזרישע ייִדן. צווייטנס, האָט ער אויסגע־נוצט די אַנטדעקונגען פונעם קאַראַימישן געלערנטן, אַברהם פירקאָוויטש, וועלכער האָט אויפן קרימער האַלבאינדזל אויסגעגראָבן אַלטע מצבות, וואָס באַווייזן די השפּעה פון די קאַראַים און כּוזרים אויפן מיזרח־איראָפּעיִשן ייִדנטום. ד״ר שיפּער האָט דערביי איגנאָרירט דעם וויכטיקן פאַקט, אַז אַזאַ אויטאָריטעט ווי אַלבערט האַרקאַווי האָט אָפּגעלייקנט און געפּסלט פירקאָ־

וויטשס אַנטדעקונגען און פירקאָוויטשן אַליין באַצייכנט ווי אַ געשיכטע־פעלשער.

באַלאַבאַנס שטעלונג צו שיפּערס „כּוזרישע" טעאָריעס איז געווען אַן אויסדריקלעך נעגאַטיווע. ער האָט זיי באַצייכנט ווי מעשׂהלעך פאַר קינדער. די נעמען קאַזאַרי, קאַבאַרי וכד׳, האָט באַלאַבאַן אַרגומענטירט, דערלויבן בלויז די השערה, אַז ס׳איז געווען אַן איינוואַנדערונג פון כּוזרישע ייִדן, אָבער קיין באַווייזן זיינען זיי נישט. וועגן פירקאָוויטשס אַנטדעקונגען ווידער איז בכלל אָפּגערעדט. זיי זיינען דאָך פאַלשע.

אָבער, ווי געזאָגט, האָט זיך די דאָזיקע שטעלונג ביי באַלאַבאַנען אויס־קריסטאַליזירט ערשט שפּעטער. לעת־עתּה, בעתן שרייבן די „לעמבערגער ייִדן ביים איבערבראָך פונעם 16טן און 17טן י״ה", איז זיין שטעלונג נאָך נישט געווען קיין קלאָרע. חוץ דעם האָט ער אינעם דאָזיקן ווערק נישט געהאַט בדעה צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אויפקום פון ייִדישע ישובים אין פוילן. די דאָזיקע פראַגע האָט ער באַרירט בלויז דרך־אַגב אין דעם אַריינפיר.

באַלאַבאַנען האָט אינטערעסירט די תּקופה פון העכסטן אויפבלי ביי די ייִדן אין לעמבערג. די דאָזיקע תּקופה האָט זיך טאַקע צעשפּרייט איבער דער צווייטער העלפט פון 16טן און דער ערשטער העלפט פון 17טן י״ה. געקומען צום אויפבלי איז זי אַ דאַנק דער ספּעציפיש־געאָגראַפישער לאַגע פון דער שטאָט. זי איז געווען דער הויפּט־צענטער אויפן האַנדלס־טראַקט צווישן מיזרח און מערב די סאַמע, ווייטסטע אַרויסגערוקטע פּאָזיציע פון דער מערבדיקער קולטור. ווי אַ וויכטיקער האַנדלס־צענטער האָט די שטאָט געצויגן צו זיך סוחרים פון פאַרשיידענע לענדער און נאַציעס. זי האָט דער־גרייכט אַ הויכע מדרגה פון עקאָנאָמישן וווילשטאַנד און ייִדן פון ביידע לעמבערגער קהילות, סיי פון דער פאַרשטאָטישער און סיי פון איר ייִנגערער שוועסטער, דער שטאָטישער, זיינען געוואָרן רייך.

אין איינעם מיטן עקאָנאָמישן אויפבלי איז לעמבערג געוואָרן אַ חשובער צענטער פון תּורה אין פוילן. דאָס אַלץ האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסבראָך פון כמעלניצקיס אויפשטאַנד. אין יענער צייט זיינען חרוב געוואָרן די לעמ־בערגער קהילות און פונעם דאָזיקן חורבן האָבן זיי שוין נישט געהאַט קיין תּקומה ביזן סוף פון דער פּוילישער מלוכה.

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין דריי חלקים. דער ערשטער הייסט: „דאָס

לאַנד און די מענטשן״, און אין אים ווערן געשילדערט די בײדע לעמבערגער קהילות. די שטאָטישע קהילה איז געווען אײנגעקוועטשט אויף אַ קלײנעם שטח אויף דרום־מיזרח פונעם מאַרקפּלאַץ, לעבן דער שטאָטמויער. די דאָזיקע געטאָ האָט געהאַט אַ טויער, וואָס מע פלעגט בײַ נאַכט פאַרמאַכן צוליב זיכערקײט־טעמים. דער טויער האָט אַרויסגעפירט צו דער רוסישער גאַס. מיטן וואַקסן פון דער קהילה איז אַלץ ענגער געוואָרן אין געטאָ, אָבער אין די נישט־ייִדישע טײלן פון דער שטאָט איז די ענגשאַפט אויך געווען גרויס. איז דעריבער אין לעמבערג תּמיד געפירט געוואָרן אַ פאַרביסענער קאַמף פאַר אַ שטיקל פלאַץ אויפצובויען אַ הויז.

ייִדן פלעגן שיקן שתדלנים אין די הויכע פענצטער, אויסקויפן זיך מיט געלט בײַ אַלע צדדים און אויף אַזאַ אופן פלעגן זײ זיך דערהאַלטן בײַם וווינרעכט אין דער שטאָט.

אַ כאַראַקטעריסטישער בײַשפּיל פונעם דאָזיקן קאַמף איז דער יעזויטן־פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט פון 1603 ביז 1613 און האָט בײַ די ייִדן אין לעמבערג איבערגעלאָזט די לעגענדע פון „דער גילדענער רויז״, וואָס האָט זיך אין דער מסורה דערהאַלטן ביז דער לעצטער צײַט. וועגן דאָזיקן פּראָצעס האָט נאָך פריִער געשריבן גבריאל סוכיסטאָוו. ער האָט זיך אָבער סומך געווען בלויז אויף ייִדישע מקורות, דער עיקר אויפן פּינקס פון דער „גרויסער״ שול. באַלאַבאַן האָט דעם גאַנצן ענין אויסגעפאָרשט אויך פון די נישט־ייִדישע קוועלן. גאָר וויכטיקע מאַטעריאַלן האָט ער געפונען אינעם אַרכיוו פון די יעזויִטן.

די געשיכטע פונעם פּראָצעס הײבט זיך אָן אַזוי: אין יאָר 1580 האָט דער לעמבערגער מוכסן ר׳ יצחק בן־נחמן (נחמנאָוויטש) אָפּגעקויפט בײַ דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ שטח אויף דער ייִדנגאַס. דער קעניג סטעפאַן באַטאָרי האָט געגעבן זײַן הסכּמה אויף דער דאָזיקער קניה. דער שטאָטראַט האָט ר׳ יצחקן דערלויבט צו בויען אַ הויז. האָט ער טאַקע אויפגעבויט דאָס הויז, אָבער אויפן הויף האָט ער נאָך צוגעבויט אַ נײַע שול. בויען אַ שול איז אין יענע צײַטן געווען פאַרבונדן מיט פאַרשײדענע שוועריקײטן. דאָס ערשטע האָט מען געדאַרפט באַקומען אַ דערלויבעניש פונעם בישאָף, און דער ערצבישאָף פון לעמבערג, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן איבערן ענין, האָט ר׳ יצחקן בפירוש אָפּגעזאָגט די דערלויבעניש. ר׳ יצחק האָט אָבער געשטעלט אויף זיך. זײַן השפּעה בײַם קעניג איז געווען זײער גרויס. האָט ער די שול

אויפגעבויט און זי איבערגעגעבן אין רשות פון דער קהילה. די אַלטע שול איז שוין געווען צו קליין פאַר דער צעוואַקסענער קהילה. איז טאַקע ר׳ יצחקס נייע שול, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען די „טורי־זהב־שול״ געוואָרן די הויפּטשול פון דער לעמבערגער געטאָ (זי איז געשטאַנען ביז דער לעצטער צייט אויף בלאַכאַרסקע גאַס 27). זינט דעם יאָר 1604 האָבן דאָרט אַמטירט קהל און די דיינים.

אין יאָר 1602 זיינען קיין לעמבערג געקומען די יעזויטן און זיי האָבן דאָרט געוואָלט אויפבויען אַ קלויסטער און אַ שולע. זיי האָבן געפאָדערט פונעם שטאָטראַט אַ שטח באָדן פאַר זיך. אָבער דער שטאָטראַט האָט די יעזויטן נישט געוואָלט האָבן ביי זיך אין שטאָט, האָט ער זיי אָפּגעזאָגט דעם באָדן. זיינען די יעזויטן אַוועק צום קעניג און געמסרט דעם שטאָטראַט, הלמאי ער האָט אומלעגאַל פאַרקויפט דעם פּלאַץ ר׳ יצחק בן־נחמנען און דער פּלאַץ איז געווען דאָס אייגנטום פונעם קעניג און נישט פון דער שטאָט. אין שייכות מיט דער דאָזיקער מסירה איז אויך אַרויס די צרה מיט דער שול, וואָס איז געבויט געוואָרן אָן דעם ערצבישאָפס דערלויבעניש.

אין פּוילן האָט שוין דעמאָלט געהערשט אַן אַנדערער מלך (זיגמונט דער דריטער) און ר׳ יצחק אַליין איז שוין אויך געווען אַ שוכן עפר. ביים קעניג זיגמונט זיינען די יעזויטן געווען גרויסע חשובים, און ער האָט אין יאָר 1606 אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז די זין פון ר׳ יצחקן: ר׳ מרדכי און ר׳ נחמן דאַרפן אָפּגעבן די שול צו די יעזויטן.

ר׳ יצחקס זין האָבן אויסגעפאָלגט דעם קעניגס באַפעל, זיי האָבן אָבער דערקלערט, אַז זיי וועלן קיינעם נישט דורכלאָזן דורך זייער הויף. אַזוי ווי דער איינציקער דורכגאַנג צו דער שול האָט געפירט דורך ר׳ יצחקס הויף, האָבן די יעזויטן פּאַקטיש נישט געקאָנט איבערנעמען דעם באַזיץ פון דער שול.

ס׳איז אַוועק אַ ווייטערדיקע סדרה פון פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך געשלעפּט ביזן יאָר 1613. דעמאָלט האָבן זיך די דריי צדדים: די יעזויטן, דער שטאָטראַט און די ייִדן, פאַרגלייכט, און די ייִדן האָבן, ווי אַלע מאָל, געמוזט באַצאָלן אַ גרויסן סכום אויסקויפגעלט און פאַרן דאָזיקן געלט האָט די שטאָט געגעבן די יעזויטן אַן אַנדערן פּלאַץ. די שול איז געבליבן ביי ייִדן. נאָך פיר און אַ האַלב יאָר פאַרמאַכט זיין, איז זי ווידער געעפנט געוואָרן.

צו דער ווידערעפענונג פון דער שול, וואָס איז פאָרגעקומען שבת נאָך

פורים שנת שפ״ט (1609), האָט מען געלייענט דעם „שיר הגאולה״, וואָס ר׳ יצחק הלוי, דער עלטערער ברודער פונעם טורי־זהב האָט ספּעציעל אָנגעשריבן צו דער פייערונג. דעם דאָזיקן שיר האָט מען זינט דעמאָלט יעדעס יאָר געלייענט אין דער שול ביז צו אונדזערע צייטן. אויך איז ביים פאָלק אויפגעקומען אַ לעגענדע, אַז די שול איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך דער „גילדענער רויז״ (די פרוי פון ר׳ נחמנען), וואָס זאָל האָבן מקריב געווען איר לעבן פאַר דער שול. די דאָזיקע לעגענדע האָט אָנגעהאַלטן ביז צו אונדזערע טעג און פרומע ווייבער פלעגן אין אַלע צייטן צינדן ליכט אויף רויזעס קבר. אָבער די היסטאָרישע מקורות באַשטעטיקן נישט דעם אמת פון דער דאָזיקער לעגענדע. לויט זיי האָט רויזע דערלעבט ביז אַ טיפער עלטער. זי האָט איבערגעלעבט איר מאַן און נאָך זיין פּטירה האָט זי צוזאַמען מיט איר זון געפירט דעם מאַנס פאַרצווייגטע געשעפטן.

חוץ ר׳ יצחק בן־נחמנס משפחה, ברענגט באַלאַבאַן אין זיין בוך אַ ברייטע גאַלעריע פון אַמאָליקע לעמבערגער יידישע משפחות, וואָס האָבן בייגעטראָגן צום אויפבלי פון לימוד התורה אין דער דאָזיקער שטאָט. אַזוי, למשל, זיינען די צוויי זין פון ר׳ שמואל הלוי געווען גרויסע לומדים. דער עלטערער, ר׳ יצחק (דער זעלביקער, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם „שיר הגאולה״) איז געווען רב אין כעלמנע און האָט אָנגעשריבן דעם ספר „שיח יצחק״. דער יינגערער, ר׳ דוד איז געווען רב פון דער פאָרשטאָטישער קהילה אין לעמבערג. ער איז דער מחבר פונעם „טורי זהב״.

ביים סוף פונעם 6־טן י״ה האָט אין לעמבערג געלעבט ר׳ יהושע פאָלק הכהן. ער האָט דאָרט אָנגעפירט מיט אַ גרויסער ישיבה, וואָס האָט אַרויס־געגעבן אַ סך גאונים, רבנים און לומדים. אויך אָן אינטערעסאַנטן פּרט צו דער ביאָגראַפיע פון ר׳ מאיר בן גדליה פון לובלין (דער מהר״ם) ברענגט באַלאַבאַן אין זיין בוך. לויט דעם פּינקס פון דער אַלטער שול, וואָס גבריאל סוכיסטאָוו האָט אים באַאַרבעט, איז דער מהר״ם אין די יאָרן 1599—1613 געווען לעמבערגער רב. ער האָט געהאַט אַ סיכסוך מיטן פּרנס אַברהם שרענצל כהן ראַפּאָפּאָרט און דער סוף איז געווען, אַז דער מהר״ם האָט פאַרלוירן דאָס לעמבערגער רבנות און איז פאַרטריבן געוואָרן פון דער שטאָט. ער איז צוריקגעפאָרן קיין לובלין, ווו ער איז געווען רב ביז צו זיין פּטירה אין יאָר 1616.

די דאָזיקע ידיעה וועגן מהר״ם האָט דער ערשטער געבראַכט סוכיסטאָוו.

נאָך סוכיסטאָוון האָבן עס איבערגעחזרט שלמה בובער, ד״ר יחזקאל קאַראָ און אויך באַלאַבאַן. מען מוז זיך אָבער באַציִען מיט גרויס פאָרזיכטיקייט צו אָט דער ידיעה, ווייל דער מקור איז נישט קיין זיכערער און האַרקאַווי האָט בשעתו אויסגעדרוקט אַ באַוואָרעניש מכּוח דעם אמת פון דער גאַנצער מעשׂה.

די פאָרשטאָטישע קהילה איז — ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן — געווען די עלטערע פון די צוויי לעמבערגער קהילות. אויף איר שטח האָט זיך אויך געפונען דער בית־עולם, וואָס איז געווען אַ בשותּפותדיקער.

אין געוויסע פּרטים זיינען די לעבנס־באַדינגונגען אין דער פאָרשטאָט געווען פאַר ייִדן גינציקערע ווי אין שטאָט. ערשטנס, איז אין דער פאָרשטאָט די ענגשאַפט נישט געווען אַזוי גרויס ווי אין שטאָט. צווייטנס, זיינען די ייִדן פון דער פאָרשטאָט געווען אונטערגעוואָרפן אונטער דער יוריסדיקציע פונעם סטאַראָסטע און נישט (ווי די שטאָטישע) פונעם לעמבערגער שטאָטראַט. מיטן סטאַראָסטע איז אַלע מאָל געווען לייכטער דורכצוקומען.

דערפאַר אָבער זיינען די זיכערקייט־באַדינגונגען געווען אַ סך ערגער אין דער פאָרשטאָט. די ייִדנגאַס איז דאָרט געשטאַנען אָפן פאַר כּלערליי אָנפאַלערס, ווי שילערס, האַנטווערקער־יונגען, אָדער שיכּורע שליאַכטשי־צעס, וואָס פלעגן אָנפאַלן אויף ייִדן, זיי שלאָגן און באַרויבן. אויך אין אַ מלחמה־צייט, ווען דער שׂונא האָט זיך צוגערוקט צו לעמבערג, איז די פאָרשטאָט גלייך געווען פאַר אים דער ערשטער קרבן. פלעגן זיך טאַקע זייער אָפט די פאָרשטאָטישע ייִדן שיצן אין די טויערן פון דער שטאָט, אויפן שטח פון דער שטאָטישער געטאָ. ווען זיי פלעגן זיך נאָך אַזאַ צייט פון סכּנה אומקערן אַהיים, פלעגן זיי שוין זייערע היימען מער נישט געפינען. זייערע הייזער און די שול זיינען אַוועק מיטן רויך.

די פאָרשטאָטישע קהילה איז געווען אָרעמער, ווי די שטאָטישע. דאָרט האָט דאָס רוב געלעבט דער פּראָסטער עולם. זי האָט אויך נישט געשפּילט קיין ראָלע אין דעם קולטור־רעליגיעזן אויפבלי פון די לעמבערגער ייִדן.

דער צווייטער טייל פונעם בוך „די קהילה״ איז זייער אַ וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין פּוילן אינעם 16טן און 17טן י״ה. די לעמבערגער קהילות זיינען לויט זייער אָרגאַניזאַ־ציאָנעלן געבוי געווען ענלעך צו די אַנדערע קהילות אין פּוילן. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די אָרגאַניזאַציע פון די קהילות האָט זיך געשטיצט

אויף די גענעראַל־פּריווילעגיעס, וואָס זיינען געווען בשותּפותדיקע פאַר אַלע ייִדן אין פּוילן. פון דעסטוועגן זיינען קליינע דיפערענצן אינעם געבוי פון פאַרשיידענע קהילות יאָ געווען און באַלאַבאַן האָט זיך באַמיט צו געפינען און צו ווייזן די דאָזיקע אונטערשיידן צווישן די לעמבערגער קהילות און די אַנדערע גרויסע קהילות אין פּוילן.

אין יענער צייט זיינען די קהילות פּונקט אַזוי ווי די שטאָט־פּאַרוואַל־טונגען באַהערשט געווען פון אָליגאַרכיעס. פּרנסים, טובים און גבאים האָבן פעסט געהאַלטן דאָס ייִדישע לעבן אין זייערע הענט. קעגן זייער ווילן האָט אַ ייִד נישט געקאָנט טאָן קיין שום זאַך.

לויטן געזעץ האָבן אַפילו יעדעס יאָר געמוזט פאַרקומען וואַלן, אָבער קיין מאָל האָט זיך נישט געטראָפן, אַז מענטשן מחוץ פון דער קהילישער קליקע זאָלן אויסגעווילט ווערן. אַ שטאַרקע בייטש אין די הענט פון די קהילה־אָליגאַרכיעס קעגן דעם פּשוטן עולם איז געווען דאָס רעכט פון חזקה. אויב אַ ייִד האָט געוואָלט זיך באַזעצן אין אַ שטאָט, האָט ער געמוזט פון דער קהילה באַקומען אויף דעם אַ חזקה. אויב ער האָט געוואָלט נעמען אַן אַרענדע אָדער עפענען אַ געשעפט, האָט ער אויך געדאַרפט אויף דעם באַקומען אַ חזקה. אַזוי אַרום האָט די קהילה קאָנטראָלירט דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן. אויב נאָך צוגעבן, אַז אין די הענט פון די פּרנסים איז געלעגן דאָס רעכט אַריינצולייגן אַ ווידערשפּעניקן אין חרם אַריין, ווערט שוין אין גאַנצן קלאָר די מאָס פון דער מאַכט, וואָס די קהילה־לייט האָבן געהאַט איבער דעם פאָלק.

די קהילה־פירערס זיינען דאָס רוב געווען מיטגלידער פון די גבירישע משפּחות. זייערע אַמטן פלעגן אַריבערגיין בירושה פון פאָטער צו זון. אַ סך פון זיי פלעגן אַפילו ברענגען פערזענלעכע קרבנות לטובת הכּלל. ווען עס פלעגט אָבער זיך טרעפן אַ נישט ערלעכער אָדער אַ שלעכטער פּרנס, איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין די ייִדן פון זיין קהילה.

די הויפּט־אויפגאַבעס פון דער קהילה זיינען געווען: די פונאַנדער־טיילונג און דאָס איינמאָנען די שטייערן ביי ייִדן, מישפּט, זאָרג פאַר רע־ליגיעזע באַדערפענישן, לימוד התּורה און צדקה.

דאָס איינזאַמלען די שטייערן איז מיט דער צייט, ווען די שטייערלאַסט איז געוואַקסן, געוואָרן אַ ביז גאָר שווערע פליכט, וואָס האָט געדריקט די קהילות און סוף כּל סוף זיי דערפירט צום עקאָנאָמישן חורבן.

די אָרגאַניזאַציע פונעם ייִדישן מישפּט איז געווען אָט די: שטרייטפראַגן

צווישן יידן האָט געמישפּט דאָס קהילהשע בית־דין; אויב דער אָנקלאָגער איז געווען אַ קריסט און דער אָנגעקלאָגטער אַ ייד, האָט דעם מישפּט געפירט דער אַ״ג יידן־ריכטער מיט יידישע דיינים ווי אַסעסאָרן. דער יידן־ריכטער איז געווען אַ קריסט, אַ שליאַכטשיץ, באַשטימט אויף זיין אַמט דורכן וואָיע־וואָדע; אַ ייד האָט אַ בירגער גערופן צום שטאָטגעריכט און אַ שליאַכטשיץ צום גראָדגעריכט. אין גרעסערע פּראָצעסן האָט געמישפּט דער וואָיעוואָדע אַליין. ער איז אויך געווען די אַפּעלאַציע־אינסטאַנץ פאַר די אַלע פריער אויסגערעכנטע געריכטן. ספּעציעל פּריווילעגירטע יידן, וואָס דער קעניג האָט באַוואָרנט פאַר זיך דאָס רעכט זיי צו מישפּטן, האָבן נישט געקאָנט גערופן ווערן צו קיין שום פון די אויסגערעכנטע געריכטן. זיי האָט געמישפּט דער קעניג אַליין.

כאָטש די מאַכט פון די פּרנסים איז געווען אַזוי גרויס, איז פון דעסטוועגן כסדר אָנגעגאַנגען אַ שטילער קאַמף פונעם פאָלק קעגן די קהילה־לייט. אַן ענלעכער קאַמף פלעגט אויך אָנגיין ביי די קריסטן קעגן די שטאָט־פּאַטריציערס, וואָס האָבן געהאַלטן די מאַכט אין די שטעט. די בירגערס האָבן דאַן אויסגעקעמפט אַ געוויסע הנחה, וואָס איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ שטאָטראַט פון פופציק מאַן מיט אַ רעגענט בראָש. דער דאָזיקער רעגענט איז געווען אַ מין טריבון, אַ וואָרטזאָגער פונעם פּשוטן פאָלק. דער יידישער פאָלקסמענטש האָט אַזאַ ברייטע הנחה נישט אויסגע־קעמפט. נאָר פון דעסטוועגן האָט ער דאָך עפּעס דערגרייכט. אין פּינקס פון דער זשאָלקעווער קהילה איז פאַרשריבן אַ געזעץ, טראַספּערירט פון לעמ־בערגער קהל, ד״ה פון דער אייבערשטער אינסטאַנץ (וואָס באַווייזט, אַז דאָס זעלביקע האָט עקסיסטירט אויך אין לעמבערג), וועגן דער שאַפונג פונעם נייעם אַמט פון נאמן. לויטן דאָזיקן געזעץ דאַרפן די עלטסטע פון דער קהילה אויסקלייבן פון צווישן דעם פאָלק אַ קלוגן מאַן, וואָס זאָל קאָנ־טראָלירן די הכנסות און די הוצאות פון דער קהילה. אים, דעם נאמן, דאַרפן געהאָרכן די צענזאָרן, וואָס באַשטימען די גרויס פון די שטייערן און אויך די איינמאָנערס. אים דאַרפן צוגעשטעלט ווערן אַלע חשבונות. אים מוז אַפילו דער פּרנס־חודש (ראש הקהל) אָפּגעבן חשבון פון אַלע הוצאות.

מיט דער צייט איז אָבער דער דאָזיקער אַמט פון נאמן פאַרקריפּלט געוואָרן. דער נאמן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קהילה־אָנגעשטעלטן, וואָס האָט געטאָן דעם רצון פון זיינע באַלעבאָטים, די פּרנסים.

דער דריטער טייל פונעם ווערק, „דאָס לעבן", איז דער סאַמע אינטע־רעסאַנטער. דאָ ווערט אין אַברייטן פאַרנעם געשילדערט דאָס טאָג־טעגלעכע און יום־טובדיקע לעבן פונעם יידישן לעמבערגער פאַלקסמענטש. די עיקר־דיקע פרנסה פונעם יידן איז ביים סוף פונעם 16טן י"ה געווען דאָס וווכער־געשעפט. מיסחר איז שוין געווען באַגרענעצט פאַר יידן און מלאָכה איז אין אַלע צייטן געווען מאָנאָפּאָליזירט דורך די קריסטלעכע צעכן. דאָס געבן הלוואות אויף משכּנות אָדער אויף וועקסלען איז געווען אָפן פאַר יידן. עס איז אָבער ווייט נישט אמת, אַז בלויז יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער פּראָפעסיע. והאָ־ראַיה, פון די רשימות פון חובות, וואָס די קהילה האָט געהאַט צו צאָלן, איז צו זען אַז אירע בעלי חובות זיינען ס׳רוב געווען קלויסטערס און אַנדערע קירכלעכע אַנשטאַלטן, וואָס פלעגן נעמען גאַנץ געזאַלצענע פּראָצענטער פאַר זייערע הלוואות.

אַרענדעס פון מלוכישע און שטאָטישע שטייערן און אַנדערע הכנסות, זיינען צוגענגלעך געווען בלויז פאַר רייכע יידן. ערשטנס, צוליב דעם גרויסן קאַפּיטאַל, וואָס ס׳איז נייטיק געווען, כּדי צוקומען צו אַזאַ געשעפט. צווייטנס, מחמת דעם געזעץ פון חזקה. די דאָזיקע געשעפטן האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט די קהילה־לייט און זיי האָבן קיין נייעם מענטש נישט צוגעלאָזט.

אויפן געביט פון מיסחר איז אין לעמבערג, פונקט ווי אין אַלע אַנדערע גרעסערע שטעט פון פוילן, במשך אַלע צייטן אָנגעגאַנגען אַ שאַרפער קאַמף. די בירגערס האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כּדי אַרויסצושטויסן פון האַנדל די יידישע קאָנקורענטן. יידן ווידער האָבן זיך פאַרטיידיקט ווי זיי האָבן געקאָנט.

אינעם 15טן י"ה האָבן לעמבערגער יידן געפירט אַן אומגעשטערטן האַנדל מיט כּלערליי סחורות, דער עיקר: אָקסן, בשׂמים, טעקסטיל־סחורות, פעלצן און פעלן (לעדער). די קריסטלעכע סוחרים האָבן מיט קינאה זיך צוגעקוקט צו יידישער עשירות און געזוכט מיטלען זוכן מיטלען אַרויסצושטויסן די יידן פון האַנדל. דורך צווייערליי וועגן איז אין יענער צייט געפירט געוואָרן דער מיסחר אין לעמבערג: פון מיזרח האָט מען אַריינגעבראַכט אַזעלכע סחורות, ווי פעלצן, פעלן, אָקסן א"אַ, פון מערב — טעקסטיל, געווירצן, וכד׳. דער מיזרח־וועג איז געווען שטאַרק אומזיכער צוליב די טאָטערן, קאָזאַקן און סתם גזלנים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען און באַרויבט די סוחרים. דער וועג פון מערב איז געווען נישט אַן ערך זיכערער. האָבן די

קריסטלעכע סוחרים געוואָלט פאַר זיך מאָנאָפּאָליזירן דעם מערבדיקן האַנדל און פאַר די ייִדן איבערלאָזן דעם אומזיכערן מיזרח.

אין 16טן י״ה האָט די שטאָט טאַקע אויסגעקעמפט פאַר זיך די פּריווי־לעגיע פון האַנדל. דער ייִדישער מיסחר איז אונטערגעשניטן געוואָרן. נאָר פון דעסטוועגן האָבן זיך ייִדן נישט אונטערגעגעבן. לעגאַל אָדער אומלעגאַל האָבן זיי ווייטער געפירט זייער האַנדל. זיי האָבן מיט דער שטאָט געשלאָסן ספּעציעלע אָפּמאַכן, אויפן סמך פון וועלכע ס׳איז ייִדן דערלויבט געוואָרן צו האַנדלען מיט געוויסע סחורות. די אָפּמאַכן האָבן, פאַרשטייט זיך, געקאָסט אַ סך געלט. אין שטאָט האָבן ייִדן נישט געטאָרט פאַרקויפן קיין אַלקאָהאָל־משקאות. אויף דער פאַרשטאָט זיינען אָבער געווען אַ סך ייִדישע שענקען. ס׳איז אינטערעסאַנט דערביי צו באַמערקן, אַז די שליאַכטע האָט אַלע מאָל געשטיצט די ייִדן אינעם קאַמף פאַר האַנדלס־רעכט. ביי ייִדן פלעגט מען שטענדיק קויפן די זעלביקע סחורות פאַר אַ ביליקערן מקח.

מלאָכה איז פאַר ייִדן געווען נאָך מער באַגרענעצט ווי דער מיסחר. די קריסטלעכע צעכן זיינען אויף דעם געביט געווען די איינציקע באַלעבאַטים און זיי האָבן נישט אָנגענומען קיין ייִדן. פון דעסטוועגן האָט זיך שוין אין די גאָר אַלטע צייטן געשאַפן אַ ייִדישע מלאָכה. אָפּגערעדט פון אַזעלכע ריין ייִדישע מלאָכות, ווי שניידערס, מנקרים, קצבים, וואָס האָבן געאַרבעט אויס־שליסלעך פאַר ייִדן און האָבן מחמת רעליגיעזע טעמים געמוזט זיין ייִדן. אָבער מיר טרעפן אויך אַזעלכע ייִדישע בעלי־מלאָכות, ווי גאָלדשמידן, שמוקלערס, זילבערברענערס, מוזיקאַנטן א״אַ. זיי האָבן שטענדיק געמוזט זיך אויסקויפן ביי די צעכן, כדי מען זאָל זיי לאָזן אַרבעטן.

אַ סך ייִדן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מעקלעריי. דער ייִדישער מעקלער (פאַקטאָר) איז אין פוילן געווען אַ שם־דבר. יעדער אָנגעזעענער שליאַכטשיץ האָט ביי זיך געהאַט אַ פאַקטאָר, וואָס האָט זיך אַרום אים געדרייט. שוין אָפּגערעדט פון מאַגנאַטן, וואָס האָבן געהאַט גאַנצע מחנות פאַקטאָרן. אַ פאַקטאָר ביים קעניג איז געווען אַ גאַנצער יחסן. ער פלעגט באַקומען ספּעציעלע שוצבריוו און קיינער חוץ דעם קעניג האָט אים נישט געקאָנט מישפּטן.

וועגן דער פראַגע פון זיכערקייט דאַרף נאָך געזאָגט ווערן, אַז כאָטש די לאַגע אויפן דאָזיקן געביט איז אין דער שטאָטישער געטאָ געווען בעסער ווי אויף דער פאַרשטאָט, האָבן די שטאָטישע ייִדן אויך געהאַט אויסצושטיין

גרויסע צרות. די שילער־געלויפן און אָנפאַלן פון שיכּורע סאָלדאַטן זיינען גאַנץ אָפט פאָרגעקומען אויך אין דער שטאָט. אַ גרויסן חורבן פלעגן אָנמאַכן שׂריפות, וואָס פלעגן נישט זעלטן אויסברעכן סיי אין שטאָט און סיי אויף דער פאָרשטאָט.

כּדי צו האָבן אַ בעסערע מעגלעכקייט זיך צו באַשיצן, האָבן אין די שפּעטערדיקע צייטןביידע לעמבערגער קהילות זיך צוזאַמענגערעדט און געשאַפן אַ בשותּפותדיקן קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו קאָאָרדינירן די שוץ־ און הילף־אַרבעט און אָנשטעלן בשותּפותדיקע שתּדלנים (אין אַמטלעכן לשון הייסן זיי סינדיקעס), וואָס זאָלן אין אַן עת־צרה קאָנען אָפּשרייען אַ גזירה. דאָס שאַפן דעם דאָזיקן קאָמיטעט איז געווען דער ערשטער טריט צו דער פאַראייניקונג פון ביידע קהילות, וואָס איז געקומען ערשט מיט עטלעכע יאָרהונדערטער שפּעטער.

„לעמבערגער יידן ביים איבערבראָך פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט" איז אַ שלימותדיק ווערק פון אַ רייפן געלערנטן, וואָס האָט שוין באַוויזן צו סטאַביליזירן זיין מעטאָד אין דער פאָרשונג און זיין אָריגינעלן אופן פון שרייבן. אין דער פאָרשונג איז באַלאַבאַן שטאַרק אָפּגעהיט. דער דאָקומענט, נאָך דעם ווי ער האָט אים געניו דורכקאָנטראָלירט און פעסטגעשטעלט זיין גלויבנסווערדיקייט, איז פאַר אים אַ הייליקייט. ער באַאַרבעט דעם דאָקומענט אין אַ גראָדער ליניע, ער לייענט פון אים אַרויס דאָס, וואָס ער זאָגט און לאָזט זיך נישט אויף קיין אומזיכערע וועגן פון זייטיקע ספּעקולאַציעס. אין זיין שרייבן שאַפט באַלאַבאַן דעם סינטעז פון אַן אַחריותדיקן וויסנשאַפטלער און קינסטלער. פונעם טרוקענעם מאַטעריאַל, וואָס ער האָט געפונען אין זיינע דאָקומענטן, קלעפּט ער אויס אַ לעבעדיק בילד. אונטער זיין פּעדער לעבן אויף די פּערזאָנען פון אַ מאָל און עס לעבט אויך אויף די סביבה.

ס'איז אַ סברה, אַז אויך באַלאַבאַנען האָט געמיינט ד"ר יצחק שיפּער, בעת ער האָט קריטיקירט די יידישע היסטאָריקערס, למאַי זיי זיצן שטייף און אומבייגעוודיק איבער די דאָקומענטן און לאָזן נישט צו קיין שום (ווי ער האָט עס אָנגערופן) סינטעז. איז אָבער איצט שוין קלאָר, אַז וואָס ס'איז שייך באַלאַבאַנען איז שיפּער געווען אַ שפּאַר ביסל נישט גערעכט. כאָטש פון דער צווייטער זייט האָט שיפּער זיך געקאָנט דערלויבן אַזאַ זאַג. ער, שיפּער, איז עס געווען דער, וואָס האָט פון עפּעס אַ געפונענער רשימה פון געציילטע קאָפּשטייערן געקאָנט צוזאַמענשטעלן גאַנצע סטאַטיסטיקעס

פון ייִדן אין פּוילן. באַלאַבאַן איז צו אַזאַ חריפות נישט דערגאַנגען און אפשר האָט ער זיך גאָר פאַר דעם געהיט, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז אויף אַזאַ מין וועג קאָן מען לייכט ניכשל ווערן. באַלאַבאַן האָט געשטרעבט צו דעם, אַז זיינע ווערק זאָלן זיין אויף אַלע הונדערט פּראָצענט פאַרלאָזלעך און דאָס האָט ער טאַקע דערגרייכט.

נאָר פון דעסטוועגן מוז מען למען האמת צוגעבן, אַז באַלאַבאַנס אָפּגעהיטנקייט, זיין פּוריטאַניזם האָט גורם געווען געוויסע בלויזן, וואָס לאָזן זיך באַמערקן אין זיין ערשטן גרויסן ווערק. אָט טאַקע די פראַגע פון סטאַטיסטיקעס. באַלאַבאַן גיט נישט אָן קיין שום צאָלן פון ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין די ביידע קהילות. אמת, ער האָט אויף דעם נישט געפונען קיין בפירושע דאָקומענטן. אָבער פון די אַנדערע מאַטעריאַלן איז דאָך מעגלעך געווען אויסצוגעפינען בערכדיקע צאָלן, וואָס וואָלטן שטאַרק געהאָלפן בעסער צו פאַרשטיין די לאַגע פון די ייִדן אין יענע צייטן.

אין די שפּעטערדיקע ווערק איז באַלאַבאַן שוין אַ ביסל מער עלאַסטיש. ער באַנוצט זיך אַפילו מיטן פאַרגלייך־מעטאָד, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פראַגן וואָס ער קאָן נישט פאַרענטפערן מיט דירעקטע דאָקומענטן. נאָר אינעם ערשטן בוך איז ער נאָך ווייט פונעם דאָזיקן מעטאָד. אָט שטעלט זיך למשל אַן אומקלאָרע פראַגע וועגן דער קאָמפּעטענץ אין די מישפּטים פון קריסטן קעגן ייִדן. פון דער פּראַקטיק איז באַוווּסט, אַז די דאָזיקע קאָמפּעטענץ איז געלעגן אין די הענט פונעם וואָיעוואָדע, וואָס האָט באַשטימט דעם ייִדן־ריכטער. איז אָבער פאַראַן אַ דעקרעט פון קאַזימיעזש דער יאַגעלאָנער פונעם יאָר 1453, ווו עס שטייט געשריבן, אַז די דאָזיקע קאָמפּעטענץ געהערט צום סטאַראָסטע אָדער צום וואָיעוואָדע. דאָס מיינט, אַז דער סטאַראָסטע איז אויפן ערשטן אָרט. אויב אַזוי, טאָ פאַר וואָס האָט דער ייִדן־ריכטער באַשטימט דער וואָיעוואָדע און נישט דער סטאַראָסטע? די דאָזיקע פראַגע קאָן באַלאַבאַן נישט פאַרענטפערן און ער לאָזט זי איבער אַן אומקלאָרע, כאָטש מיט דער הילף פון אַ פאַרגלייך־מעטאָד וואָלט ער זי אפשר טיילווייז געקאָנט אויפקלערן. נאָר נישט געקוקט אויף די קליינע בלויזן איז נישט פאַראַן קיין שום ספק, אַז „די לעמבערגער ייִדן ביים איבערבראָך פון 16טן און 17טן י״ה" איז דאָס איינציקע אָנערקענטע מקורותדיקע ווערק וועגן אַלט־ייִדישן לעמבערג.

מיטן דאָזיקן בוך האָט באַלאַבאַן נישט אָפּגעשלאָסן זיינע פאָרשונגען

וועגן לעמבערג. להיפּוך, וואָס מער ער האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין די אַקטן פֿון די אַלטע לעמבערגער אַמטן, אַלץ מער האָט עס אים אַרײַנגעצויגן און אַלץ מער ידיעות האָט ער געפֿונען. ווי אַ פּועל־יוצא פֿון די דאָזיקע ווײַטערדיקע פֿאָרשונגען זײַנען נאָכגעקומען אַ גרעסערע צאָל אַרבעטן וועגן לעמבערג אינעם 18טן און 19טן י״ה. פֿון אָט די אַרבעטן דאַרף מען דערמאָנען אַזעלכע: „לעוווקאַ באַלאַבאַן, דער פּרנס חודש פֿון לעמבערגער קהל ביים סוף פֿונעם 18טן י״ה״ (1905, פּויליש), „דער אויטאָדאַפֿע אין לעמבערג אינעם יאָר 1728״ (1911 — דײַטש). אין דער צווייטער אַרבעט באַשרײַבט באַלאַבאַן דעם קידוש־השם פֿון די צוויי ברידער ר׳ יהושע און ר׳ חיים רייצעס, וואָס זײַנען פֿאַרברענט געוואָרן אויפֿן שײַטערהויפֿן ערב שבֿועות פֿון יאָר 1728 (ר׳ יהושע האָט זיך נאָך פֿריִער גענומען דאָס לעבן). די וויכטיקייט פֿון דער דאָזיקער אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין איר ווערן דאָס ערשטע מאָל ציטירט אַמטלעכע קוועלן וועגן דעם דאָזיקן פּראָצעס. סאָכיסטאָוו, בובער און קאַראָ האָבן בשעתּם געשריבן וועגן דעם אומקום פֿון די ברידער רייצעס. זיי האָבן זיך אָבער געשטיצט אויף מאַטעריאַלן פֿון די קהילה־פּינקסים. האָבן פּוילישע היסטאָריקערס אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט זייערע באַשרײַבונגען, מיט דער טענה, אַז דאָס אַלץ איז אַ לעגענדע, וואָרעם עס לייגט זיך נישט אויפֿן שׂכל, אַז אין דער תּקופֿה פֿון דער אויפֿקלערונג, בעת עס האָבן זיך אויף דער וועלט שוין געהערט די שטימען פֿון די פֿראַנצייזישע ענציקלאָפּעדיסטן און פֿון די אַלע, וואָס האָבן געגרייט דעם באָדן פֿאַר דער פֿראַנצייזישער רעוואָלוציע, זאָל אין פּוילן נאָך פֿאָרקומען אַן אַקט פֿון מיטל־עלטערלעכן אָבסקוראַנטיזם.

האָט באַלאַבאַן אינעם לעמבערגער גראָדגעריכט געפֿונען דעם אָריגינעלן באַשולדיקונג־אַקט קעגן די רייצעסעס און אין דער כראָניק פֿון די יעזויִטן האָט ער געפֿונען אַ באַריכט פֿונעם פּראָצעס. אויך עטלעכע קאָרעספּאָנדענצן פֿון וואַרשע אין דער „פּאַריזער צײַטונג״ פֿון יענער צײַט האָט ער אַרײַנגעצויגן, כּדי צו באַפֿעסטיקן זײַנע אויספֿירן. דאָס אַלץ האָט ער אַ וואָרף געטאָן פֿאַר די אויגן די געלערנטע פּוילישע פֿאַרטיידיקערס פֿון כּלומרשטן פּראָגרעס, און זיי זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן.

עס דאַרפֿן אויך דערמאָנט ווערן אייניקע אַרבעטן וועגן אַמאָליקע ייִדישע פּערזענלעכקייטן אין לעמבערג: „ד״ר שׂמחה מנחם מיונה, דער הויף־דאָקטער פֿון קעניג יאַן סאָביעסקי״ (1920 — פּויליש), ר׳ בצלאל בן הקדוש

ר׳ נתן, דער מוכסן אין דער רייסישער מדינה״ (1920 — פויליש) און צום שלוס זיינע וויכטיקע מאָנאָגראַפיעס פון די לעמבערגער וווינקוואַרטאַלן, זייערע אַלטערטימלעכקייטן און הייזער.

דאָס ווערק „דער יידישער קוואַרטאַל, זיין געשיכטע און זיינע אַלטער־טימלעכקייטן״ איז דערשינען אין יאָר 1909 (פויליש) ווי דער נומער 5–6 פון דער „לעמבערגער ביבליאָטעק״, אַרויסגעגעבן דורך דער „געזעלשאַפט פריינד פון לעמבערג״. דאָס דאָזיקע בוך האָט 102 זייטן מיט פערציק בילדער און גיט לרוב אַ היסטאָרישע באַשרייבונג פון דער שטאָטישער געטאָ.

אין יענער צייט האָט זיך באַלאַבאַן שוין אינטענסיוו פאַרנומען מיט שטודירן די געשיכטע פון די אַלטע יידישע הייזער אין לעמבערג. אַ צאָל פון די לעמבערגער הייזער האָבן אויף זיך געטראָגן דעם חותם פון עטלעכע יאָרהונדערטער. זיי זיינען געווען די היימען פאַר אַ סך דורות, נישט זעלטן אַריבערגעגאַנגען פון קריסטלעכע הענט אין יידישע און דערנאָך צוריק פון יידישע אין קריסטלעכע. באַלאַבאַן האָט די מאַטעריאַלן וועגן די הייזער און די משפחות, וואָס האָבן דאָרט געלעבט, געזאַמלט מיטן געדאַנק אָנצו־שרייבן אַ גרעסער ווערק וועגן לעמבערג, אַ ווערק פון אַ קולטור־היסטאָרישן כאַראַקטער. אַ גרויסע הילף אין דער אַרבעט איז פאַר באַלאַבאַנען געווען דאָס, וואָס אין יאָר 1911 איז ער דורך דער לעמבערגער קהילה באַשטימט געוואָרן ווי דער אָנפירער פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט דורכגעפירט אויס־גראָבונגען אויפן אַלטן לעמבערגער בית־עולם. דער דאָזיקער בית־עולם איז שוין זינט דעם יאָר 1855 געווען פאַרמאַכט, אָבער אויפגעקומען איז ער דעמאָלט, אין איינעם מיטן לעמבערגער יידישן ישוב. דאָרט זיינען געווען די קברים פון יענע יחידים און משפחות, וואָס באַלאַבאַן האָט איצט געוואָלט אויפלעבן אין זיין ווערק.

אין יאָר 1911 האָט באַלאַבאַן אין זיין אַרבעט „דער פאַרגעסענער מאָנומענט״ (פויליש) טאַקע געגעבן אַ ביסל פּרטים וועגן דעם בית־עולם. אָבער זיין ווערק וועגן די לעמבערגער הייזער און משפחות איז דערווייל געבליבן בלויז אינעם פּלאַן. דער אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דעם דאָזיקן פּלאַן צעשטערט. ערשט נאָך דער מלחמה האָט ער אָנגע־הויבן צו פאַרעפנטלעכן אין דער לעמבערגער טאָגצייטונג „כווילאַ״ זיינע שילדערונגען פון די לעמבערגער הייזער. זיינען דאָס געווען פאַרכאַפּנדיקע באַשרייבונגען מיט אַזאַ שלל היסטאָרישע מאַטעריאַלן און קינסטלערישן רייץ,

אַז זיי האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון. אין יאָר 1921 איז דערשינען זיין אַרבעט „די מויער פון מיכאַלעוויטש אָדער אַפּענדיק" (דאָס הויז אויף רוסקע גאַס 16) (פּויליש), אָנהייבנדיק דעם 24סטן מיי, 1925 ביז סוף מיי, 1926 זיינען אין דער זעלביקער צייטונג דערשינען אין המשכים באַלאַבאַנס וויטערדיקע מאָנאָגראַפיעס פון לעמבערגער הייזער. זיי פלעגן זיך דרוקן אונטער די קעפּלעך „די ברייטע גאַס", „פונעם נעכטיקן לעמבערג" א"אַ.

די דאָזיקע מאָנאָגראַפיעס, חוץ „די מויער פון מיכאַלעוויטש", זיינען אין בוכפאָרעם קיין מאָל נישט דערשינען, און היות די יאָרגענג פון דער „כווילאַ" זיינען כמעט ווי נישט בנימצא, קאָן מען דרייסט זאָגן, אַז אַלע די אַרבעטן וועגן אַלטן לעמבערג האַלטן ביים פאַרלוירן גיין פאַר דער יידישער ליטעראַטור. מיר דוכט זיך, אַז עס וואָלט געווען אַ יושרדיקע אויפגאַבע פאַר די לעמבערגער לאַנדסמאַנשאַפטן צו מאַכן אַן אָנשטרענג און אויפזאַמלען וואָס עס לאָזט זיך נאָך, כדי עס אָפּצוראַטעווען פון אומקום.

דער פּלאַן פון אַ קולטור־היסטאָריש ווערק וועגן לעמבערג איז נישט געגאַנגען אין גאַנצן לאיבוד. אין יאָר 1937 האָט באַלאַבאַן געהאַט די מעג־לעכקייט אַרויסצוגעבן די געשיכטע פונעם לעמבערגער פאָרגעשריטענעם טעמפּל, וואָס מע קאָן באַטראַכטן ווי אַ טיילווייזע רעאַליזירונג פונעם דאָזיקן פּלאַן. אין באַלאַבאַנס כתבים איז איינגעשלאָסן כמעט די פולע געשיכטע פון יידן אין לעמבערג. קאָן מען דעריבער מיט רעכט זאָגן, אַז ער איז דער היסטאָריקער פון זיין היימשטאָט.

ג

## ד"ר באַלאַבאַן און דער לימוד פון יידישער רעליגיע אין די גאַליצישע שולן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

דער מעמד פון יידישן רעליגיע־לימוד אין די עפנטלעכע שולן אין גאַליציע — סיי אין די פאָלקסשולן און סיי אין די גימנאַזיעס — איז קיין מאָל נישט געווען קיין געהויבענער. די הויפּט־סיבה פונעם דאָזיקן טרויעריקן צושטאַנד איז געלעגן אינעם מאַנגל אין צוטרוי מצד דער יידישער באַפעל־קערונג צום לימוד גופא און צו זיין לערערשאַפט. דער מאַנגל אין צוטרוי

איז געבוירן געוואָרן נאָך אין די צייטן פֿון קיסר יאָזעף דער צווייטער, בעת ס'איז געשאַפֿן געוואָרן די ערשטע וועלטלעכע שול פֿאַר ייִדישע קינדער. פֿרומע ייִדן האָבן די דאָזיקע שול באַטראַכט ווי אַ גזירה, ווי אַן אַנשיקעניש, וואָס איז מסוגל אונטערצוגראָבן און פֿאַרניכטן דעם ייִדישן שטאַם. דער לימוד פֿון רעליגיע, וואָס איז דעמאָלט געשאַפֿן געוואָרן מיט דער אויס־רעכענונג, אַז ער זאָל דעם קינד געבן אַ גענוגנדיקע ייִדישע דערציִונג, האָט אויף זיך געצויגן דעם הויפּטצאָרן פֿון די פֿרומע ייִדן, וואָס האָבן גע־טענהט, אַז ייִדישע אַפּיקורסות איז פֿיל געפֿערלעכער פֿון פּשוטע גויִישקייט.

די דאָזיקע נעגאַטיווע באַציִונג איז שפּעטער אַריבערגעגאַנגען בירושה פֿון דור צו דור און זי האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ ביטול־באַציִונג דעמאָלט, ווען די ייִדישע מאַסן אין גאַליציע זיינען אַריבער צו דער וועלטלעכער קולטור. דאָס מוז מען טאַקע באַטראַכטן ווי אַ קוריאָזיטעט, ווייל על פּי שׂכל וואָלטן דאָך די אויפגעקלערטע מאַסן זיך געדאַרפֿט פּאָזיטיוו באַציִען צו אַזאַ לימוד. זיינען אָבער געווען אָט די צווייטרדיקע פֿאַקטאָרן, וואָס האָבן אין דעם געשטערט. פֿון איין זייט האָבן די שולאָרגאַנען נישט אַרויס־געוויזן קיין גענוגנדיקע פֿאַרשטענדעניש פֿאַרן ייִדישן רעליגיע־לימוד, פֿון דער צווייטער זייט האָט די לערערשאַפֿט פֿונעם דאָזיקן לימוד נישט באַוויזן צו דערגרייכן די געהעריקע מדרגה אין איר פּעדאַגאָגישער און וויסנשאַפֿט־לעכער צוגרייטונג. האָט טאַקע דער ייִדישער רעליגיע־לימוד אין גאַליציע נישט געגעבן קיין שום פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

פֿאַרמעגלעכע און פֿרומע ייִדן האָבן זיך ווי עס איז געגעבן אַן עצה. די פֿרומע האָבן זייערע קינדער געשיקט נאָך דער עפֿנטלעכער שול אין חדרים אָדער תּלמוד־תּורהס, די נאַציאָנאַל־געשטימטע — אין די העברעיִשע שולן. גאַר רייכע האָבן גענומען העברעיִשע לערערס אין שטוב אַריין. אָבער דער רוב יוגנט איז געוואַקסן אָן אַ ייִדישער דערציִונג. אָט אין דעם איז באַהאַלטן דער סוד, הלמאַי עס זיינען אין גאַליציע אין די לעצטע יאָרן אויפגעקומען אַ סך ייִדישע אינטעליגענטן, וואָס זיינען געווען גאַנץ פֿיינע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אינזשענירן, גלייכצייטיק אָבער פֿולשטענדיקע עמי־הארצים אין ייִדישקייט און אין ייִדישן וויסן.

די ערשטע שולן פֿאַר ייִדישע קינדער אין גאַליציע, וואָס זיינען געשאַפֿן געוואָרן דורכן קיסר יאָזעף דעם צווייטן און האָבן אָנגעהאַלטן בסך הכּל 20 יאָר (1787 ביז 1806), האָבן דעם השׂכּלה־געדאַנק גורם געווען מער רעה

ווי טובה. דער הויפּט־אָנפירער פון די דאָזיקע שולן איז געווען הערץ האָמבערג, אַ משׂכּיל און אַ געוועזענער לערער. באַלאַבאַן שילדערט די דאָזיקע געשטאַלט אין זיין אַרבעט „הערץ האָמבערג און קיסר יאָזעפס שולן אין גאַליציע״ (1906, פּויליש). באַלאַבאַן דערציילט דאָרט, אַז האָמבערג איז געווען אַ תּלמיד פון משה מענדעלסאָנען. ער האָט געשטאַמט פון פּראַג און האָט געלערנט אין אַ ישיבה. דערנאָך איז ער געוואָרן אַן אַפּיקורס, איז אַריבערגעפאָרן לערנען קיין בערלין און דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט משה מענדעלסאָנען, וואָס האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין שטוב ווי אַ לערער פאַר זיינע קינדער.

ווען דער קיסר יאָזעף האָט געעפנט די יידישע שולן, האָט ער האָמבערגן באַשטימט פאַרן אינספּעקטאָר פון די אַלע שולן אין גאַליציע. אויף אַזאַ אופן האָט האָמבערג אַריינבאַקומען אין זיינע הענט אַ גאַר גרויסע מאַכט און ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן צו ווייזן אויף וואָס ער איז פעיִק. אַזוי האָט ער, למשל, אין יאָר 1794 צוגעשטעלט דער עסטרייכישער רעגירונג אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן ער האָט פאָרגעשטעלט יידן אין די שוואַרצסטע קאָלירן. ער האָט געפאָדערט צו פאַרמאַכן אַלע ישיבות אין גאַליציע. אויך דער טרויעריק באַקאַנטער שטייער פון ליכט־בענטשן, וואָס די עסטרייכער האָבן איינגעפירט אין גאַליציע און וואָס האָט במשך צענדליגגער יאָרן אויף אַזאַ דערנידערנדיקן אופן עקספּלואַטירט די יידישע באַפעלקערונג, איז אין אַ גרויסער מאָס געווען האָמבערגס אַרבעט. ער האָט פונעם דאָזיקן שטייער געצויגן גרויסע הכנסות פאַר זיך. ער איז נעמלעך געווען אַ שטילער שותּף צו די פאַכטערס פונעם שטייער.

דער לימוד אין האָמבערגס שולן איז געשטאַנען אויף אַ נידעריקער מדרגה. חוץ דעם איז די גאַנצע שול־אָרגאַניזאַציע געווען אַ נעסט פון קאָרופּציע. סיי האָמבערג אַליין און סיי די לערערס, וואָס ער האָט אָנגעשטעלט אין זיינע שולן, האָבן זיך געלאָזט צאָלן כאַבאַר פאַר אַזעלכע זאַכן, ווי באַפרייען קינדער פון שולפּליכט אָדער פאַר צייגנישן, וואָס זיינען נייטיק געווען, כּדי צו באַקומען אַ דערלויבעניש חתונה צו האָבן.

ס׳איז אין לעמבערג אויך געווען אַ לערער־סעמינאַר, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצובילדן לערערס פאַר די דאָזיקע שולן. דער דירעקטאָר פונעם סעמינאַר איז געווען אַהרן פרידענטאַל, אויך משה מענדעלסאָנס אַ תּלמיד. איז דער דאָזיקער פרידענטאַל אויף קיין האָר נישט געווען בעסער

פֿון האַמבערגן. צווישן דיביידע לייט איז כּסדר אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פֿאַר מאַכט, אַ קאַמף מיט מסירות און קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען אין געלט־שווינדלערייען.

אַט אַזאַ פּנים האָט אין גאַליציע געהאַט דער ערשטער אַרויסטריט פֿון דער השׂכּלה. איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, וואָס די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען האַמבערג איז צוריקגערופֿן געוואָרן פֿון זיין אַמט פֿאַר די מיאוסע מעשׂים, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיין געוויסן און דערצו זיינען מיט אַ קורצער צייט שפּעטער ליקווידירט געוואָרן אַלע שולן.

אין לעמבערג גופֿא האָט זיך ביז דער העלפֿט פֿונעם 19טן י״ה נישט איינגעגעבן קיין שום פּרווו צו שאַפֿן אַ מאָדערנע ייִדישע שול. ערשט אין יאָר 1844, ווען ס'איז קיין לעמבערג אַראָפּגעקומען אַברהם קאָהן און האָט איבערגענומען דעם אַמט פֿון ראַבינער פֿונעם פֿאַרגעשריטענעם טעמפּל, האָט ער זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ ייִדישע שול. דער הויפּט־לערער און לאַנג־יאָריקער דירעקטאָר פֿון דער דאָזיקער שול איז געווען מיכאל וואָלף, אַ גרויסער בעל־מידות און אַ מענטש מיט אַ סך פֿעיִקייטן. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער און פֿלעגט במשך אַ סך יאָרן פֿאַרטרעטן די ראַבינערס פֿונעם פֿאַרגעשריטענעם טעמפּל.

די דערמאָנטע שול האָט געטראָגן דעם נאָמען פֿון איר גרינדער, אַברהם קאָהן, און זי האָט עקסיסטירט ביזן סאַמע היטלער־חורבן. איר לערער און דירעקטאָר, מיכאל וואָלף, האָט אויך געהאַט אַריכות־ימים. ער קאָן באַטראַכט ווערן ווי דער פּראָטאָטיפּ פֿונעם רעליגיע־לערער אין לעמבערג און גאַליציע.

ווען ייִדן האָבן אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער אין די עפֿנטלעכע שולן, האָט זיך געשאַפֿן די נויטווענדיקייט אין אַ גרעסערער צאָל רעליגיע־לערערס. די קהילות, וואָס האָבן געדאַרפֿט צושטעלן די דאָזיקע לערערס, האָבן זיך אָבער נישט געקאָנט געבן קיין עצה, ווייל עס זיינען נישט געווען קיין קוואַליפֿיצירטע כּוחות אויפֿן דאָזיקן געביט. אין גאַליציע איז נישט געווען קיין שול, וואָס זאָל אויסבילדן ייִדישע רעליגיע־לערערס. עס זיינען אויך נישט געווען קיין לערן־ביכער פֿאַרן דאָזיקן קעגנשטאַנד. במשך עטלעכע יאָר־צענדליקער האָט מען זיך באַנוצט מיט אַ לערנבוך, וואָס הערץ האָמבערג האָט נאָך צוזאַמענגעשטעלט. מיטן דאָזיקן בוך האָט זיך אויך באַנוצט די רעגירונג, ווען זי האָט געוואָלט באַשווערן די ייִדן דאָס חתונה האָבן. זי האָט, נעמלעך, אַרויסגעגעבן אַ פֿאַראָרדענונג, אַז אַלע ייִדן, וואָס ווילן חתונה האָבן, סיי

בחורים און סיי מיידלעך, מוזן פאַר אַ באַצירקס־באַאַמטן אָפּגעבן אַן עקזאַמען פון רעליגיע לויט האַמבערגס לערנבוך.

אין די פופציקער יאָרן פונעם 19טן י״ה זיינען די קהילות אין גאַליציע באַהערשט געווען לרוב פון אויפגעקלערטע יידן. זיי זיינען צו דער מאַכט געקומען נישט דורך וואַלן, נאָר דורך נאָמינאַציעס פון דער רעגירונגס־מאַכט. די דאָזיקע אויפגעקלערטע קהילה־פירערס, משׂכּילים און אַסימילירטע אינטעליגענטן, האָבן זיך באַמיט ביי דער רעגירונג, אַז אין לעמבערג זאָל געשאַפן ווערן אַ ראַבינער־סעמינאַר לויט דעם מוסטער פון ווין. אַזאַ סעמינאַר וואָלט געקאָנט לייזן די פראַגע פון דוחק אין רעליגיע־לערערס, און חוץ דעם וואָלט ער אויך אַ סך ביישטייערן צו דער אויפקלערונג פון די יידישע מאַסן אין גאַליציע. אין יאָר 1860 איז טאַקע געקומען דער קייזערלעכער דעקרעט וועגן שאַפן אין גאַליציע דעם ראַבינער־סעמינאַר. דער דעקרעט איז אָבער געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר.

באַלאַבאַן דערציילט אין זיין אַרבעט „די געשיכטע פון פּראָיעקט פון דער ראַבינער־שול״ (1907, פּויליש), אַז אין יאָר 1878 האָט דער „שומר ישׂראל״ (אָרגאַניזאַציע פון משׂכּילים און אינטעליגענטן, וואָס האָבן פּראָפּאַגירט די דייטשישע שפּראַך ביי יידן) גערופן אַ צוזאַמענפאָר פון קהילות־פאָרשטייערס און אויפגעקלערטע רבנים און אויפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפענען די ראַבינער־שול אויפן סמך פונעם דערמאָנטן קייזערלעכן דעקרעט פון יאָר 1860. אָבער אויך דאָס מאָל איז דער באַשלוס נישט רעאַליזירט געוואָרן.

די צייט האָט אָבער דערוויייל געמאַנט דאָס איריקע. אַלץ מער יידישע יוגנט האָט געלערנט אין די עפנטלעכע שולן און אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער באַדאַרף אין רעליגיע־לערערס. האָט מען אין די פאָלקס־שולן אָנגעשטעלט לערערס מיט גאָר קליינע פּעדאַגאָגישע קוואַליפיקאַציעס. פאַר די גימנאַזיעס האָט מען זיך באַמיט צו באַקומען בעסערע לערערס. אַזוי האָט למשל אין דער פערטער גימנאַזיע אין לעמבערג אין די העכערע קלאַסן געלערנט רעליגיע ד״ר יוסף קאָבאַק, אין די נידעריקערע קלאַסן האָט דאָרט געלערנט יעקב קליין, וואָס איז ביזן יאָר 1883 געווען דער רעדאַקטאָר פון „דער איזראַעליט״, דייטשישער אָרגאַן פון „שומר ישׂראל״. ווען ד״ר קאָבאַק האָט פאַרלאָזט לעמבערג, האָט קליין איבערגענומען אויך די העכערע קלאַסן.

אין יאָר 1894 האָבן די יידישע דעפּוטאַטן (אַסימילאַטאָרן) אינעם

גאַליצישן לאַנד־פּאַרלאַמענט (סיים) אויפגעהויבן די פראַגע וועגן שאַפן אַ סעמינאַר פאַר יידישע רעליגיע־לערערס. די מאַכט האָט אָנגעפרעגט ביי די פילאָסאָפישע פאַקולטעטן אין לעמבערג און קראָקע און אויך ביים לעמבערגער ראַבינער, ד״ר יחזקאל קאַרא וועגן זייער שטעלונג צו אָט דעם ענין. די תשובות פונעם לעמבערגער אוניווערסיטעט און פון ד״ר קאַרא זיינען געווען פּאָזיטיווע. דער קראָקעווער אוניווערסיטעט האָט אָבער געפסקנט, אַז ס'איז נישט נייטיק קיין ספּעציעלער סעמינאַר. די קאַנדידאַטן קאָנען לערנען אין די אַלגעמיינע לערער־סעמינאַרן מיט אַ צוגאָב פון יידישע לימודים. די מאַכט האָט אָנגענומען די שטעלונג פונעם קראָקעווער אוניווערסיטעט.

אָן ערך אין יענער צייט האָט די לעמבערגער קהילה אָנגעהויבן אַראָפּ־ברענגען פון ווין לעמבערגער יונגעלייט, אַבסאָלווענטן פונעם ווינער טעאָלאָגישן סעמינאַר. דאָס איז געווען די צייט, ווען דער צופלוס פון יידן אין די שולן אין גאַליציע איז געוואָרן אַ מאַסנהאַפטער און די קהילה האָט געדאַרפט אַ סך לערערס פאַר די גימנאַזיעס. אַזוי איז אין יאָר 1898 אַראָפּגעבראַכט געוואָרן ד״ר שמואל וואָלף גוטמאַן, וואָס האָט לכתחילה באַקומען אַ שטעלע פון אַ לערער און ראַבינער פאַר דער תפיסה. דערנאָך איז ער געוואָרן דער ראַבינער פונעם טעמפּל. אין יאָר 1899 איז געקומען ד״ר משה שאָר. אים האָט די קהילה אָנפאַרטרויט דעם וויכטיקן פּאָסטן פון רעליגיע־לערער אינעם לעמבערגער לערער־סעמינאַר, ווו עס האָבן — לויט דער פריִער שוין דערמאָנטן פאָרשלאָג פונעם קראָקאָווער אוניווערסיטעט — שטודירט די קאַנדידאַטן אויף רעליגיע־לערערס אין די פאָלקסשולן.

ד״ר קאַרא האָט נאָך פריִער געהאַט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָגראַם פונעם רעליגיע־לימוד אין אַלע טיפּן שולן. אַ באַזונדער פּראָגראַם איז אויך געווען פאַר די תלמידים פונעם לערער־סעמינאַר און ד״ר משה שאָר איז, אָן שום ספק, געווען דער פּאַסיקסטער מענטש צו זיין דער מחנך פון די צוקונפטיקע רעליגיע־לערערס. פון דעסטוועגן האָט דער סעמינאַר נישט דערפילט זיין אויפגאַבע. די סיבה איז געווען אַ גאַנץ פשוטע: מיט צוויי שעה אַ וואָך פאַרן רעליגיע־לימוד האָט מען נישט געקאָנט געבן די יונגע־לייט די נייטיקע בילדונג, וואָס רעליגיע־לערערס דאַרפן האָבן. איז טאַקע דער גאַנצער פּלאַן פונעם קראָקעווער פילאָסאָפישן פאַקולטעט בקרוב דורכגעפאַלן.

אין באַלאַבאַנס בוך „די געשיכטע פונעם לעמבערגער פאַרגעשריטענעם

טעמפל" (1937, פויליש) איז פאַראַן אַ רשימה פון אַבסאָלווענטן פונעם ווינער ראַבינער־סעמינאַר, וואָס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין לעמבערג ווי רעליגיע־לערערס אין די גימנאַזיעס. אין דער דאָזיקער רשימה געפינען מיר נעמען פון פּעדאַגאָגן, וואָס האָבן זיך שפּעטער באַרימט געמאַכט אויף זייער געביט. זיי זיינען: ד"ר שפּינער, ד"ר מאיר באַלאַבאַן, הירש באַד, זיגמונט טויבעס־סענס, ד"ר מאיר טויבער (שפּעטער דירעקטאָר פונעם סעמינאַר פאַר רעליגיע־לערערס אין וואַרשע), ד"ר לוי פריינט (שפּעטער ראַבינער אין לעמבערג).

ד"ר באַלאַבאַן האָט אין יאָר 1903 איבערגענומען די שטעלע פון רעליגיע־לערער אין דער פערטער גימנאַזיע אויפן אָרט פונעם פאַרשטאָרבענעם יעקב קליין. ווי אַ לערער האָט באַלאַבאַן געהאַט אַ זייער ערנסטע באַציִונג צו זיינע אויפגאַבן. ער איז געווען איינער פון די זעלטענע יידישע רעליגיע־לערערס, וואָס האָבן געקאָנט איינשטעלן אַ פולשטענדיקע דיסציפּלין אין די קלאַסן. ביי אים איז רעליגיע געוואָרן פונקט אַזאַ וויכטיקער קעגנשטאַנד, ווי לאַטייניש אָדער גריכיש. די תּלמידים האָבן פלייסיק געלערנט, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז מיט באַלאַבאַנען זיינען נישטאָ קיין חכמות. אויב איינער וועט נישט לערנען, וועט ער באַקומען אַ שלעכטן צייכן און בלייבן אויפן צווייטן יאָר. ביי דער גאַנצער דיסציפּלין האָבן באַלאַבאַנען די תּלמידים אויך ליב געהאַט, ווייל מיט זיין אינטערעסאַנטער באַרעדעוודיקייט האָט ער פאַר־שטאַנען ווי צוצובינדן צו זיך די יוגנט.

נאָך אַ צווייטע לערער־שטעלע האָט באַלאַבאַן באַקומען. די דאָזיקע צווייטע שטעלע האָט געפאָדערט ווייניקער אַרבעטס־שעהען און זי האָט אויך אַ סך ווייניקער אַריינגעטראָגן אין שׂכירות. נאָר באַלאַבאַנען האָט די דאָזיקע אַרבעט געגעבן אַ סך מער פערזענלעכע סאַטיספאַקציע, ווי דאָס לערנען אין דער גימנאַזיע. די דאָזיקע צווייטע שטעלע האָט ער באַקומען אינעם ניי־געגרינדעטן סעמינאַר פאַר יידישע רעליגיע־לערערס.

ווען עס האָט זיך בפירוש אַרויסגעוויזן, אַז די גאַנצע אָנשטרענגונג וועגן אַ מלוכישן לערער־סעמינאַר פירט נישט צו קיין שום תּכלית, האָבן די פירערס פון דער לעמבערגער קהילה פאַרשטאַנען, אַז עס מוז ענדלעך עפּעס געשאַפן ווערן פאַר דער אויסבילדונג פון לערערס פון רעליגיע אין די פאָלקסשולן. די קהילה־לייט זיינען שוין מיד געווען פונעם ווענדן זיך צו די רעגירונגס־אינסטאַנצן, האָבן זיי באַשלאָסן צו עפענען דעם סעמינאַר אויף

אייגענער אחריות און אייגענע הוצאות. אין יאָר 1902 איז ער טאַקע געעפנט געוואָרן אונטערן נאָמען „בילדונגס־אינסטיטוט פאַר לערערס פון רעליגיע פון משהס גלויבן״.

דער לעמבערגער ראַבינער, ד״ר יחזקאל קאַראַ, איז באַשטימט געוואָרן ווי דער דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט. לערערס זיינען געווען: ד״ר שמואל וואָלף גוטמאַן, ד״ר משה שאָר, ד״ר בערנאַרד הויזנער, הירש באַד און ד״ר מאיר באַלאַבאַן. דער דאָזיקער אינסטיטוט האָט עקסיסטירט ביזן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט אַ סך בייגעטראָגן צום פאַרגרעסערן די צאָל קוואַליפיצירטע יידישע רעליגיע־לערערס אין גאַליציע.

מיט לייב און נשמה האָט זיך באַלאַבאַן אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פונעם „פאַרבאַנד פון יידישע רעליגיע־לערערס״. בקרוב איז ער טאַקע געוואָרן דער אמתדיקער מדריך פון די רעליגיע־לערערס אין גאַליציע. אין יאָר 1905 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „דאָס גאַליצישע שולוועזן און דער לימוד פון יידישער רעליגיע״, וווּ ער האָט אַרויסגעבראַכט זיין קוק אויף די אויפגאַבן פונעם רעליגיע־לימוד בכלל און אויף די פליכטן פון דער לערערשאַפט בפרט. דאָס איז געווען אַ שטורמישע צייט אויפן געביט פון רעליגיע־לימוד. די לערערשאַפט איז געשטאַנען אין מיטן פון אַ קאַמף, וואָס האָט געטראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. מיט אַ יאָר צוריק (1904) איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פונעם פאַרבאַנד פון די יידישע רעליגיע־לערערס און ס׳איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו פאָדערן דאָס איינפירן אין די עפנטלעכע שולן דעם לימוד פון העברעיש און אויך דאָס שאַפן לערנביכער פאַר רעליגיע. דער דאָזיקער באַשלוס האָט אַרויס־גערופן אַ שטאַרקע רעאַקציע אין די עקסטרעם־אַסימילאַטאָרישע קרייזן. די אַסימילאַטאָרן האָבן געטענהט, אַז די רעליגיע־לערערס זיינען באַהערשט דורך ציוניסטן און זיי גייען חרוב מאַכן דאָס גאַליציישע יידנטום. די כלומרשטע סכנה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דורכן לימוד פון העברעיש וועט זיך פאַרשטאַרקן דער יידישער סעפּאַראַטיזם און ער וועט שטערן דער צוזאַמענ־שמעלצונג פון יידן מיטן פּוילישן פאָלק.

אַרום דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך אַנטוויקלט אַ שאַרפע דיסקוסיע אין דער פּוילישער פרעסע. ד״ר קאַראַ האָט פאַרטיידיקט די שטעלונג פון די רעליגיע־לערערס. ער איז אָבער געווען צו שוואַך און האָט קיין מוט נישט געהאַט שאַרף אַרויסצוטרעטן קעגן די אַסימילאַטאָרן. די אַסימילאַטאָרן ווידער

זיינען נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זיי האָבן זיך משתדל געווען ביי די מאַכטאָרגאַנען, און דער לאַנדשולראַט, וואָס איז געווען די העכסטע שול־מאַכט אין גאַליציע, האָט אין יאָר 1905 אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אויף די רעליגיע־שעהען טאָר נישט געלערנט ווערן קיין אין העברעיִש וואָרט. ס׳איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן דער לימוד פון ייִדישער געשיכטע. וואָס מען האָט יאָ געמעגט לערנען איז געווען: ייִדישע עטיק און תּנך, ווי אויך תּפילות אין אַ פּוילישער איבערזעצונג.

אַלע לערערס, מורא האָבנדיק צו פאַרלירן זייער שטעלע, האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דער דאָזיקער פאַראָרדענונג. בלויז איין באַלאַבאַן האָט זיך אַקעגנגעשטעלט. ער האָט אָנגעשריבן אַן אויפקלערונג צום שולראַט, ווו ער האָט געזאָגט, אַז ער קאָן נישט לערנען מיט תּלמידים די תּורה אין דער איבערזעצונג פון גלה וווייעק.

ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער האָט דער לעמבערגער ראָש הקהל, ד״ר עמיל ביק (אַליין אַן אַסימילאַטאָר פון דער אַלטער „שומר ישׂראל״־ריכטונג), גענומען אין שוץ די רעליגיע־לערערס און אויף זיין פאָדערונג האָט דער שולראַט צוריקגעצויגן זיין פריִערדיקע פאַראָרדענונג. אָבער אין דער צייט, ווען באַלאַבאַן האָט געדרוקט זיינע אַרטיקלען אין „האור״ איז נאָך דער קאַמף אַרום דעם ענין געווען אין פולן גאַנג. ווערט טאַקע אין די דאָזיקע אַרטיקלען געבראַכט צום אויסדרוק באַלאַבאַנס קעמפערישע שטעלונג צום דאָזיקן ענין.

אָגב, איז דער נאָר וואָס געשילדערטער עפּיזאָד נישט געווען באַלאַבאַנס איינציקער מוטיקער אַרויסטריט אין שוץ פון זיינע נאַציאָנאַלע איבערצייגונגען. מ. עדעלבוים, וואָס איז געווען באַלאַבאַנס תּלמיד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט איבערגעגעבן אין אַן אַרטיקל אין „דער ייִדישער קעמפער״ (16 אַפּריל, 1943), אַז באַלאַבאַן פלעגט דערציילן זיינע תּלמידים וועגן פאַרשיידענע פאַסירונגען פון זיין לעבן. האָט ער אויך איין מאָל דערציילט, אַז בעת דעם קאָנקורס פאַרן וואָוועלבערג־פּרייז, צו וועלכן באַלאַבאַן האָט צוגעשטעלט זיין בוך „לעמבערגער ייִדן ביים איבערבראָך פון 16טן און 17טן י״ה״, האָט פּראָפעסאָר שמעון אַשכּנזי געפאָדערט פון באַלאַבאַנען אויסבעסערן אַלע שטעלן אין בוך, ווו עס רעדט זיך וועגן אַ שלעכטער באַציִונג פון פּאָליאַקן צו ייִדן. לויטן נוסח פון אַלע אַסימילאַטאָרן האָט אויך פּראָפ. אַשכּנזי געהאַלטן, אַז דאָס שרייבן דעם אמת וועט זיין שעדלעך פאַרן גוטן צוזאַמענלעבן צווישן פּאָליאַקן און ייִדן.

באַלאַבאַן האָט דעמאָלט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן אַשכּנזיס פאָדערונג, איינשטעלנדיק, אַז זיין בוך זאָל נישט אָנגענומען ווערן דורך דער זשורי. די זשורי האָט עס אָבער יאָ אָנגענומען און אַזוי איז נאָך אַ מאָל באַלאַבאַן געבליבן דער זיגער איבער דער אַסימילאַציע.

אין יענער צייט האָט באַלאַבאַן אויך געפּרוּווט זיינע כּוחות ווי אַ ראַבי־נער און דרשן. ימים־טובים פלעגט די יידישע אינטעליגענץ אין לעמבערג מאַסנהאַפט קומען אין די בתּי־תּפילה. דער טעמפּל האָט נישט געקאָנט אויפנעמען אַזאַ גרויסע צאָל מתפּללים. פלעגט מען אויף ימים־נוראים איינאָרדענען מנינים אין זאַלן פון פאַרשיידענע יידישע אינסטיטוציעס. אין דעם לעמבערגער בית־יתומים האָט מען אַזעלכע תּפילות איינגעאָרדנט אין די יאָרן 1904—1906. דאָרט האָט געדאַווענט אַ גאַנץ חשובער טייל פון דער אינטעליגענץ. דער חזן איז דאָרט געווען דער רעליגיע־לערער עדוואַרד רייז און ד״ר באַלאַבאַן איז געווען דער ראַבינער און דרשן.

ווי מיר וויסן שוין פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, איז באַלאַבאַן אין דער זעלבער צייט געווען פאַרנומען מיט אינטענסיוו פאָרשן די געשיכטע פון יידן אין לעמבערג און אין גאַליציע. אים איז אָבער נישט גענוג געווען זיך פאַרמאַכן מיט זיינע פאָרשונגען אין די ד׳ אמות פון זיין אַרבעט־קאַבינעט. ער האָט שטענדיק געזוכט אַ ברייטערע געזעלשאַפטלעכע אויסווירקונג פאַר די רעזולטאַטן פון זיינע אַרבעטן. ער האָט געמוזט האָבן אַ צענטער פון געלערנטע און וויסנשאַפטלערס, וואָס זאָלן וועלן זיך טיילן מיט זייערע דערגרייכונגען און זוכן אַ מעגלעכקייט צו לערנען זיך איינער פונעם אַנדערן.

אַזאַ מין צענטער איז פונקט אין יענער צייט געשאַפן געוואָרן אין לעמבערג. ד״ר שמואל וואָלף גוטמאַן האָט אין יאָר 1903 באַנייט די אַמאָליקע חברה „מקרא קודש״, וואָס ד״ר קאָבאַק האָט געשאַפן. די דאָזיקע חברה האָט איצט געטראָגן אַ פּוילישן נאָמען „דער יידישער וויסנשאַפטלעכער קרייז״ און האָט אין די יאָרן 1903—1905 גרופּירט אַרום זיך אַ צאָל יינגערע מיטאַרבעטערס אויפן געביט פון יידישן וויסן. עס פלעגן דאָרט צוו״אַ קומען: ד״ר אַלערהאַנט, ד״ר שאָר, ליפשיץ, צבי קאַרל, גרשום באַדער, ד״ר הויזנער, ד״ר ברוידע, ד״ר באַלאַבאַן און אַנדערע.

אין דעם דאָזיקן קרייז האָט באַלאַבאַן אַנטוויקלט אַן אינטערעסאַנטע וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט. ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט פאָרשן בלויז די אַלטע צייטן, נאָר ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די לויפנדיקע

אַרבעטן אויפן געביט פון היסטאָריאָגראַפּיע. ער האָט געלייענט און געזאַמלט אַלץ, וואָס ס'איז דערשינען אין דרוק אויפן דאָזיקן געביט. ער האָט געזוכט אַלטע ביכער, מאַנוסקריפּטן און דאָקומענטן. אין דער דאָזיקער צייט הייבט ער טאַקע אָן זאַמלען זיין יודאַיִסטישע ביבליאָטעק און אַרכיוו, וואָס זיינען במשך דער צייט ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך שטאַרק פונאַנדערגעוואָקסן.

באַלאַבאַן ווערט אַ ספּעציאַליסט אין דער ביבליאָגראַפּיע פון דער יידישער געשיכטע. אין „קוואַרטאַלניק היסטאָריטשני", וואָס איז אַ פּערטל־יאָריקע אויסגאַבע פאַר געשיכטע, פירט ער פּאַראַלעל די רובריק ביבליאָגראַפּיע פון דער יידישער געשיכטע־ליטעראַטור. ער האָט דאָרט צוזאַמענגעקליבן אַלע וויכטיקערע היסטאָרישע אַרבעטן, וואָס זיינען דערשינען אין די יאָרן 1899—1911. ער דרוקט אויך רעצענזיעס וועגן יידיש־היסטאָרישע ווערק: אַ רעצענזיע וועגן מאַקסימיליאַן גומפּלאָוויטשעס „דער אָנהייב פון דער יידישער רעליגיע אין פּוילן" (1903), וועגן העפּנער־הערצבערגס „פון דער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט פון יידן אין פּויזן" (1908) א"אַ.

צווישן באַלאַבאַנס אַרבעטן, וואָס זיינען פאַרבליבן פון די ערשטע יאָרן פון זיין לערער־טעטיקייט אין לעמבערג, זיינען פאַראַן עטלעכע, וואָס האָבן אויסשליסלעך אַ פּעדאַגאָגישן ווערט. צו דעם דאָזיקן מין אַרבעטן געהערט „יאָסעפוס פלאַוויוס" (1904, פּויליש), ווו עס ווערט געשילדערט אַ נאַציאָנאַלער העלד, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין לאַגער פון די שונאים פון זיין פאָלק און געוואָרן אַ פאַררעטער. אַ צווייטע אַרבעט פונעם דאָזיקן מין איז „די מאַקאַבייערס" (1905, פּויליש), ווו עס ווערט דערציילט וועגן די חשמונאים, די גיבורי החיל און די באַנייערס פון דער יידישער מלוכהשאַפט. ביידע אַרבעטן זיינען געשריבן פאַר דער ציוניסטישער יוגנט, וואָס האָט אין יענע צייטן געלעכצט נאָך וויסן אין יידישער געשיכטע, אין וועלכער זי האָט געזוכט אַ באַגרינדונג און באַפעסטיקונג פאַר אירע אידייען.

אָבער די קרוין פון באַלאַבאַנס אַרבעטן אויפן היסטאָריש־פּעדאַגאָגישן געביט איז געווען זיין לערנבוך פאַר מיטלשולן „יידישע געשיכטע און ליטעראַטור מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט פאַר דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן". אויף אָט דעם לערנבוך האָט באַלאַבאַן אָנגעהויבן אַרבעטן אין יאָר 1913. זיין כוונה איז געווען לייזן אַן אָנגעווייטיקט פּראָבלעם אין דעם לימוד פון יידישער רעליגיע: דעם מאַנגל אין לערנביכער.

דער ערשטער באַנד פונעם דאָזיקן בוך נעמט אַרום די תּקופה פון גלות בבל ביזן סוף פון דער אַלטער וועלט. ער איז פּאַרטיק געווען צום דרוק נאָך פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אָבער — מחמת דער רוסישער אינוואַזיע פון גאַליציע — דערשינען ערשט אין יאָר 1916. אַרויסגעגעבן דאָס בוך האָט דער פּוילישער נאַציאָנאַלער פאַרלאַג פון שול־ביכער אויפן נאָמען פון די אָסאָלינסקיס. דאָס בוך האָט זיך גלייך איינגע־בירגערט אין די מלוכישע גימנאַזיעס אין גאַליציע ווי דאָס וויכטיקסטע לערנבוך פון ייִדישער רעליגיע. דער ערשטער באַנד פונעם לערנבוך איז דערשינען אין עטלעכע שפּעטערדיקע אויסגאַבעס, וואָס פון זיי איז די דריטע (1924) געווען אַן איבערגעאַרבעטע און שטאַרק אויסגעברייטערטע. דער ערשטער באַנד איז אויך דערשינען אין העברעיִש אונטערן נאָמען „תּולדות עם ישׂראל וספרותו" (בערלין, 1930).

ד"ר מאיר באַלאַבאַנס בייטראַג צו דער פאַרבעסערונג פונעם מעמד אינעם ייִדישן רעליגיע־לימוד אין גאַליציע איז געווען ביז גאָר אַ חשובער. ער האָט געווירקט נישט בלויז ווי אַ לערער, נאָר ווי אַ לערער פון לערערס, ווי אַ מחנך און וועגווייזער פאַר די, וואָס האָבן געדאַרפט איינפלאַנצן דעם ייִדישן געדאַנק אין די הערצער פון דער שטודירנדיקער יוגנט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן וועט זיך זיין ווירקונג ווייט צעשפּרייטן, סיי געאָגראַפיש, ווייל זי וועט אַרומנעמען דעם שטח פון ווידעראויפגעבויטן פוילן און סיי אינהאַלטלעך, ווייל זי וועט אַריינדרינגען אין דעם גאַנצן ייִדיש־נאַציאָנאַלן שולסיסטעם. ד"ר מאיר באַלאַבאַן, דער שפּרודלדיקער קוואַל פון ייִדישן וויסן, דער דערפאַרענער און קלוגער פּעדאַגאָג, איז טאַקע ראוי געווען צו ווערן דער טאָנגעבער פאַר דער נאַציאָנאַלער דערציִונג.

ד

## רויט־רייסן און די גזירות ת"ח ות"ט

בעתן פאָרשן די געשיכטע פון ייִדן אין לעמבערג, האָט באַלאַבאַן זיך אָנגעשטויסן אין די אַרכיוון אויף אַ סך מאַטעריאַלן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו אַנדערע שטעט פון רויט־רייסן.

אין יאָר 1907 האָט די קראָקעווער קהילה פאַרבעטן באַלאַבאַנען דורכ־

צושטודירן איר אַרכיוו און אָנשרייבן אַ קורצע געשיכטע פון דער קראָקעווער קהילה. באַלאַבאַנען האָט אין יענעם מאָמענט גאָר באַזונדערס געלאָקט דאָס באַקענען זיך מיט דעם אַרכיוו פון דער קראָקעווער קהילה, וואָס האָט פאַרמאָגט פון קיינעם נאָך נישט געפאָרשטע זעלטענע דאָקומענטן און כּתבֿ־ידן.

מיט גרויס התמדה האָט ער זיך גענומען פאַר דער אַרבעט אינעם קראָקעווער אַרכיוו. חוץ דעם קהילה־אַרכיוו האָט ער דורכגענישטערט די אַרכיוון פונעם קראָקעווער גראַדאַמט, לאַנדאַמט און פונעם שטאָטראָט. די דאָזיקע פאָרשונגען האָבן אים, פאַרשטייט זיך, געגעבן דעם נייטיקן מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער קראָקע, אָבער חוץ דעם האָבן זיי אויסגעברייטערט זיין קוק אויף דער געשיכטע פון יידן אין רויט־רייסן און אין דער גאַנצער פוילישער מדינה.

וועגן אייניקע רויט־רייסישע קהילות האָט באַלאַבאַן געהאַט מאַטעריאַלן נאָך פון זיינע פריערדיקע פאָרשונגען וועגן לעמבערג. אַזוי האָט ער פאַר דער פעטערבורגער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" באַאַרבעט די געשיכטע פון דער שטאָט זשאָלקעוו. די דאָזיקע שטאָט האָט געהאַט אַ באַזונדערע חשיבות, ווייל דאָרט האָט געוווינט דער קעניג יאַן סאָביעסקי און אַרום אים האָבן זיך געזאַמלט אַ סך יידן, שאַפנדיק אין דער דאָזיקער שטאָט אַ שיינע יידישע קהילה, ווו ס'איז אויך אויפגעקומען די ערשטע העברעיִשע דרוקעריי אין רויט־רייסן. איר גרינדער איז געווען ר' אורי פייבוש, פון אַמסטערדאַם, דער עלטער־עלטער זיידע פון די באַוווּסטע דרוקער־משפחות אין לעמבערג: מדפיס, לעטעריס, רובינשטיין און באַלאַבאַן. די געשיכטע פון די דאָזיקע דרוקערייען, און בפרט די געשיכטע פון ר' אורי פייבוש, האָט באַלאַבאַן באַשריבן אין זיין אַרבעט „יידישע דרוקערייען אין זשאָלקעוו און לעמבערג", וואָס איז דערשינען אין דער טאָגצייטונג „כווילאַ" (1920, פויליש) און שפּעטער אין זיין בוך „יידן אין פוילן" (1930, יידיש).

ס'איז כּדאַי צו דערמאָנען צוויי אינטערעסאַנטע אַרבעטן וועגן צוויי דראָהאָביטשער יידן, וואָלטשקאָ און זלמן. וואָלטשקאָ איז געווען דער הויף־פאַקטאָר פון קעניג וולאַדיסלאַוו יאַגיעללאָ (14—15 י"ה). אַ גרויסער גביר און חשוב ביים קעניג האָט ער אין זיינע הענט קאָנצענטרירט אַ גרויסע מאַכט. ער איז געווען דער מוכסן פון רויט־רייסן און האָט געפירט דעם קעניגס אַלע געשעפטן אין דער דאָזיקער פּראָווינץ.

פונעם קעניג האָט וואָלטשקאָ באַקומען די אויפגאַבע צו קאָלאָניזירן

געוויסע שטחים ערד אין רויט־רייסן, צווישן אַנדערע אַ שטח ביים טייך דניעסטער מיטן נאָמען ווערביזש, לעבן שטשעריץ. וועגן דער דאָזיקער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט פון וואָלטשקאָ האָט אויך געשריבן ד״ר יצחק שיפּער און אין זיין אַרבעט „אַגראַר־קאָלאָניזאַציע פון ייִדן אין פּוילן" (ווין, 1908, דייטש) האָט ער זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז וואָלטשקאָ האָט דער עיקר קאָלאָניזירט ייִדישע לאַנדווירטן. אין זיין אַרבעט „וואָלטשקאָ דער הויף־פּאַקטאָר פון יאַגיעללאָ און דער מוכסן פון רויט־רייסן" („קוואַרטאַלניק היסטאָריטשני", לעמבערג, 1911, פּויליש) פּאָלעמיזירט באַלאַבאַן מיט שיפּערס טעאָריע. באַלאַבאַן האָט געפונען דאָקומענטן, וואָס דערציילן וועגן אַ סיכסוך צווישן די ווערביזשער קאָלאָניסטן און זייער סאָלטיס (געמיינדע־עלטסטער), וואָלטשקאָ. דער סיכסוך האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם, וואָס די קאָלאָניסטן (קריסטן) האָבן נישט געוואָלט האָבן איבער זיך אַ ייִדישן סאָלטיס. וואָלטשקאָ, וואָס איז אַליין געווען דער גרינדער פונעם דאָרף, האָט טאַקע געמוזט פאַרלאָזן דעם אַמט פון סאָלטיס.

וואָלט דער דאָזיקער דאָקומענט געקאָנט זיין אַ גענוגנדיקער באַווייז דערויף, אַז וואָלטשקאָ האָט קאָלאָניזירט קריסטן און נישט ייִדן, אויב וואָלטשקאָס איינציקע קאָלאָניזאַציע־געביט זאָל געווען זיין ווערביזש. אָבער ד״ר שיפּער נעמט צו הילף אַן אָנאָמאַטישן מאַטעריאַל און ער ברענגט נעמען פון דערפער אַזעלכע ווי : וואָלטשקאָוויצע, וואָלטשקאָוו וכד׳, ווי אַ ראיה, אַז אויך דאָרט האָט געשטעקט וואָלטשקאָס קאָלאָניזאַטאָרישע האַנט. ענטפערט אויף דעם באַלאַבאַן, אַז ערשטנס דערלאָזן די דאָזיקע נעמען נישט מער ווי אַ השערה אויף דעם, אַז די דערמאָנטע מקומות זיינען געגרינדעט געוואָרן דורך וואָלטשקאָן און צווייטנס, זיינען זיי בשום אופן נישט קיין באַווייז, אַז די קאָלאָניסטן זיינען געווען ייִדן.

באַלאַבאַנס צווייטע אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן אַ דראָהאָביטשער ייִדן איז „זלמן, דער ראָש־הקהל פון דראָהאָביטש" (העלפט פונעם 18טן י״ה). דאָ ווערט דערציילט וועגן אַן אַכזריותדיקן תּקיף, וואָס האָט אונטערדריקט די גאַנצע באַפעלקערונג פונעם דראָהאָביטשער ראַיאָן, סיי ייִדן און סיי קריסטן. ער איז אָבער דערנאָך אַליין געפאַלן אַ קרבן פון זיין אַכזריות. דער תּקיף איז געמישפּט און פאַראורטיילט געוואָרן צו טויטשטראָף. באַלאַבאַן איז געווען דער ערשטער היסטאָריקער וואָס האָט געפונען די פּרטים פון זלמנס לעבנס־באַשרייבונג און זיי פאַרעפנטלעכט.

אין שייכות מיט וואָלטשקאָן — איז נאָך כּדי צו דערמאָנען אַ קליינעם עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דער טורי־זהב שול אין לעמבערג. וואָלטשקאָ האָט געהאַט אַ הויז אין דער לעמבערגער ייִדנגאַס. נאָך זיין טויט האָט דער קעניג וולאַדיסלאַוו וואַרנענטשיק צוגענומען דאָס הויז, וואָס איז אַריבער־געגאַנגען פון האַנט צו האַנט ביז ס'איז שוין געווען אַזוי אַלט, אַז ס'איז איינגעפאַלן. דעם פּלאַץ פונעם דאָזיקן הויז האָט ר' יצחק בן־נחמן אָפּגעקויפט פונעם לעמבערגער שטאָטראַט (אַן ערך 1580) און דאָרט אויפגעבויט זיין הויז מיט דער טורי־זהב־שול, צוליב וועלכער ס'איז שפּעטער געקומען צו דעם שוין פריִער דערמאָנטן פּראָצעס מיט די יעזויִטן.

אין יאָר 1907 איז קיין גאַליציע געקומען אויף אַ באַזוך דער פאַר־שטאָרבענער היסטאָריקער ד"ר מאַרק ווישניצער. די זכרונות פונעם דאָזיקן באַזוך האָט ד"ר ווישניצער איבערגעגעבן אין אַן אַרטיקל אין „צוקונפט" (אויגוסט 1943). ער דערציילט דאָרטן, אַז אין לעמבערג איז ער געווען באַלאַבאַנס גאַסט. באַלאַבאַן האָט אים אַרומגעפירט איבער דער שטאָט און אים געוויזן אַלע אירע ייִדישע אַלטערטימלעכקייטן. דער דאָזיקער באַזוך אין לעמבערג — שרייבט ד"ר ווישניצער — האָט אים שטאַרק באַאיינדרוקט.

אַ דאַנק ד"ר ווישניצערס באַזוך אין גאַליציע איז אָנגעקניפּט געוואָרן אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט צווישן די גאַליצישע היסטאָריקערס און דער גרופּע היסטאָריקערס אין רוסלאַנד. פון דעמאָלט אָן הייבן טאַקע אָן צו דערשיינען די אַרבעטן פון ד"ר באַלאַבאַן און ד"ר שיפּער אין דער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" (פּעטערבורג) און אין אַנדערע אויסגאַבעס פון די ייִדיש־רוסישע היסטאָריקערס.

אין די יאָרן 1909—1914 זיינען אין דער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" דערשינען מער ווי צען באַלאַבאַנס היסטאָרישע אַרבעטן. אָנגעהויבן האָט ער פון אַן אַרבעט וועגן דער ייִדנגאַס אין לעמבערג (1909), דערנאָך איז געגאַנגען אַ גרויסע אַרבעט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פונעם ייִדישן מישפּט אין פּוילן (געדרוקט אין המשכים אין 3 בענד פונעם זשורנאַל, 1910 און 1911). די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט האָט אַנטהאַלטן מאַטעריאַלן, וואָס זיינען שוין געדרוקט געווען אין דעם ווערק „לעמבערגער ייִדן ביים איבערבראָך פונעם 16טן און 17טן י"ה", ווי אויך מאַטעריאַלן, וואָס באַלאַבאַן האָט אָנגע־זאַמלט ביים פאָרשן די געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע און האָט זיך געגרייט זיי איינצושליסן אין זיין ווערק וועגן קראָקע. וויטער זיינען געגאַנגען עטלעכע

אַרבעטן וועגן קראָקע, אַרבעטן וואָס זיינען גאַנצע קאַפּיטלען פונעם שפּעטער אַרויסגעגעבענעם בוך „די יידן אין קראָקע". די דאָזיקע אַרבעטן זיינען: „האַנטווערקער־צעכן אין קראָקע אין 16טן און 17טן י"ה" (1911), „יידישע דאָקטוירים אין קראָקע (15—17 י"ה" (1911), „יידישע דאָקטוירים אין קראָקע (15—17 י"ה)" (1912), „אריה לייב קאַלאַהאָראַ און דער עלילת־דם אין פּויזן 1736—1740" (1913), „קאַפּיטל פון דער געשיכטע פון עלילת־דם־פּראָצעסן און פון דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור אין פּוילן" (1914).

אין דער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" פון יאָר 1913 איז איבערגעדרוקט די פּאָלעמישע אַרבעט מיט שיפּערן וועגן וואָלטשקאָן. אויך האָט באַלאַבאַן אין דעם זעלבן זשורנאַל געדרוקט אייניקע אַרבעטן וועגן גאַליציע. פון זיי איז כּדאַי אויסצורעכענען „די יידן אין גאַליציע אינעם יאָר 1848" (1912) און „די גאַליצישע יידן אונטער דער הערשאַפט פון מאַריאַ טערעזאַ" (1913).

פאַרן עלפטן באַנד פון דער „איסטאָריאַ יעווריעיסקאַוואָ נאַראָדאַ", וואָס איז דערשינען אין מאָסקווע אין יאָר 1914 און איז געווען געווידמעט דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן, האָט באַלאַבאַן באַאַרבעט דעם גאַנצן אָפּטייל פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אינעם אַמאָליקן פּוילן. דער דאָזיקער אָפּטייל אַנטהאַלט: אַרבעטן וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון די קהילות, וועגן דעם ועד אַרבע אַרצות און די ועדי גליל און צום סוף וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון די יידישע געריכטן.

די יאָרן 1910—1911 האָבן אַריינגעבראַכט וויכטיקע ענדערונגען אין באַלאַבאַנס פּערזענלעכן לעבן. דעם 14טן מערץ 1910 איז געשטאָרבן זיין פאָטער, ר' אַלכּסנדר זוסמאַן באַלאַבאַן. די דאָזיקע אבידה האָט באַלאַבאַנען שווער געטראָפן, ווייל ער האָט דעם פאָטער שטאַרק ליב געהאַט, אים ממש פאַרגעטערט.

אַ יאָר נאָך זיין פאָטערס פּטירה, האָט באַלאַבאַן חתונה געהאַט. דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט אָפּגעדונגען אַ באַשיידענע דירה אויף מילקאָווסקי־גאַס נר. 2, מחוץ פון דער דורכויס יידישער געגנט פון לעמבערג.

אין מלך ראַוויטשעס לעקסיקאָן איז פאַראַן אַ שילדערונג פון באַלאַבאַנען פון יענע יאָרן. מלך ראַוויטש אַליין איז דעמאָלט געווען אַ גאָר יונגער סטודענט און האָט אָקערשט אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט באַלאַבאַנען. דערציילט ראַוויטש, ווי ער איז איין מאָל געקומען צו באַלאַבאַנען בעטן ביי אים היסטאָרישן מאַטעריאַל צו אַ באַלאַדע אויף אַ מיטל־עלטערלעכער טעמע,

וואָס אים איז פּונקט איינגעפֿאַלן צו שרייבן. באַלאַבאַן האָט אויסגעהערט ראַוויטשן מיט גרויס אינטערעס. ער האָט אים געענטפֿערט אויף אַלע פֿראַגעס און ביים סאַמע סוף, ווען ראַוויטש איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר אַוועק־צוגיין האָט ער אים צוריקגערופֿן און אָנגעזאָגט: פֿאַרגעס נאָר נישט, יונגער־מאַן, אַז אין די צייטן, וואָס וועגן זיי גייסטו שרייבן, האָט מען נאָך נישט געקענט קיין ביקסן און קיין שום שיספּולווער. אָט דאָס איז געווען ביי באַלאַבאַנען דאָס כאַראַקטעריסטישסטע: די היסטאָרישע פּינקטלעכקייט איז דער עיקר העיקרים פֿון זיין גאַנצער שיטה. זאָל מלך ראַוויטש אָנשרייבן אַ באַלאַדע, וואָס וועט דיכטעריש איבערשטייגן אַפֿילו שילערן. אויב זיין העלד, דער ריטער פֿונעם מיטלעלטער וועט אָבער אַרומשפּאַצירן מיט אַ ביקס אויפֿן אַקסל, וועט די גאַנצע זאַך ביי באַלאַבאַנען נישט פֿאַרמאָגן דעם מינדסטן אָנזען.

איך האָב דאָ נאָכדערציילט ראַוויטשס כאַראַקטעריסטיק פֿון באַלאַבאַנען, ווייל מיר דאַכט זיך, אַז זי איז אַן עכטע און אַן אמתדיקע. באַלאַבאַן איז באַקאַנט מיט זיין אויסערגעוויינטלעכער פֿריינדלעכקייט און גוטמוטיקייט. מיט יעדן באַקאַנטן פֿלעגט ער זיך אָפּשטעלן אין גאַס און פֿאַרפֿירן אַ שמועס. שטענדיק געהאַט צייט. דעם שמועס פֿלעגט ער אָנהייבן פֿון קלייניקייטן, פֿון טאָג־געשעענישן און באַלד אַריבער אויף זיין טעמע, אויף היסטאָריע. זיין מיטשמועסער האָט אַפֿילו נישט באַמערקט, ווי עס האָבן פֿאַר אים אָנגעהויבן אויפֿטויכן די שענסטע בילדער פֿונעם יידישן אַמאָל, צוזאַמענ־געפֿלאָכטן מיט גלייכווערטלעך און גוטע יידישע וויצן. באַלאַבאַן האָט נישט געקאָנט האַלטן אין זיך נייע אַנטדעקונגען, וואָס ער האָט געמאַכט בעת זיינע פֿאָרשונגען. ער האָט תּיכּף געמוזט וועגן זיי עמעצן דערציילן, מיט עמעצן טיילן זיין פֿרייד פֿון דער נייער דערגרייכונג. אָט אַזעלכער איז געווען ד״ר מאיר באַלאַבאַן.

אין יענע יאָרן איז באַלאַבאַן דער עיקר באַשעפֿטיקט געווען מיט דער געשיכטע פֿון יידן אין קראָקע. ער איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען פֿון אַנדערע היסטאָרישע טעמעס. געזאַמלט און באַאַרבעט מאַטעריאַלן וועגן כמעלניצקיס אויפֿשטאַנד, צוגעגרייט און געהאַלטן רעפֿעראַטן וועגן יידן אין גאַליציע און קאָמפּלעטירט זיינע זאַמלונגען וועגן יידן אין לעמבערג.

וואָס ס׳איז שייך כמעלניצקיס אויפֿשטאַנד, האָט ער נאָך אין יאָר 1905 געדרוקט אין „ווסכוד״ אַן אַרבעט אונטערן נאָמען: „אַ קאַפּיטל פֿון דער

געשיכטע פון קאָזאַקישע אויפשטאַנדן" (פויליש). אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט ער זיך פאַרנומען בלויז מיט דער ליטעראַטור, וואָס איז פאַרבליבן ביי ייִדן פון יענע טרויעריקע צייטן. אַזוי האָט ער אינעם לעמבערגער זשורנאַל „יעדנאָשטש" (1911, פויליש) פאַרעפנטלעכט אַ ריי איבערזעצונגען פון העברעישע כראָניקעס, פּאָעמעס און עלעגיעס פון כמעלניצקיס צייטן און אין אַן אַנדערן זשורנאַל „רוש" פון דעם זעלביקן יאָר, אין דער פוילישער איבערזעצונג, די גאַנצע כראָניק פון נתן האַנאָווער א"נ „יון מצולה". עס זיינען ביז גאָר אינטערעסאַנט סיי דער מחבר פון דער דאָזיקער כראָניק און סיי זיין ווערק.

דער מחבר איז נתן נטע האַנאָווער, דער זון פון משה האַנאָווער אַשכּנזי הקדוש. משה האַנאָווער שטאַמט פון קראָקע, אָבער געוווינט האָט ער אין זאַסלאַוו לעבן אָסטראָג. דאָרט האָט אויך געוווינט נתן נטע, וואָס איז אַנטלאָפן פון זיין היימשטאָט דעם 25סטן יולי, 1648, דאָס הייסט איידער די קאָזאַקן זיינען אַהין אַריין. דער פאָטער איז דאָרט געבליבן און איז אומגעקומען על קידוש השם. נתן נטע האָט זיך אַ געוויסע צייט פאַרהאַלטן אין מערב־פוילן ווי אַ פּליט. דערנאָך איז ער אַוועק קיין פּראַג און פון דאָרט קיין איטאַליע. ער האָט באַזוכט ליוואָרנאָ און ווענעציע, שפּעטער איז ער געקומען קיין יאַסי און געשטאָרבן איז ער ערגעץ־ווו אין איטאַליע אָדער אונגאַרן. ער איז דער מחבר פון עטלעכע ספרים וועגן קבלה און אויך פון אַ ווערטערבוך פון פיר שפּראַכן: העברעיש־דייטש־איטאַליעניש־פויליש.

זיין ווערק „יון מצולה" איז אַ פּראָדוקט פון דער חורבן־צייט, וואָס האַנאָווער האָט איבערגעלעבט. בכלל זיינען ביי די ייִדן אין פוילן אין יענע צייטן נישט געווען קיין היסטאָריקערס און אויך נישט קיין דיכטערס. די מחברים פלעגן זיך פאַרנעמען מיט רעליגיעזע טעמעס: תּלמוד פאַרבראַקט מיט פּילפּול, קבלה, תּחינות און תּפילות. ערשט די אומגליקן פון כמיעלניצקיס צייטן האָבן געשטויסן די מחברים צו נייע שאַפונגען. אין יענער צייט איז טאַקע אויפגעקומען אַ היפּשע חורבן־ליטעראַטור, וואָס נעמט אַרום: 1) שילדערונגען פון רדיפות און 2) עלעגיעס און קינות אויפן חורבן.

„יוָן מצולה" איז דאָס וויכטיקסטע פון די ווערק, וואָס שילדערן די רדיפות, כאָטש עס אַנטהאַלט אויך אַ שפּאָר ביסל גוזמאות און אומבאַרעכטיקטע גלאָריפיקאַציעס. ס'איז אַ כראָניק פון די יאָרן 1648—1652, נאָר אַזוי ווי דער מחבר אַליין האָט נישט דורכגעמאַכט די שחיטות, ווייל ער איז

אַנטלאָפן פאַרן אַריינקומען פון די קאָזאַקן, האָט ער זיך געשטיצט אויף גביות עדותן פון פּליטים, וואָס זיינען אַנטרונען פון אונטער דעם קאָזאַקישן מעסער. און נישט בלויז די רדיפות־כראָניק אַנטהאַלט האַנאָווערס אַרבעט. עס זיינען דאָרט אויך פאַראַן באַשרייבונגען פונעם לעבן־שטייגער אין די יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וועגן חינוך־וועזן וכד׳. ד״ר משה שאָר האָט פון „יון מצולה״ געשעפּט מאַטעריאַלן פאַר דער באַשרייבונג פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין זיין געשיכטע פון יידן אין פּזשעמישל און ד״ר מאיר באַלאַבאַן אַליין האָט אויף דעם דאָזיקן ווערק געשטיצט אַלע קאַפּיטלען וועגן דעם קולטור־לעבן פון די קראָקעווער יידן (אין זיין ווערק „די געשיכטע פון יידן אין קראָקע״), וועגן לימוד התורה, פּרויען־דערציִונג און העברעיִשע דרוקערייען.

האַנאָווערס אַרבעט איז געשריבן אין אַ פיינעם העברעיִשן סטיל, וואָס דערמאָנט מיט גאָרנישט דעם אופן ווי מען פלעגט אין יענע צייטן שרייבן מיט מליצות און תלמודישע אויסדרוקן. באַלאַבאַנען איז זייער שווער אָנגעקומען צו מאַכן די איבערזעצונג, בפרט אַז ער האָט זיך באַמיט איבערצוגעבן אין איר די אָריגינאַליטעט פון האַנאָווערס ביבלישן לשון.

„יון מצולה״ איז דאָס ערשטע מאָל געדרוקט געוואָרן אין ווענעציע אין יאָר 1653. דערנאָך איז עס אַ סך מאָל איבערגעדרוקט און איבערזעצט געוואָרן אין עטלעכע שפּראַכן. באַלאַבאַנס איבערזעצונג איז די ערשטע אין דער פּוילישער שפּראַך און בכלל איז עס דאָס ערשטע העברעיִשע מקורותדיקע געשיכטע־ווערק, וואָס איז דערשינען אין דער דאָזיקער שפּראַך. באַלאַבאַנס איבערזעצונג פון „יון מצולה״ צוזאַמען מיט זיין קריטישן אַריינפיר פאַרנעמט 84 זייטן.

אָנהייב 1912 איז באַלאַבאַן אַרויסגעפאָרן קיין בערלין. דאָרט האָט ער פאַרבראַכט כמעט דעם גאַנצן ווינטער און איז געקומען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער גרופּע העברעיִשע שרייבערס און וויסנשאַפטלערס, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם „העתיד״ און דער „מאָנאַטשריפט פאַר געשיכטע אונד וויסענשאַפט דעס יודענטומס״. דאָרט האָט ער זיך אַגב באַקענט מיט ש״י איש הורוויץ און מיט יעקב נפתלי הערץ סימכאָוויטש (שמחוני), וואָס איז שפּעטער אַ געוויסע צייט געווען אַ לערער פאַר יידישע לימודים אין די פּויליש־העברעיִשע גימנאַזיעס אין לאָדזש.

באַלאַבאַנס נסיעה קיין בערלין איז פאַרבונדן מיטן דערשיינען פון זיין

ערשטן זאַמלבוך פון פרט־אַרבעטן, דאָס דאָזיקע בוך איז טאַקע דערשינען אַן ערך אין יענער צייט אין דעם בערלינער פאַרלאַג פון לואיס לאַם און טראָגט דעם נאָמען „סקיצן און שטודיעס צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פוילן" (דייטש). דאָס בוך איז נישט גרויס אין פאַרנעם און אַנטהאַלט סך הכּל צען אַרבעטן, פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז שוין פריִער געדרוקט געווען אין פויליש. מיר געפינען דאָרט די אונדז שוין באַקאַנטע אַרבעט וועגן ר' יצחק בן־נחמן, וועגן דער שטייער־עקזעקוציע און דעם ייִדישן פּאָג־טרעגער פון די שוועדיש־פּוילישע חיילות. ס'איז אויך דאָרט אַריין די אַרבעט וועגן די ברידער רייצעס, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם אין יאָר 1728 אין לעמבערג און די אַרבעט וועגן דעם יעזויִטישן פּראָצעס אין לעמבערג.

עס זיינען דאָרט פאַראַנען אויך צוויי קאַפּיטלען פון באַלאַבאַנס בוך „לעמבערגער ייִדןביים איבערבראַך פון 16טן און 17טן י"ה", „די פּאַרטור־געזישע ייִדן אין לעמבערג און זאַמאָשטש", ווו עס ווערט דערציילט וועגן אייניקע ספרדישע משפּחות, וואָס האָבן אַ דאַנק דער שתּדלנות פון ר' יוסף הנשׂיא, דעם הערצאָג פון נאַקסאָס, באַקומען פונעם קעניג דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אין פוילן און פירן דאָרט מיסחרים, און „די זיכערקייט אין דער לעמבערגער געטאָ", ווו עס ווערט דערציילט וועגן דעם „שילער־געלויף" (פּאָגראָם פון די שילערס אויף ייִדן) אין לעמבערג פון יאָר 1664, בעת וועלכן עטלעכע הונדערט ייִדן זיינען אומגעקומען.

אין דעם בוך „סקיצן און שטודיעס" איז אַריין אויך די אַרבעט „דיכטונג און אמת וועגן דעם איינטאָגיקן מלך פון פוילן שאול וואַהל". די דאָזיקע אַרבעט איז דאָס ערשטע מאָל געדרוקט געווען אין דער „עסטרייכישער וואָכנשריפט" אין יאָר 1910 (דייטש) און איז דערנאָך אַ סך מאָל איבער־געדרוקט געוואָרן אויף פויליש, העברעיִש און ייִדיש. אָט דאָס פּילפּאָכיקע איבערדרוקן די אַרבעט זאָגט עדות אויף אַ גרויסן אינטערעס, וואָס זי האָט אַרויסגערופן. באַלאַבאַן באַמיט זיך דאָרט אויסצושיילן דעם היסטאָרישן אמת פון דער לעגענדע וועגן דעם ייִדישן קעניג אין פוילן, אַ לעגענדע, וואָס האָט במשך הונדערטער יאָרן געלעבט ביי פוילישע ייִדן און האָט אַפילו אין לאָנדאָן געפונען אַ העברעיִשן שרייבער, וואָס האָט זיך באַמיט איר אָנצוטאָן דעם לבוש פון אַ היסטאָרישן פאַקט (הירש עדעלמאַן: „גדולת שאול", לאָנדאָן, 1854).

באַלאַבאַן דערוויזט מיט היסטאָרישע דאָקומענטן, אַז די לעגענדע איז טאַקע נישט מער ווי אַ לעגענדע. אָבער איר העלד, ר' שאול וואַהל, איז אַ דורכויס היסטאָרישע געשטאַלט. ער האָט געלעבט אינעם 16טן י"ה, איז געווען אַ גרויסער גביר און חשוב ביים קעניג זיגמונט דעם דריטן. ער איז געווען דער פּאַכטער פון די גרעסטע זאַלצגרובנס, פון די קעניגלעכע צאָל־הכנסות און באַזונדערס פון די הכנסות פונעם קעניגלעכן שלאָס אין זיין הײמשטאָט בריסק. ער האָט גענומען אַ וויכטיקן אָנטייל אין די אַרבעטן פון ועד ארבע הארצות און איז יעדעס יאָר געפאָרן קיין לובלין צו די זיצונגען. דאָרט, אין לובלין, האָט ער אויפגעבויט אַ שול, כּדי צו האָבן ווו צו דאַווענען אין די טעג פון די זיצונגען. די דאָזיקע שול איז אין לובלין פאַרבליבן ביז צום לעצטן חורבן. זי איז געשטאַנען אויף פּאָדזאַמטשע־גאַס 12 און גערופן האָט מען זי „די לויפער־שול" אָדער „ר' שאול וואַהלס שול".

צום סוף זאָלן דערמאָנט ווערן די צוויי אַרבעטן, וואָס זיינען אין דעם בוך „סקיצן און שטודיעס" געדרוקט געוואָרן דאָס ערשטע מאָל. זיי זיינען: 1) „די ברידער אַברהם און מיכאל עזאָפאָוויטש ריטער פאָן לעליוואַ". דאָ ווערט דערציילט וועגן צוויי ברידער, פון וועלכע דער עלטערער, אַברהם, האָט זיך געשמדט און איז פונעם קעניג זיגמונט דער ערשטער נאָביליטירט געוואָרן און באַשטימט פאַר שאַף־מייסטער פון ליטע. דער יינגערער ברודער, מיכאל, האָט זיך נישט געשמדט און פון דעסטוועגן האָט אים דער זעלבער קעניג אויך נאָבילירט. די נאָביליטאַציע פון מיכאלן (וואָס אַגב איז ער דער איינציקער נישט געשמדטער ייִד אין דער גאַנצער פּוילישער געשיכטע, וואָס איז געוואָרן אַן אַדלמאַן) איז פאָרגעקומען אויף אַ זייער פייערלעכן אופן אויפן קראָקעווער מאַרק אין יאָר 1525, אין זעלבן טאָג, ווען דער פּרייסישער מאַרקגראַף, אַלבערט, האָט געשווירן אונטערטעניקייט דעם פּוילישן קעניג. די שטודיע וועגן די ברידער עזאָפאָוויטש איז שפּעטער אַריין אין באַלאַבאַנס בוך „די געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע". 2) „דער אָפיציעלער פּראָטאָקאָל פון די פראַנקיסטן. דיספוט אין לעמבערג (17 יולי ביז 10 סעפּטעמבער 1759)". דאָס איז אַ טייל פון באַלאַבאַנס גרעסערן ווערק וועגן די פראַנקיסטן, וואָס איז קאָמפּלעטירט און אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די שפּעטערדיקע יאָרן. געניויער וועגן דעם דאָזיקן ווערק אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

אין יענער צייט, ווען באַלאַבאַן האָט באַזוכט בערלין, האָט ער שוין פאַרטיק געהאַט צום דרוק זיין געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע. נאָך זיין

אומקערן זיך אַהיים האָט זיך אָנגעהויבן צו דרוקן דער ערשטער באַנד פונעם דאָזיקן ווערק, אַרויסגעגעבן דורך דער קראָקעווער קהילה אין יאָר 1913 אונטערן נאָמען „די געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע און קאַזימיעזש 1304—1868" (דער ערשטער באַנד שילדערט די צייט פון 1204—1655). אין יענער צייט האָט באַלאַבאַן אויך געהאַט פאַרענדיקט אַ ריי וויכטיקע אַרבעטן וועגן ייִדן אין גאַליציע.

## ה

## די געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע

דער באַגריף גאַליציע איז ענג פאַרבונדן מיט דער עסטרייכישער הער־שאַפט איבער דער דאָזיקער אַמאָליקער פוילישער פּראָווינץ. אין יאָר 1772 איז פאָרגעקומען די ערשטע צעטיילונג פון פוילן. דעמאָלט האָט די קייזערין מאַריאַ טערעזאַ אַנעקסירט די צוויי דרומדיקע לאַנדגעביטן (וואָיעוואָדזטוועס), דאָס א״ג קליינפוילן: דעם מיזרחדיקן אָדער רויט־רייסישן געביט און דעם מערבדיקן, דעם קראָקעווער. די שטאָט קראָקע גופא איז עטלעכע מאָל אַרי־בערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, דערנאָך איז זי אַן ערך דרייסיק יאָר איבערגעלאָזט געוואָרן ווי אַ פרייע רעפּובליק און ערשט אין יאָר 1846 איז זי אָנגעשלאָסן געוואָרן צו גאַליציע.

איבערנעמענדיק די ממשלה איבער די צוויי קליינפוילישע לאַנדגעביטן האָט די עסטרייכישע רעגירונג זיי מזכּה געווען מיטן נאָמען „קעניגרייך פון גאַליציע און לאָדאָמעריע" און אָט אַזוי איז די וועלט באַרייכערט געוואָרן מיט נאָך אַ לאַנד: גאַליציע און די ייִדישע וועלט מיט די גאַליציאַנער.

באַלאַבאַנס אינטערעס פאַר דער געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע, ווי שוין דערמאָנט, שטאַמט נאָך פון יענע יאָרן, ווען ער האָט ערשט אָנגעהויבן צו פאָרשן און שרייבן געשיכטע. אין יאָר 1902 האָט ער אין „ווסכוד" אָפּגע־דרוקט אַן אַרטיקל וועגן דער סטאַטיסטיק פון ייִדן אין גאַליציע פונעם יאָר 1820. באַלאַבאַן באַמיט זיך דאָרט אויפצווייזן, אַז די סטאַטיסטיק פון די ייִדן, וואָס די עסטרייכישע רעגירונג האָט געשאַפן אין יאָר 1820 איז דורכויס אַ פאַלשע און מען קאָן זיך אויף איר נישט שטיצן.

אַ צווייטע סטאַטיסטישע אַרבעט וועגן ייִדן אין גאַליציע האָט באַלאַבאַן

אָפּגעדרוקט אין יאָר 1909 אינעם צענטן באַנד פונעם היסטאָרישן אַרכיוו פון דער פּוילישער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן. אין דער דאָזיקער אַרבעט פאַרנעמט ער זיך מיט דער סטאַטיסטיק פון ייִדן און קרָאים פונעם האַליטשער ראַיאָן, ווי אויך פון די ראַיאָנען טרעמבאָוולע און קאָלאָמיי.

נאָר פון דעסטוועגן וואָלט איך געזאָגט, אַז קיין ספּעציעלע פאָרשונגען וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע האָט באַלאַבאַן נישט אונטערגע־נומען, חוץ דער טעמע וועגן הערץ האָמבערגן און די שולן פון קייזער יאָזעף. דאָס באַאַרבעטן די דאָזיקע טעמע האָט זיכער געפאָדערט אַ באַזונדערע פאָרשונג־שטודיע. דער גאַנצער מאַטעריאַל וועגן גאַליציע איז באַלאַבאַנען אַריינגעפאַלן בדרך אַגב, בעת די פאָרשונגען אין די לעמבערגער און קראָ־קעווער אַרכיוון. נאָר כאָטש אַ דרך־אַגבדיקער איז דער דאָזיקער מאַטעריאַל אַ גאַנץ רייכער און אַ פּילזייטיקער.

באַלאַבאַן האָט זיך נישט פאַרנומען מיט שאַפן אַ געאָרדנטע געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע, וואָס זאָל אַנטהאַלטן אַלע נייטיקע אַספּעקטן פונעם ייִדישן לעבן אינעם דאָזיקן לאַנד. אַזאַ מין געשיכטע האָט ערשט אין יאָר 1929 אַרויסגעגעבן ד״ר פיליפּ פרידמאַן („די גאַליצישע יודען״, פראַנקפורט־מיין, 1929, דייטש). באַלאַבאַן האָט בלויז געהאַלטן עטלעכע סעריעס רעפעראַטן וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע און דערנאָך האָט ער די דאָזיקע רעפעראַטן אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרעם.

דער ערשטער פון דער סעריע רעפעראַטן וועגן ייִדן אין גאַליציע איז געהאַלטן געוואָרן אין סטאַניסלאַוו אין יאָר 1908 אויף אַ פייערונג לכבוד דעם קייזער פראַנץ יאָזעף צום פופציק־יאָריקן יובל פון זיין הערשאַפט. דער דאָזיקער רעפעראַט האָט געהייסן „ייִדן אין עסטרייך אונטער דער הערשאַפט פון קייזער פראַנץ יאָזעף דער ערשטער מיט אַ באַזונדערער באַריקזיכטיקונג פון גאַליציע (1848—1908)״ (פּויליש). דעם דאָזיקן רעפעראַט האָט באַלאַבאַן אָפּגעדרוקט אין לעמבערגער זשורנאַל „יעדנאָשטש״ (אייניקייט).

אין יאָר 1911 איז באַלאַבאַן איינגעלאַדן געוואָרן דורכן לעמבערגער אוניווערסיטעט צו האַלטן אַ ציקל פון פאָרלעזונגען וועגן ייִדן אין גאַליציע. אַזעלכע פאָרלעזונגען האָבן שוין געפאָדערט אַ פיל טיפערע צוגרייטונג ווי דער פריִער דערמאָנטער רעפעראַט. זיי האָבן געמוזט שטיין אויף דער הויך פון אוניווערסיטעט־לעקציעס. באַלאַבאַן האָט די לעקציעס באַאַרבעט מיט זיין געוויינטלעכער פּרעציזקייט און ער האָט אָנגעשריבן נישט בלויז די

טעזעס נאָר טאַקע דעם פולן טעקסט פון אַלע פּאַרטראַגן. אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען אַ כתב־יד, וואָס איז נאָך געוויסע אויסבעסערונגען געוואָרן אַ פּאַרטיק בוך צום דרוקן.

באַלאַבאַנס ציקל פאַרלעזונגען וועגן גאַליציע טראָגט דעם נאָמען „די געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע און אין דער קראָקעווער רעפּובליק (1772—1868)". די טעזעס פון די פאַרלעזונגען האָט ער תּיכּף אין יאָר 1911 אָפּגע־דרוקט אין דעם שוין דערמאָנטן זשורנאַל „יעדנאָשטש". אַ געוויסע צייט שפּעטער האָט ער אויך געהאַט פּאַרטיק דעם פולן כתב־יד. ס'איז שווער פעסטצושטעלן די דאַטע, ווען דער כתב־יד איז געווען פאַרטיק. ס'איז אָבער זיכער, אַז פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך שוין געפונען ביים פאַרלעגער. דערשינען איז אָבער דאָס בוך ערשט אין 1916. גורם געווען צו דער פאַרשפּעטיקונג האָבן די מלחמה־געשעענישן און דער אַריינמאַרש פון די רוסישע חיילות קיין לעמבערג. ערשט נאָך זייער צוריקטריט, האָט דער פאַרלאַג פון פּאָלאָניעצקי (אַ ריין פּויליש בוכגעשעפט) אַרויסגעגעבן באַלאַבאַנס בוך.

„די געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע" (פּויליש) נעמט אַרום אַן ערך 100 יאָר געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע. די באַאַרבעטונג איז אַ קאָמפּאַקטע און אַ בקיצורדיקע. אָפט מאָל צו פיל קאָנדענסירט, אַזוי אַז עס באַקומט זיך נישט קיין גאַנץ בילד פון אַ ייִדיש לעבן, נאָר אָפּגעריסענע עפּיזאָדן. באַלאַבאַן שילדערט די לאַגע פון די ייִדן אונטער דער הערשאַפט פון מאַריאַ טערעזאַ און איר זון, יאָזעף דער צווייטער. ביידע זענען זיי נישט געווען קיין צו גרויסע ייִדנפריינד. זיי האָבן דאָס ייִדישע פּראָבלעם לגמרי נישט פאַרשטאַנען און האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אַזאַ גרויסער צאָל ייִדן, וואָס זיי האָבן געטראָפן אין דעם ניי־באַזעצטן לאַנד.

מאַריאַ טערעזאַ האָט אין דער אמתן נישט אָנגענומען קיין שום פּאָלי־טישע שריט לגבי ייִדן. זי האָט זיך באַגרענעצט מיט אויסנוצן די ייִדן ווי אַ הכנסה־מקור פאַרן מלוכישן אוצר. אין איר „יודענאָרדענונג" (דאָס געזעץ, וואָס האָט רעגולירט די ייִדן־פראַגע) פונעם 16 יולי 1776 האָט זי איבער־געלאָזט די קהילה מיט איר גאַנצער מאַכט און יוריסדיקציע איבער די ייִדן, ווי דעם יסודותדיקן שטאַפּל פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע. זי האָט אָבער געוואָלט צענטראַליזירן די קהילות. האָט זי געשאַפן די אַמטן פון קרייז־עלטסטע, וואָס זיינען געשטאַנען איבער די קהילות. איבער די קרייזעלטסטע

איז געשטאַנען די „גענעראַל־דירעקציע״, אין װעלכער עס זיינען אַריין 6 קרייזעלטסטע און 6 לאַנדעלטסטע. דער פּאַרזיצער איז געװען דער הויפּט־ראַבינער פונעם לאַנד.

די גאַנצע נייע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט בלויז דעם איינציקן צװעק: צוזאַמענקלייבן שטייערן פאַר דער מלוכה. און שטייערן האָט מאַריאַ טערעזאַ אַרויפגעלייגט אויף ייִדן אַ סך גרעסערע װי די, װאָס זיי האָבן געצאָלט פריִער די פּוילישע הערשערס. אויפן אָרט פונעם פריִערדיקן קאָפּשטייער האָט זי איינגעפירט דעם טאָלעראַנץ־שטייער, חוץ דעם אַן אינדוסטריע־שטייער, אַ שטייער פון פאַרמעגנס, טאַקסעס פון חתונות און אַ סך אַנדערע. חוץ די פאַרגרעסערטע שטייערן האָט זי נאָך איינגעפירט באַגרענעצונגען ביים פאַרנעמען זיך מיט פאַרשיידענע פאַכן. און צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען דאָס שענדלעכע געזעץ פון די אביונים. לויטן דאָזיקן געזעץ זיינען ייִדן, װאָס האָבן נישט געקאָנט באַצאָלן דעם טאָלעראַנץ־שטייער, אַנערקענט געװאָרן װי אביונים און מען פלעגט זיי פאַרטרייבן פון גאַליציע אין אַנדערע טיילן פון פּוילן.

קייזער יאָזעף דער צװייטער האָט געװאָלט רעפאָרמירן די ייִדן. ער האָט זיי געװאָלט באַזעצן אויף ערדאַרבעט און האָט װעגן דעם אַרויסגעגעבן אַ געזעץ. ייִדן האָבן מיט חשק גענומען זיך צום באַזעצן אין דערפער, האָבן אָבער די עסטרייכישע באַאַמטע סאַבאָטירט דעם קייזערס פּלענער און דער גאַנצער ענין איז טאַקע צוליב דעם דורכגעפאַלן.

אַ צװייטער װיכטיקער טריט אין קייזער יאָזעפס באַמיִונגען צו רעפאָר־מירן די ייִדן איז געװען דער אויפטו מיט די שולן פאַר ייִדישע קינדער. דער דאָזיקער אויפטו איז בשעתו אויפגענומען געװאָרן מיט גרויס התפעלות דורך די משׂכּילים פון משה מענדעלסאָנס חדר, אָבער די רעזולטאַטן זיינע זיינען נישט געװען קיין בעסערע װי די רעזולטאַטן פון קייזער יאָזעפס אַנדערע רעפאָרמיסטישע עקספּערימענטן. װי מיר װייסן עס שוין פון אַ פריִערדיקן קאַפּיטל, איז דער גאַנצער שולסיסטעם אין גאַליציע, װאָס איז אַנגעפירט געװאָרן דורך הערץ האָמבערגן, חרוב געװאָרן נאָך 20 יאָר עק־סיסטענץ.

אויף דער „טאָלעראַנץ־פּאַטענט״, װאָס איז אַרויס אין יאָר 1789, האָט פאַר די גאַליצישע ייִדן נישט געבראַכט קיין גרויסע גליקן. זיין טענדענץ איז געװען, אַז ייִדן זאָלן זיך אייראָפּעיִזירן און דערנאָך װעלן זיי באַקומען

בירגערלעכע רעכט. האָט דער פּאַטענט אַנטהאַלטן געוויסע קליינע פּריווי־לעגיעס, וואָס האָבן געצילט בלומרשט צו דערנענטערן די ייִדן צו דער אייראָפּעיִשער קולטור, ווי למשל דאָס עפענען פאַר ייִדן מלוכישע שולן, דאָס רעכט צו לערנען אַ מלאכה ביי נישט ייִדישע מייסטערס. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט דער פּאַטענט געהאַט אויך גזירות, וואָס האָבן געבראַכט אַ חורבן פאַרן איינגעוואָרצלטן ייִדישן שטייגער־לעבן. ער האָט צעשטערט די ייִדישע אויטאָנאָמיע, איינגעפירט שווערע באַגרענעצונגען אויפן עקאָנאָמישן געביט (פאַרבאָט צו האַלטן שענקען און קרעטשמעס), אַרויפגעלייגט אויף ייִדן אַ שווערע שטייערלאַסט, באַגרענעצט די צאָל חתונות און געצוווּנגען ייִדן צוצושטעלן רעקרוטן צו דער אַרמיי.

אויך די רעוואָלוציע פון יאָר 1848, אויף וועלכער מען האָט געלייגט אַזעלכע גרויסע האָפענונגען, האָט פאַר די גאַליצישע ייִדן נישט געבראַכט קיין ישועה. נאָך דער רעוואָלוציע איז געקומען אַ שטאַרקער רעאַקציאָנערער שטראָם, וואָס האָט אין בלוט דערטרונקען אַלע אויפטוען פון די רעוואָ־לוציאָנערן. די ייִדן זיינען ווייטער געבליבן אָן בירגערלעכע רעכט.

ערשט די קאָנסטיטוציע פון יאָר 1868, וואָס דער קייזער פראַנץ יאָזעף דער ערשטער איז געצווּנגען געווען צו געבן די פעלקער פון זיין מאָנאַרכיע, האָט געבראַכט די יורידישע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר ייִדן אין גאַליציע. נאָך דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ ווייטערדיק קאַפּיטל פונעם ייִדישן קאַמף פאַר בירגעררעכט. אינעם גאַליצישן סיים האָבן די פּוילישע פאַרטרעטערס געמאַכט שטערונגען דער פאַרווירקלעכונג פון די ייִדישע בירגעררעכט, וואָס די קייזערלעכע קאָנסטיטוציע האָט פאַר־זיכערט. דאָרט האָבן די פּוילישע פּראָגרעסיסטן מיטן באַוווּסטן פראַנצישעק סמאָלקאַ בראָש פאַרטיידיקט די רעכט פון ייִדן. דער דאָזיקער קאַפּיטל פון דער געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער און ער פאָדערט אַ באַזונדערן צוגאַנג און באַלייכטונג. אין באַלאַבאַנס בוך קומט ער אָבער אַרויס פאַרנעפּלט און אומקלאָר. אַ פּועל־יוצא מסתמא, פון דעם, וואָס דער מחבר האָט זיך באַמיט ווי ווייט מעגלעך מקצר צו זיין.

אַ סך מער אינטערעס ווייזט באַלאַבאַן אַרויס פאַר די פּראָבלעמען פונעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען ביי די גאַליצישע ייִדן אין דער ערשטער העלפט 19טן י״ה. ס׳איז געווען דער קאַמף צווישן השׂכּלה און אָרטאָדאָקסיע. אין דעם אָרטאָדאָקסישן לאַגער זיינען די חסידים אַלע

מאָל געשטאַנען אין די ערשטע קאַמפּס־שורות. דאַקעגן די מתנגדים זיינען געווען אַ ביסל מעסיקער. פון די אינטערעסאַנטסטע מאַטעריאַלן, וואָס באַ־לאַבאַן ברענגט אין דעם דאָזיקן טייל פון בוך, זיינען די ביאָגראַפיעס פון די פּיאָנערן פון דער השׂכּלה אין גאַליציע: נחמן קראָכמאַל, יוסף פּערל, דער גרינדער פון דער ערשטער יידישער שול אין טאַרנאָפּאָל, שלמה לייב ראַפּאָפּאָרט, יצחק ערטער, לייב מיזעס א״אַ.

באַלאַבאַן צעשטערט אַן אַלט איינגעוואָרצלטע אויפפאַסונג, אַז נחמן קראָכמאַל איז געווען דער ערשטער קעמפער פאַר השׂכּלה אין גאַליציע. אין דער אמתן, האַלט באַלאַבאַן, איז נחמן קראָכמאַל געווען בלויז דער גייסטיקער פאָנטרעגער פון דער השׂכּלה. בעתן קאַמף האָט ער זיך געהאַלטן אָן אַ זייט און אַזוי אין שאָטן איז ער פאַרבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן. די פאַרביסענע קעמפערס פאַר דער השׂכּלה זיינען געווען פּערל, ראַפּאָפּאָרט און ערטער, דער עיקר פּערל, און זיי טאַקע האָבן אויף זיך געצויגן די גאַנצע שׂינאה פון די אָרטאָדאָקסן.

זייער וויכטיק איז אויך באַלאַבאַנס צושטייער צו דער ביאָגראַפיע פון אַברהם קאָהן, דער ערשטער קרייז־ראַבינער אין לעמבערג, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון דער אָרטאָדאָקסישער שׂינאה. ער איז פאַרסמט געוואָרן אין יאָר 1848.

ס׳איז נישט פאַראַן קיין ספק, אַז אין דער אָפּשאַצונג פון דעם קאַמף צווישן משׂכּילים און אָרטאָדאָקסן איז באַלאַבאַן באַגאַנגען געוויסע פעלערן. עס פעלט אים דאָ אַ פּערספּעקטיוו פון אַ היסטאָריקער. די סיבות פון דעם קאָנען זיין צווייערליי. ערשטנס, זיינען די געשעענישן געווען צו נאָענט אין צייט. צווייטנס, איז באַלאַבאַן אַליין געווען אַ צד אין דעם קאַמף און ווי אַזעלכער האָט ער נישט געדאַרפט זיך אַוועקשטעלן אין דער ראָל פון אַ שופט און מישפּטן די צדדים. באַלאַבאַן אַליין איז דערצויגן געוואָרן אין דער אַטמאָספער פון קאַמף צווישן השׂכּלה און חסידות. ער איז מיט זיין גאַנצן מהות געשטאַנען אין לאַגער פון דער השׂכּלה. ווי טויזנטער אַנדערע שטו־דירנדיקע יונגעלייט פון זיין סביבה איז ער אין שפּראַך און לעבנסשטייגער געווען אַסימילירט, כאָטש לויט זיינע איבערצייגונגען איז ער געווען אַ נאַציאָנאַלער ייד. דעם באַגאַזש פון יידישן וויסן, מיט וועלכן ער איז געווען רייך באַלאָדן, האָט ער אָבער נישט אַרויסגעטראָגן פון די אַלטע קוואַלן, נאָר פון נייע און מאָדערנע לערנאַנשטאַלטן. דאָס אַליין איז גענוג געווען,

אַז באַלאַבאַן זאָל אין זיין מישפּט בלייבן איינזייטיק, נישט אָביעקטיוו.

באַלאַבאַן האָט נישט פאַרשטאַנען די אָרטאָדאָקסיע. חסידות האָט ער באַטראַכט ווי אַ מיטל־עלטערלעכן אַבערגלויבן, ער האָט אין חסידות נישט געזען קיין איינציקן געזעלשאַפטלעכן פּאָזיטיוון שטריך. דאַקעגן האָט ער דעם צווייטן צד, די אויפגעקלערטע, ממש פאַרהערלעכט. ער האָט פון זיי געמאַכט די איינציקע קעמפערס פאַר יידישע רעכט, פאַרשוויגן די שאָטנזייטן, וואָס זיינען אין דעם אויפגעקלערטן לאַגער (ווי מיר ווייסן עס שוין איצט בפירוש) געווען אין אַ גאַר גרויסער שפע.

זייער אינטערעסאַנט איז אויך ווי באַלאַבאַן שילדערט די לאַגע פון די קראָקעווער יידן אין דער צייט פון דער פרייער קראָקעווער רעפּובליק. במשך 30 יאָר (1816—1846) איז קראָקע געווען אַ פרייע שטאָט, רעגירט דורך פּאָליאַקן אונטער דער השגחה פון די דריי גרויסמאַכטן: עסטרייך, פּרייסן און רוסלאַנד. די לאַגע פון די יידן איז דאָרט נישט געווען בעסער ווי אין גאַליציע. אין קראָפּט זיינען דאָרט געבליבן אַלע באַגרענעצונגען פונעם אַמאָליקן פּוילן מיט אַ צוגאָב פון נייע באַגרענעצונגען לויטן מוסטער פון גאַליציע.

יידן האָבן פונקט ווי פריער נישט געטאָרט וווינען אין שטאָט, נאָר אין געטאָ פון קאַזימיעזש. מען האָט זיי געמאַכט גרויסע שטערונגען ביים פירן מיסחר, זונטיק און חגאות האָבן זיי זיך נישט געטאָרט ווייזן אויף די גאַסן אאַז״וו. בלויז געציילטע יידן, רייכע און איינאָפּגעזירטע, האָבן באַקומען דער־לויבעניש צו וווינען אין שטאָט. וועגן בירגער־רעכט פאַר יידן איז קיין רייד נישט געווען.

אין יאָר 1846 איז קראָקע אָנגעשלאָסן געוואָרן צו גאַליציע. אויך דאָס האָט פאַר יידן נישט געבראַכט קיין ישועה. ערשט די קאָנסטיטוציע פון יאָר 1868 האָט די קראָקעווער יידן, ווי אַלע יידן פון גאַליציע, אויסגעגלייכט אין זייערע רעכט מיט אַלע בירגערס פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע.

ד״ר מאיר באַלאַבאַנס „די געשיכטע פון יידן אין גאַליציע און אין דער קראָקעווער רעפּובליק (1782—1868)״ איז, נישט קוקנדיק אויף אירע געוויסע חסרונות, אַ ווערק פון אַ גרויסער באַדייטונג. זיין עיקר־ווערט ליגט אין דעם רייכן קולטור־היסטאָרישן מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך דאָרט און וואָס איז נאָך עד היום דער עיקרדיקער מקור צום שטודירן די קולטור־געשיכטע פון יידן אין גאַליציע.

ו

## ווין און לובלין. די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

דער אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — סוף זומער 1914 — האָט אויפגעטרייסלט כּמעט אַלע פעלקער פון אייראָפּע. געטראָפן האָט ער אויך די ייִדישע ישובים אין גאַליציע. ביים סאַמע אָנהייב האָט די רוסישע אָפענסיווע דורכגעבראָכן דעם געלאַטעטן עסטרייכישן פראָנט. די אַרמיי פון קייזער פראַנץ יאָזעף איז אין בהלה געלאָפן צוריק, לאָזנדיק אָפן פאַר די רוסן דעם וועג קיין גאַליציע.

די פּאַניק ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג אין גאַליציע איז געווען אַ דאָפּלטע. ערשטנס, האָט די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע גערופן צום מיליטער אַלע מענער ביזן מיטעלן עלטער, און צווייטנס, האָט דאָס דערנענטערן זיך פון די רוסן אָנגעוואָרפן אַן אימה. אַלע האָבן געוווּסט וועגן דער שׂינאה פון דער רוסישער רעגירונג צו ייִדן און האָבן פאַרשטאַנען, אַז די רוסישע אינוואַזיע וועט ברענגען אומגליק פאַר ייִדן אין גאַליציע.

אין אָט דער בהלהדיקער שטימונג זיינען די פירערס פון דער לעמבערגער קהילה נישט געווען אין שטאָט. פּונקט ווי געוויינטלעך האָבן זיי אויך דעם דאָזיקן פאַטאַלן זומער פאַרבראַכט אין די עסטרייכישע בעדער, ווייט פון זייער היימשטאָט לעמבערג. דעם ראָש הקהל, ד״ר שאָף, האָט פאַרטראָטן ד״ר יעקב דיאַמאַנד און פון די צוויי ראַבינערס (ד״ר קאַראָ און ד״ר גוטמאַן) איז בלויז ד״ר גוטמאַן געווען אין לעמבערג. ד״ר גוטמאַן איז באַלד אין די ערשטע מלחמה־טעג גערופן געוואָרן צו דער אַרמיי און אַזוי אַרום איז לעמבערג געבליבן אָן אַ ראַבינער. דעמאָלט האָט ד״ר דיאַמאַנד באַשטימט דעם רעליגיע־לערער, ד״ר בערנאַרד הויזנער, ווי דעם צייטווייליקן ראַבינער און ד״ר באַלאַבאַנען ווי זיין פאַרטרעטער.

ביידע האָבן באַקומען די אויטאָריזאַציע צו געבן חופּה וקידושין און באַלד האָבן זיי געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט. דער ענין איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין גאַליציע פלעגן ייִדן נישט דורכפירן קיין געזעצלעכע חתונות. דער מינהג איז געקומען פון די אַמאָליקע צייטן, ווען די עסטרייכישע מאַכט האָט געשטערט ייִדן חתונה צו האָבן. פלעגט מען שטעלן אַ חופּה כּדת משה וישׂראל און מען האָט זיך נישט געקימערט וועגן געזעצלעך דורכפירן די חתונה. אין די פרומע און אָרעמערע קרייזן איז דער דאָזיקער מינהג

פאַרבליבן אויך שפּעטער, דאָס הייסט נאָך דער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1868, ווען אַלע באַגרענעצונגען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן.

ביים אויסבראָך פון דער מלחמה האָט אָבער די פראַגע באַקומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. מענער זיינען געגאַנגען אין דער אַרמיי און די פרויען זיינען באַרעכטיקט געווען צו אַ סאָלדאַטן־אונטערשטיצונג פון צוויי קרוינען אַ טאָג. כדי צו באַקומען די דאָזיקע אונטערשטיצונג האָט מען געמוזט וויזן אַ היירעטשיין און אַזאַ דאָקומענט האָבן נישט געהאַט יענע פאַרפעלקער, וואָס האָבן חתונה געהאַט בלויז כדת משה וישראל. זיינען דיביידע צייט־ווייליקע ראַבינערס, ד״ר הויזנער און ד״ר באַלאַבאַן, געשטאַנען אין קהילה־אַמט ביי טאָג און ביי נאַכט און האָבן געגעבן חופה וקידושין טויזנטער פאַרפעלקער, וואָס בעצם האָבן זיי חתונה געהאַט מיט יאָרן צוריק.

די דאָזיקע שווערע אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן צוליב דעם וואָס עס האָט זיך דערנענטערט דער מלחמה־פראָנט צו לעמבערג. מען האָט אָנגע־הויבן טראַכטן וועגן אַנטלויפן פאַר די אָנקומענדיקע רוסן, אָבער אויף לאַנגע טראַכטעניש איז קיין צייט נישט געווען. דער פאַרויסמאַרש פון די רוסן איז געווען אַ גיכער. ד״ר מאיר באַלאַבאַן האָט אין לעצטן מאָמענט באַוויזן צו פאַרלאָזן לעמבערג.

דאָס אַנטלויפן איז נישט געווען לייכט. מיטן וויב און צוויי עופהלעך האָט ער זיך נאָך לאַנגע מאַטערנישן דערשלעפּט קיין ריישע (זשעשאָוו), דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ סך לעמבערגער פּליטים. עס האָט זיך בעמלעך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס רוב פאַרמעגלעכע ייִדן און אינטעליגענץ זיינען אַנטלאָפן. צווישן אַנדערע האָט זיך אין ריישע פאַרהאַלטן אויך אַדאָלף שטאַנד, דער פירער פון די גאַליצישע ציוניסטן און מיט אים צוזאַמען האָט באַלאַבאַן דורכגעמאַכט דעם וויטערדיקן וועג ביז ווין.

קיין ווין איז באַלאַבאַן אָנגעקומען ווי אַ היימלאָזער פּליט. מיט די קאַרגע מיטלען, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט, האָט ער פאַר זיין משפחה איינגעאָרדנט דאָט אָרעמע לעבן. ער איז אָבער נישט געבליבן זיצן ליידיק. זיין איינגעבוירענע אַקטיוויטעט האָט אים געטריבן צו טאָן עפּעס. האָט ער דאָס ערשטע גענומען זיך באַטייליקן אין דער הילפס־אַרבעט פאַר פּליטים. פונקט האָבן זיך דערנענטערט די ימים־נוראים און די צעבראָכענע לעמ־בערגער פּליטים האָבן באַגערט צו דאַוונען צוזאַמען אין די דאָזיקע הייליקע טעג. אין ווין זיינען געווען די פירערס פון דער קהילה צוזאַמען מיטן ראַ־

בינער, ד״ר קאַראַ. האָט מען אָפּגעדונגען אַ גרויסן זאַל, אין וועלכן מען האָט איינגעאָרדנט די תּפילות פאַר די לעמבערגער פּליטים. באַלאַבאַן איז געווען זייער אַקטיוו בעתן דורכפירן די דאָזיקע אונטערנעמונג.

באַלאַבאַנס לאַגע אין ווין איז געווען אויף אַזוי פיל באַוואָרנט, אַז ער האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צו דער פּליטים־אונטערשטיצונג. די גאַליצישע שולמאַכט האָט אין ווין איינגעאָרדנט לימודים פאַר גימנאַזיע־סטודענטן, פּליטים פון גאַליציע. די דאָזיקע לימודים זיינען פאָרגעקומען אין די בנינים פון די ווינער גימנאַזיעס אין די נאָכמיטאָגדיקע שעהען און האָבן אַרומגענומען — לויט די דעמאָלטיקע מעגלעכקייטן — דעם גאַנצן לערן־פּראָגראַם פון די גאַליצישע מיטלשולן. ווי אַ גימנאַזיע־לערער האָט באַלאַבאַן תּיכּף באַקומען אַרבעט אין די דאָזיקע פּליטים־שולן און ער איז ווי ס׳איז באַזאָרגט געווען מיט פּרנסה.

ער האָט אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט זיין פאָרשונג־אַרבעט, כאָטש די מעגלעכקייטן צו שרייבן און דער עיקר צו פאַרעפנטלעכן אַרבעטן זיינען כּמעט נישט געווען. אָבער באַלאַבאַן האָט זיך מיט די דאָזיקע אומשטענדן נישט גערעכנט. ער האָט געוואָלט קאָמפּלעטירן זיינע נאָטיצן צו דער געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע מיט מאַטעריאַלן פון די ווינער אַרכיוון. האָט ער יעדע פרייע שעה פאַרבראַכט אין די אַרכיוון און ער האָט טאַקע דאָרט געפונען אַ שלל מאַטעריאַלן, באַזונדערס וועגן דער תּקופה פון נאָך פּוילנס צעטיילונג.

די ביבליאָגראַפיע פון באַלאַבאַנס ווערק פאַרצייכנט עטלעכע געציילטע אַרבעטן, וואָס זיינען דערשינען אין יענער צייט פון זיין לעבן ווי אַ פּליט אין ווין. די וויכטיקסטע פון זיי איז „צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן״ (ווין, 1915, דייטש), אַ בראָשור פון 66 זייטן, וואָס שילדערט די צייטן פון די קאָזאַקישע, טאָטערישע, רוסישע און שוועדישע אָנפאַלן אויף פּוילן אין די יאָרן 1648—1661. בעצם אַנטהאַלט די דאָזיקע אַרבעט נישט קיין שום נייס. זי איז אַ קיצור פון באַלאַבאַנס צוויי פאָרלעזונגען, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ווין און זי שטיצט זיך אויף מאַטעריאַלן, וואָס באַלאַבאַן האָט שוין פריִער געהאַט פאַרעפנטלעכט.

דערוויל האָט זיך די לאַגע אויפן גאַליצישן מלחמה־פראָנט געענדערט. די דייטשן זיינען געקומען צו הילף דער עסטרייכישער אַרמיי. די צענטראַל־מאַכטן האָבן דערלאַנגט די רוסן ביטערע קלעפּ און זינט אויגוסט 1915 האָבן

די צעקלאַפּטע רוסישע חיילות געגומען אין פּאַניק אַנטלויפן סיי פון גאַליציע און סיי פון פוילן און ליטע. לעמבערג איז צוריקגענומען געוואָרן דורך די עסטרייכער, אָבער באַלאַבאַנען איז נישט באַשערט געווען אומצוקערן זיך אַהיים. פונקט דעמאָלט איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער עסטרייכישער אַרמיי.

באַלאַבאַנס דינסט אין דער אַרמיי איז נישט געווען קיין שווערע. פאַרקערט, בעת דער דאָזיקער דינסט האָט ער באַקומען אַ ברייטע מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך אין אַ וועלט, צו וועלכער ער האָט שטענדיק געגאַרט. געקומען אין דער אַרמיי איז ער ווי אַ פעלדראַבינער מיטן ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן. ער איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער אָקופּאַציע־מאַכט פון דעם דורך עסטרייך באַזעצטן טייל פון קרוינפּוילן. דער זיצאָרט פון דער דאָזיקער אָקופּאַציע־מאַכט איז געווען לובלין און באַלאַבאַן איז דאָרט באַשטימט געוואָרן ווי רעפערענט פאַר יידישע ענינים. צו זיינע אויפגאַבעס האָבן געהערט אַזעלכע זאַכן ווי קאָנטראָל פון קהילות, צענזור פון דער יידישער פּרעסע וכד׳, אינספּעקציע פון יידישן רעליגיע־לימוד אין די שולן און בכלל דאָס באַוואַכן דאָס גאַנצע יידישע לעבן אינעם עסטרייכישן אָקופּאַציע־געביט.

זיגמונט טורקאָוו דערציילט אין זיין בוך „טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער צייט" (צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע, בוענאָס איירעס, 1956) וועגן זיין באַגעגעניש מיט ד״ר מאיר באַלאַבאַן אין לובלין, אָנהייב 1917. טורקאָוו האָט דעמאָלט מיט אסתּר רחל קאַמינסקיס טרופּע געשפּילט טעאַטער אין לובלין און אָט וואָס ער דערציילט דרך אַגב וועגן באַלאַבאַנען:

„אין דער רעכטער לאָזשע פלעגט אויף יעדער פאָרשטעלונג זיך וואָרפן אין די אויגן אַן עסטרייכישער קאַפּיטאַן מיט אַ למדנישן שטערן, מילדע, העלע אויגן, אַ זאָרגפעלטיק אַרומגעשוירענער באָרד, איבער וועלכער עס פלעגט זיך אָפּט צעשפּרייטן אַ קלוגער גוטמוטיקער שמייכל. אונדזערע פאָרשטעלונגען האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי אים, אויף וואָס עס האָבן עדות געזאָגט זיינע לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן".

אין אַ געוויסן אָונט — דערציילט זיגמונט טורקאָוו ווייטער — איז באַלאַבאַן געקומען הינטער די קוליסן און זיך באַקענט מיט די אַקטיאָרן. זינט דעמאָלט פלעגט טורקאָוו זיך באַגעגענען מיט באַלאַבאַנען כּמעט יעדן טאָג. ער פלעגט באַגלייטן באַלאַבאַנען אויף זיינע שפּאַצירן צו די היסטאָרישע

ערטער פון לובלין, ווו דער היסטאָריקער האָט געזוכט מאַטעריאַלן פאַר זיין מאָנאָגראַפיע וועגן לובלין, וואָס ער האָט זיך געגרייט צו שרייבן.

ס׳איז אויך אינטערעסאַנט טורקאָווס שילדערונג פון דער שטאָט לובלין, אַזוי ווי ער האָט זי געזען אין יענער צייט. זי האָט זיך פאַר זיינע אויגן אַנטפּלעקט — זאָגט טורקאָוו — ווי אַ מאָדערנע, דינאַמישע שטאָט מיט רוישיקע גאַסן, פול מיט לעבן און באַוועגונג, מיט אַ נאַכטלעבן, צו וועלכן אַפילו וואַרשע האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגלייכן. חוץ מיליטערלייט און ציוויל־באַאַמטע פלעגן אַהין אַריינקומען סוחרים פון גאַליציע און פון ווין, אויך כּל המינים שמוגלערס און וואַלוטע־הענדלערס, וואָס האָבן אָנגעפּולט די קאַפעהייזער מיט טומל און האַנדלס־פיבער. „קליין־ווין" האָט מען גערופן לובלין, דעמאָלט די הויפּטשטאָט פון עסטרייכישן אָקופּאַציע־געביט אין פּוילן.

אָט אַזוי האָט געזען לובלין זיגמונט טורקאָוו, דעמאָלט אַ יונגער אַקטיאָר, וואָס האָט אין דער דאָזיקער שטאָט דורכגעמאַכט דעם באַרג־אַרויף־וועג צום קינסטלערישן דערפאָלג און וואָס האָט אַליין אויך אַ נאָש געטאָן פון יענעם פריילעכן נאַכטלעבן. אָבער ד״ר מאיר באַלאַבאַן, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ לובלינער תּושב, האָט די שטאָט געזען אין גאַנץ אַנדערע קאָלירן. ער האָט געזען אירע פינצטערע גאַסן, שמוציקע און פאַרעיפּושטע, ווייל ביז דעמאָלט האָט נאָך לובלין קיין קאַנאַליזאַציע נישט געהאַט. ווען די רוסן האָבן פאַר־לאָזט לובלין — דערציילט באַלאַבאַן — האָבן זיי אין דער אַלטשטאָט און אין דער יידנשטאָט איבערגעלאָזט אַ מגפה. די מגפה האָט אויך געפייניקט די באַפעלקערונג אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע. אָרעמקייט, נויט און הונגער זיינען געווען שטענדיקע געסט ביים גרעסטן רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג, און בלויז אַ קליינער טייל לובלינער יידן האָבן באַוויזן רייך צו ווערן ביי שפּעקולאַטיווע מלחמה־מסחרים.

ביי באַלאַבאַנען, דעם טיף יידישן מענטשן מיט צאַרטע רחמנות־געפילן, האָט זיך אָפּגערופן אין האַרצן אַ ליבשאַפט צו אָט דער ליידנדיקער יידישער באַפעלקערונג. ער איז איצט אפשר דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן שטיין געבליבן אין מיט פון אַ געדיכטער יידישער מאַסע, וואָס האָט גערעדט, געטראַכט און געלעבט יידיש. די דאָזיקע מאַסע איז געשטאַנען אין אַ גאַר וויטן מהלך פון יענע קרייזן גאַליצישער יידישער אינטעליגענץ, אין וועלכע באַלאַבאַן האָט ביז דאַן געלעבט. אויך האָט ער אין לובלין געטראָפן אַן

אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך גענזעלשאַפטלעך אויסגעלעבט אין דער יידישער שפּראַך. עס האָט דאָרט דעמאָלט געוווינט ש. י. סטופּניצקי, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דאָס „לובלינער טאָגבלאַט". אויך אַ ריי אַנדערע שרייבערס, ווי יצחק ניסנבוים, יעקב וואַקסמאַן א"אַ זיינען געווען לובלינער תּושבים. אָבער חוץ די יידישע שרייבערס איז אין לובלין געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע אינטעלי־גענץ: אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים און לערערס, פאַר וועלכע דאָס רעדן יידיש האָט נישט באַטייט קיין אַראָפּנידערן צו דער מדרגה פון זשאַרגאָן. פאַר זיי איז דאָס באַנוצן זיך מיט דער יידישער שפּראַך געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס האָט געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו זייער טאָגטעגלעכן לעבן.

די דאָזיקע נייע אומשטענדן, וועלכן ד"ר באַלאַבאַן האָט געטראָפן אין לובלין, האָבן אים שטאַרק באַאיינדרוקט. ער האָט זיך דערנענטערט צו דער יידישער שפּראַך און צו דער קולטור אויף יידיש. ער האָט אָנגעהויבן רעדן יידיש, לייענען די יידישע ליטעראַטור. די דאָזיקע דערנענטערונג צו יידיש וועט אין די שפּעטערדיקע יאָרן (אין וואַרשע) באַקומען נאָך אַ שטאַרקערן אויסדרוק. באַלאַבאַן וועט אַליין אָנהייבן שרייבן יידיש, כאָטש למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער האָט קיין מאָל נישט באַהערשט די יידישע שפּראַך אַזוי פּערפעקט, ווי ער האָט למשל באַהערשט פּויליש אָדער דייטש.

אין דעם לובלינער פּעריאָד האָט באַלאַבאַן קיין סך וויסנשאַפטלעכע אַרבעט נישט געטאָן. אין דער הקדמה צו „די יידנשטאָט פון לובלין" קלערט ער אויף די סיבות פון דער דאָזיקער שוואַכער פּראָדוקטיווקייט. ערשטנס, זאָגט ער דאָרט, איז ער געווען שטאַרק פאַרנומען מיט אַרבעט אין זיין אַמט, צווייטנס, האָט ער נישט געהאַט אונטער דער האַנט די נייטיקע הילף־מאַטעריאַלן. אין לובלין איז נישט געווען קיין ביבליאָטעק, אַזוי ווייט, אַז ער האָט דאָרט נישט געקאָנט געפינען קיין פאַרגלייך־לוח, וואָס וואָלט דער־מעגלעכט איבערצורעכענען אַ יידישע דאַטע אויף דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג. אויך זיינע אייגענע פאַרצייכענונגען האָט באַלאַבאַן נישט געהאַט מיט זיך אין לובלין.

איז טאַקע „די יידנשטאָט פון לובלין" די איינציקע אַרבעט, וואָס באַלאַ־באַן האָט געשאַפן אין דעם לובלינער פּעריאָד. דאָס איז אַ בוך פון 112 זייטן (גרעסערער פאָרמאַט) מיט 59 שיינע צייכענונגען פון די לובלינער היסטאָ־רישע ערטער. די צייכענונגען האָט געמאַכט קאַרל ריכאַרד הענקער, אַ יידי־שער אַרכיטעקט פון שאַרלאָטענבורג, וואָס באַלאַבאַן האָט ווי אַ דייטשן

אָפּיציר געטראָפן אין לובלין און וואָס האָט פונקט ווי באַלאַבאַן געהאַט אַ פּיעטעט און ליבע צו לובלינער מאָנומענטן פונעם יידישן עבר.

„די יידנשטאָט פון לובלין" (דייטש) האָט באַלאַבאַן געשריבן במשך 1917. ביים אָנהייב 1918 איז דאָס בוך געווען פאַרטיק צום דרוק. די הקדמה איז דאַטירט מיט דעם 3טן מערץ 1918. דערשינען איז דאָס בוך ערשט אין יאָר 1919 אינעם „יידישן פאַרלאַג" אין בערלין.

דער געדאַנק אָנצושרייבן די מאָנאָגראַפיע וועגן לובלין איז ביי באַלאַבאַנען געבוירן געוואָרן בעת זיינע שפּאַצירן איבער די היסטאָרישע ערטער, מיט וועלכע לובלין איז געווען אַזוי רייך. באַלאַבאַן האָט געוואָלט צוזאַמענשטעלן אַ מין פירער איבער די היסטאָרישע מערקווערדיקייטן פונעם יידישן לובלין. בשעת דער אַרבעט איז אים אָבער קלאָר געוואָרן, אַז אַזאַ טאָפּאָגראַפישע באַשרייבונג פון דער יידנשטאָט, זאָל זי אַפילו אַנטהאַלטן די סאַמע אויספירלעכסטע היסטאָרישע אינפאָרמאַציעס, וועט ביי אַ דרויסנדיקן לייענער, וועלכער קען נישט די שטאָט, נישט אַרויסרופן קיין שום אינטערעס. האָט ער באַשלאָסן צו געבן קודם עטלעכע בילדער פון דער געשיכטע פון יידן אין לובלין און ערשט דערנאָך די טאָפּאָגראַפישע באַשרייבונג. פון די עטלעכע בילדער איז אָבער בעתן שרייבן געוואָרן אַ גאַנץ ווערק וועגן דער געשיכטע פון יידן אין לובלין און פאַר דער טאָפּאָגראַפישער באַשרייבונג איז סך־הכל געבליבן אָרט אינעם לעצטן קאַפּיטל פונעם בוך.

די געשיכטע פון יידן אין לובלין איז אַ וויכטיק קאַפּיטל פון דער קולטור־געשיכטע פון יידן אין פּוילן. כאָטש לובלין איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען אַ יונגע קהילה, די יינגסטע פון צווישן די גרויסע קהילות אין פּוילן (פּויזן, קראָקע, לעמבערג, לובלין), האָט זי אָבער אין דער אַנטוויקלונג פון דער קולטור געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע. אַנטשטאַנען איז זי אין דער צווייטער העלפט פונעם 15טן י"ה, דורכגעמאַכט אַ גיכע אַנטוויקלונג, דערגאַנגען צום מעמד פון אויפבלי אין דער צווייטער העלפט פונעם 16־טן י"ה און זיך געהאַלטן אויף דער דאָזיקער מדרגה ביז צום יאָר 1656. אין דעם דאָזיקן יאָר איז פּוילן באַפאַלן געוואָרן דורך די מאָסקוויטן און כמעלניצקיס קאָזאַקן. זיי האָבן איינגענומען די שטאָט לובלין און זי חרוב געמאַכט. צום שווערסטן האָט געליטן די יידישע קהילה. זינט יענעם חורבן האָט די לובלינער יידישע קהילה שוין קיין מאָל נישט צוריקגעווונען איר אַמאָליקן גלאַנץ.

אין אַלגעמיינע שטריכן איז די געשיכטע פון איין קהילה אין פוילן ענלעך צו דער געשיכטע פון די אַנדערע קהילות. די געשיכטע פון לובלין איז ענלעך צו דער געשיכטע פון לעמבערג אָדער קראָקע. דאָס 16טע און 17טע יאָרהונדערט ביז צום אויסבראָך פון די קאָזאַקישע מלחמות איז דער גלאַנץ־פּעריאָד נישט בלויז פון לובלין, נאָר אויך פון אַנדערע קהילות, ווייל די דאָזיקע צייט איז דער גלאַנץ־פּעריאָד פון ייִדן אין פוילן. נאָר פון דעסט־וועגן זיינען געווען געוויסע פאַקטן, אומשטענדן און געשעענישן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו איין קהילה און נישט צו די אַנדערע. אויף די דאָזיקע באַזונדערקייטן פון דער לובלינער קהילה וועלן מיר זיך, דער עיקר, אָפּשטעלן.

אַזוי ווי די לובלינער קהילה איז געווען ייִנגער פון אַנדערע גרויסע קהילות, האָט זי אירע רעכט און פּריווילעגיעס באַקומען ערשט אין יאָר 1523. זי איז אָבער געווען איינע פון די ערשטע צו באַקומען דאָס רעכט נישט צו טאָלערירן קיין קריסטן אין דער ייִדנשטאָט. דאָס דאָזיקע רעכט האָט די קהילה באַקומען ווי אַ רעקאָמפּענסאַציע פאַר דער אַלטער פּריווילעגיע פון נישט טאָלערירן קיין ייִדן, וואָס די שטאָט לובלין האָט געהאַט נאָך פון קדמונים.ביידע פּריווילעגיעס זיינען אָבער נישט זייער שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן. אין דער ייִדנשטאָט האָבן געוווינט קריסטן און אַ טייל ייִדן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין דער שטאָט, אָפּגעדונגען דאָרט דירות און געוועלבער און געפירט מיסחרים.

באַזונדערס גינציקע אַנטוויקלונג־מעגלעכקייטן האָט געהאַט די לוב־לינער קהילה. די סטאַראָסטעס פון לובלין האָבן, לרוב, געהאַט אַ גוטע באַציִונג צו ייִדן. אַזוי האָט למשל איין סטאַראָסטע, יאַן פּילשטאַ, זיך משתדל געווען ביים קעניג, אַז די לובלינער ייִדן זאָלן באַקומען די רעכט, וואָס אַלע אַנדערע ייִדן אין פּוילן האָבן שוין פון פריִער געהאַט. אַן אַנדערער סטאַ־ראָסטע, אַנדזשעי טענטשינסקי, האָט פאַר אַ קליינעם יערלעכן אָפּצאָל פאַר־דונגען די ייִדן אַ גרויסן שטח באָדן צופּוסנס פונעם שלאָסבאַרג, ווו עס האָט זיך טאַקע אויפגעבויט די ייִדנשטאָט (1550). מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דער זעלבער סטאַראָסטע פאַרקויפט דעם ייִדישן מעדיקער, ד״ר יצחק מאַי, אַ שטח באָדן אין מיטן פון דער ייִדנשטאָט. דאָרט האָט די קהילה אויפגעבויט אַ ישיבה און אַ שול. די שול איז געווען אַ מאַסיווער בנין, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען נאָכן ערשטן ראָש־ישיבה פון לובלין, ר׳ שלמה לוריא (די מהרש״ל־שול) און האָט זיך דערהאַלטן ביז צו אונדזערע צייטן.

אַ צווייטע וויכטיקע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייט איז געווען אין לובלין אַ דאַנק די דאָרטיקע גרויסע יערלעכע יאַרידים, צו וועלכע עס פלעגן קומען סוחרים פון גאַנץ פוילן און אויך פון חוץ־לארץ, פון מערב־איראָפּע, איטאַליע און פון די מיזרחדיקע לענדער. דאָרט פלעגן דורכגעפירט ווערן גרויסע אויס־טויש־טראַנזאַקציעס פון פּלערליי מינים סחורות. אויך גרויסע געלטגעשעפטן פלעגט מען אָפּשליסן בעת די דאָזיקע יאַרידים און ווי געווינטלעך אין אַ סביבה פון מיסחר, פלעגן צווישן סוחרים אויסברעכן פאַרשיידענע סיכסוכים. האָט זיך אין לובלין אַנטוויקלט אַ שטאַרק געריכט־וועזן. אין יאָר 1578 האָט דער קעניג סטעפאַן באַטאָרי איינגעאָרדנט אין דער דאָזיקער צענטראַלער האַנדלסשטאָט דעם מלוכישן קרוין־טריבונאַל, וואָס איז געווען די העכסטע געריכטלעכע אינסטאַנץ אין אַלע שטראָפּפּראָצעסן און אין אַ טייל ציוויל־פּראָצעסן. די ריכטערס פונעם טריבונאַל זיינען געווען מאַגנאַטן, אויסגע־ווילטע דורך די פּראָווינציעלע סיימיקעס. אין דער צייט פון די טריבונאַל־סעסיעס פלעגן זיי אָנפאָרן מיט זייערע הויפן און נאָך זיי המונים קלענערע פּריצים און פּשוטע שליאַכטע. דאָס אַלץ האָט שטאַרק געהויבן די באַוועגונג אין דער שטאָט און האָט נאָך מער געשטאַרקט דעם מיסחר.

דער אַנטייל פון יידן אין דעם לובלינער האַנדל איז געווען זייער אַ גרויסער. לובלינער יידן זיינען במשך אַ קורצע צייט נתעשר געוואָרן און די לובלינער קהילה האָט זיך דערוואָרבן אַ פּירנדיקע פּאָזיציע צווישן די יידישע קהילות אין פוילן. בעת די יאַרידים פלעגן דאָרט קומען יידן פונעם גאַנצן לאַנד, ווער צו מאַכן אַ געשעפט און ווער צו זוכן אַ שידוך פאַר זיין קינד. אויך לומדים און רבנים פלעגן זיך דעמאָלט צוזאַמענפאָרן אין לובלין. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ ברייט פעלד צו האַלטן דרשות פאַר אַן עולם יידן, וואָס איז אָנגעקומען פון אַלע טיילן פון דער וועלט. זיי פלעגן דאָרט אויך אָפּהאַלטן אַ סך דין־תּורהס.

דאָרט, אין לובלין, בעת די יאַרידים, איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן דעם ועד ארבע ארצות — דעם צענטראַלן פאַרבאַנד פון אַלע קהילות אין פוילן. במשך אַ סך יאָרן האָבן די פאַרשטייערס פון די קהילות און די רבנים, וואָס פלעגן קומען אויף די יאַרידים, פאַרהאַנדלט וועגן דעם דאָזיקן ענין, ביז ענדלעך, אין יאָר 1580, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן דעם ועד. זינט דעמאָלט האָט דער ועד אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען כּמעט יעדעס יאָר אין לובלין און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז צום גרויסן חורבן

פון דער שטאָט. לובלין איז אַזוי אַרום במשך קנאַפּע הונדערט יאָר געווען די הויפּטשטאָט פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן.

ס׳איז קיין חידוש נישט, וואָס לובלין ווי די צענטראַלשטאָט פון דער ייִדישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, האָט אין יענער תּקופה געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אויפן קולטור־רעליגיעזן געביט. דעם אַמט פון לובלינער רב האָבן פאַרנומען אַזעלכע תּורה־אויטאָריטעטן, ווי ר׳ שלום שכנא און זיין זון ר׳ ישׂראל. דעם אַמט פון ראָש־ישיבה האָט פאַרנומען ר׳ שלמה לוריא (מהרש״ל) און נאָך זיין פּטירה — ר׳ מרדכי יפה, דער שפּעטערדיקער פּראַגער רב. ביידע, סיי דער מהרש״ל און סיי ר׳ מרדכי יפה האָבן זייער תּורה־וויסן געבראַכט פון מערב, און זיי זיינען ביידע געווען פּרינציפּיעלע קעגנערס פון פּילפּול. דעריבער טאַקע איז דער דרך פון לערנען אין דער לובלינער ישיבה געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי אין די אַנדערע ישיבות אין פּוילן. אין לובלין האָט מען נישט געהאַלטן פון פּילפּול.

במשך איבער דרייַ צענדליק יאָר האָט אין לובלין געווירקט ווי רב און ראָש־ישיבה ר׳ מאיר בן גדליה (דער מהר״ם מלובלין) און נאָך זיין פּטירה האָט די דאָזיקע צוויי הויכע תּורה־אַמטן איבערגענומען ר׳ שמואל אליעזר הלוי איידלס, ווי דער מהר״שא.

די אויבן אויסגערעכנטע נעמען זאָגן צום בעסטן עדות אויף דער הויכער מדרגה פון לימוד־התּורה אין יענער תּקופה אין לובלין. כּדאי נאָך צוצוגעבן, אַז די דאָזיקע אויטאָריטעטן פלעגן צוציִען צו זיך גרויסע געלערנטע אויף די שטעלעס פון מלמדים אין דער ישיבה און דיינים פון בית־דין. אַזוי אַרום איז לובלין געווען אַ צענטער פון תּורה, וואָס האָט געשמט איבער דער גאַנצער ייִדישער וועלט.

חוץ גרויסע רבנים און לומדים האָט לובלין אויך געהאַט אַ צאָל באַרימטע דאָקטוירים־מעדיקערס. ביים אָנהייב פונעם 16טן י״ה האָט דאָרט געלעבט איינער, ד״ר יחזקאל, וואָס דער קעניג אַלעקסאַנדער האָט אים געגעבן אַ סך אויסצייכענונגען פאַר גרויסע קענטעניש אין דער מעדיצינישער קונסט און פון דער לאַטיינישער שפּראַך. שפּעטער האָט דאָרט געלעבט דער שוין דערמאָנטער ד״ר מאַי, וואָס האָט געקויפט ביים לובלינער סטאַראָסטע אַ סך בויפּלעצער און זיי איבערגעגעבן דער קהילה, כּדי דאָרט אויפצובויען אַ שול, ישיבה און שפּיטאָל. גלייכצייטיק מיטן ד״ר מאַי האָט אין לובלין געלעבט אַן אַנדערער אָנגעזעענער דאָקטער מיטן נאָמען משה. אַרום סוף פון 16טן

און אָנהייב פון 17טן י״ה האָבן אין לובלין געלעבט עטלעכע דאָקטוירים: ד״ר שלמה לוריא, ד״ר שמואל בן מתתיהו און ד״ר משה מאנטאלטא. באַזונדערס וועגן דעם לעצטן האָט באַלאַבאַן געזאַמלט אַ סך ידיעות. ד״ר מאנטאלטא האָט געשטאַמט פון שפּאַנישע אַנוסים. זיין פאָטער אליהו מאנטאלטא איז געווען הויפּדאָקטער ביים פראַנצויזישן קעניג לוי דעם דרייצנטן. ד״ר משה האָט זיך באַזעצט אין לובלין און האָט פּראַקטיצירט אין דער יידנשטאָט. זיין קבר האָט באַלאַבאַן געפונען אויפן אַלטן לובלינער בית־עולם.

אָט אַזוי האָט די לובלינער יידישע קהילה דערגרייכט די מדרגה פון עשירות, געלערנטקייט און כבוד. אָבער עס וואָלט געווען נישט ריכטיק צו טראַכטן, אַז דאָס יידישע לובלין האָט נישט געוווּסט פון קיין בייז. דער אמת איז דער, אַז אַפילו אין די בעסטע צייטן פון דער גאָלדענער לובלינער עפּאָכע האָבן יידן געהאַט אויסצושטיין גענוג צרות. די צרות פלעגן זיך אָנהייבן מחמת עקאָנאָמישע סיבות. די קינאה פונעם קריסטלעכן בירגער צו זיין יידישן קאָנקורענט, וואָס האָט געהאַט מער דערפאָלג אין די געשעפטן, האָט אַלע מאָל געגעבן דעם ערשטן שטויס צום קאַמף קעגן די יידן. די בירגערס האָבן שוין אין 16טן און 17טן י״ה זיך באַמיט צו באַגרענעצן דעם יידישן מיסחר. אין יענע צייטן איז אָבער די יידישע קהילה געווען גענוג שטאַרק, כדי מיט דערפאָלג אָפּצושלאָגן אַלע אַטאַקעס פון די קריסטלעכע בירגערס. געווען איז אָבער אַן אַנדער אומגליק, וואָס נישט די לובלינער קהילה און נישט אַלע פּוילישע קהילות צוזאַמען, זיינען געווען ביכולת אים זיך אַקעגנצושטעלן. דאָס דאָזיקע אומגליק איז געווען דער מיטל־עלטערלעכער אָבערגלויבן פון עלילת־דם.

דער לובלינער קרוין־טריבונאַל איז, ווי שוין געזאָגט, געווען די העכסטע געריכטלעכע אינסטאַנץ אין אַלע שטראָפּפּראָצעסן. דאָ פלעגן אַלע עלילת־דם־פּראָצעסן פון פּוילן באַטראַכט ווערן אין דער לעצטער אינסטאַנץ. האָבן די לובלינער יידן געהאַט ביי זיך אין שטאָט יעדעס יאָר אָדער אַפילו צוויי מאָל אין יאָר אַזאַ מין עלילת־דם־פּראָצעס. איז ערשטנס, האָבן זיי געמוזט זיך צוקוקן צו די פּייניקונגען פון די אומשולדיקע מאַרטירערס און צווייטנס, פלעגן שטענדיק אַזעלכע עלילת־דם־פּראָצעסן באַגלייט ווערן פון פּאָגראָמען אויף די אָרטיקע יידן. אַזוי אַרום איז די לובלינער קהילה געווען די איינציקע אין פּוילן, וואָס איז — קאָן מען זאָגן — טאָג־איין, טאָג־אויס געשטאַנען פנים אל פנים מיט דער שוידערלעכער עלילת־דם־ווירקלעכקייט. אויב אין

יעדער אַנדערער קהילה פלעגט זיך אַזאַ אומגליק טרעפן איין מאָל אין אַ דור, האָבן לובלינער ייִדן געהאַט דאָס דאָזיקע אומגליק כּסדר. ווען דער קרוין־טריבונאַל האָט אין יאָר 1677 אַרויסגעגעבן דעם פּסק־דין איבער אַלע ייִדן אין פּוילן, אַז זיי זיינען שולדיק סיי אין נוצן קריסטלעך בלוט פאַר ריטועלע צוועקן און סיי אין שענדן די הייליקע האָסטיע, האָט דער דאָזיקער פּסק־דין געהאַט פאַר אַלע ייִדן אין פּוילן אַ טעאָרעטישע באַדייטונג. אָבער פאַר די לובלינער ייִדן איז די באַדייטונג פונעם דאָזיקן משונהדיקן פּסק־דין גאָרנישט געווען קיין טעאָרעטישע. דער געריכט־באַאַמטער, טאָמאַש פאַקלעקאָווסקי, האָט דעם פּסק־דין פאָרגעלייענט פאַר דעם טויער פונעם לובלינער ראַטהויז פאַר אַ גרויסן המון. דער איינדרוק איז געווען אַ שטאַרקער און באַלד האָבן זיך פאָרמירט באַנדעס פון פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס זיינען געגאַנגען ראַבעווען די לובלינער ייִדן.

אין יאָר 1648 איז לובלין ניצול געוואָרן פון די קאָזאַקישע הענט. דער גורל האָט אָבער נישט פאַרשוינט די דאָזיקע שטאָט מיט אַכט יאָר שפּעטער. אין יאָר 1656 איז די לובלינער קהילה חרוב געוואָרן און נאָך דעם דאָזיקן חורבן איז שוין די לאַגע פון ייִדן אין לובלין אַ פולשטענדיק ענלעכע צו דער לאַגע פון ייִדן אין אַלע אַנדערע קהילות אין פּוילן.

צוליב די כּסדרדיקע מלחמות, וואָס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף פּוילן, איז די גאַנצע באַפעלקערונג פונעם לאַנד פאַראָרעמט געוואָרן. ביי אַזאַ מצב האָט מען זיך קודם כּל אַ נעם געטאָן צום פרעמדן עלעמענט, דאָס הייסט צו די ייִדן און מען האָט זיך באַמיט זיי אויסצושליסן פונעם עקאָנאָמישן לעבן. עס האָבן זיך אָרגאַניזירט קאָנגרעגאַציעס פון קריסטלעכע סוחרים, וואָס זייער איינציקער ציל איז געווען דאָס באַזייטיקן די ייִדישע קאָנקורענטן. אויך די האַנטווערקער־צעכן האָבן זיך מיט מער אייפער גענומען צום באַזייטיקן די ייִדישע בעלי־מלאָכות פון דער אַרבעט. די לעצטע הונדערט און צוואַנציק יאָר עקסיסטענץ פון דער פּוילישער מלוכה ביז צו איר צעטיילונג זיינען געשטאַנען אונטערן צייכן פונעם דאָזיקן פאַרביטערטן קאַמף צווישן די קריסטלעכע בירגערס פון די שטעט און די ייִדישע קהילות. במשך פונעם דאָזיקן קאַמף זיינען אונטערגעשניטן געוואָרן די יסודות פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, וואָס איז לסוף געפאַלן אונטער די שווערע לאַסטן פון די פּראָצעסן מיט די בירגערס פון איין זייט און פון די פונאַנדערגעוואָקסענע מלוכישע שטייער־לאַסטן און קאָנטריבוציעס געצאָלטע

צו פאַרשיידענע אָקופּאַנטן און שׂונאים פון דער צווייטער זייט. אין יאָר 1764 איז די ייִדישע אָרגאַניזאַציע דערקלערט געוואָרן באַנקראָט און איז אויפגעלייזט געוואָרן.

במשך די דאָזיקע לעצטע הונדערט און צוואַנציק יאָר האָט די לובלינער קהילה שוין נישט געשפּילט מער קיין באַזונדערע ראָלע אינעם ועד אַרבע ארצות. די זיצונגען פונעם דאָזיקן העכסטן ייִדישן פּאַרלאַמענט זיינען אָפּגע־האַלטן געוואָרן אין אַנדערע שטעט, ס׳רוב אין יאַראָסלאַוו. פאָרשטייערס פון דער לובלינער קהילה האָבן נישט פאַרנומען קיין וויכטיקערע אַמטן אין דער אָרגאַניזאַציע. בלויז ביים סאַמע סוף האָט זיך די שכינה אומגעקערט קיין לובלין. דער לעצטער מאַרשאַל (פּרעזידענט) פונעם ועד ארבע ארצות איז געווען דער לובלינער פאַרשטייער, ר׳ אברהם היילפּערן. קיין פריילעכע איבערלעבונגען האָט ר׳ אברהם אויף זיין אַמט נישט געהאַט. אַ סעריע פון עלילת־דם־פּראָצעסן האָט זיך פונקט דעמאָלט אַ שאָט געטאָן אויף די קעפּ פון ייִדן אין פּוילן. זשיטאָמיר, יאַמפּאָל, לעמבערג זיינען נעמען פון שטעט, ווו אומשולדיקע ייִדן זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם. אויך יעקב פראַנק האָט זיך אַן ערך אין דער זעלבער צייט באַוויזן אויפן פּוילישן האָרי־זאָנט און האָט די רבנים אַרויסגערופן אויף אַן עפנטלעכן וויכוח. די אויפגאַבע פון ר׳ אברהם היילפּערן איז געווען דאָס אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג קעגן אָט דער מיטל־עלטערלעכער סטיכיע פון שׂינאה צו ייִדן. ער איז אָבער געווען שוין צו אַלט און זיינע כּוחות צו שוואַך. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1762, סך־הכּל צוויי יאָר פאַר דער אויפלייזונג פונעם ועד ארבע ארצות און דער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע פון ייִדן אין פּוילן.

ס׳איז נאָך כּדאַי אָפּצושטעלן זיך אויפן קאַפּיטל וועגן דעם לובלינער חוזה. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז אַ נייס אין באַלאַנס ביז דעמאָלטיקער שאַפונג און עס ווייזט געוויסע וויכטיקע ענדערונגען אין באַלאַנס קולטור־אידעיִשע איינשטעלונגען. ביי דער באַאַרבעטונג פון אַזעלכע טעמעס, ווי ס׳איז די טעמע וועגן דעם חוזה, פלעגט זיך ביז דעמאָלט באַלאַנס נוהג זיין אַזוי: ער האָט זיך באַמיט קודם־כּל אויסצושיילן דעם היסטאָרישן אמת פון דער לעגענדע און דערנאָך האָט ער פאַרן לייענער אָוועקגעשטעלט דעם נאַקעטן אמת, אָן דער פאַרביקער באַפּוצונג, וואָס אַ לעגענדע קאָן געבן. אַזוי האָט באַלאַנס געטאָן ביים באַאַרבעטן די לעגענדע וועגן ר׳ שאול וואַהל, דעם כּלומרשטן איינטאָגיקן קעניג פון פּוילן. אַזוי האָט ער אויך

געטאָן בעת ער האָט געשריבן וועגן דעם בעל שם טוב, וואָס די חסידישע לעגענדע האָט בגעוואָלט געוואָלט אָוועקשטעלן ווי דעם הויפּט־אַנטיילנעמער אין דעם וויכּוח מיט פראַנקן. באַלאַבאַן האָט אַרונטערגעריסן בײדע לעגענדעס און דערוויזן מיט דאָקומענטן, אַז וואָהל איז קיין מאָל נישט געווען קיין קעניג און דער בעל שם האָט זיך נישט באַטייליקט אין דעם וויכּוח.

דאָס נײַס, וואָס איז פאַראַן אין דעם קאַפּיטל וועגן חוזה באַשטייט אין דעם, וואָס באַלאַבאַן באַמיט זיך אַפילו נישט צו זוכן דעם היסטאָרישן מאַ־טעריאַל, נאָר ער באַשרייבט דעם חוזה אין גאַנצן לויט די פאַראַנענע מאַ־טעריאַלן פון דער חסידישער לעגענדע. באַקומט זיך טאַקע, אַז דאָס קאַפּיטל וועגן חוזה איז נישט קיין היסטאָרישע אַרבעט, נאָר אַ חסידישע מעשׂה.

און נאָך אײן וויכטיקער פּרט: לייענענדיק די מעשׂה וועגן דעם חוזה, ווו עס ווערן אויך ברייטלעך באַרירט סובסטאַנציעלע פּראָבלעמען פון חסידות, זעט זיך נישט קיין זכר פון יענער נעגאַטיווער באַציִונג צו חסידות, וואָס באַלאַבאַן האָט געבראַכט צום אויסדרוק אין זײַן בוך „די געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע". פאַרקערט, עס מערקט זיך באַשײַנפּערלעך, אַז דער מחבר שאַצט אָפּ די גרויסע געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַלע איבערקערעניש, וואָס חסידות האָט אַרײַנגעבראַכט אין ייִדישן לעבן. איך וואָלט געזאָגט, אַז די דאָזיקע געענדערטע שטימונגען זײַנען אויך אַ פּועל־יוצא פון דער לובלינער אַטמאָספער, וואָס האָט באַלאַבאַנען געבראַכט נעענטער צום פאָלק און אים געעפנט די אויגן אויף אַ סך זאַכן, וואָס זײַנען אים פריִער געווען פרעמד.

„אַ שפּאַציר דורך דער ייִדנשטאָט" — דאָס לעצטע קאַפּיטל אין בוך, איז אַ באַשרײַבונג פון די היסטאָרישע בנינים, וואָס אָט דער טייל פון דער לובלינער אַלטשטאָט איז מיט זיי פול געווען און אַ היפּשער טייל זייערער איז געשטאַנען ביז צו אונדזערע צייטן, יעדן פאַלס ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ביי דעם אַרײַנגאַנג אין דער ייִדנשטאָט איז געשטאַנען דער ייִדישער טויער, וואָס אין זײַנע דרויסנדיקע פליגלען זײַנען געווען די אַזוי־גערופענע „קניגעוועלבן". די דאָזיקע געוועלבן האָבן נישט געהאַט קיין פענצטער. בלויז אין די טירן זײַנען געווען פאַרשויבטע עפענונגען אין דער פאָרם פון אַ קני. דאָס איז אַזוי געמאַכט געוואָרן, כּדי אין אַ צייט פון אומרוען זאָל זיך דער ייִד קאָנען פאַרמאַכן אין דעם געוועלב און פאַרקויפן דורך דער דאָזיקער עפענונג.

פון די לובלינער שולן דאַרף מען דערמאָנען די קירושנערשול אָדער די לויפערשול. די דאָזיקע שול האָט אויפגעבויט ר׳ שאול וואַהל, דער לעגענדאַרער „קעניג פון פוילן״. אויף דער ברייטער גאַס איז געווען די קאַטליערשול. די דאָזיקע שול האָט געשטאַמט פון יאָר 1638. אויפגעבויט האָט זי הערש דאָקטאָראָוויטש, אַ גרויסער חשוב ביים קעניג וולאַדיסלאַוו דער פערטער. אויף דער זעלבער גאַס איז געשטאַנען די קלויז פונעם חוזה און די פרנס־שול, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן דורך ר׳ אַברהם היילפּערן.

אויף דער קצבים־גאַס האָט זיך געפונען דער קאָמפּלעקס בנינים, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן פּלאַץ געקויפט דורך ד״ר מאַי. דאָרט איז געשטאַנען די לובלינער גרויסע שול, וואָס האָט געהייסן די „מהרש״ל־שול״ און צו איר אונטער דעם זעלבן דאַך איז געווען צוגעבויט די צווייטע שול, די „מהר״ם־שול״. דאָרט איז געשטאַנען אויך דאָס בית־מדרש, וואָס איז אין די פריערדיקע צייטן וואַרשיינלעך געווען די ישיבה. דער ראָש האָט געהאַט דעם אָפיציעלן טיטל „רעקטאָר״.

דער בית־עולם ליגט איבער דעם טייכל טשעכאָווקאַ, וואָס פליסט דורך ביים סוף פון דער קצבים־גאַס. דער בית־עולם איז אַלט אַן ערך 400 יאָר און די עלטסטע מצבה, וואָס באַלאַבאַן האָט דאָרט געפונען, שטאַמט פון יאָר 1541. דעם דאָזיקן בית־עולם האָט באַלאַבאַן געווידמעט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט און ער האָט דאָרט פאַרבראַכט אַ סך צייט, שטודירנדיק די אויפשריפטן אויף די מצבות. ער האָט טאַקע דאָרט געפונען אַ גרויסן מאַטעריאַל, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבן פאַר דער לובלינער מאָנאָגראַפיע. באַלאַבאַן האָט אויך געמאַכט אַ ריי וויכטיקע אַנטדעקונגען אויפן לובלינער בית־עולם. אַזוי, למשל, דערציילט מ. עדעלבוים (וואָס איז געווען באַלאַבאַנס אַ תלמיד) אין אַן אַרטיקל אין „דער יידישער קעמפער״ פון 16טן אַפּריל, 1943, אַז באַלאַבאַן האָט דערקענט, אַז די מצבה אויפן קבר פון מהרש״ל איז נישט די אָריגינעלע מצבה, וואָס איז געשטעלט געוואָרן נאָך דער פּטירה פונעם גאון, נאָר זי איז אַ נייע, אַן אויפגעשטעלטע מיט אַ לאַנגער צייט שפּעטער. מען האָט אָנגעהייבן צו גראָבן אויפן קבר און מען האָט טאַקע באַלד געפונען די אַלטע, אָריגינעלע מצבה.

פון די דריי מאָנאָגראַפיעס וועגן גרויסע קהילות אין פוילן, וואָס זיינען באַלאַבאַנס וויכטיקסטע ווערק, איז די לובלינער מאָנאָגראַפיע די קלענסטע. דאָס מיינט : די קלענסטע אין פאַרנעם, די בצימצותדיקסטע לויט דער קוואַנ־

טיטעט פון מאַטעריאַלן און היסטאָרישע ידיעות, וואָס זיינען אין איר פאַראַן. אויב פאַרגלייכן די לובלינער מאָנאָגראַפיע מיט דער קראָקעווער, וואָס איז אָנגעפּראָפּט מיט פּלערליי ידיעות און באַשרייבונגען, אַנטהאַלט די לובלינער נישט מער ווי די ראָשי־תיבות פון דער געשיכטע פון לובלין. באַלאַבאַן אַליין זאָגט אין דער הקדמה, אַז „די יידנשטאָט פון לובלין" איז אַ מלחמה־אַרבעט. דערמיט וויל ער אונטערשטרייכן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַריינצולייגן די נייטיקע מאָס אַרבעט, וואָס אַזאַ מין ווערק פאָדערט. אפשר האָט ער אויך געמיינט צו זאָגן, אַז דאָס ווערק אַליין איז שוואַכער פון די אַנדערע ווערק, וועלכע ער האָט געשריבן אין צייטן פון שלום.

נאָר פון דעסטוועגן האַלט איך, אַז די באַצייכענונג „מלחמה־אַרבעט" איז איבערגעטריבענע עניוות. פאַר מיר איז קלאָר, אַז ס'איז אַ סך שווערער אַריינצופּאַסן די געשיכטע פון יידן אין לובלין אין אַ בצימצומדיקער צאָל פון בוכזייטן, ווי צו באַאַרבעטן דעם קעגנשטאַנד מיט יענער רחבותדיקייט, וואָס איז פאַראַן אין דער מאָנאָגראַפיע וועגן קראָקע אָדער אַפילו לעמבערג. נישט קוקנדיק אויף איר בקיצורדיקייט איז „די יידנשטאָט פון לובלין" אַ שלימותדיקע אַרבעט. זי פאַרמאָגט טאַקע נישט מער ווי עטלעכע בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער די דאָזיקע בילדער שאַפן די הויפּטשטריכן פון דער גאַנצער געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין לובלין. „די יידנ־שטאָט פון לובלין" איז דאָס ערשטע וויסנשאַפטלעך באַאַרבעטע ווערק וועגן דער געשיכטע פון יידן אין לובלין.

ביי דער באַאַרבעטונג פון דער לובלינער מאָנאָגראַפיע האָט באַלאַבאַן כמעט אין גאַנצן נישט געקאָנט זיך באַנוצן מיט געדרוקטע מקורים. עטלעכע אַלטע רבנישע ספרים (ווי למשל דער ספר „חסד שמואל" פון דעם גאון ר׳ שמואל), אַ געדרוקטער באַריכט פון אַן אַנאָנימען פּראָטעסטאַנטישן בירגער פון לובלין, וואָס באַשרייבט די שחיטה פון די לובלינער יידן פונעם 11טן אָקטאָבער 1656, זיינען דער גאַנצער געדרוקטער מאַטעריאַל, וואָס האָט אים געקאָנט נוצן. דעם עצמדיקן מאַטעריאַל האָט באַלאַבאַן געזוכט אין די לובלינער אַרכיוון, סיי אין די מלוכישע און סיי אין די קהילהשע. אין דער מהרש״ל־שול איז געווען אַ פולשטענדיקע זאַמלונג פון פּריווילעגיעס, וואָס די לובלינער יידן האָבן באַקומען. אויך די פּינקסים סיי פון דער קהילה און סיי פון די באַזונדערע שולן זיינען געווען פון אַן ערשטראַנגיקער וויכטיקייט.

„די יידנשטאָט פון לובלין״ שטיצט זיך טאַקע אויסשליסלעך אויף אַן אַרכי־וואַלישן מאַטעריאַל, געזאַמלט אין לובלין.

אין לובלין איז באַלאַבאַן פאַרבליבן ביזן סוף 1918. דאָרט האָט ער איבערגעלעבט די דערשיטערנדיקע טעג פונעם סוף פון דער מלחמה, געזען דעם פונאַנדערפאַל פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע און דעם אויפקום פון נייעם פוילן. פוילישע בחורים האָבן אין די גאַסן אַנטוואָפנט דייטשישע און עסטרייכישע מיליטערלייט און געזוכט אַ מעגלעכקייט ווי זיך אַ ביסל פריילעך צו מאַכן אויפן חשבון פון דער יידישער באַפעלקערונג. דעם אויפקום פון נייעם פוילן האָבן איבער דער לענג און איבער דער ברייט פונעם לאַנד געצייכנט פאָגראָמען אויף יידן און ראַבירונגען פון יידישן האָב און גוטס.

ביי אַזעלכע אומשטענדן איז אין אַ געוויסן נאָוועמבער־טאָג פונעם יאָר 1918 ד״ר מאיר באַלאַבאַן פלוצעם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דעמיליטאַרי־זירטן פּליט. ער האָט פאַרלוירן זיין שטעלע, ווייל די ביזאַיצטיקע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. אמת, ער האָט אין לובלין געוווינט צוזאַמען מיט דער פרוי און קינדער, נאָר פון דעסטוועגן האָט ער זיך אין שטאָט געפילט אַ פרעמדער. פאַר באַלאַבאַנען איז קלאָר געווען, אַז ער מוז וואָס גיכער פאַרלאָזן לובלין.

ז

## נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

וועגן צוריקפאָרן קיין לעמבערג האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. אין מיזרח־גאַליציע איז נאָך די מלחמה נישט געווען פאַרענדיקט. דאָרט האָבן די אוקראַינער געקעמפט מיט די פּאָליאַקן און יידן זיינען געשטאַנען אין מיטן פון די צוויי פיינטלעכע לאַגערן, כאַפּנדיק קלעפּ פוןביידע צדדים. די שטאָט לעמבערג איז במשך עטלעכע חדשים געווען דער קאַמף־פראָנט. אויף די גאַסן האָט מען געפירט אַ רעגולערע מלחמה מיט אַרטילעריע־שיסערייען און אינפאַנטעריע־אַנגריפן. און אַ ביסל שפּעטער, ווען די פּאָליאַקן האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרטרייבן די אוקראַינער פון לעמבערג, איז דער ערשטער פּוילישער אויפטו אין דער פאַרכאַפּטער שטאָט געווען אַ פּאָגראָם אויף יידן.

איז פאַר באַלאַבאַנען דער וועג קיין לעמבערג געווען דערווייל פאַר־

שלאָסן. ער האָט דאָרט געהאַט זיין ביבליאָטעק, אַרכיוו און די נאָטיצן מיט פאַרצייכענונגען פון זיינע פאָרשונגען. ביי דער מלחמה־לאַגע, וואָס האָט דאָרט געהערשט, איז באַלאַבאַן נישט געווען זיכער, אויב ער וועט נאָך אַ מאָל געפינען זיינע זאַכן. און די דאָזיקע אומזיכערקייט איז פאַר אים געווען זייער אַ פּיינלעכע.

דערזוויל האָט דאָס לעבן געפאָדערט דאָס זייניקע. די משפחה האָט געדאַרפט חיונה און אין לובלין האָט באַלאַבאַן נישט געקאָנט געפינען קיין שום באַשעפטיקונג. איז ער טאַקע געווען ביז גאָר גליקלעך, ווען ס׳איז אים אונטערגעקומען אַ פאָרשלאַג איבערצונעמען די דירעקטאָר־שטעלע פון דער ייִדישער גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו.

באַלאַבאַן האָט זיך תּיכּף אַריבערגעקליבן קיין טשענסטאָכאָוו און איז דאָרט פאַרבליבן ביזן יאָר 1920, אָדער גענויער: ביזן סוף פונעם שוליאָר 1919—1920. די טשענסטאָכאָווער תּקופה איז ווייניק פּראָדוקטיוו אויפן היסטאָריש־שריפטשטעלערישן געביט. בעצם וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז במשך די צוויי יאָר ווינען אין טשענסטאָכאָוו האָט באַלאַבאַן נישט אָנגעשריבן קיין איין נייע היסטאָרישע אַרבעט.

ווי נאָר עס האָט זיך באַרויִקט אין לעמבערג, איז באַלאַבאַן אַהין אַריבער־געפאָרן און האָט פון דאָרט געבראַכט זיינע וויכטיקסטע כּתבים (די ביבליאָ־טעק האָט ער ערשט שפּעטער אַריבערגעפירט קיין וואַרשע). האָבנדיק ביי זיך זיינע נאָטיצן, האָט ער געקאָנט צוגרייטן צום דרוק פאַרשיידענע מאַטער־יאַלן, וועלכע ער האָט שוין געהאַט באַאַרבעט אין די פריִערדיקע יאָרן.

דאָס איז געווען אַ צייט פון אויפבלי פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק ביי ייִדן אין פּוילן. די געשעענישן פון דער נאָך וואָס איבערגעלעבטער וועלט־קאַטאַסטראָפע האָבן אין דעם דאָזיקן אויפבלי געהאַט אַ באַדייטנדיקן חלק. דער מעמד פון גענצלעכער הפקרות, אין וועלכן ייִדן האָבן זיך געפונען בעת די סאַמע שווערסטע מלחמה־מאָמענטן, איז געווען אַ לעקציע, אַז מען דאַרף קעמפן פאַר אייגענע רעכט, פאַר רעכט פון ייִדן און נישט ווי די אַסימילאַטאָרן האָבן געוואָלט: „פאַר אייער און אונדזער פרייהייט“.

דער אויפבלי פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק האָט אין דער ערשטער ריי געבראַכט אַן אויפלעבונג פון דער קולטור. ייִדישע קולטור אויף אַלע דריי שפּראַכן (ייִדיש, פּויליש און העברעיִש) איז געוואָרן אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל. מען האָט געלערנט, געלייענט, באַזוכט טעאַטער און אַלע אַנדערע ייִדישע

פאַראַנשטאַלטונגען. עס האָט זיך געגומען אַנטוויקלען אַ שטאַרק פאַרלאַג־וועזן, נייע צייטונגען האָב אָנגעהויבן דערשיינען.

אין וואַרשע אַליין זיינען אויפגעקומען עטלעכע יידישע צייטונגען אויף פויליש. פון די דאָזיקע צייטונגען האָט זיך אָבער איינגעפונדעוועט און דערהאַלטן בלויז איינע, דער „נאַש פשעגלאָנד". אין קראָקע האָט אין 1919 אָנגעהויבן דערשיינען דער „נאָווי דזיענניק" און אין לעמבערג, אין 1920, די „כווילאַ". חוץ די טאָגצייטונגען האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ מבול פון פאַרשיידענע זשורנאַלן וכד'.

באַלאַבאַנס היסטאָרישע אַרבעטן זיינען איצט שטאַרק געזוכט געוואָרן. אַ יידישע צייטונג האָט לכל־הפּחות איין מאָל אין דער וואָך געמוזט געבן אירע לייענערס עפּעס פון דער יידישער געשיכטע. איז באַלאַבאַן געזעסן און צוגעגרייט מאַטעריאַל פאַר די צייטונגען. עס האָט נישט אויסגעמאַכט, וואָס די זאַך איז שוין אַ מאָל געווען געדרוקט. דער לייענער איז איצט געווען אַן אַנדערער, אַ נייער. ער האָט באַלאַבאַנס ווערק, וואָס זיינען דערשינען פאַר דער מלחמה, גאַנץ זיכער נישט געלייענט.

אין די יאָרן 1919—1920 האָט באַלאַבאַן אָפּגעדרוקט אַ ריי אַרבעטן אין די נייע וואַרשעווער טאָגצייטונגען: „דזיענניק נאָווי" און „נאָווי קוריער", ווי אויך אין דער וואָכנצייטונג „טיגאָדניק נאָווי" און אינעם לאָדזשער חודש־זשורנאַל „תל־אביב". די פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן דאָרט זיינען דאָס רוב איבערגעדרוקט פון פאַרמלחמהדיקע ווערק, וואָס וועגן זיי האָבן מיר שוין פריִער דערמאָנט. וואָס ס'איז שייך נייע אַרבעטן איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף צוויי זאַכן: 1) „קריטישער איבערזיכט פון דער יודאַיִסטישער ליטעראַ־טור פאַר די יאָרן 1919 און 1920", אַן אַקטועלע ליטעראַריש־קריטישע אַרבעט, וואָס איז אין 7 המשכים געדרוקט געוואָרן אין וואַרשעווער „דזיענניק נאָווי" און 2) „היסטאָרישע מאָנומענטן פון יידן אין פוילן" (געדרוקט אין „טיגאָדניק זשידאָווסקי", וואַרשע), וועלכע איז אַן אָנהייב פון אַ גרעסערן ווערק וועגן יידישע אַלטערטימלעכקייטן. דאָס ווערק איז דערשינען אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

אין אַזעלכע צייטונגען, ווי דער קראָקעווער „נאָווי דזיענניק" און די לעמבערגע „כווילאַ" האָט באַלאַבאַן געדרוקט אַרבעטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו די דאָזיקע שטעט אָדער פּראָווינצן. אין „נאָווי דזיענניק" האָט ער געדרוקט גאַנצע קאַפּיטלען פון זיין ווערק „יידן אין קראָקע" און אין

דער „כווילאַ״ האָט ער שוין אין יאָר 1920 אָנגעהויבן דרוקן זיינע אַלט־לעמבערגער שילדערונגען, פון וועלכע עס האָבן זיך מיט דער צייט אויס־געשיילט אַזעלכע קרעפטיקע אַרבעטן, ווי די „ברייטע גאַס״ און אַנדערע.

זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו האָט באַלאַבאַן צוגעגרייט צום דרוק אַ נײַ זאַמלבוך פון פּרט־אַרבעטן. ווען ער איז זומער 1920 געקומען קיין וואַרשע, כּדי דאָרט איבערצונעמען די לייטונג פונעם ראַבינער־סעמינאַר „תּחכּמוני״, וואָס איז נאָר וואָס געהאַט געגרינדעט געוואָרן דורך דער „מזרחי״־אָרגאַני־זאַציע אין פּוילן, האָט ער מיטגעבראַכט אַ פאַרטיקן כּתב־יד און אים באַלד איבערגעגעבן צום דרוק. דאָס דאָזיקע בוך איז דערשינען ביים סוף 1920 און טראָגט דעם נאָמען „פון דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן (סקיצן און שטודיעס)״ (וואַרשע, פּויליש). עס אַנטהאַלט 21 פּרט־אַרבעטן, וועלכע זיינע אַלע שוין פריִער געווען געדרוקט. וועגן אַ טייל פון די אַרבעטן, וואָס זיינען אַריין אין דעם בוך, האָבן מיר שוין געשריבן אין די פריִערדיקע קאַפּיטלען. צו די דאָזיקע אַרבעטן געהערן: „וואָלטשקאָ, דער פאַקטאָר פון קעניג יאַ־געללאָ״, „דער פאַרגעסענער מאָנומענט״ (וועגן דעם אַלטן לעמבערגער בית־עולם), „די שטייער־עקזעקוציע״, די אַרבעטן וועגן דער קהילה אין זשאָלקעוו, וועגן דעם ד״ר שמחה מנחם מיונה, וועגן די דרוקערייען און אַנדערע.

עס זיינען אָבער אויך אַריין אין דעם זאַמלבוך אַרבעטן, וועלכע דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן. אָט איז דאָרט פאַראַן אַ טשיקאַווע אַרבעט וועגן צוויי יידישע מיליטערישע אינזשענירן. איינער איז געווען מענדל בן יצחק פון קראָקע, וועלכן דער קעניג סטעפאַן באַטאָרי האָט מיטגענומען אויף דער מלחמה קעגן מאָסקווע. מענדל האָט געבויט בריקן איבער די טייכן און אַזוי אַרום דערמעגלעכט דער פּוילישער אַרמיי דעם פאַרויסמאַרש אויף דער רוסישער טעריטאָריע. דער צווייטער אינזשעניר איז געווען יהושע (אָדער יוסף) בן משה, וועלכער איז געווען אין דינסט פון קעניג יאַן קאַזימיערזש. אין מערץ 1664 האָט דער קעניג צוליב אַן אינערלעכער מרידה געמוזט זיך צוריקציִען פון אוקראַיִנע. בעת דעם אַדורכגיין דעם טייך דניעפּער איז די קעניגלעכע אַרטילעריע פאַרגאָסן געוואָרן דורך וואַסער און האָט שוין געהאַלטן ביים דערטרונקען ווערן. דעמאָלט האָט יהושע אָפּגעראַטעוועט די האַרמאַטן. דער קעניג האָט אים באַלוינט מיט אַ סך פּריווילעגיעס און אַגב געגעבן אים דעם טיטל „קעניגלעכער סעקרעטאַר״, וואָס אַ ייד פלעגט קיין מאָל נישט באַקומען.

אין דעם בוך זיינען נאָך פאַראַן עטלעכע אַרבעטן, וואָס זיינען שפּעטער אַריין אין דעם צווייטן באַנד פון „די געשיכטע פון יידן אין קראָקע". זיי זיינען: „די משפּחה קאַלאַהאָראַ", ווו עס ווערן געשילדערט פיר דורות פון דער דאָזיקער זעלטענער משפּחה פון אַמאָליקע קראָקעווער דאָקטוירים און אַפּטייקערס; „דיפּלאָמאַטישע אינטערווענץ לטובת די קראָקעווער יידן (1775—1776)", ווו עס ווערט דערציילט וועגן אַן אינטערווענץ פון דער עסטרייכישער רעגירונג ביי דער פּוילישער מאַכט אין וואַרשע לטובת די קראָקעווער יידן, ועמען די קריסטלעכע בירגערס האָבן געוואָלט אַרויס־שטויסן פון מיסחר אין קראָקע; „דעם קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסטס פּראָיעקט צו רעפאָרמירן דאָס פּוילישע יידנטום". די לעצטע אַרבעט האָט אַ באַזונדערע וויכטיקייט, ווייל אין איר האָט באַלאַבאַן מתקן געווען אַ טעות, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסן אין דער אַלגעמיינער פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע. די זאַך איז געווען אַזאַ: ד"ר לודוויג גומפּלאָוויטש האָט פאַרעפנטלעכט אַ כתב־יד פון אַ רעפאָרם־פּראָיעקט און האָט אין זיין קאָמענטאַר אויסגעפירט, אַז דער דאָזיקער פּראָיעקט איז געשאַפן געוואָרן אויפן באַפעל פונעם קעניג סטאַ־ניסלאַוו אויגוסט דורך דעם סעקרעטאַר סיקאָרסקי. אויפן כתב־יד זיינען געווען האַנטשריפטלעכע אויסבעסערונגען. האָט ד"ר גומפּלאָוויטש געטענהט, אַז דאָס איז דעם קעניגס האַנטשריפט און זיינע קאָרעקטורן.

פּוילישע היסטאָריקערס האָבן זיך אָנגעכאַפּט אַן דער דאָזיקער מעשה, וואָס האָט פאַר זיי געדינט ווי אַ באַוויז, אַז דער קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט איז באַהערשט געווען פון ערנסטע געדאַנקען צו רעפאָרמירן די יידן. האָט אָבער באַלאַבאַן אין דער אויבן דערמאָנטער אַרבעט צעשטערט די גאַנצע טעאָריע. ער האָט דערוויזן, אַז ערשטנס איז די האַנטשריפט פון די קאָרעקטורן נישט דעם קעניגס, און צווייטנס, איז דער גאַנצער פּראָיעקט, וואָס גומפּלאָ־וויטש האָט פאַרעפנטלעכט, אַ ווערטלעכע קאָפּיע פונעם פּאַטענט, וואָס דער עסטרייכישער קיסר, יאָזעף דער צווייטער, האָט אַרויסגעגעבן פאַר די גאַלי־צישע יידן. במילא האָט דער גאַנצער ענין נישט קיין שייכות צום פּוילישן קעניג.

דאָס בוך „פון דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן" איז, ווי באַוווּסט, דאָס צווייטע זאַמלבוך פון באַלאַבאַנס אַרבעטן. פּונקט ווי דאָס ערשטע דייטשישע זאַמלבוך „סקיצן און שטודיעס", אַזוי איז אויך דאָס צווייטע נישט גרויס אין פאַרנעם (עס אַנטהאַלט אַן ערך 230 זייטן). דעם יידישן לייענער־

עולם אין פוילן איז דאָס ערשטע זאַמלבוך (דערשינען אין בערלין אין 1911) געווען ווייניק באַקאַנט. צוליב דער דאָזיקער סיבה איז דאָס בוך „פון דער געשיכטע פון יידן אין פוילן" אין יאָר 1920 אין די קרייזן פון היסטאָריקערס און קריטיקערס באַגריסט געוואָרן ווי באַלאַבאַנס ערשט זאַמלבוך פון פרט־אַרבעטן.

ביים סוף פון יאָר 1920 איז שוין באַלאַבאַן איינגעאָרדנט אין וואַרשע. צו באַקומען אין יענע צייטן אַ דירה אין וואַרשע איז נישט געווען קיין לייכטער ענין. מיט דער הילף פון פריינד האָט אָבער באַלאַבאַן באַקומען אַ דירה און אַפילו אַ גאַנץ שיינע און באַקוועמע אויף שענגע־גאַס 38. זיין פרוי האָט דאָס הויז געפירט אויף אַ באַלעבאַטישן שטייגער. מען האָט אויפגענומען געסט, באַטייליקט זיך אין סאָציאַלע אַקטיוויטעטן אאַז"וו. זומערצייט פון יאָר 1921 האָט באַלאַבאַן זיינע וואַקאַציעס פאַרבראַכט אין קאַרלסבאַד און אַזוי פלעגט ער שפּעטער כּמעט יעדן זומער פאַרברענגען אין אַ וואַרעמבאַד, אויב נישט אין חוץ־לאַרץ, איז לכל הפּחות אין פוילן.

דער פּראָצעס פון דערנעענטערן זיך צו יידיש, וואָס האָט זיך ביי באַלאַ־באַנען אָנגעהויבן נאָך אין לובלין, האָט אין וואַרשע אָנגענומען נאָך פיל שטאַרקערע פאָרמען. דאָ האָט זיך באַלאַבאַן צוזאַמענגעטראָפן מיט דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט, וואָס האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע השפּעה און אָנזען אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט. די יידישע טאָג־צייטונגען האָבן שטאַרק געלאָקט. דרוקן אַן אַרבעט אין „היינט" אָדער אַפילו אין „מאָמענט" האָט — חוץ אַלע אַנדערע כּיבודים — געהאַט אויך אַ פּי־נאַנציעלע באַדייטונג. די האָנאָראַרן זיינען דאָרט פאַרהעלטנישמעסיק געווען זייער הויכע.

באַלאַבאַן האָט אָנגעהויבן שרייבן יידיש. זינט דעם יאָר 1921 טרעפט מען אָפט זיינע אַרבעטן געדרוקט אין „היינט" און „מאָמענט". אַ סך מער אין „היינט". ער דרוקט דאָרט איבערזעצונגען פון פריער — שוין דערשינענע אַרבעטן אָדער קאַפּיטלען פון זיינע ביכער. אַזוי, למשל, דרוקט ער אין אַ גאַנצער סעריע אַרטיקלען (אַן ערך 15) אין „היינט" אויסצוגן פונעם בוך „די יידנשטאָט לובלין" און אינעם אַלמאַנאַך פון „מאָמענט" (וואַרשע, 1921) די געשיכטע פון יידישע דרוקערייען אין פוילן.

ער שרייבט אויך נייע זאַכן פאַרן „היינט". די דאָזיקע אַרבעטן צייכענען זיך שוין אויס מיט אַ ספּעציעלער זשורנאַליסטישער באַאַרבעטונג. דאָס

מיינט נישט, אַז עס פעלט זיי דער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג. פאַרקערט, ס׳איז אין זיי פאַראַן באַלאַבאַנס געוויינטלעכע פּינקטלעכקייט אין דער פעסטשטעל־לונג און אויסטייטשונג פון היסטאָרישע פאַקטן. נאָר וואָס דען? באַלאַבאַן באַמיט זיך צו דערציילן אויף אַזאַ אופן, אַז די שילדערונג זאָל פאַרן לייענער זיין מער אינטערעסאַנט און אָנצינדיק. דעריבער ברענגט ער אַרויס אויפן פאָדערגרונט, דער עיקר, פאַקטן טשיקאַווע און אינטערעסאַנטע און לאָזט איבער אין שאָטן די ווייניקער אינטערעסאַנטע געשעענישן, כאָטש פונעם היסטאָריש־קריטישן שטאַנדפּונקט האָבן די דאָזיקע ווייניקער אינטערע־סאַנטע געשעענישן אַ וויכטיקערע באַדייטונג. דאָס איז דער קרבן, וואָס באַלאַבאַן מוז ברענגען פאַר דער זשורנאַליסטיק, אויב ער וויל אין איר האָבן אַן אחיזה.

צו אַזעלכע נייע אַרבעטן, וואָס זיינען דאָס ערשטע מאָל דערשינען אין „היינט" געהערן: „נאַפּאָלעאָן און די ייִדן אין פּוילן", ווו עס ווערט געוויזן די באַציִונג פון די מנהיגים פון חסידות צו נאַפּאָלעאָנען; „דער ׳גר צדק׳ אין ייִדנטום" — אַן אויסערגעוויינטלעך אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן די ווייניק באַקאַנטע פּוילישע פּריצים און אינטעליגענטן פון אַ מאָל, וואָס האָבן אָנגענומען די ייִדישע אמונה.

אין יענע צייטן האָט זיך באַלאַבאַן אויך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער דעמאָלטיקער — לאָמיר זי אָנרופן — חורבן־ליטעראַטור. פונקט ווי מיר האָבן איצט, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה די חורבן־ליטעראַטור, וואָס דערציילט וועגן אונדזערע אַבידות, אַזוי זיינען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ פיל קלענערער מאָס ווי איצט) דערשינען ביכער־זכרונות פון מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם מלחמה־גרויל. באַלאַבאַן האָט פלייסיק געזאַמלט און קאָלעקטירט די דאָזיקע ליטעראַטור. ער האָט אויך רעצענזירט די וויכטיקערע ביכער. אין „היינט" פון יאָר 1921 האָט ער אין אַ סעריע אַרבעטן א״ב „היסטאָרישע דאָקומענטן, מאַטעריאַלן צו דער נייסטער געשיכטע" דערוויזן די וויכטיקייט פון היסטאָרישע מאַטער־יאַלן, וואָס זיינען פאַראַן אין די דאָזיקע זכרונות. ער האָט אויך פאַרעפנט־לעכט אַ ריי רעצענזיעס פון באַזונדערע מלחמה־ביכער, פון אַזעלכע ביכער, ווי ש. אַנסקיס „דער חורבן פון גאַליציע און פּוילן"; י. לייפונערס „פיר יאָר וועלט־מלחמה (1914—1918) — זכרונות פון אַ ייִדישן דאָקטער פון וואַרשע"; ד״ר גרשון לעווינס „אין וועלטקריג" און אַ סך אַנדערע.

אויך אַ ריי באַלאַבאַנס העברעיִשע אַרבעטן דערשיינען אין יענער נאָך־מלחמהדיקער צייט. דער עיקר אין דער „התקופה״. פון די דאָזיקע אַרבעטן זאָלן דערמאָנט ווערן אַזעלכע, ווי: „חסידות״ (וועגן דער חסידישער ליטעראַטור אין דער לעצטער תקופה); „די פוילישע אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור״; אַ ביבליאָגראַפישער איבערבליק פון דער ליטעראַטור וועגן דעם ערשטן מלחמה־יאָר 1914—1915 אונטערן נאָמען, „די פויליש־ליטווישע ייִדן אינעם ערשטן יאָר פון דער אייראָפּעיִשער מלחמה״ און אַנדערע.

אין יאָר 1922 איז באַלאַבאַנס אַ וויכטיקע אַרבעט דערשינען אויף ייִדיש אין בוכפאָרעם. דאָס איז געווען די מאָנאָגראַפיע וועגן הרב ד״ר שמואל אברהם פּאָזנאַנסקי ז״ל, דער ראַבינער פון דער גרויסער שול אויף טלאָמאַצקע, וועלכער איז ניפטר געוואָרן אין יאָר 1921. ד״ר פּאָזנאַנסקי איז געווען אַ פערזענלעכקייט פון גרויסן אָנזען סיי אויפן געזעלשאַפטלעכן און סיי אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט. ער איז געווען אַ פאָרשער פון גרויסן פאָרנעם און באַזונדערס האָט ער זיך אינטערעסירט מיטן פּראָבלעם פון די קראָים. באַלאַבאַן האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ ביבליאָגראַפיע פון ד״ר פּאָזנאַנסקיס ווערק. די ביבליאָגראַפיע האָט אַרומגענומען אַן ערך 150 פּאָזיציעס.

געוויסע געפילן פון פערזענלעכער דאַנקבאַרקייט האָט באַלאַבאַן געהאַט פאַר ד״ר פּאָזנאַנסקין. דער לעצטער איז, נעמלעך, געווען דער איניציאַטאָר פון דעם „תחכמוני״־סעמינאַר און פון אים איז אויך געקומען דער געדאַנק, אַז אויף דער שטעלע פון דירעקטאָר פונעם סעמינאַר זאָל באַשטימט ווערן ד״ר מאיר באַלאַבאַן. שרייבנדיק די מאָנאָגראַפיע האָט טאַקע באַלאַבאַן אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעצאָלט דעם חוב פון דאַנקבאַרקייט. אָבער די דאַנקבאַרקייט איז נישט געווען די איינציקע סיבה פון שרייבן די מאָנאָגראַפיע. באַלאַבאַן איז אויפריכטיק פאַראינטערעסירט געוואָרן מיט ד״ר פּאָזנאַנסקיס אַרבעטן. אונטער זייער איינדרוק האָט זיך באַלאַבאַן גענומען פאָרשן די געשיכטע פון קראָים אין פוילן און עטלעכע יאָר שפּעטער איז טאַקע דערשינען זיין ווערק וועגן די קראָים.

די מאָנאָגראַפיע וועגן ד״ר פּאָזנאַנסקין האָט באַלאַבאַן קודם אָנגעשריבן אויף פויליש. אַרויסגעגעבן איז זי געוואָרן דורכן באַוווּסטן פאַרלעגער און משׂכּיל מ. י. פריד (1922, 40 זייטן). דער זעלבער פאַרלעגער האָט אין דעם זעלבן יאָר אַרויסגעגעבן די מאָנאָגראַפיע אויף ייִדיש (46 זייטן). דאָס אַרויס־

געבן פון דער פּאָזנאַנסקי־מאָנאָגראַפּיע איז געווען אַן אָנהייב פון אַ ווייטער־דיקער ענגער צוזאַמענאַרבעט צווישן באַלאַבאַנען און מ. י. פרידן. וועגן דער דאָזיקער צוזאַמענאַרבעט וועט זיין די רייד אין קומענדיקן קאַפּיטל.

דאָס יאָר 1924 האָט ווידער געבראַכט ענדערונגען אין באַלאַבאַנס פּער־זענלעכן לעבן. ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער שטעלע אין „תחכמוני". כּדי צו פאַרדינען אויף חיונה האָט ער געמוזט זיך אומקערן צו אַ לערער־שטעלע. זיין הויפּטשטעלע איז דאַן געווען אין דער גימנאַזיע „אסכּלה".

## ח

## קראים און פראַנקיסטן

ד"ר באַלאַבאַנס באַקאַנטשאַפט מיט מ. י. פרידן האָט אין יאָר 1924 אַרויסגעגעבן ווייטערדיקע ליטעראַרישע פּירות. זיי האָבן זיך צוזאַמענגע־רעדט וועגן אַרויסגעבן אַ חודש־זשורנאַל פאַר יידיש וויסן. ד"ר באַלאַבאַן האָט איבערגענומען די רעדאַקציע, מ. י. פריד — די טעכנישע און אַדמיניס־טראַטיווע זייט פונעם געשעפט. ווי דער געלטגעבער איז צוגעצויגן געוואָרן דער גוטבאַקאַנטער וואַרשעווער באַנקיר און געזעלשאַפטלעכער טוער, רפאל שערעשעווסקי, וואָס איז באַשטימט געוואָרן ווי דער אָפיציעלער אַרויסגעבער פונעם זשורנאַל.

דער זשורנאַל האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין יוני 1924 אונטערן נאָמען „נאָווע זשיטשע" (דאָס נייע לעבן). אויפן שער־בלאַט איז אָנגעשריבן, אַז דער זשורנאַל איז געווידמעט דער יידישער וויסנשאַפט, ליטעראַטור און קונסט. די כּוונה איז געווען אַריינצופירן דעם לייענער, וועלכער האָט בלויז געלייענט פּויליש, אין די אוצרות פון אונדזערע שאַפונגען אויף העברעיש און יידיש. אַ ריי וווּנדערפולע איבערזעצונגען פון ביאַליקן, פּרצן, שלום עליכמען א"אַ זיינען אַריין אין די 6 העפטן פונעם זשורנאַל. אויך רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען וועגן נייע ווערק.

באַלאַבאַן אַליין האָט געטאָן די גאַנצע רעדאַקציע־אַרבעט. ער האָט געשריבן רעצענזיעס, נאָטיצן, נעקראָלאָגן וכד'. אָבער חוץ דעם האָט ער אין די העפטן פון „נאָווע זשיטשע" פאַרעפנטלעכט 4 זעלבשטענדיקע היסטאָ־רישע אַרבעטן, פון וועלכע איינע בלויז: „די געטאָס פון פּוילישע שטעט —

לובלין" איז אַן איבערגעזעצטער קאַפּיטל פון „די יידנשטאָט לובלין". די איבעריקע דריי זיינען געווען נייע אַרבעטן, וואָס זיינען אינעם זשורנאַל דערשינען דאָס ערשטע מאָל. די דאָזיקע דריי אַרבעטן זיינען: „די קראים אין פוילן"; „שולן־פעסטונגען אויף די מיזרחדיקע קאַנטן פון פוילן"; „שמשון ווערטהיימער. דער הויף־באַנקיר פונעם קייסער לעאָפּאָלד דער ערשטער און אויגוסט דער צווייטער, גאָמינירטער רב פון קראָקע".

דער זשורנאַל „נאָווע זשיטשע" האָט נישט געהאַט קיין אַריכות־ימים. ער איז געשלאָסן געוואָרן נאָכן זעקסטן העפט, וועלכער איז דערשינען מיט דער דאַטע פון דעצעמבער 1924. דעם זשורנאַל האָבן געפעלט מאַטעריעלע יסודות, וואָס דאַרף צוגעשריבן ווערן דעם דעמאָלטיקן קריזיס, אַרויסגערופן דורך גראַבסקיס שטייער־רעפּרעסיעס קעגן דעם יידישן סוחרטום אין פוילן.

פון די פיר היסטאָרישע אַרבעטן, וואָס באַלאַבאַן האָט געדרוקט אין „נאָווע זשיטשע" איז די אַרבעט וועגן די קראים אין פוילן די גרעסטע און די וויכטיקסטע. עס קאָן קיין ספק נישט זיין וועגן דעם, אַז דאָס נענטערע באַקענען זיך מיט די ווערק פון הרב ד"ר פּאָזנאַנסקי האָט באַלאַבאַנען געגעבן דעם געדאַנק אויסצופאָרשן די קראים־פראַגע. אָבער פון דער צווייטער זייט איז אויך קלאָר, אַז באַלאַבאַנס אַרבעט איז פון אַ גאַנץ אַנדערן מין, ווי עס זיינען געווען די אַרבעטן פון ד"ר פּאָזנאַנסקי. בעת ד"ר פּאָזנאַנסקי האָט זיך אינטערעסירט, דער עיקר, מיט קראַישע געלערנטע (ער האָט געהאַט אַנגעזאַמלט אַ קאַרטאָטעקע פון אַ גרויסער צאָל געלערנטע מיט זייערע ביאָגראַפיעס וכד'), האָט באַלאַבאַן אָנגעשריבן אַ ממשותדיקע היסטאָרישע אַרבעט, אין וועלכער ער האָט באַרירט אַ ריי אָנגעווייטיקטע וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ער האָט דערביי געווּמען אַ גאַנץ מוטיקע שטעלונג צו זיי און דערמיט האָט ער אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט אין די קרייזן פון דער קראַישער אינטעליגענץ.

די צאָל פון די קראים אין פוילן איז אין אַלע צייטן געווען אַ קליינע. אין יאָר 1939 האָט זייער צאָל אין פוילן באַטראָפן סך־הכּל עטלעכע הונדערט און אין גאַנץ רוסלאַנד — לויט דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1897 — אַן ערך 13,000 נפשות. אויפן שטח פון פוילן זיינען קראַישע קהילות געווען אין אָט די שטעט:

1. לעמבערג — די דאָזיקע קהילה האָט עקסיסטירט ביז אַן ערך דעם 16טן י"ה. דעמאָלט זיינען די לעמבערגער קראים אַריבער קיין האַליטש.

2. האַליטש — שפּורן פון דער דאָזיקער קהילה גייען צוריק צום יאָר 1488, אָבער אַ גרעסערע קהילה איז דאָרט געווען ערשט אין 16טן י״ה. באַלאַבאַן שטיצט זיך אויף דער אַרבעט פון ראובן פאַהן, וועלכער איז דער היסטאָריקער פון די האַליטשער קראים. פאַהן דערציילט, אַז אין יאָר 1640 איז פון ירושלים אַראָפּגעקומען קיין האַליטש דער חזן (ביי די קראים איז חזן דאָס זעלבע, וואָס ביי אונדז רב) דוד. ער האָט זיך דערשראָקן פאַרן אויסער־געוויינטלעכן עם־הארצות פון די קהילה־מיטגלידער און איז באַלד אַוועק קיין ליטע. די האַליטשער קהילה האָט זיך קולטורעל אויפגעהויבן ערשט אין 19טן י״ה אַ דאַנק דעם חזן אַברהם לעאָנאָוויטש, וואָס איז געווען אַן אמתדיקער פאָלקס־פירער. ער האָט געקעמפט פאַר פאָליטישע רעכט פון די קראים, ער האָט סטימולירט בילדונג און האָט אָנגעהאַלטן נאָענטע באַציִונגען מיט די משׂכּילים.

3. קוקיזאָוו — די דאָזיקע קהילה איז אַנטשטאַנען אין 17טן י״ה און איז אונטערגעגאַנגען ביים אָנהייב פון 19טן י״ה. דאָרט האָט געלעבט אַ באַוווּסטער קראַישער געלערנער, מרדכי בן ניסן.

4. לוצק — איז די צווייטע עלטסטע קראַישע קהילה אין פּוילן. די קראים דערציילן, אַז קיין פּוילן האָט זיי געבראַכט דער ליטווישער פירשט, וויטאָלד. בעת זיין צווייטן מלחמה־מאַרש קעגן די טאָטערן אין קרים, האָט ער פון דאָרט אַראָפּגעבראַכט אַ צאָל פון קראַישע משפחות און זיי באַזעצט אין ליטע. די לוצקער קראים דערציילן וועגן אַ פּריווילעגיע, וואָס וויטאָלד האָט זיי געזאָלט געבן אין יאָר 1388. אָבער די פאָרשונגען באַשטעטיקן נישט די עקסיסטענץ פון אַזאַ פּריווילעגיע. פון די אַקטן דרינגט אַרויס, אַז די קראַישע קהילה אין לוצק האָט זיך עטאַבלירט ערשט נאָכן אומקערן זיך פון די ליטווישע ייִדן פון גירוש. אין דער צייט פונעם קעניג זיגמונט דער ערשטער (1503) ווערט אין די אַקטן דאָס ערשטע מאָל געמאַכט אַן אונטער־שיד צווישן ראַבאַניטן און קראים אין לוצק.

די לוצקער קראים האָבן זייער שטאַרק געליטן פון כמעלניצקיס באַנדעס. פונעם דאָזיקן חורבן האָט זיך די דאָזיקע קהילה מער נישט געקאָנט אויפ־הויבן. אינעם 18טן י״ה איז זי ווייטער געפאַלן אין צאָל. אין די צוואַנציקער יאָרן פונעם 19טן י״ה האָבן אַ סך קראים פון פּוילן אויסגעוואַנדערט קיין קרים. צווישן די אויסוואַנדערערס איז געווען כּמעט די גאַנצע לוצקער קהילה.

אין קרים האָט זיך דעמאָלט אַנטוויקלט ביי די קראים אַ שטאַרקע

קולטורעלע און ליטעראַרישע באַוועגונג. צווישן די דאָרטיקע געלערנטע זיינען געווען אייניקע, וואָס האָבן געשטאַמט פון די לוצקער עמיגראַנטן. צווישן זיי די הויפּט־טרעגערס פון דער קראַישער קולטור: מרדכי בן יוסף סולטאַנסקי און אַברהם פירקאָוויטש.

5. טראָקי — איז די עלטסטע און די חשובסטע קראַישע קהילה אין ליטע. וועגן איר זיינען שוין פאַראַן דאָקומענטן פונעם יאָר 1414. די ערשטע פּריווילעגיעס האָבן די טראָקער קראַים באַקומען פון די קעניגן קאַזימיעזש יאַגיעללאָנטשיק און אַלעקסאַנדער. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אויך אין דעם פאַל טראָקי ווערט נישט באַשטעטיקט די מעשׂה וועגן וויטאָלדן.

ביזן 17טן י״ה האָבן אין טראָקי געוווינט סיי „ראַבאַניטן" און סיי קראַים. אָבער די קראַים זיינען דאָרט אַלע מאָל געווען צאָלרייכער. אינעם 17טן י״ה זיינען די טראָקער קראַים אַרויס מיט אַ פּראָצעס פאַרן קעניגלעכן טריבונאַל. אויפן סמך פון זייערע פּריווילעגיעס האָבן זיי געפאָדערט, אַז די ראַבאַניטן זאָלן פאַרטריבן ווערן פון דער שטאָט. האָט דער קעניגלעכער טריבונאַל געפּסקנט, אַז ראַבאַניטן האָבן נישט קיין רעכט צו וווינען אין טראָקי.

במשך צוויי יאָרהונדערטער האָבן ייִדן נישט געוווינט אין טראָקי. ערשט ביים אָנהייב פונעם 19טן י״ה האָט זיך דאָרט באַזעצט אַ צאָל ייִדן, נאָר די קראַים האָבן ווידער גענומען פּראָטעסטירן ביי דער רוסישער מאַכט און די ייִדן האָבן געמוזט פאַרלאָזן טראָקי. ערשט נאָך דעם ווי די רוסישע באַגרענעצונגען פון ייִדישן וווינרעכט האָבן אָנגעהויבן צו ווערן מילדער, האָבן זיך ייִדן באַזעצט אין טראָקי.

זינט דעם 19טן י״ה איז די צאָל קראַים אין טראָקי כּסדר געפאַלן. אין יאָר 1879 זיינען שוין דאָרט די „ראַבאַניטן" אין אַ מערהייט (אַן ערך 1,000 ייִדן און 610 קראַים). אין 1897 זיינען דאָרט דאָ 1,112 ייִדן לגבי 337 קראַים, ביי אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 3,240 נפשות.

6. ווילנע — אַ נייע קהילה, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון די אויסגע־וואַנדערטע קראַים פון טראָקי. ביים סוף פונעם 19טן י״ה האָט די יוגנט פון טראָקי אָנגעהויבן מאַסנוויַיז זיך באַזעצן אין ווילנע. דאָרט האָט די דאָזיקע יוגנט שטודירט און דאָרט האָט זי זיך איינגעאָרדנט אין די אויסשטודירטע פּראָפעסיעס. ווילנע איז אַזוי אַרום געוואָרן דער צענטער פון דער קראַישער אינטעליגענץ אין פּוילן. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דאָזיקע

אינטעליגענץ אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל אויף רוסיש א״נ „קאַראַימסקאַיאַ זשיזן״ (קראַיִש לעבן) און זינט דעם יאָר 1924 פלעגט דער דאָזיקער זשורנאַל דערשיינען אויף פויליש און קראַיִש א״נ „מישל קאַראַימסקאַ״ קראַיִשער געדאַנק).

ס׳איז ביז גאָר אינטערעסאַנט די אָרגאַניזאַציע פון די קראַיִשע קהילות אינעם אַמאָליקן פוילן. פאַר דער צעטיילונג פון פוילן האָבן זיי פונקט ווי יידן געהאַט זייער אויטאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע. דער הויפט פון דער קהילה איז געווען דער „וואָיט״ (עלטסטער), וועלכער איז אויך געווען דער שופט און דער איינמאָנער פון אַלע מלוכישע שטייערן. די איינגעמאָנטע שטייערן האָט ער געדאַרפט איינצאָלן דעם ועד אַרבע ארצות (אין קרוינפוילן) אָדער דעם ועד פון ליטע (אין ליטע). לויט דעם מלוכישן שטייער־סיסטעם זיינען די קראָים געווען אַריינגערעכנט צוזאַמען מיט די יידן.

נאָך דער צעטיילונג פון פוילן, איז ביי די קראָים ליקווידירט געוואָרן דער אַמט פון „וואָיט״. אויף די רוסישע טעריטאָריעס איז די קראַיִשע קהילה געבליבן בלויז די באַזאָרגערין פון די רעליגיעזע באַדערפעניש פון אירע מיטגלידער. די פראַגע פון דער קראַיִשער גייסטלעכקייט איז אין יאָר 1839 רעגולירט געוואָרן דורך דער רוסישער רעגירונג. לויט דער דאָזיקער רעגולאַציע האָט די קראַיִשע גייסטלעכקייט באַקומען די זעלבע רעכט, וואָס עס האָט געהאַט די מאַכמעדאַנישע גייסטלעכקייט אין רוסלאַנד. דער הויפט־גייסטלעכער איז דער „חכם״, וועמען עס אונטערליגן די „חזנים״ (רבנים) פון די באַזונדערע קהילות. די רוסישע מאַכט האָט באַשטימט צוויי צענטערס, ווו עס זיינען געווען די „חכמים״: אין קרים פאַר אַלע קראַיִשע קהילות אינעם עצמדיקן רוסלאַנד און אוקראַיִנע און אין טראָקי פאַר די קהילות אין ליטע.

דער חכם האָט נישט געדאַרפט זיין קיין געלערנטער. ער האָט געדאַרפט זיין רייך, אָנגעזען און איינפלוסרייך. אויף זיין אַמט, וואָס איז נישט געווען קיין געצאָלטער, פלעגט ער ווערן אויסגעקליבן דורך די קהילות. די חזנים האָבן שוין געמוזט זיין געלערנט און זיי פלעגן, דאָס רוב, באַקומען שכירות פון זייערע קהילות. אַ שוחט ווערט ביי די קראָים גערופן „רבי״, אַ שול הייסט ביי זיי „קענעסע״ און אַ תלמוד־תורה — „מעדראַס״.

אַ מאָדנע געשיכטע פון די קראַיִם האָבן צוזאַמענגעשטעלט זייערע געלערנטע. זיי זאָגן, אַז די קראָים שטאַמען פון רחבעמען פון דעם זון פון שלמה המלך, בעת די „ראַבאַניטן״, ד״ה אַלע יידן, שטאַמען פון ירבעם בן נבט.

שפּעטער האָבן די קראַיִשע געלערנטע זיך מישב געווען און געביטן זייער טעזע וועגן דעם אָפּשטאַם. אין דער צייט פון די חשמונאישע מלכים — האָבן זיי געטענהט — האָט שמעון בן שטח געשאַפן דעם ראַבאַניזם און יהודה בן טבאי דעם קראַיִזם. ס׳איז קלאָר, אַז ביידע טעזעס זיינען אַ פול־שטענדיקער אומזין.

וואָס ס׳איז שייך די פּויליש־ליטווישע קראַים, האַלטן זייערע געלערנטע, אַז אַ מאָל זיינען די קראַים געווען דער רוקנביין פונעם פּויליש־ליטווישן ייִדנטום און די ייִדן זיינען געווען נישט מער ווי אַ צוגאָב צו זיי. געקומען זיינען די קראַים פון קרים און געבראַכט האָט זיי דער פירשט וויטאָלד, וואָס איז געווען אַ קוזין פונעם קעניג וולאַדיסלאַוו יאַגעללאָ. די דאָזיקע מעשׂה דערציילט סיי אַברהם לעאָנאָוויטש און סיי סולטאַנסקי. דערביי פאַרדרייען זיי די פּרימיטיוויסטע היסטאָרישע דאַטעס, וואָס מען געפינט זיי אין יעדן לערנבוך פון אַ פּוילישער עלעמענטאַרער שול. לויט זיי האָט וויטאָלד געזאָלט לעבן אינעם 13טן י״ה און דער קעניג וולאַדיסלאַוו יאַגעללאָ האָט געזאָלט זיין דער זון פון דער קעניגין באָנאַ. (אין דער אמתן איז באָנאַ געווען די פרוי פון קעניג זיגמונט דער ערשטער, וועלכע איז געווען וולאַדיסלאַווס אייניקל.)

דער גרעסטער געלערנטער ביי די קראַים איז געווען אַברהם פירקאָוויטש (1785—1874). ער האָט דורכגעפירט גרויסע אויסגראָבונגען אין ארץ־ישׂראל און אין קרים (טשופוס קאַלע), בעת וועלכע ער האָט געפונען גאָר וויכטיקע כּתב־ידן און אַלטע קברים מיט אָנשריפטן (עפּיטאַפיעס). פירקאָוויטשס אויסגראָבונגען האָבן אין יענער צייט גורם געווען אַן אמתע איבערקערעניש אין דער גאַנצער געשיכטע־אויפפאַסונג. ער האָט נעמלעך אַנטדעקט, אַז ייִדן זיינען געקומען אויפן האַלבאינדזל קרים נאָך אינעם 6סטן י״ה פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג, אַז זיי האָבן דאָרט אויפגעבויט אַ גרויסע קולטור, אַז יצחק סאַנגאַרי, וועלכער האָט די כּוזרים געבראַכט צום ייִדנטום, איז געווען אַ קראַי און אַזוי אַרום זיינען אויך די כּוזרים געווען קראַים.

אויף פירקאָוויטשס אויספאָרשונגען האָט זיך סומך געווען מאַקסימיליאַן גומפּלאָוויטש, בעת ער איז אַרויס מיט זיין כּוזרים־טעאָריע. די זעלביקע אויספאָרשונגען האָט אויך אין אַ געוויסער מאָס אויסגענוצט ד״ר יצחק שיפּער ביי זיינע באַגרינדונגען וועגן דער איינוואַנדערונג פון כּוזרישע ייִדן קיין פּוילן און אין די אַרומיקע לענדער.

אָבער די מעשׂה מיט פירקאָוויטשן איז נישט געווען אַזוי פּשוט ווי עס

וואָלט זיך געקאָנט דאַכטן, אין זיין הויפּטווערק, וואָס הייסט „אבני זכרון" און ווו עס ווערט דערציילט וועגן די אַלע אויסגראָבונגען, מאַכט פירקאָוויטש דעם זעלביקן פעלער, וואָס סולטאַנסקי. אויך ביי אים איז יאַגעללאָ דער זון פון באָנאַ. עס ווערט קלאָר, אַז ער האָט אָפּגעשריבן פון סולטאַנסקין און איז אַפילו נישט געווען אין שטאַנד צו פאַרריכטן סולטאַנסקיס גרייזן. פירקאָ־וויטשס ווערק האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין די קרייזן פון די יידישע היסטאָריקערס. אַ טייל האָט זיך גלייך געשטעלט אויף זיין זייט און האָט אים געשטיצט. צווישן די אָנהענגערס איז געווען בצלאל (וואַסיל) שטערן, דער פרינציפּאַל פון דער יידישער שול אין אָדעס (געשטאַמט פון טאַרנאָפּאָל, גאַליציע) און דער באַוווסטער געלערנטער דניאל כוואָלסאָן, וועלכער האָט אין זיין ווערק „אַכצן העברעישע גראַבשריפטן אויס דער קרים" (דייטש) געגעבן פירקאָוויטשן דעם וויסנשאַפטלעכן אַטעסטאַט.

אָבער אין דער זעלביקער צייט האָבן זיך געפונען אַנדערע געלערנטע, וואָס האָבן זיך מיט ספקות באַצויגן צו פירקאָוויטשס אַנטדעקונגען. צווישן זיי זיינען געווען גייגער, צונץ און לוצאַטאָ. זיי האָבן אָבער אַלע נישט פאַרמאָגט דעם אַנטשפּרעכנדיקן מאַטעריאַל, כדי אַרונטערצורייסן פירקאָ־וויטשס ווערק. די אמתדיקע באַמבע האָט געפּלאַצט ערשט אין יאָר 1876, דאָס הייסט דעמאָלט ווען פירקאָוויטש איז שוין זינט צוויי יאָר נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. אין יענעם יאָר איז אַלבערט האַרקאַווי אַרויסגעקומען מיט אַ ווערק א״נ „אַלטיידישע דענקמעלער אויס דער קרים מיטגעטיילט פון אַברהם פירקאָוויטש" (דייטש), אין וועלכן ער האָט פאַרגעוואָרפן פיר־קאָוויטשן, אַז ער האָט בכיוון געפעלשט טעקסטן און אַ סך זאַכן סתם אויס־געטראַכט פונעם קאָפּ. דאָס אַלץ, האָט האַרקאַווי געזאָגט, איז געטאָן געוואָרן, כדי אויפצוהויבן דעם כבוד פון די קראָאים.

דער גאַנצער סיכסוך האָט אין יענער צייט פאַרשאַפט אַ סך בייז בלוט אין די באַציִונגען צווישן יידן און קראָאים. פירקאָוויטש איז דורך די קראָאים געווען ממש פאַרגעטערט און די דאָזיקע באַציִונג צו אים מצד זיינע גלויבנס־ברידער האָט זיך נישט געענדערט אויך נאָך האַרקאַוויס אַנטפּלעקונגען. ד״ר מאיר באַלאַבאַן האָט זיך אין זיין ווערק „די קראָאים אין פּוילן" אין גאַנצן אידענטיפיצירט מיט האַרקאַוויס שטעלונג. פּסלענדיק אַלע דריי קראָאישע היסטאָריקערס: לעאָנאָוויטשן, סולטאַנסקין און פירקאָוויטשן, האָט באַלאַבאַן באַקומען אַ שטאַרקן ענטפער מצד די קראָאים. מיט באַלאַבאַנען האָט פאָלע־

מיזירט אַנאַניאַש זאַיאָנטשקאָווסקי, דער קאַראַימישער פּראָפעסאָר פון דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. דער דאָזיקער פּראָפעסאָר איז אָבער נישט געווען ביכולת אָפּצושלאָגן די אַטאַקעס נישט פון באַלאַבאַנען און נישט פון האַרקאַווין.

אין דער פראַגע פון קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן ייִדן און קראַים אין פוילן דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז זיי זיינען קיין מאָל נישט געווען קיין באַזונדערס גוטע. די קראַים פלעגן זיך שטענדיק באַמיִען צו דערווייזן דער מאַכט, אַז זיי זיינען נישט קיין ייִדן און זיי פאַרדינען אַ בעסערע באַהאַנדלונג ווי די ייִדן. זיי פלעגן טאַקע אָפּט אויספּירן. די צאַרישע מאַכט, למשל, האָט לגבי זיי נישט אָנגעווענדט די אַלע באַגרענעצונגען, וואָס האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן פון די ייִדן אין רוסלאַנד. אויך אין דער צייט פון חורבן היטלער זיינען די קראַים צום גרעסטן טייל פאַרשוינט געוואָרן פון אומקום. זיי האָבן געטענהט פאַר דער געסטאַפּאָ, אַז זיי זיינען נישט קיין ייִדן. האָט די געסטאַפּאָ אָנגעפרעגט וועגן זיי אַ מיינונג ביי ייִדישע געלערנטע, צווו״אַ אויך ביי ד״ר מאיר באַלאַבאַנען. די ייִדישע געלערנטע האָבן איינשטימיק באַשטעטיקט די טענות פון די קראַים, דהיינו, אַז זיי זיינען נישט קיין ייִדן. אַזוי האָט די מערהייט פון די קראַים אויסגעמיטן דעם טרויעריקן גורל, וואָס האָט געטראָפן די ייִדן אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

אַלע זיינע אַרבעטן, וואָס זיינען אינעם יאָר 1924 דערשינען אין „נאָווע זשיטשע״ האָט באַלאַבאַן צוזאַמענגעקליבן און שפּעטער אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדער בוך א״נ „היסטאָרישע שטודיעס״ (דערשינען אין פאַרלאַג פון מ. י. פרייד, 1927, פּויליש). אינעם דאָזיקן בוך איז חוץ די אַרבעטן פון „נאָווע זשיטשע״ אַריין נאָך אַ קליינע צאָל אַנדערע אַרבעטן, ווי למשל „די מויער פון מיכאַלעוויטש — אַפּענדיק״, „די געשיכטע פון די ברידער רייצעס פון לעמבערג״, „די געשיכטע פון ייִדן אין אָלקוש און אַנדערע קהילות פון דער קראָקעווער געגנט״ און „אַריה לייב קאַלאַהאָראַ״. אין דער לעצטער אַרבעט ווערט דערציילט וועגן דעם קידוש־השם אין דער שטאָט פּויזן אין די יאָרן 1736—1740. די פּויזנער ליניע פון דער באַוווסטער קראָקעווער משפחה קאַלאַהאָראַ האָט אויך געגעבן אַ קדוש. אַריה לייב קאַלאַהאָראַ איז געווען אין פּויזן דער דרשן און דער אמתדיקער פירער פון דער קהילה. ווען מען האָט דאָרט אַ מאָל געפונען אַ טויט קריסטלעך קינד, האָט מען די ייִדן באַשולדיקט אין עלילת־דם. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרן די פירערס פון

דער קהילה: דער דרשן קאַלאַהאַראַ און דער שתדלן, פינקעסעוויטש. בעת דער „אויספאַרשונג" האָט מען די בײדע פאַרפײניקט צום טויט.

עס וועט נאָך אינטערעסאַנט זײַן זיך אָפּצושטעלן אויף דער רעצענזיע, וואָס באַלאַבאַן האָט אָנגעשריבן וועגן אָפּאַטאָשוס „אין פוילישע וועלדער" (געדרוקט אין „נאָווע זשיטשע" און אין די „היסטאָרישע שטודיעס"). אין דער דאָזיקער רעצענזיע קומען צום בולטסטנס צום אויסדרוק סײ באַלאַבאַנס צוגאַנג צו ליטעראַטור־קריטיק און סײ די מעטאָדן, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך אין זײַנע רעצענזיעס. די רעצענזיע וועגן „אין פוילישע וועלדער" טראָגט דעם נאָמען „ערב דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד" און זי אַנטהאַלט, דער עיקר, אַ גרינטלעכן אַנאַליז פונעם היסטאָרישן הינטערגרונט פון אָפּאַטאָשוס ראָמאַן. עס ווערן אַנאַליזירט סײ די געשעענישן, וועגן וועלכע אָפּאַטאָשו דערציילט און סײ די פּערסאָנאַזשן, וועלכע ער פירט אַרײַן אין דער אַקציע. עס דערגייט אַזוי ווייט, אַז ווען באַלאַבאַנען דאַכט זיך, אַז איינע פון די עפּיזאָדיש געשיל־דערטע פּערזאָנען איז אַ היסטאָרישע, פוילט ער זיך נישט, און שרייבט אָן אַ בריוול צו אָפּאַטאָשון קיין אַמעריקע מיט אַן אָנפראַגע צי זײַן חשד איז אַ ריכטיקער. האָט אָבער אָפּאַטאָשו געענטפערט, אַז ניין. די דאָזיקע פּערזאָן איז אַ פולשטענדיק ליטעראַרישע, ד"ה אַן אויסגעטראַכטע, געשילדערט לויט דער פאָרשטעלונג פונעם מחבר. מיט אַן ענלעכן צוגאַנג און פּינקטלעכקייט האָט באַלאַבאַן באַהאַנדלט אַלע אַנדערע ווערק, וועגן וועלכע ער האָט געשריבן אין זײַנע רעצענזיעס.

אין די יאָרן 1925—1930 פאַרשטאַרקט זיך באַלאַבאַנס אינטערעס פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. חוץ וועגן אָפּאַטאָשון שרייבט ער רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען וועגן אַנדערע ייִדישע שרײַבערס. עס פאַרגרעסערט זיך אויך די צאָל פון זײַנע ווערק געשריבן אויף ייִדיש. ער דרוקט ווײַטער זײַנע אַרבעטן אין „היינט" און חוץ דעם קומט ער אויך אין פאַרבינדונג מיט די „ליטע־ראַרישע בלעטער", ווו ער דרוקט צוו"אַ אַן אָפּהאַנדלונג וועגן פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו. עס שאַפט זיך אויך אַ געוויסע פאַרבינדונג פון באַלאַבאַנען מיט דעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. אין די „היסטאָרישע שריפטן" פון ייִוואָ (ב. 1, 1929) פאַרעפנטלעכט ער אַ וויכטיקע און ביז דעמאָלט אומבאַקאַנטע זאַמלונג פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע. די דאָזיקע מאַטעריאַלן דרוקט ער אונטערן נאָמען „פון מײַן אַרכיוו".

אין יענער צייט איז באַלאַבאַן באַהערשט געווען פון דער אידעע אַריינ־צודרינגען מיט זיינע שאַפונגען צום ייִדיש־לייענענדיקן עולם. זיין חשבון איז געווען אַזעלכער: כמעט די גאַנצע ייִדיש־היסטאָריאָגראַפישע ליטעראַטור איז אָנגעשריבן אין פרעמדע שפּראַכן, דייטש, ענגליש, רוסיש און פויליש. דער ייִדיש־לייענער האָט על־פּי־רוב באַקומען קאָמפּילאַציעס, רעשטלעך אין אַזאַ פאַרוואַסערטער פאָרם, אַז ס׳איז פון דער אמתער פאָרשונג ווייניק געבליבן. האָט באַלאַבאַן געוואָלט פאַרריכטן די דאָזיקע נישט נאָרמאַלע לאַגע. ער האָט זיך פאַרמאָסטן אַרויסצוגעבן אויף ייִדיש דעם רוב פון זיינע ווערק, לכל־הפּחות די וויכטיקסטע פון זיי. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דערמיט וועט נאָך נישט געלייזט ווערן דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע, ווייל באַלאַבאַנס ווערק באַגרענעצן זיך צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן. אָבער פאַר אים איז קלאָר געווען, אַז אויב ער וועט דעם ייִדיש־לייענער געבן אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דער אָריגינעלער פאָרשונג פון דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן, וועט דאָס שוין אויך זיין אַ גרויסער אויפטו.

באַלאַבאַן האָט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן לכתּחילה אַ דריי־בענדיק ווערק אונטערן נאָמען „ייִדן אין פּוילן". אין ערשטן באַנד האָט ער געוואָלט געבן אַ סעריע בילדער פון אַמאָליקע פּרנסים און ראָשי הקהל, דערנאָך אַ ריי עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די אַמאָליקע גרויסע קהילות און צום סוף עפּיזאָדן פון די טרויעריקסטע תּקופות אין דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן: מלחמות פון כמעלניצקי, פון די שוועדן און רוסן. אינעם צווייטן באַנד האָט ער גערעכנט אַריינצוגעבן אַ ריי עלילת־דם־פּראָצעסן אין פּוילן אינעם 16טן ביזן 18טן י״ה און אינעם דריטן באַנד די געשיכטע פון דער ייִדישער מיסטיק: פון שבתי צבי ביז יעקב פראַנק. נאָך די דאָזיקע דריי בענד האָט באַלאַבאַן גערעכנט אַרויסצוגעבן נאָך ווייטערדיקע.

צום באַדויערן איז דער דאָזיקער פּלאַן נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן, אָדער ריכטיקער געזאָגט: ער איז נכשל געוואָרן נאָכן אַרויסגעבן פונעם ערשטן באַנד. די סיבות פונעם דאָזיקן דורכפאַל איז היינט שווער פעסטצושטעלן. מסתּמא האָבן זיי געהאַט אַ פינאַנציעלן אונטערגרונט.

דער ערשטער און איינציקער באַנד פון ד״ר באַלאַבאַנס זאַמלבוך פון פאָרש־אַרבעטן אויף ייִדיש אונטערן נאָמען „ייִדן אין פּוילן" איז דערשינען אינעם ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין אין יאָר 1930. אין פאַרגלייך מיט

די דריי ביז דעמאָלט דערשינענע זאַמלביכער פון פרט־אַרבעטן איז דאָס דאָזיקע לעצטע בוך גאַנץ גרויס אין פאַרנעם. עס אַנטהאַלט 340 זייטן.

אינעם בוך זיינען אַריין אַ ריי אַרבעטן, וועלכע זיינען שוין פריִער געדרוקט געוואָרן אויף יידיש. אַנדערע זיינען ספּעציעל פאַרן דאָזיקן בוך איבערגעזעצט געוואָרן פון פויליש אָדער דייטש. דאָס רוב פון די אַרבעטן זיינען אונדזער לייענער שוין באַקאַנט, ווייל זיי זיינען שוין דערמאָנט געוואָרן אין די פריִערדיקע קאַפּיטלען פון דער דאָזיקער מאָנאָגראַפיע. אין דעם ערשטן טייל פונעם בוך, וואָס הייסט „ראָשים און מנהיגים פון די אַלטע טיפן", געפינען זיך מאָנאָגראַפיעס וועגן שאול וואַהל; דעם שוועדישן פּענריך פּנחס בן אליעזר; ד"ר שמחה מיונה; בצלאל דער מוכסן פון רייסן; זלמן דער ראָש־הקהל פון דראָהאָביטש; לייבוש באַלאַבאַן דער לעמבערגער פּרנס־חודש.

אינעם צווייטן טייל, וואָס הייסט „פון אַלטע קהילות" זיינען פאַראַן עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די קהילות אין לעמבערג, קראָקע און לובלין. דער דריטער טייל איז געווידמעט דער געשיכטע פון די יידישע דרוקערייען אין פוילן. אַ קולטור־געשיכטלעכע טעמע ווערט אויך באַהאַנדלט אינעם 5טן טייל פונעם בוך. עס זיינען דאָרט פאַראַן צוויי אַרבעטן: „די פעסטונגשולן אויף די מיזרחדיקע ראַנדגעביטן פון פוילן" און „אונדזערע קונסט־ און קולטור־אוצרות". דער פערטער טייל אַנטהאַלט די אַרבעט וועגן נאַפּאָלעאָנען, וואָס איז געדרוקט געווען פריִער אין „היינט". דאָרט ווערט געשילדערט נאַפּאָלעאָנס באַציִונג צו די פראַנצייזישע יידן, ווי אויך די רעאַקציע פון די יידן אין פוילן אויף נאַפּאָלעאָנס פּרווו צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן.

אינעם יאָר 1927 האָט דער ווינער זשורנאַל „מנורה" (יידיש פאַמיליע־בלאַט פאַר וויסנשאַפט, קונסט און ליטעראַטור, דייטש) אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעל העפט אונטערן נאָמען „די יידן אין פוילן". דאָס העפט איז טאַקע אין גאַנצן געווידמעט געווען דער געשיכטע פון יידן אין פוילן און ד"ר מאיר באַלאַבאַן איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער אויסגאַבע. פון באַלאַבאַנס אייגענע אַרבעטן זיינען אין דער „מנורה" געדרוקט געווען אָט די: „פון געטאָ צו געטאָ — אַ וואַנדערונג איבער די גרויסע פוילישע שטעט", וואָס אַנטהאַלט עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די גרויסע יידישע קהילות און אַ גאָר אינטערעסאַנטע נייע אַרבעט אונטערן נאָמען „די פוילישע יידן אין די מעמוארן פונעם פוילישן אַדל". אין דער „מנורה" האָט באַלאַבאַן אויך פאַרעפנטלעכט 5 היסטאָרישע דאָקומענטן וועגן יידן אין פוילן, צווישן זיי

דעם אויפרוף פון בערעק יאָסעלעוויטש צו די ייִדן זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין דער אַרמיי פון קאָשטשושקאָ; דעם אָפּמאַך פון דער לעמבערגער קהילה מיט דער קאַטעדראַלער קאַפּיטולע פון יאָר 1611; דאָס פּראָגראַם פון הרב מייזעלס פון יאָר 1848.

די יאָרן 1925—1930 זיינען יאָרן פון אויפשטייג אין באַלאַבאַנס פּעדאַגאָגישער קאַריערע. אין דער דאָזיקער צייט הייבט ער אָן צו לייענען לעקציעס אין די וואַרשעווער הויכשולן. אין יאָר 1925 ווערט ער פּראָפעסאָר פון ייִדישער געשיכטע אין דער פרייער פּוילישער הויכשול, אין יאָר 1927 ווערט ער דאָצענט אין דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. צוזאַמען מיט ד״ר משה שאָר איז ער דער גרינדער און אָרגאַניזאַטאָר פונעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע, פון וועלכן ער איז געווען דאָצענט און שפּעטער אויך במשך איניקע יאָרן רעקטאָר. אין דער פּראָגראַם־אויסגאַבע פונעם דאָזיקן אינסטיטוט (די אויסגאַבע איז דערשינען אין יאָר 1927, ד״ה אַ יאָר איידער דער אינסטיטוט איז געעפנט געוואָרן) איז פאַראַן באַלאַבאַנס אַ גרעסערע אַרבעט אונטערן נאָמען „די ייִדישע וויסנשאַפט און אירע לערן־אַנשטאַלטן אין פּוילן״. אין אַלע שפּעטערדיקע אויסגאַבעס פונעם אינסטיטוט האָט זיך באַלאַבאַן באַטייליקט מיט זיינע אַרבעטן. אַ טייל פון די דאָזיקע אַרבעטן פאַרנעמען אַ גאָר חשובן אָרט אין באַלאַבאַנס שאַפונג און דערפאַר וועלן זיי באַזונדער באַטראַכט ווערן אין דער דאָזיקער מאָנאָגראַפיע.

אינעם יאָר 1930 פאַרנעמט שוין באַלאַבאַן אַ גאָר אָנגעזעען אָרט צווישן די פּוילישע היסטאָריקערס. ער ווערט איינגעלאַדן ווי אַ רעפערענט צום פינפטן צוזאַמענפאָר פון די פּוילישע היסטאָריקערס (וואַרשע, 1930). אין זיין רעפעראַט באַהאַנדלט ער די טעמע: „אויפגאַבן און נויטן פון דער היסטאָריאָגראַפיע פון ייִדן אין פּוילן״. די אינטענסיווע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין די הויכשולן האָט וואָרשיינלעך גורם געווען די אָפּשוואַכונג פון באַלאַבאַנס שרייבערישער פּראָדוקטיווקייט. אין די דרייסיקער יאָרן טרעפט מען שוין זעלטן באַלאַבאַנס אַרטיקלען אין די טאָגצייטונגען. די איינציקע צייטונג, מיט וועלכער ער איז געבליבן פאַרבונדן, איז געווען דער וואַרשעווער „נאַש פּזשעגלאָנד״. אין דער דאָזיקער צייטונג פלעגן כמעט רעגולער דערשיינען באַלאַבאַנס רעצענזיעס פון היסטאָרישע און אַנדערע ווערק, ווי אויך אַנדערע קלענערע אָפּהאַנדלונגען און אַרטיקלען.

אין די דרייסיקער יאָרן איז אין פּוילן דערשינען אַ ייִדישער חודש־

זשורנאַל אונטערן נאָמען „מיעסיענטשניק זשידאָווסקי״ (ייִדישער חודש־זשורנאַל), רעדאַקטירט דורך זיגמונט עלענבערג. אינעם דאָזיקן זשורנאַל זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די סאַמע ערנסטע פּראָבלעמען פונעם ייִדנטום און ער איז סיי פּובליציסטיש און סיי וויסנשאַפטלעך געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. באַלאַבאַן האָט זיך אינעם דאָזיקן זשורנאַל באַטייליקט מיט אַ ריי אַרבעטן, פון וועלכע עס דאַרפן דערמאָנט ווערן אַזעלכע ווי: „די היסטאָריאָגראַפיע און היסטאָריאָזאָפיע פון שמעון דובנאָוו״, „ווען און פון וואַנען זיינען די ייִדן געקומען קיין פּוילן״, „פּראָבלעמען פון דער ייִדישער היסטאָריאָזאָפיע אין שייכות מיט דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן״ א״אַ.

נאָך דער פּטירה פון הרב צבי הירש חיות האָט די ווינער קהילה באַשטעלט ביי באַלאַבאַנען אַ ספּעציעל בוך געווידמעט דעם אָנדענק פונעם פאַרשטאָרבענעם ווינער הויפּט־ראַבינער. באַלאַבאַן האָט צוזאַמענגעשטעלט דאָס דאָזיקע בוך, וואָס אַנטהאַלט אָפּהאַנדלונגען צום אָנדענק פון הרב חיות (צבי הירש חיות) און ס׳איז אין יאָר 1933 דערשינען אין ווין אונטערן נאָמען „אגרת רצה״ח״. עס פאַרמאָגט אַ דייטשן און העברעיִשן טייל. באַלאַבאַן האָט זייער גוט געקענט חיותן, געווען מיט אים נאָענט באַפריינדט זינט די יונגע יאָרן און איז באַהאַוונט געווען אין אַלע זיינע ווערק און שאַפונגען. דער פאַקט, וואָס די ווינער קהילה האָט זיך וועגן דעם ענין געווענדט צו באַלאַ־באַנען קיין וואַרשע (בלי ספק, האָבן אין ווין אויך נישט געפעלט קיין גוטע קענערס פון הרב חיותס שאַפונגען), זאָגט עדות אויף דער הויכער פּאָזיציע, וואָס באַלאַבאַן האָט פאַרנומען אין דער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער וועלט, נישט בלויז אין פּוילן, נאָר אויך מחוץ פּוילן.

אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין באַלאַבאַנס שאַפונגען פאַרנעמען זיינע אַרבעטן וועגן די מיסטישע באַוועגונגען ביי ייִדן אין פּוילן, באַזונדערס די אַרבעטן וועגן יעקב פראַנק און די פראַנקיסטן. מיט דער דאָזיקער טעמע האָט זיך באַלאַבאַן אָנגעהויבן אינטערעסירן נאָך אין זיינע גאָר יונגע יאָרן. חנוך האַלפּערן דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן באַלאַבאַנען (ייִוואָ־בלעטער, באַנד 27, נ״ר 2, זומער 1946), אַז אין דער צייט ווען באַלאַבאַן איז ווי אַ לערער פון דער באַראָן־שול געווען אין גלינע, האָט ער דאָרט געפונען שפּורן פון אַמאָליקע פראַנקיסטן און דאָס האָט אים אַ שטויס געגעבן צו פאָרשן די דאָזיקע טעמע.

די ערשטע אַרבעט וועגן די פראַנקיסטן האָט באַלאַבאַן פאַרעפנטלעכט

אין 1911, זי הייסט: „דער אָפיציעלער פּראָטאָקאָל פונעם פראַנקיסטן־דיספּוט אין לעמבערג (17 יולי — 10 סעפּטעמבער 1759)" און איז אַריין אין זיין ערשטן זאַמלבוך פון פּרט־אַרבעטן „סקיצן און שטודיעס צו דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן" (בערלין, דייטש). פון דער דאָזיקער אַרבעט איז צו זען, אַז אין דער צייט, ווען ער האָט זי געשריבן, האָט ער נאָך נישט באַוויזן אַריינצודרינגען טיפער אין דעם פּראָבלעם פון די פראַנקיסטן. ער שטיצט זיך אויף די צוויי עיקרדיקע ווערק וועגן די פראַנקיסטן, אויף גרעצס „פראַנק און די פראַנקיסטן" (ברעסלע, 1868, דייטש) און אויף אַלעקסאַנדער קרויס־האָרס „פראַנק און די פּוילישע פראַנקיסטן" (ערשטע אויסגאַבע: קראָקע, 1895, פּויליש) און האַלט, אַז די צוויי ווערק, באַזונדערס דאָס ווערק פון קרויסהאָרן, גיבן אַ גענוגנדיקע באַלייכטונג פונעם פּראָבלעם.

אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז מיט זיין פאָרשונג־אַרבעט טיפער אַריינגעדרונגען אין דעם ענין, האָט ער געביטן זיין מיינונג וועגן די צווי עיקרדיקע ווערק, ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אין די דאָזיקע ביידע ווערק זיינען פאַראַן גאַנץ ערנסטע בלויזן, און אַפילו טעותן, וואָס דאַרפן אומבאַדינגט פאַרריכט ווערן. באַלאַבאַנס צווייטע אַרבעט וועגן די פראַנקיסטן, געדרוקט אין יאָר 1913 אין בערלינער „העתיד" אונטערן נאָמען „לתולדות התנועה הפראַנקית" (העברעיִש) ווייזט שוין אַרויס אַ מער קריטישע באַציִונג צו גרעצס און קרויסהאָרס ווערק.

די דאָזיקע קריטישע באַציִונג האָט זיך ביי באַלאַבאַנען נאָך מער פאַר־שטאַרקט נאָך דעם, ווי ער האָט זיך באַקענט מיט דער אַרבעט פון ד"ר אַברהם בראַווער, וועלכער האָט אין דער פּערל־ביבליאָטעק אין טאַרנאָפּאָל געפונען בער באָלעכאָווערס העברעיִשן כּתב־יד אונטערן נאָמען „דברי בינה". דער כּתב־יד האָט אַנטהאַלטן אַ באַריכט פונעם לעמבערגער דיספּוט מיט די פראַנקיסטן. אינעם דאָזיקן דיספּוט האָט זיך בער באָלעכאָווער אַקטיוו באַטייליקט. אַ געניטער קענער פון שפּראַכן האָט ער געדינט ווי דער איבערזעצער פאַר די רבנים, וואָס האָבן דיסקוטירט מיט די פראַנקיסטן. ער האָט אויך סטיליזירט אַלע שריפטלעכע מאַטעריאַלן, וואָס די רבנים האָבן געדאַרפט צושטעלן. זיין באַריכט האָט אַ זייער וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער פאָרשונג פון דער פראַנקיסטישער תקופה.

ד"ר בראַווערס אַרבעט איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1917 אינעם „השלוח", אָבער באַלאַבאַן האָט די דאָזיקע אַרבעט געקענט נאָך פון פאַר

דער ערשטער מלחמה פונעם כתב־יד. אַגב, האָט ער בראַוווערן געהאָלפן ביים באַאַרבעטן בער באָלעכאָווערס כתב־יד און בעת דער דאָזיקער אַרבעט איז ער געקומען צום אויספּיר, אַז די טעמע פראַנקיסטן פאָדערט נאָך וויטערדיקע פאָרשונגען. במשך די וויטערדיקע יאָרן האָבן איניקע היסטאָריקערס פאַר־עפנטלעכט נייע אַרבעטן וועגן די פראַנקיסטן. אין די דאָזיקע אַרבעטן האָבן זיי געוואָרפן אַ ניי ליכט אויף אַ טייל אָפּשניטן פון דער דאָזיקער ברייטער טעמע. אַזוי האָט, למשל, ד״ר מאַרק ווישניצער געשריבן וועגן דער ווענדונג פון די פראַנקיסטן אין אָפּענבאַך צו די יידן אין בראָד אינעם יאָר 1800 און ד״ר נ. מ. געלבער האָט באַלויכטן די צילן און וועגן פון דער פראַנקיסטישער פּראָפּאַגאַנדע אינעם יאָר 1800.

ד״ר באַלאַבאַן האָט פאַר זיך געשטעלט אַ פיל ברייטערע אויפגאַבע. ער האָט פון ס׳ניי גענומען שטודירן די מקורים, כדי צו קענען אויסבעסערן די גרייזן, וואָס עס האָבן געמאַכט די צוויי קלאַסישע היסטאָריקערס פונעם פראַנקיזם: ד״ר גרעץ און אַלעקסאַנדער קרויסהאַר. אינעם דאָזיקן גייסט איז שוין געשריבן באַלאַבאַנס סעריע אַרבעטן „לתולדות התנועה הפראַנקית חלק 2״, געדרוקט אין 1920 אין דער „הצפירה״. נאָך בולטער קומט די דאָזיקע כוונה צום אויסדרוק אין באַלאַבאַנס גרויסער אַרבעט אויף דייטש אונטערן נאָמען „שטודיעס און קוואַלן צו דער פראַנקיסטישער באַוועגונג אין פוילן״, דערשינען אין 1927 אינעם אָנדענקבוך לכבוד דעם פאַרשטאָרבענעם ראַבינער ד״ר שמואל פּאָזנאַנסקי.

פון די ספּעציעלע מקורים, אויף וועלכע באַלאַבאַן האָט זיך געשטיצט אין זיינע אַרבעטן וועגן דעם פראַנקיזם, האָט ער פאַרעפנטלעכט די פאָלגענ־דיקע: 1. אַ טייל פון בער באָלעכאָווערס זכרונות, דער עיקר אויסצוגן פונעם כתב־יד „דברי בינה״ — אין דער פוילישער איבערזעצונג (1922—1923) און 2. דעם באַריכט פון אַברהם פון שאַרגאָראָד, וואָס יעקב עמדען האָט אים אין יאָר 1769 איבערגעזעצט אויף העברעיִש און אַרויסגעגעבן אין אַלטאָנאַ אונטערן נאָמען „מעשׂה נורא בפּאָדאָליע״. דעם דאָזיקן באַריכט האָט באַלאַבאַן געדרוקט אין דער דייטשישער איבערזעצונג ווי אַ צוגאָב צו דער אַרבעט „שטודיעס און קוואַלן צו דער פראַנקיסטישער באַוועגונג אין פוילן״.

די פאָרשונג פון דער געשיכטע פון פראַנקיזם האָט באַלאַבאַן אָפּגעשלאָסן מיט זיין צווייבענדיקן בוך „לתולדות התנועה הפראנקית״, וואָס איז אין די יאָרן תרצ״ד—תרצ״ה (1934—1935) דערשינען אינעם פאַרלאַג „דביר״ אין

תל־אָביב. אינעם דאָזיקן בוך ווערן רעזומירט די מאַטעריאַלן, וואָס דער מחבר האָט אויסגענוצט אין די פריִער דערמאָנטע פּרט־אַרבעטן וועגן דעם פראַנקיזם. צוזאַמענגעשטעלט אין אַ סדר געבן זיי אַ שלימותדיק בילד פון יענער „משיחישער" באַוועגונג, וואָס האָט ייִדן אָפּגעקאָסט אַזוי פיל בלוט און קרבנות.

מיר וועלן זיך באַמיִען אויסצושיילן דאָס נייע וואָס באַלאַבאַן האָט מיט זיין ווערק אַריינגעבראַכט אין די ביז דעמאָלטיקע קענטעניש פונעם פראַנקיזם און באַזונדערס וואָס ער האָט מוסיף געווען צו גרעצן און קרויסהאַרן. וואָס שייך גרעצן איז קלאָר, אַז ער האָט זיך דורכויס באַנוצט מיט העברעיִשע מקורים. זיין הויפּט־מקור איז געווען דער שוין דורך אונדז דערמאָנטער באַריכט פון אַברהם פון שאַרגאָראָד. דערוויזט אָבער באַלאַבאַן אין זיין אַנאַליז פונעם דאָזיקן דאָקומענט, אַז די ידיעות וואָס זיינען דאָרט פאַראַנען, זיינען אויב נישט אין גאַנצן פאַלשע, איז יעדן פאַלס שטאַרק איבערגעטריי־בענע. אַברהם אַליין האָט נישט בייגעוווינט די געשעענישן. ער האָט געשריבן, וואָס ער האָט פון עמעצן געהערט און ער האָט ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק מגזם געווען. ער האָט נישט געוווּסט וועגן דעם דיספּוט אין קאַמעניעץ. וועגן דעם לעמבערגער דיספּוט האָט ער דערציילט אַז עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט 60 רבנים און דער בעל שם־טוב בתוכם. אויך האָט ער דערציילט וועגן מופתים, וואָס עס האָבן באַוויזן סיי די פראַנקיסטן און סיי די רבנים. די פראַנקיסטן, פאַרשטייט זיך, מיט דער הילף פונעם שׂטן, די רבנים מיט דער הילף פון השם יתברך.

ווי די סאַמע בולטסטע גוזמא האָט זיך אַרויסגעוויזן די מעשׂה מיט די 60 רבנים און מיטן בעל שם־טוב. אין די פאַרלאָזלעכע מקורים געפינען זיך בלויז נעמען פון 3 רבנים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם לעמבערגער דיספּוט. זיי זיינען: ר׳ חיים הכּהן ראַפּאָפּאָרט, דער לעמבערגער רב; ר׳ נאָטע משה, דער באָהאָראָדטשאַנער רב און ר׳ דוד אַברהם (אין בער באָלעכאָווערס זכרונות הייסט ער: דוב בער), דער סטאַניסלאַווער רב. וועגן דעם בעל שם־טוב איז אין ערגעץ נישט פאַראַן קיין רייד. חוץ דעם לייגט זיך נישט אויפן שׂכל, אַז דער גאון ר׳ חיים הכּהן ראַפּאָפּאָרט זאָל מסכּים זיין צום אָנטייל פונעם שעפער פון חסידות אין דער דעלעגאַציע.

ד״ר גרעץ האָט אַברהמס גוזמאות אָנגענומען פאַר אמת און ער האָט אָנגעגעבן אין זיין ווערק, אַז דער בעל שם־טוב האָט זיך באַטייליקט אינעם

דיספוט. נאָך גרעצן האָבן אַלע ביאָגראַפן פונעם בעל שם־טוב איבערגעחזרט די זעלבע זאַך און אַזוי האָט זיך געשאַפן די מעשׂה וועגן דעם בעל שם־טובס אָנטייל אינעם לעמבערגער דיספוט, אַ מעשׂה, וואָס האָט לחלוטין נישט קיין וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג.

אַלעקסאַנדער קרויסהאַר האָט זיך אין גאַנצן געשטיצט אויף פוילישע און לאַטייניש מקורים, דער עיקר אויף דער אַזוי גערופענער פראַנקיסטישער ביבל, וואָס איז אַ לאַנגע צייט נאָך פראַנקס טויט אָנגעשריבן געוואָרן פון איינעם אַ תּלמיד זיינעם אויף העברעיִש און איז דאַן פון עמעצן איבערגע־זעצט געוואָרן אויף פויליש. קרויסהאַר האָט געהאַט אין האַנט וויכטיקערע און מער זיכערע מאַטעריאַלן ווי די דאָזיקע „ביבל", אָבער צוליב אומפאַר־שטענדלעכע סיבות האָט ער די דאָזיקע מאַטעריאַלן איגנאָרירט און זיך סומך געווען דווקא אויף איר. די וויכטיקערע מאַטעריאַלן, וועגן וועלכע עס רעדט זיך, זיינען קודם כּל די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן פון די וויכּוחים אין קאַמעניעץ און לעמבערג. ס'איז פאַראַן אַ בוך פונעם פראַנציסקאַנער מאָנאַך, פאַטער גוידענטיוס פּיקולסקי (דער אָפיציעלער סעקרעטאַר פונעם וויכּוח) וואָס איז (אין דער צווייטער אויפלאַגע) דערשינען אין לעמבערג אין יאָר 1760. דאָס בוך האָט אַ זייער לאַנגן נאָמען: „יידישע רשעות קעגן גאָט און חבר, קעגן אמת און געוויסן, אויף צו באַלויכטן די תּלמודיסטן און ווייזן זייער בלינדקייט און זייער רעליגיע, וועלכע איז ווייט פונעם געטלעכן געזעץ געגעבן דורך משהן". אונטער דעם דאָזיקן נאָמען קומט אַ פולער פּראָטאָקאָל פונעם לעמ־בערגער וויכּוח און אַלע סימנים ווייזן, אַז דער דאָזיקער פּראָטאָקאָל איז אַן אמתדיקער. והאָ ראיה, בער באַלעכאָווער, ווען ער האָט אין זיינע „דברי בינה" געוואָלט געבן אַ באַריכט פונעם לעמבערגער דיספוט, האָט ער ווערטלעך איבערגעזעצט פּיקולסקיס פּראָטאָקאָל.

דער לעמבערגער וויכּוח (1759) איז געפירט געוואָרן אויפן גרונט פון זיבן טעזעס, וואָס די גלחים צוזאַמען מיט די פראַנקיסטן האָבן אויסגעאַר־שטעלט אויפן סדר־היום. די ערשטע זעקס טעזעס זיינען פון אַ ריין קאַטאָליש־דאָגמאַטישן כאַראַקטער, וואָס זאָגט עדות אויף דעם, אַז אין זייער צוזאַמענ־שטעלונג האָבן די פראַנקיסטן נישט געהאַט קיין שום חלק. די דאָזיקע טעזעס האָבן צוזאַמענגעשטעלט די גלחים. דאַקעגן די זיבעטע טעזע האָט געזאָגט: „דער תּלמוד לערנט, אַז קריסטלעך בלוט איז נייטיק, און ווער עס גלויבט אין תּלמוד, מוז עס נוצן". די דאָזיקע טעזע האָבן אויפגעשטעלט די פראַנ־

קיסטן, כדי נקמה צו נעמען אין די ייִדן פאַר די רדיפות וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פון די קהילות און רבנים.

דער הויפּטקאַמף איז, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען אַרום דער זיבעטער טעזע. די פאַרטרעטער פון די פראַנקיסטן: יהודה בן ראָזען קריס פון נאַדוואָרנע און שלמה בן אליה שאָר פון ראָהאַטין האָבן זייער טעזע געשטיצט מיט אַלע מיטלען, אָבער ר׳ חיים הכהן ראַפּאָפּאָרט האָט אין זיין ענטפער, וועלכן ער האָט געלייענט אויף דער שלוסזיצונג, צוריקגעשלאָגן אַלע אומ־זיניקע אַטאַקעס פון די פראַנקיסטן. די ייִדן האָבן מורא געהאַט, אַז אויב די גלחים וועלן פּסקענען, אַז די פראַנקיסטן האָבן געוווּנען דעם וויכּוח, דאָס מיינט, אַז ייִדן נוצן קריסטלעך בלוט, וועט דאָס אַרויסרופן אַ נייעם פּאָגראָם. דעריבער האָבן ייִדן גוט באַצאָלט די גלחים און דערמיט האָבן זיי געפּועלט, אַז דער פּאַרזיצער פונעם „קאָנסיסטאָריאַלן געריכט״, דער קאַנאָניק מיקולסקי, האָט באַלד נאָך דער רעפּליק פונעם לעמבערגער רב דערקלערט, אַז די ייִדן זיינען דורך די פראַנקיסטן באַזיגט געוואָרן אין אַלע טעזעס פון איינס ביז זעקס. דאַקעגן מכּוח דער טעזע זיבן וועט דאָס געריכט דעם פּסק אַרויסטראָגן שפּעטער. דאָס איז אָבער קיין מאָל נישט געשען.

אויב פאַרגלייכן די רעזולטאַטן פונעם לעמבערגער דיספּוט מיט די פונעם קאַמענעצער, וועלכער איז פאָרגעקומען מיט צוויי יאָר פריִער (1757), איז דער אויסגאַנג פונעם לעמבערגער אָן ספק מער לטובת ייִדן. אינעם לעמ־בערגער דיספּוט איז די גאַנצע זאַך, אַזוי צו זאָגן, געבליבן הענגען אין דער לופט. דאַקעגן האָט אין קאַמענעץ דער בישאָף דעמבאָווסקי אַרויסגע־געבן אַ גאָר שטרענגן פּסק איבערן תּלמוד. דער תּלמוד איז פאַרמישפּט געוואָרן פאַרברענט צו ווערן אויף אַ שייטערהויפן. דעם בישאָפס שליחים זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן ייִדישע שטיבער און האָבן פאַרכאַפּט ספרים. מען האָט דאַן די דאָזיקע ספרים געשלעפּט הינטער אַ פערד איבער די גאַסן פון קאַמענעץ און דערנאָך זיי פאַרברענט.

חוץ די באַשרייבונגען פון די צוויי וויכּוחים מיט די פראַנקיסטן זיינען אין באַלאַבאַנס ווערק פאַראַן נאָך אייניקע וויכטיקע מאָמענטן. אַזוי, למשל, שילדערט באַלאַבאַן אויף אַן אינטערעסאַנטן אופן אַ ריי געשעענישן, וועלכע האָבן צוגעגרייט פאַר די פראַנקיסטן דעם גינציקן באָדן, וואָס זיי האָבן געפונען אויף דער זייט פונעם פּוילישן קלער. צו די דאָזיקע געשעענישן געהערט דער עלילת דם־פּראָצעס אין צויזמער (1712), ווו דער משומד

סעראַפֿינאָוויטש האָט אָפּגעגעבן זיין גבית עדות קעגן דעם תּלמוד. וויטער־דיקע געשעענישן פֿון דעם מין זיינען געווען די עלילת־דם־פּראָצעסן אין זשיטאָמיר (1753) און יאַמפּאָל (1756), ווו די בישאָפֿן סאַלטיק און וואָלאָוויטש האָבן אָנגעפֿירט מיט די אינקוויזיציע־אויספֿאָרשונגען. בקרוב האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז די בישאָפֿן (באַזונדערס סאַלטיק) זיינען קאָרטן־שפּילערס און שיכּורים און זיי פּייניקן די ייִדן, כּדי פֿון זיי אויסצופּרעסן געלט.

אַ ייִד מיטן נאָמען אליקום בן אשר זעליג איז אַנטלאָפֿן פֿון דער יאַמ־פּאָלער תּפֿיסה. ער איז אָנגעקומען קיין אַלט־קאָנסטאַנטין, ווו ס'איז פּונקט פֿאָרגעקומען די סעסיע פֿונעם ועד ארבע ארצות און האָט דאָ דערציילט וועגן די גרוילן, וואָס קומען פֿאָר אין זיין היימשטאָט. דער ועד ארבע ארצות האָט טאַקע דעם זעלבן ייִד אָוועקגעשיקט קיין רוים מיטן שליחות צו זוכן פֿאַר ייִדן שוץ ביים פּויפּסט!

אליקום האָט זיך נאָך לאַנגע וואַנדערונגען דערשלאָגן קיין רוים. ער האָט פֿונעם פּויפּסט אַרויסבאַקומען שריפֿטלעכע באַשייניקונגען לטובֿת ייִדן. חוץ דעם האָט דער פּויפּסט באַפֿוילן זיין ספּעציעלן פֿאָרטרעטער אין לעמבערג צו פֿאַרהערן די צוויי בישאָפֿן: סאַלטיקן און וואָלאָוויטשן. אין יאָר 1758 איז טאַקע פֿאָרגעקומען דער פֿאַרהער פֿון די צוויי פֿאַרברעכערישע בישאָפֿן און זיי זיינען פֿאַרדאַמט געוואָרן סיי דורך דער קירכלעכער מאַכט און סיי דורכן בעסערן טייל פֿון דער פּוילישער געזעלשאַפֿט.

נאָך אַן אינטערעסאַנטן פֿאַקט האָט באַלאַבאַן געפֿונען אין די דאָקומענטן וועגן די פֿראַנקיסטן. דעם דאָזיקן פֿאַקט איז כּדאַי צו דערמאָנען, ווייל ער כאַראַקטעריזירט די לאַגע פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין יענער צייט. באַלאַבאַן האָט געפֿונען, אַז אליקומס רייזע־הוצאות, ווי אויך די הוצאות פֿון אַ וויכטיקער פּובליקאַציע, וועלכע האָט אַנטהאַלטן די פּויפּסט־לעכע באַשייניקונגען לטובֿת ייִדן, זיינען דורך קיינעם נישט צוריקגעצאָלט געוואָרן. די אַלע געשעענישן זיינען פֿאָרגעקומען פּונקט אין דער צייט, ווען דער ועד ארבע ארצות האָט געהאַלטן ביים באַנקראָטירן. די רעגירונג האָט באַשטימט אַ ליקווידאַציע־קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיטן רעגולירן די פֿינאַנצן פֿונעם ועד, דער עיקר פֿון די גרויסע חובֿות. האָט די דאָזיקע קאָמיסיע געפּסקנט, אַז די גאַנצע אַרבעט פֿון אליקומען איז געווען אַן אומנייטיקע און זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צוצושטימען וועלכע נישט איז הוצאות.

חוץ דעם פראַנקיזם האָט זיך באַלאַבאַן אינטערעסירט אויך מיט אַנדערע מיסטישע און פסעוודאָ־משיחישע באַוועגונגען. אינעם יובל־בוך לכבוד ד״ר משה שאָר (אַרויסגעגעבן דורכן יודאַיסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע, 1935, פויליש) האָט ער אָפּגעדרוקט אַ גרעסערע אַרבעט וועגן דער שבתי צבי־באַוועגונג אין פוילן. פאַרן מאָנומענטאַלן זאַמלווערק „יידן אינעם אויפגע־לעבטן פוילן״ (פויליש), וואָס איז אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר אַריה טאַרטאַקאָווער און אַלעקסאַנדער האַפטקאַ דערשינען אין וואַרשע במשך די יאָרן 1932—1935 האָט באַלאַבאַן באַאַרבעט די טעמע „מיסטיק און משיחישע באַוועגונגען ביי יידן אינעם אַמאָליקן פוילן״.

אין יאָר 1934 איז אונטער ד״ר באַלאַבאַנס רעדאַקציע דערשינען דער אָנדענק־אַלבום לכבוד בערעק יאָסעלעוויטשן. דער דאָזיקער אַלבום איז אַרויס־געגעבן געוואָרן צום 125סטן יאָרצייט פונעם העלדישן טויט פונעם גרינדער און קאָמענדאַנט פונעם יידישן לעגיאָן אין קאָשטשושקאָס אַרמיי. די דאָזיקע אויסגאַבע האָט חוץ וויסנשאַפטלעכע אַספּעקטן געהאַט אויך גאַנץ וויכטיקע פּאָליטישע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע צילן. געהאַנדלט האָט זיך אין דעם, אַז מ׳זאָל דערמאָנען און דערוויזן דער פּוילישער געזעלשאַפט, אַז יידן האָבן אין אַלע צייטן מיטגעקעמפט פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. אַזאַ מין אַרבעט האָט גע־דאַרפט אַרויסשטויסן אַ וויכטיק געווער פון די הענט פון די פּוילישע אַנטיסע־מיטן, וועלכע האָבן באַשולדיקט יידן אין פיינטשאַפט צו דער פּוילישער מלוכה.

אַ ריי פּוילישע היסטאָריקערס האָבן געמאַכט אַן „אַנטדעקונג״, אַז די מעשׂה מיט בערעק יאָסעלעוויטשן איז נישט מער ווי אַ לעגענדע. אין דער אמתן, האָבן זיי געטענהט, איז בלויז געווען אַ פּראָיעקט צו שאַפן דעם יידישן לעגיאָן, אַ פּראָיעקט, וואָס איז קיין מאָל נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין יענער צייט, ווען די פּוילישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן צו גיין אויף היטלערס דרכים מיט איר עפנטלעך־אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק, האָט דאָס אָנדענקבוך לכבוד בערעק יאָסעלעוויטשן געהאַט אַ באַזונדערע באַדייטונג, בפרט אַז עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט מיט אַרבעטן איניקע באַוווסטע פּוילישע היסטאָריקערס, וועלכע האָבן צעשטערט די „אַנטדעקונגען״ פון די אַנטיסע־מיטן און האָבן געשריבן וועגן בערעקן און זיין לעגיאָן ווי וועגן אמתדיקע פאַקטן. די פּוילישע היסטאָריקערס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם אָנ־דענקבוך זיינען געווען: ליוּנינסקי, גענעראַל קוקעל (דער אָפיציעלער היס־טאָריקער פון דער פּוילישער אַרמיי) און קאָנסול עמיל קיפּא.

באַלאַבאַן אַליין האָט אינעם אָנדענקבוך אַ זייער וויכטיקע היסטאָרישע אַרבעט אונטערן נאָמען „פוילישע ייִדן אין דער תּקופה פונעם גרויסן סיים און קאָשטשושקאָס אויפשטאַנד". די זעלבע אַרבעט, אין אַן אויסגעברייטער־טער פאָרעם, איז אַריין אויך אינעם צווייטן באַנד פון זיין געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע. חוץ דער דאָזיקער אַלגעמיינער היסטאָרישער אַרבעט, זיינען אינעם אָנדענקבוך אַריין נאָך באַלאַבאַנס קלענערע אַרבעטן, ספּעציעל אָנגע־שריבענע פאַרן אָנדענקבוך. די דאָזיקע דריי אַרבעטן זיינען : „דער אַמאָליקער נאָמען פון בערעקן אין זיין מיליטערישער דינסט", „דער אָנטייל פון פוילישע ייִדן אין די מלחמות פון 16טן ביזן 18טן י"ה" און „פוילישע ייִדן אין די לעגיאָנען און אין דער אַרמיי פונעם וואַרשעווער פירשטענטום".

אינעם אָנדענקבוך זיינען אויך אָפּגעדרוקט אַ סך ווערטפולע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות נישט בלויז צום ייִדישן לעגיאָן, נאָר אויך צו דער אַלגעמיינער געשיכטע פון קאָשטשושקאָס אויפשטאַנד. ס'איז אויך דאָרט פאַראַן אַ דערציילונג פון יוסף אָפּאַטאָשו אונטערן נאָמען „בערעק יאָסעלע־וויטש אין פּאַריז". דאָס אַלץ צוזאַמען מאַכט דאָס בוך זייער אינטערעסאַנט און ווערטפול.

דאָס דערשיינען פון בערעק יאָסעלעוויטשעס אָנדענקבוך קומט פאָר אין אַ צייט, ווען באַלאַבאַן איז אָנגאַזשירט אין אַ סך אַרבעטן סיי פּעדאַגאָגישע און סיי היסטאָריש־שריפטשטעלערישע. ער לייענט לעקציעס אויפן וואַרשע־ווער אוניווערסיטעט, אינעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט און אין דער פרייער הויכשול. ער לערנט אין גימנאַזיע, שבתים און ימים־טובים איז ער דער דרשן אין נאָזשיקס שול. ער שרייבט זיין וועכנטלעכן אַרטיקל פאַרן „נאַש פּשעגלאָנד", מאַכט די לעצטע קאָרעקטורן פון זיין מאָנומענטאַלן ווערק „די ייִדן אין קראָקע" און טוט נאָך אַ סך אַנדערע וויכטיקע אַרבעטן. דערביי איז ער שוין אַ מאַן אין די יאָרן. די ראיה איז ביי אים אָפּגעשוואַכט פון דער אַרבעט אין די טיפע נעכט אַריין און די כּוחות זיינען שוין נישט ווי אַ מאָל.

אויב באַלאַבאַן האָט זיך ביי אַזעלכע אומשטענדן אונטערגענומען צו־זאַמענשטעלן דאָס אָנדענקבוך, איז דאָס אַ סימן מובהק, אַז ער אַליין איז טיף איבערצייגט געווען אין דער פּאָליטישער חשיבות פון אַזאַ אויסגאַבע.

ט

## די געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע און קאַזשימיעזש

(1868—1304)

אין די טעג פונעם 21סטן ביזן 27סטן אויגוסט 1933 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען די סעסיע פונעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פון היסטאָרישער וויסנשאַפט. הגם דער דאָזיקער קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 1900 (אין פּאַריז), האָבן זיך אין אים ייִדישע היסטאָריקערס נישט באַטייליקט. אין יאָר 1933 אין וואַרשע איז צום ערשטן מאָל דערשינען אויפן קאָנגרעס אַן אָפיציעלע דעלעגאַציע פון ייִדישע היסטאָריקערס. דעם ייִוואָ האָבן רעפּרע־זענטירט: ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר רפאל מאַהלער און ד״ר עמנואל רינגעלבלום. חוץ דעם ייִוואָ האָבן זיך באַטייליקט אינעם קאָנגרעס די היסטאָריקערס: ד״ר מאיר באַלאַבאַן, פּראָפ. סאַלאָ באַראָן פונעם קאָלומביאַ־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק און פּראָפ. הלוי פון בוקאַרעשט.

דעם רעפעראַט וועגן ייִדישער געשיכטע האָט געהאַלטן ד״ר באַלאַבאַן. זיין טעמע איז געווען: די וואַנדערונג פון די ייִדישע קולטור־עלעמענטן פון דעם רהיין צו דער ווייסל און דניעפּער. דעם קאָרעפעראַט האָט געהאַלטן ד״ר שיפּער. ער האָט גערעדט וועגן די כּוזרים און דערקלערט, אַז די ייִדן אין פּוילן האָבן ייִדיש איבערגענומען פון די דייטשן, וועלכע האָבן קאָלאָניזירט די פּוילישע שטעט (מיר שטיצן זיך אויף אַ באַריכט פון ד״ר עמנואל רינגעל־בלום, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין „צוקונפט", אַפּריל־נומער, 1934).

אַרום יענער צייט האָט ד״ר באַלאַבאַן געפייערט דעם סיום פון זיין לעבנסווערק, „די געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע". ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, האָט ער איבערן דאָזיקן ווערק געאַרבעט קרוב 30 יאָר. אָנגע־הויבן האָט באַלאַבאַן זיין אַרבעט אין יאָר 1907 מיט די פאָרשונגען אינעם אַרכיוו פון דער קראָקעווער קהילה. דערנאָך האָט ער געפאָרשט אַקטן און ביכער אין אַלע פּוילישע אַרכיוון אין קראָקע. פאַר אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער דאָס ווערק גרייט געהאַט צום דרוק. עס האָט געדאַרפט אַרויסגעגעבן ווערן דורך דער קראָקעווער קהילה אין צוויי בענד.

די קראָקעווער קהילה־פאַרוואַלטונג און באַזונדערס איר פאָרזיצער ד״ר ישעיה טילעס, האָבן געהאַט אַ זייער וואַרעמע באַציִונג צו באַלאַבאַנס ווערק. כאָטש דער פּראָיעקט פון דער אַרבעט איז אויסגערעכנט געווען אויף אַ

קליינעם פֿאַרנעם, איז שפּעטער, ווען עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער מאַטעריאַל וועט קוים אַריינגיין אין צוויי דיקע בענד, די קהילה גרייט געווען צו העכערן דעם בודזשעט און צו דעקן די הוצאה פֿון אַרויסגעבן דאָס ווערק. אין יאָר 1912 איז טאַקע דערשינען דער ערשטער באַנד, אָבער דער צווייטער איז שוין נישט דערשינען צוליב דעם אויסבראָך פֿון דער מלחמה.

אין דער צווישנצייט האָט באַלאַבאַן פֿאַרגעזעצט זיין אַרבעט איבערן דאָזיקן ווערק. אין דער צייט פֿון דער מלחמה האָט ער דורכגעפֿירט אינטענ־סיווע פֿאָרשונגען אין די ווינער אַרכיוון. דאָרט האָט ער געפֿונען גאַנצע אוצרות מאַטעריאַלן, באַזונדערס בנוגע דער צייט פֿון נאָך פּוילנס צעטיילונג. אַ סך נייע מאַטעריאַלן האָט ער אויך געפֿונען אין די וואַרשעווער אַרכיוון. נאָך דער מלחמה זיינען געפֿונען געוואָרן צוויי וויכטיקע דאָקומענטן, וואָס האָבן דעם גאַנצן פּראָבלעם געגעבן אַ נייע פּערספּעקטיוו. דער ערשטער דאָקו־מענט איז געווען דער סטאַטוט פֿון דער קראָקעווער קהילה פֿונעם יאָר 1595, וואָס איז געפֿונען געוואָרן אין דער אַלטער שול אין קראָקע. דער צווייטער דאָקומענט איז געווען דער פּינקס פֿון די קהילה־פּראָטאָקאָלן פֿאַר די יאָרן 1603—1780, וועלכן די יורשים פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם העברעיִשן היסטאָ־ריקער פֿייבוש הירש וועטשטיין האָבן אומגעקערט דער קראָקעווער קהילה.

באַלאַבאַנס ווערק האָט איצט געפֿאָדערט אַ נייע באַאַרבעטונג. און ווען אין יאָר 1928 האָט זיך צו באַלאַבאַנען געווענדט די פֿאַרוואַלטונג פֿונעם פֿאַראיין „נאַדזשעיאַ" (האָפֿענונג), וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט געבן הילף קראַנקע ייִדישע סטודענטן, מיט אַ פֿאָרשלאָג אַרויסצוגעבן דאָס ווערק, האָט באַלאַבאַן זיך ווידער גענומען צו אַן אינטענסיווער אַרבעט. מיטן אַרויסגעבן באַלאַבאַנס ווערק האָט דער פֿאַראיין „נאַדזשעיאַ" געמיינט צו דערפֿילן אויף איין מאָל צוויי וויכטיקע אויפֿגאַבן. ערשטנס, אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע דורך באַקענען די ייִדישע אינטעליגענץ מיט דער געשיכטע פֿון ייִדן אין קראָקע און אין פּוילן און צווייטנס, האָט דער פֿאַראיין געהאָפֿט צו שאַפֿן מיט דער הילף פֿונעם דאָזיקן בוך פֿאָנדן, וואָס ער האָט נייטיק געהאַט פֿאַר בויען סאַנאַטאָריעס פֿאַר דער קראַנקער שטודירנדיקער יוגנט.

דעם ערשטן באַנד, וואָס איז זינט דעם יאָר 1912 אין גאַנצן געווען אויס־פֿאַרקויפֿט, האָט באַלאַבאַן דורכויס איבערגעאַרבעט. ער האָט אים געגעבן אַ נייעם היסטאָרישן הינטערגרונט סיי אַן אַלגעמיינעם און סיי אַ ייִדישן. ער האָט מוסיף געווען אַ נייעם אָפּטייל „קולטור און משפּחה־לעבן" און האָט

אין גאַנצן איבערגעאַרבעט דעם אָפּטייל וועגן דער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע, ווו ער האָט אויסגענוצט די מאַטעריאַלן פֿונעם געפֿונענעם קהילה־סטאַטוט פֿון יאָר 1595. עס זיינען אויך צוגעגעבן געוואָרן פֿאָטאָגראַפֿישע רעפּראָדוק־ציעס פֿון אַלטע שולן, בית־עלמינס און אַנדערע קראָקעווער אַלטערטימלעכ־קייטן אויף 35 זייטן.

אויך דער כּתב־יד פֿונעם צווייטן באַנד איז איבערגעאַרבעט געוואָרן. אָבער אַזוי ווי דער ערשטער כּתב־יד איז פֿריִער נישט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, איז פֿאַר אונדז נישט מעגלעך צו דערגיין, וואָס פֿאַראַ נייע מאַטעריאַלן זיינען אין אים אַריין נאָך דער איבעראַרבעטונג. מיר ווייסן בלויז פֿון באַלאַבאַנס הקדמה צום צווייטן באַנד, אַז ביים סאַמע סוף פֿון זיין אַרבעט האָט ער געפֿונען אַ ריזיקן מאַטעריאַל וועגן דעם 19טן י״ה. צוליב מאַנגל אין אָרט האָט דער דאָזיקער מאַטעריאַל נישט געקאָנט איינגעשלאָסן ווערן אינעם צווייטן באַנד. באַלאַבאַן האָט געהאָפֿט צו פֿאַרעפֿנטלעכן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל אין אַ באַזונדערן בוך. ער האָט עס אָבער צו אונדזערן באַדויערן, שוין נישט באַוויזן.

דער פֿאַראיין „נאַדזשעיאַ״ האָט אין יאָר 1931 אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד פֿון דער געשיכטע פֿון ייִדן אין קראָקע. אין יאָר 1936 האָט ער אַרויס־געגעבן דעם צווייטן באַנד פֿונעם ווערק. דערמיט איז פֿאַרענדיקט געוואָרן אַ ווערק וואָס גיט באַלאַבאַנען דעם רום פֿונעם גרעסטן היסטאָריקער פֿונעם פּוילישן ייִדנטום. דאָס דערשיינען פֿונעם צווייטן באַנד איז אויסגעפֿאַלן פּונקט דעמאָלט, ווען די ייִדישע געזעלשאַפֿט האָט זיך געגרייט צו פּייערן דעם זעכציקסטן געבוירן־טאָג פֿונעם גרויסן היסטאָריקער און פּעדאַגאָג. דאָס בוך איז אַזוי אַרום אויך געווען פֿאַרן מחבר אַ שיינע מתּנה צו דער דאָזיקער פֿייערונג.

ביזן סוף פֿונעם 15טן י״ה האָבן ייִדן געוווינט אין קראָקע. אונטערן שוץ פֿון די פּוילישע מלכים האָבן זיי דאָרט געפֿירט מיסחרים. די ערשטע דאָקומענטן וואָס דערציילן וועגן ייִדן אין קראָקע שטאַמען פֿונעם יאָר 1304. אין די דאָזיקע דאָקומענטן ווערט שוין דערמאָנט די ייִדן־גאַס. זי געפֿינט זיך פֿון בײדע זייטן שטאָטמויער, אַ טייל אויף דער אינעווייניקסטער זייט פֿון דער שטאָט און אַ טייל מחוץ דער שטאָטמויער. באַלד לעבן דער ייִדן־גאַס איז דער בית־עולם. ער איז גענוצט געווען ביז צו דער פֿאַרטרייבונג פֿון ייִדן פֿון קראָקע.

די רעכטלעכע לאַגע פון די ייִדן האָט זיך געשטיצט אויף דער גענעראַל־פּריווילעגיע פון באָלעסלאַוו דער קאַלישער (1264), וואָס איז שפּעטער (1364) באַשטעטיקט געוואָרן דורך קאַזשימיעזש דער גרויסער. ייִדן האָבן דעמאָלט געהאַט דאָס רעכט צו געבן הלוואות אויף משכּנות. זיי האָבן געקאָנט קויפן און פאַרקויפן הייזער און פעלדער, אויך פירן מיסחרים און זיך באַשעפטיקן מיט מלאכות. געווען זיינען צווישן ייִדן אין יענער צייט אויך גרויסע גבירים. דער גרעסטער פון זיי איז געווען דער באַנקיר לעווקאָ, וועלכער האָט פינאַנסירט קאַזשימיעזשן דעם גרויסן און שפּעטער אויך וולאַדיסלאַוון. וועגן לעווקאָן האָט נאָך פאַר באַלאַבאַנען זייער אַ סך געשריבן ד״ר שיפּער און אין דער שילדערונג פון דער דאָזיקער געשטאַלט שטיצט זיך טאַקע באַלאַבאַן אויף שיפּערן.

אינעם 15טן י״ה איז שוין דער קריסטלעכער בירגערשטאַנד געווען אין קראָקע שטאַרק באַפעסטיקט און ער האָט אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן ייִדן. די קריסטלעכע בירגערס האָבן געוואָלט אַרויסשטויסן פון קראָקע די ייִדישע קאָנקורענטן. זיי צו הילף איז געקומען די קירך. איר הויפּט־אָנפירער, זביגניעוו אָלעסניצקי, האָט איינגעלאַדן קיין קראָקע דעם צורר־היהודים, קאַפּיסטראַנאָ, וועלכער האָט זיך באַמיט צו איבערצייגן דעם קעניג קאַזשימיר, אַז ער דאַרף אָפּנעמען ביי די ייִדן זייערע פּריווילעגיעס.

ביים סוף פונעם 15טן י״ה איז שוין די פּאָזיציע פון די ייִדישע שונאים געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן געקאָנט פאַרטרייבן די ייִדן פון קראָקע. דער קאַנאָניק יאַן דלוגאָש האָט די קראָקעווער ייִדן געצוווּנגען אונטערצושרייבן אַן „אָפּמאַך״, לויט וועלכן זיי האָבן דאָס גאַנצע ייִדישע פאַרמעגן פאַרקויפט דער שטאָט (1494). אויפן אָרט פון דער ייִדן־גאַס זיינען אויסגעבויט געוואָרן נייע בנינים פונעם אוניווערסיטעט און די ייִדן האָבן זיך געמוזט אַריבערציִען אין דער דערנעבנדיקער שטאָט קאַזשימיעזש.

אין קאַזשימיעזש האָבן ייִדן אויסגעבויט זייער קוואַרטאַל (געטאָ) אין אַ טייל פון דער שטאָט. זיי האָבן אויך באַקומען רעכט צו האַנדלען מחוץ פונעם געטאָ, אין דער קריסטלעכער שטאָט. אָבער קאַזשימיעזש איז נישט געווען קיין האַנדלס־צענטער. פון די דאָרטיקע מיסחרים האָבן זיך ייִדן נישט געקאָנט מפרנס זיין. האָבן זיי דעריבער מיט אַלע מיטלען אָנגעהאַלטן אויך ווייטער זייערע האַנדלס־פּאָזיציעס אין קראָקע. במשך פונעם גאַנצן טאָג פלעגן זיי מיסחרן אין שטאָט און ביי נאַכט פלעגן זיי אַוועקגיין אַהיים, קיין קאַזשימיעזש.

במשך פון 16טן און 17טן י״ה האָבן די קראָקעווער ייִדן געהאַט אויס־צושטיין אַ דאָפּלטן קאַמף. דעם קאַמף פאַר דערהאַלטן זיך ביים מיסחר אין קראָקע און דעם קאַמף פאַר זייער וווינרעכט אין דער ייִדנשטאָט אין קאַ־זשימיעזש. דער קאַמף פאַר רעכט צו האַנדלען אין קראָקע איז געווען אַ פיל שווערערער. מיטן פאַרטרייבן די ייִדן פון קראָקע האָבן די בירגערס קודם־כּל געמיינט פּטור צו ווערן פון קאָנקורענטן. אויב די ייִדן זיינען אָבער געבליבן ביי זייערע געשעפטן אין דער קרוינשטאָט, איז די גאַנצע מי פון די בירגערס געווען אַן אומזיסטע. די ייִדן האָבן אָבער געהאַט אַ שטאַרקן אָנשפּאַר. עס האָט זיי געשטיצט דער קעניג און עס האָבן זיי געהאָלפן די שטאָטישע פּאַטריציער, ביי וועלכע ייִדן האָבן אָפּגעדונגען די געוועלבער פאַר הויכן דירה־געלט.

די קריסטלעכע בירגערס האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן. זעענדיק, אַז אויף אַ גלייכן וועג וועלן זיי גאָרנישט נישט אויספירן, האָבן זיי אויפגעהעצט קעגן ייִדן דעם המון. אין משך פון די דרייסיקער יאָרן פונעם 16טן י״ה פלעגן כּסדר פאָרקומען מוראדיקע פּאָגראָמען און עלילת־דם־פּראָצעסן, וואָס האָבן פאַרשלונגען אַ סך ייִדישע לעבנס. אין יענער צייט איז אויך פאָרגע־קומען דער פּראָצעס פון דער קריסטלעכער פרוי קאַטאַזשינאַ ווייגעל (1539), אין וועלכן ס׳איז אַריינגעצויגן געוואָרן דער ד״ר משה פישעל, וועלכער איז אומגעקומען אויף קידוש השם. אַ ביסל שפּעטער איז פאָרגעקומען דער סאַכאַטשעווער עלילת־דם, בעת וועלכן עס זיינען אומגעקומען אַ סך ייִדן. איצט האָט זיך אויך דער סיים אָנגעשלאָסן אין דער קירך און ביידע זיינען צוזאַמען אַרויסגעטראָטן קעגן ייִדן. די קראָקעווער מיעשטשאַנעס האָבן אויס־געניצט די דאָזיקע לאַגע. אין יאָר 1544 האָבן זיי דורכגעפירט אַ „פּלעביס־ציטום״, לויט וועלכן קיין שום קריסט טאָר נישט פאַרדינגען ייִדן קיין געוועלב אין קראָקע. אונטערן דרוק פון די מיעשטשאַנעס האָט אויך דער קעניג זיגמונט דער דריטער אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט (1608), וואָס האָט שטאַרק באַגרענעצט דעם ייִדישן מיסחר אין קראָקע.

ייִדן האָבן זיך געשיצט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען. ווו זיי האָבן נישט געקאָנט דורכקומען אויף אַ לעגאַלן אופן, דאָרט האָבן זיי פּשוט נישט געפאָלגט די פאַראָרדענונגען. די שטאָטמאַכט האָט זיי גערודפט און די מיעשטשאַנעס האָבן ווייטער געהעצט דעם המון. אין יאָר 1637 ווערט פאַרצייכנט אַ מורא־דיקער פּאָגראָם אין קאַזשימיעזש. אָנגעהויבן האָבן אים סטודענטן פון דער

קראָקעווער אַקאַדעמיע. אום סאַמע שבת האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין געטאָ, געהרגעט 7 ייִדן און צעראַבעוועט ייִדיש האָב און גוטס.

די לאַגע אויפֿן דאַזיקן געביט האָט זיך אין קראָקע נאָך מער פֿאַרערגערט נאָכן אויסבראָך פֿון כמעלניצקיס אויפֿשטאַנד, בעת מאַסן פּליטים זיינען דאָרט אָנגעקומען פֿון מיזרח. די שוועדישע מלחמה פֿון יאָר 1655 האָט חרוב געמאַכט די קראָקעווער קהילה.

אויפֿן צווייטן געביט, אויפֿן געביט פֿון קאַמף פֿאַר וווינרעכט אין קאַזשי־מיעזש, האָבן די ייִדן אויך געהאַט נישט ווייניק שוועריקייטן. בעת די צאָל ייִדן איז געוואַקסן, האָט די קהילה געמוזט פֿירן אַ קאַמף מיטן קאַזשימיעזשער שטאָטראָט פֿאַר אויסברייטערן דעם ייִדישן וווינבאַצירק. געוויינטלעך פֿלעגן אָבער אַזעלכע זאַכן אויסגעפֿירט ווערן פֿאַר גרעסערע סומעס געלט. אַרום דער העלפֿט פֿונעם 16טן י״ה איז צו שטאַנד געקומען דער ערשטער אָפּמאַך מיט דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. אויפֿן סמך פֿון דעם דאָזיקן אָפּמאַך איז אויס־געברייטערט געוואָרן דער שטח פֿון דער ייִדן־שטאָט און חוץ דעם האָט די קהילה באַקומען באָדן פֿאַר אַ נייעם בית־עולם. אַ צווייטן אָפּמאַך מיט דער שטאָט קאַזשימיעזש האָבן ייִדן געשלאָסן אין יאָר 1608. די שטאָט האָט גאַראַנטירט ייִדן פֿרייען האַנדל אין קאַזשימיעזש. ייִדן האָבן די דאָזיקע קאָנצעסיע אויסגענוצט. דער גאַנצער מיסחר אין דער דאָזיקער שטאָט איז געלעגן אין ייִדישע הענט.

די צאָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין קראָקע האָט זיך געביטן אין פֿאַרשיידענע צייטן. ביים אָנהייב פֿונעם געטאָ אין קאַזשימיעזש האָט צוגעוואַנדערט אַהין אַ גרעסערע צאָל ייִדן פֿון בעמען. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אינעם געטאָ זיינען געווען צוויי באַזונדערע און אָנערקענטע קהילות: די קהילה פֿון די איינגעבוירענע קראָקעווער ייִדן און פֿון די טשעכישע. שפּעטער האָבן זיךביידע קהילות צונויפֿגעגאָסן. אויפֿן סמך פֿונעם פּינקס פֿון דער חברה קדישא האָט באַלאַבאַן אויסגערעכנט, אַז אין די יאָרן 1540 ביז 1590 האָבן געוווינט אין קאַזשימיעזש אַן ערך 2,060 ייִדישע נפֿשות און אין די יאָרן פֿון 1590 ביז 1640 אַן ערך 4,500 נפֿשות.

בעת מען שאַצט אָפּ די אַלגעמיינע לאַגע פֿון די קראָקעווער ייִדן פֿאַר דער צייט פֿון 15טן, 16טן און דער ערשטער העלפֿט פֿון 17טן י״ה, מוז מען זיך סומך זיין אויף אַ טעאָריע פֿון ד״ר יצחק שיפּער, וועלכע זאָגט, אַז אויף די עקאָנאָמיש שוואַך אַנטוויקלטע טעריטאָריעס האָבן ייִדן געהאַט

גינציקערע מעגלעכקייטן פאַר אַן עקסיסטענץ ווי אויף די בעסער אַנטוויקלטע. די מערבדיקע שטחים פון פוילן האָבן אַ לאַנגע צייט פאַר די מיזרחדיקע דערגרייכט זייער העכערע עקאָנאָמישע מדרגה. דעריבער האָבן ייִדן אין לעמבערג און אין אַנדערע שטעט פון מיזרח־פוילן געלעבט נאָך אין אַ מצב פון רעלאַטיווער מנוחה, בעת די ייִדן אין קראָקע זיינען שוין געווען געיאָגט און געפּלאָגט. אין דעם פּרט איז קראָקע נישט געווען קיין אויסנעם. די שלעזישע און גרויס־פּוילישע קהילות (פּויזן) האָבן זייער מאַרטירער־לעבן אָנגעהויבן אויך אַן ערך אין דער זעלביקער צייט.

די אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע קהילות אין דער ערשטער העלפט פונעם 16טן י״ה איז געווען אַ צענטראַליסטישע. דער קעניג האָט שטענדיק געהאַט אין זינען זיינע פיסקאַלע אינטערעסן. זיגמונט דער ערשטער האָט געשאַפן אַמטן פון לאַנד־רבנים. פאַר קליינפּוילן האָט ער באַשטימט צוויי צענטראַלע רבנים: ר׳ שלום שכנאַן פון לובלין און ר׳ משה פישעלן פון קראָקע. די לאַנד־רבנים האָבן געדאַרפט העלפן ביים איינמאָנען דעם קאָפּשטייער פון די קהילות פון זייער יוריסדיקציע. אָבער דער פּרוּוו מיט די רבנים האָט זיך נישט איינגעגעבן און דער קעניג האָט באַשטימט צענטראַלע שטייער־איינמאָנערס פאַרן גאַנצן לאַנד. ווי דער שטייער־איינמאָנער פאַר פּוילן איז באַשטימט געוואָרן אַברהם דער טשעך פון קראָקע און פאַר ליטע מיכל עזאָפּאָוויטש, דער זעלבער וואָס איז נאָבילירט געוואָרן ווי דער ערשטער און איינציקער ייִדישער אַדלמאַן.

דער פּרוּוו מיט די שטייער־איינמאָנערס איז אויך נישט געווען קיין געלונגענער און דער קעניג האָט געביטן זיין פּאָליטיק, אין דער צווייטער העלפט פונעם 16טן י״ה האָבן שוין די באַזונדערע קהילות אַ סך מער אויטאָנאָמיע. זיי קלייבן אַליין אויס זייערע רבנים, וועלכע זיינען די דיינים אין שטרייטפראַגן צווישן ייִדן. די קהילות דאַרפן אַליין צוזאַמענקלייבן דעם קאָפּשטייער פאַרן קעניג.

די אָרגאַניזאַציע פון דער קראָקעווער קהילה איז אין אַלגעמיינע שטריכן געווען די זעלבע, וואָס אין אַנדערע שטעט, אין לעמבערג אָדער לובלין. בראָש פון איר זיינען געשטאַנען פּרנסים און טובים פּונקט ווי אין די אַנדערע קהילות. אָבער קראָקע האָט געהאַט נאָך די „י״ד הנבחרים״ (14 אויסגעוויילטע קהילה־לייט), וואָס אַנדערע קהילות האָבן זיי נישט געהאַט. די דאָזיקע 14 ייִדן זיינען די פאָרזיצערס פון די פאַרשיידענע קאָמיסיעס, און פירן אָן מיט

דער פאַרצווייגטער סאָציאַלער אַרבעט אויף פאַרשיידענע געביטן. פון די דאָזיקע געביטן דאַרף מען דערמאָנען: צדקה, שפּיטאָל, מעדיצינישע הילף פאַר אָרעמע און נאָך, און נאָך.

די קראָקעווער קהילה האָט אַלע מאָל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין די צענטראַלע מאַכטאָרגאַנען פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע. אירע פאַרטרעטערס האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט סיי אין די ועדי גליל און סיי אינעם ועד ארבע ארצות.

אויך די אָרגאַניזאַציע פונעם ייִדישן מישפּט אין קראָקע איז אין אַלגעמיינע שטריכן ענלעך צו דער אָרגאַניזאַציע פון אַנדערע קהילות. ובכן: דער רבנישער בית־דין פאַר פּראָצעסן צווישן ייִדן, דער ייִדן־ריכטער (באַשטימט פונעם וואָיעוואָדע) פאַר פּראָצעסן, אין וועלכע אַ קריסט רופט אַ ייִד צום מישפּט, דער „סאָנד גראָדזקי״ (שלאָס־געריכט) פאַר פּראָצעסן פון ייִדן קעגן פּוילישע אַדללייט און דער שטאָטישער געריכט פאַר פּראָצעסן פון ייִדן קעגן בירגערס.

אָבער וואָס שייך דעם רבנישן בית־דין דערציילן די קראָקעווער דאָקומענטן, אַז דאָרט האָט דער דאָזיקער בית־דין געהאַט דריי באַזונדערע קאַטעגאָריעס פון דיינים: ערשטע קאַלעגיע פאַר עסקים ביז 10 זלאָטעס, די מיטעלע קאַלעגיע ביז 100 זלאָטעס און די העכסטע קאַלעגיע איבער 100 זלאָטעס.

דאָס פּראָבלעם פון די ייִדישע מישפּטים איז פאַר קליין־פּוילן רעגולירט געוואָרן דורכן „פּאָזשאָנדעק וואָיעוואָדי״, אַ מין רעגולאַמין, וואָס איז אין יאָר 1527 אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן קראָקעווער וואָיעוואָדע אַנדזשעי טענטשינסקי. דאָרט ווערט צוו״אַ געזאָגט, אַז דער קעניג איז די העכסטע אינסטאַנץ אין אַלע מישפּטים צווישן ייִדן און קריסטן.

די שטייערלאַסט איז פאַר ייִדן אין יענע צייטן געווען אַ גאַנץ שווערע. די קראָקעווער קהילה האָט אָבער געהאַט נאָך אַ שווערערע שטייערלאַסט ווי די אַנדערע קהילות. חוץ די געוויינטלעכע שטייערן פאַרן קעניג (קאָפּשטייער און גרונטשטייער), האָבן זיי געמוזט צוטראָגן געלטער אין ספּעציפישע פאַלן, ווען די מאַכט האָט זיך אין זיי גענייטיקט. די קראָקעווער קהילה האָט אויף אירע פּלייצעס געטראָגן נאָך אַ ביז גאָר דריקנדיקע שטייערלאַסט, דעם אַזוי גערופענעם „קאָזובאַלעץ״. דאָס איז געווען אַ שטייער לטובת די סטודענטן פון דער הויכשול. אמת, לעמבערג האָט אויך געצאָלט דעם קאָזובאַלעץ פאַר דער דאָרטיקער קאָטעדראַלער שול (און שפּעטער אויך פאַר

דער יעזויִטישער), אָבער אין לעמבערג האָט דער דאָזיקער שטייער געהאַט בלויז דעם כאַראַקטער פון אַ מינהג. די ייִדן האָבן דאָרט — אַזוי האָט עס געהייסן — געצאָלט גוטוויליק. זיי האָבן געמיינט דערמיט זיך אויסצוקויפן פון די „שילער־געלויפן“, פון די פּאָגראָמען, וואָס סטודענטן פלעגן מאַכן אין די ייִדישע ווינקלען. אין קראָקע דאַקעגן איז דער „קאָזובאַלעץ“ געווען אַ געזעצלעכער שטייער, וואָס די קהילה האָט געמוזט צאָלן און וואָס איז דאָרט פאַרוועגדט געוואָרן אויף אויסצוהאַלטן די קראָקעווער אַקאַדעמיע מיט אירע רעקטאָרן און פּראָפעסאָרן.

עס וועט אינטערעסאַנט זיין זיך אָפּצושטעלן אויפן אָפּשטאַם פונעם וואָרט „קאָזובאַלעץ“. עס זיינען וועגן דעם פאַראַן עטלעכע טעאָריעס. איינער אַ פאָרשער, מושקאָווסקי, האָט געהאַלטן, אַז דאָס וואָרט קומט פונעם העברעיִשן „כּתב לעז“, פרעמדע שריפט, וואָס וואָלט געמיינט, אַז בעת ייִדן האָבן אָנגע־הויבן צו צאָלן דעם דאָזיקן אָפּצאָל, איז ער פאַרוועגדט געוואָרן אויף איינקויפן העפטן און בכלל שרייבגעצייג פאַר די סטודענטן. אַ צווייטער פאָרשער, גלאָגער, איז געווען ביי דער מיינונג, אַז דער אויסדרוק קומט פונעם וואָרט „קאָזוב“, וואָס אין אַלטן פּויליש האָט עס געמיינט אַ קעסטל, אין וועלכן מען פלעגט טראָגן מתּנות. ביידע טעאָריעס פאַרמאָגן די זעלבע מאָס פון לאָגישער באַגרינדונג און דעריבער איז שווער צו אַנטשיידן, וועלכע פון זיי איז די ריכטיקערע.

בלי ספק, אַז דער סאַמע אינטערעסאַנטסטער און דער רייכסטער טייל פון באַלאַבאַנס ווערק וועגן קראָקע, זיינען זיינע קולטור־היסטאָרישע שיל־דערונגען. באַשרייבונגען פונעם משפּחה־לעבן בכלל, גענעאַלאָגיעס פון גע־וויסע וויכטיקערע משפּחות, פון וועלכע עס שטאַמען די גדולים פון קראָקע און פון פּוילן, דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין דער קהילה, דאָס ייִדישע דערציִונג־וועזן און דער לימוד התּורה, אָט דאָס זיינען די געביטן, אין וועלכע באַלאַבאַן האָט על פּי רוב אַריינגעלייגט האַרץ און געפיל.

אין די געריכטלעכע אַרכיוון האָט באַלאַבאַן געפונען הונדערטער נעמען פון ייִדישע סוחרים און יעדער נאָמען איז דאָרט פאַרבונדן מיט עפּעס אַ געשעפטלעכער טראַנזאַקציע, וואָס דער דאָזיקער סוחר האָט דורכגעפירט. פון אָט די אינפאָרמאַציע־שפּליטערס האָט באַלאַבאַן צוזאַמענגעשטעלט רשי־מות פון גאַנצע משפּחות, איינשליסנדיק אָפט מאָל אַ המשכדיקייט פון צען אָדער מער דורות. בלויז אינעם ערשטן באַנד ברענגט ער איבער 20 גענעאַ־

לאָגישעביימער פון משפחות. מיר געפינען דאָרט צווישן אַנדערע דעם יחוס־בריוו פון ר׳ משה איסערלעס, דעם רמ״א, אַ סך פּרטים צו דער ביאָגראַפיע פונעם מהר״ם פון לובלין און נאָך אַנדערע.

דאָס ליכט פון תּורה, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן אין קראָקע נאָך אינעם 15טן י״ה, האָט במשך צוויי יאָרהונדערטער געלויכטן איבער דער גאַנצער יידישער וועלט. די קראָקעווער ישיבה איז דערהויבן געוואָרן צו איר רום־פולער הויכקייט דורך יעקב פּאָלאַק, וועלכער איז ביים איבערבראָך פונעם 15טן און 16טן י״ה געווען קראָקעווער רב און ראָש ישיבה. זיין נאָמען איז פאַרבונדן מיט דער משפחה פישעל, רייכע באַנקירן פון יענער צייט. יעקב פּאָלאַק איז געווען אַן איידעם פון ר׳ משה פישעל, דער ראָש הקהל אין יענער צייט, ווען יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון קראָקע קיין קאַזשימיעזש (דער דאָזיקער משה פישעל איז דער זיידע פונעם ד״ר משה פישעל, וועלכער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם).

יעקב פּאָלאַק איז דער מחבר פון עטלעכע ספרים און ווערט באַטראַכט פאַרן באַגרינדער פונעם פילפול־מעטאָד ביים לערנען תּורה. וועגן זיין לעבן זיינען פאַרבליבן פאַרשיידענע סתירותדיקע לעגענדעס, וואָס ברענגען אַריין אַ פלאָנטער אין דער ביאָגראַפיע פונעם דאָזיקן חלוץ פון תּורה־לימוד אין פוילן. באַלאַבאַנען פאַרדאַנקען מיר די מעגלעכקייט פונאַנדערצוקלייבן זיך אינעם דאָזיקן פלאָנטער. לויט באַלאַבאַנס פעסטשטעלונגען ווערט קלאָר, אַז ביים סוף פונעם 15טן י״ה איז פּאָלאַק געווען רב אין קראָקע (נישט ווי גרעץ האַלט: אין פּראָג), אַז אין יאָר 1503 איז ער דורכן פּוילישן קעניג באַשטימט געוואָרן רב איבער אַלע יידן אין פוילן, אַז אין יאָר 1509 איז ער אַריין אין אַ קאָנפליקט מיט די גרויסע רבנים צוליב אַ גט, וואָס ער האָט געגעבן זיין שוועגערין און צוליב דעם האָט ער געמוזט פאַרלאָזן פוילן. בקרוב איז ער אָבער צוריקגעקומען און איז געווען ראָש ישיבה אין קראָקע (שוין נישט מער רב).

אין יאָר 1522 האָט זיך יעקב פּאָלאַק ווידער פאַרפלאָנטערט אין עפּעס אַ קאָנפליקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס קעגן אים, און כּדי אויסצומיידן ווייטערדיקע צרות איז פּאָלאַק אַוועק קיין ארץ־ישׂראל, ווו ער איז שפּעטער געשטאָרבן.

אַ צווייטער גאון, וואָס האָט געלייגט די יסודות פון תּורה־לימוד אין קראָקע, איז געווען דער רמ״א. אויך ר׳ גדליה פון לובלין (מהר״ם) האָט אַ

חלק אינעם אויפבלי פונעם קראָקעווער תורה־צענטער. אין די יאָרן 1587—1595 איז ער געווען קראָקעווער רב.

אינטערעסאַנטע פרטים ברענגט באַלאַבאַן צו דער ביאָגראַפיע פון ר׳ יום טוב ליפּמאַן העלער, וועלכער איז מער באַקאַנט אונטערן נאָמען דער תוספות יום טוב (פון זיין באַוווּסטן פירוש צו דער משנה). דער תוספות יום טוב איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1579 אין וואַלערשטיין, געלערנט אין פּראָג, געווען רב אין פּראָג און שפּעטער אין ווין. אין יאָר 1627 איז ער צוליב אַ מסירה אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה. ווען ער איז אַרויס פון תפיסה איז ער אַוועק קיין פּוילן. במשך אַ ריי יאָרן האָט ער געלעבט אין נעמיראָוו און לודמיר. אין יאָר 1643 איז ער געוואָרן רב אין קראָקע און האָט אָנגעהאַלטן דעם דאָזיקן אַמט ביז צו זיין פּטירה (1654).

ביים באַאַרבעטן די קולטור־געשיכטע פון יידן אין קראָקע האָט באַלאַבאַן חוץ אויף אָריגינעלע מאַטעריאַלן זיך געשטיצט אויף אַ ריי ווערק, וואָס זיינען שוין פריִער אַרויסגעגעבן געוואָרן. דער עיקר אויף די אַרבעטן פון וועטשטיינען, האָראָדעצקין און פרידבערגן. אָבער דעם סאַמע וויכטיקסטן מאַטעריאַל האָט ער געפונען אין דער שוין דערמאָנטער כראָניק פון נתן נאָטע האַנאָווער „יון מצולה״.

בעת דער שוועדישער אינוואַזיע אין פּוילן (1655—1657) איז די קראָקעווער קהילה חרוב געוואָרן. די שוועדישע חיילות האָבן זיך מיט אַ באַזונדערער אַכזריות באַצויגן צו יידן. זיי האָבן געוויבעט און געשאָכטן די יידישע קהילות. זייער שׂינאה צו יידן איז נאָך געוואַקסן, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז יידן האָבן אויפגעשטעלט אַ יידישן לעגיאָן, וועלכער האָט געקעמפט קעגן די שוועדן אין צויזמער.

אָבער אויך מצד די אָפּטרעטנדיקע פּוילישע חיילות האָבן יידן נישט באַקומען קיין בעסערע באַהאַנדלונג. פאַרן פאַרלאָזן קראָקע האָט דאָס פּוילישע מיליטער צעראַבירט אַלע גרעסערע געשעפטן אין קראָקע. די יידישע צרות האָבן זיך נישט געענדיקט אויך נאָך דעם, ווען די שוועדן זיינען פאַרטריבן געוואָרן. דעמאָלט האָבן די פּאָליאַקן גענומען באַשולדיקן יידן אין מיטאַרבעט מיט די שוועדן, כאָטש דער אמת איז געווען, אַז די פּאָליאַקן אַליין האָבן געהאָרכזאַם אויסגעפירט די באַפעלן פון די שוועדישע גענעראַלן. אונטערגעהעצט דורך זיינע אַריסטאָקראַטישע באַהעלפערס (אַגב, האָבן זיי אַלע זייער קעניג פאַרראַטן און שפּעטער געבעטן ביי אים מחילה), האָט דער

קעניג יאַן קאַזשימיעזש געשטעמפּלט די ייִדן ווי פאַררעטערס פון פוילן.

ביי אַזאַ פיינטלעכער אַטמאָספער איז נישט קיין ווונדער, וואָס באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען אויף ייִדן, פּאָגראָמען, וואָס זיינען פאָרגעקומען במשך אַ סך יאָרן. צוזאַמען מיט די פּאָגראָמען פלעגן אַלע מאָל קומען בילבולים און בלעַרליי מינים ריטועלע פּראָצעסן. אין יענער צייט איז ד״ר מתתיהו קאַלאַהאָרא, דער פרנס פון דער קראָקעווער קהילה, באַשולדיקט געוואָרן אין בלומרשטער באַליידיקונג פון דער קריסטלעכער רעליגיע און איז פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן.

ביים איבערבראָך פונעם 17טן און 18טן י״ה איז די לאַגע פון די ייִדישע סוחרים און בעלי־מלאכות אין קראָקע אַ סך ערגער, ווי פריִער. דאָס לאַנד איז פאַראָרעמט צוליב די בסדרדיקע מלחמות און ייִדן קאָנען זיך נישט אויפהויבן פונעם חורבן, וואָס זיי האָבן געליטן אין דער צייט פונעם שוועדישן אָנפאַל. די קריסטלעכע סוחרים באַשולדיקן די ייִדן אין אַלעם בייזן. אין זייער פאַראָרעמטקייט — זאָגן זיי — זיינען שולדיק די ייִדן. נישט די מלחמות און מגפות (וועלכע זיינען געקומען ווי אַ פועל־יוצא פון די מלחמות), זיינען שולדיק, נאָר די ייִדן, ווייל ייִדן נעמען צו די געשעפטן, וועלכע זיי, די פוילישע סוחרים וואָלטן געקאָנט האָבן, אויב די ייִדן וואָלטן נישט געווען.

דער שטאָטראָט זוכט פאַרשידענע וועגן כדי די ייִדן אַרויסצושטויסן פון קראָקעווער מיסחר און מלאכה. זיי פאַרסמען די לופט און פאַרשאַפן ייִדן אַ סך צרות. די ייִדן לאָזן זיך אָבער נישט אַרויסשטויסן. ביי אַלע אומשטענדן האַלטן זיי ווייטער אָן זייערע פּאָזיציעס אין דער שטאָט. עס זיינען צווישן זיי אַפילו פאַראַן אייניקע גאָר גרויסע סוחרים און פאַכטערס פון מלוכישע אָדער קעניגלעכע גיטער.

אין דער דאָזיקער צייט זעט זיך שוין אָן די ירידה פון די קהילות אין פוילן, אַ ירידה וואָס וועט בקרוב דערפירן צום צוזאַמענבראָך פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין לאַנד. די סיבה פון דער ירידה איז אַ קלאָרע: דאָס בסדרדיקע בייטן זיך פון מושלים, קאָנטריבוציעס און אויסקויף־געלטער פאַר שונאים, געהעכערטע שטייערן פאַר דער פוילישער רעגירונג, האָבן אַריינגעטריבן די קהילות אין אומגעהויערע חובות, פאַר וועלכע מען האָט געצאָלט הויכע פּראָצענטן. פון יאָר צו יאָר זיינען די חובות געוואַקסן און האָבן די קהילות געשטעלט אין אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג.

ווי עס געשעט געוויינטלעך אין אַזאַ שלעכטער צייט, האָבן זיך אין די

קהילות אָנגעהויבן אינעווייניקסטע מחלוקתן. די אָנפירערשאַפט פון דער קהילה איז געווען די חזקה פון געוויסע גבירישע משפחות און דער אמת איז, אַז נישט אַלע קהילה־לייט זיינען געווען ערלעך ביים פאַרוואַלטן מיט קהילהשע געלטער. אין קראָקע האָט די חזקה פון קהילה־פירערשאַפט געהערט צו אַזעלכע משפחות ווי יעקעלעס, רש״ה און אַנדערע. צווישן די מיטגלידער פון די דאָזיקע משפחות האָבן נישט אויסגעפעלט קיין תקיפים, וואָס האָבן אונטערדריקט דאָס פשוטע פאָלק און אויסגעצאַפּט ביי אים דעם לעצטן גראָשן. אַזוי למשל איז זכריה מענדל, דער אײדעם פונעם רש״ה, געווען רעגירער פון קראָקעווער קהל אין משך פון 25 יאָר. ער האָט פאַרטאַכלעוועט דאָס גאַנצע קהילהשע פאַרמעגן, דערפירנדיק צום אָפּגרונט די קהילה־ווירטשאַפט. אין די שפּעטערדיקע צייטן (שוין ביים אָנהייב פון דער עסטרייכישער הערשאַפט) האָט זיך צוגעריסן צו דער מאַכט פייבוש בן אַברהם (פּעבוס אַבראַהאַמאָוויטש). זכריה מענדל איז אַנטקעגן דעם דאָזיקן פייבוש געווען אַ צדיק. פייבוש איז געווען אַ געוויסנלאָזער טיראַן. ער האָט מיט כּוח אויסגעפּרעסט געלטער ביי ייִדן און פאַרוועגדט די דאָזיקע געלטער פאַר זיינע פּערזענלעכע צוועקן.

די דאָזיקע געשעענישן זאָגן עדות נישט בלויז אויף אַן עקאָנאָמישער ירידה פון די קהילות, נאָר אויך אויף אַ מאָראַלישער געפאַלנקייט. די לאַגע אַרום דעם קראָקעווער רבנות איז אויך נישט געווען קיין בעסערע. די צייטן ווען דאָס כּיסא הרבנות אָדער דעם אַמט פון ראָש ישיבה אין קראָקע האָבן פאַרנומען גרויסע תורה־אויטאָריטעטן, זיינען שוין לאַנג אַריבער. איצט האָט זיך איבערן קראָקעווער רבנות געפירט אַ מיסחר. איז טאַקע פאַרשטענדלעך, אַז דאָס אַנזען און די באַדייטונג פונעם קראָקעווער רבנות איז געפאַלן. גרויסע אויטאָריטעטן, ווען מען האָט פאַרגעשלאָגן דאָס כּסא רבנות אין קראָקע, האָבן זיך דערפון אָפּגעזאָגט. אַזוי האָט זיך אָפּגעזאָגט ר׳ שמשון ווערטהיימער פון ווין און אויך ר׳ יונתן אייבעשיץ, כאָטש ער אַליין איז געווען אַ געבוירענער אין קראָקע.

די לעצטע דרייסיק יאָר פאַר דער צעטיילונג פון פּוילן (1742—1771) זיינען געשטאַנען אונטערן צייכן פון אַ כּסדרדיקן קאַמף פון ייִדן קעגן דער קאָנגרעגאַציע פון קריסטלעכע סוחרים. די דאָזיקע קאָנגרעגאַציע האָט זיך אַרום יענער צייט רעאָרגאַניזירט אין קראָקע און געשטעלט זיך פאַר איר הויפּטציל אַרויסצושטויסן די ייִדישע געשעפטלייט פון דער שטאָט. די מיט־

לען, וואָס די קאָנגרעגאַציע האָט אָנגענומען קעגן יידן, זיינען געווען אַ סך שאַרפערע ווי פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אַפילו דער פוילישער היסטאָ־ריקער, סטאַניסלאַוו קוטזשעבאַ, זאָגט וועגן דער דאָזיקער אַנטי־יידישער אַקציע פון דער קאָנגרעגאַציע, אַז זי איז געווען אַ נישט אויסגעהאַלטענע און נישט פּאַטריאָטישע. אַנשטאָט צו זוכן מעגלעכקייטן — זאָגט קוטזשעבאַ — ווי אַזוי אויסצוברייטן די אינדוסטריע און דעם מיסחר, האָבן זיך די פוילישע סוחרים אָנגעכאַפּט אין די יידישע קאָנקורענטן, זיי געטריבן צום אָפּגרונט און זיך אַליין נישט פאַרבעסערט די לאַגע.

די לאַגע איז אין די דאָזיקע צייטן באמת געווען אַ שווערע. די צייט איז געווען אַן אומרויִקע. קיין פּוילן האָבן גענומען אַריינמאַרשירן רוסישע חיילות, קעגן וועלכע פּאָליאַקן האָבן געשאַפן מיליטערישע קאָנפעדעראַציעס. יידן זיינען געשטאַנען אין מיטן פונעם דאָזיקן גערודער. עס האָבן זיי גערויבט און געמאָרדעט סיי די אַריינמאַרשירנדיקע חיילות און סיי די פּאַרטיידיקערס, די קאָנפעדעראַטן.

צום וויטיקלעכסטן האָבן יידן געפילט די באַרער קאָנפעדעראַציע. אין אוקראַיִנע האָבן דעמאָלט געבושעוועט די האַידאַמאַקעס. זיי האָבן צעקלאַפּט די אָפּטיילן פון די באַרער קאָנפעדעראַטן און דערביי געשאָכטן פּאָליאַקן און יידן. די באַרער קאָנפעדעראַטן האָבן זיך צוריקגעצויגן אין די מערבדיקע געביטן. ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין קראָקע, האָבן זיי דאָרט אַרויפגעלייגט קאָנטריבוציעס אויף יידן. חוץ דעם האָבן זיי סתם גערויבט יידישע געשעפטן און היימען, אַרעסטירט די פּני פון דער קהילה און זיי געפּייניקט אין תּפיסות. די רוסן האָבן פאַרטריבן די קאָנפעדעראַטן פון קראָקע און איינגענומען די שטאָט. האָבן זיי ווידער אַרויפגעלייגט קאָנטריבוציעס אויף יידן. אָט אַזוי האָט זיך דאָס ראָד געדרייט אין משך פון יאָרן און יידן זיינען שטענדיק געווען דער שעיר לעזאָזל פאַר אַלע צדדים.

אין יאָר 1772 האָבן די עסטרייכער פאַרנומען קאַזשימיעזש, בעת קראָקע איז געבליבן ביי פּוילן. אַזוי אַרום זיינען קראָקעווער יידן פּלוצעם געבליבן אויסלענדערס אין דער שטאָט, ווו זיי האָבן געהאַט זייערע געשעפטן. די קראָקעווער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט געשיקט אויסגענוצט די דאָזיקע לאַגע. אינעם אַסעסאָרן־געריכט אין וואַרשע האָט זי אויסגעפּועלט אַ פּסק, אַז יידן טאָרן נישט פירן קיין מיסחרים אין קראָקע (1776). אין שוץ פון די קאַזשי־מיעזשער יידן איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן דער עסטרייכישער אַמבאַסאַדאָר.

די פּעולה פון דער דאָזיקער אינטערווענץ איז אָבער נישט געווען קיין באַ־דייטנדיקע. דער רוב סוחרים האָט זייערע געשעפטן אַריבערגעטראָגן קיין קאַזשימיעזש. דאָס האָט ווידער אַרויסגערופן צרות. מיטן אַריבערטראָגן די יידישע געשעפטן האָט זיך דער פּאַקטישער האַנדלס־צענטער געשאַפן אין קאַזשימיעזש און דער קראָקעווער שטאָטראָט האָט גענומען פּראָטעסטירן קעגן דעם. ער האָט אָנגעהויבן אַ פּראָצעס מיטן שטאָטראָט פון קאַזשימיעזש. פון דער צווייטער זייט ווידער זיינען די קריסטלעכע סוחרים פון קאַזשימיעזש אַרויסגעטראָטן קעגן זייערע נייע יידישע קאָנקורענטן און צוליב דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע סדרה פון פּראָצעסן צווישן יידן און דער קאַזשי־מיעזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

די לאַגע פון דער קראָקעווער קהילה איז וואָס אַ מאָל געוואָרן אַן ערגערע. נאָך פייבושן איז געוואָרן ראָש הקהל הערשל סטאָבניצקי. ער האָט געוואָלט דורך פאַרגרעסערטע שטייערן ראַטעווען די קהילהשע פינאַנצן. האָט זיך דאָס פאָלק צעבונטעוועט און אַראָפּגעוואָרפן סטאָבניצקין פון זיין אַמט. דער סוף איז געווען, אַז אין יאָר 1793 האָט די קראָקעווער קהילה דערקלערט אַן אָפיציעלן באַנקראָט.

אין די יאָרן 1796 ביז 1809 געהערט קראָקע צו עסטרייך. די יידן טיילן דאָרט דעם גורל פון אַלע יידן אין גאַליציע. זייער לאַגע ווערט נישט פאַרבע־סערט. פאַרקערט, אין יאָר 1799 האָט די מאַכט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן, וועמען ס'איז פריער געלונגען צו באַזעצן זיך אָדער צו מיסחרן אין קראָקע און אינעם קריסטלעכן טייל פון קאַזשימיעזש, מוזן צוריקגיין אין געטאָ. ערשט אין יאָר 1806 האָבן יידן צוריקבאַקומען די דערלויבעניש צו באַזעצן זיך און צו מיסחרן אינעם קריסטלעכן קאַזשימיעזש.

דער מצב פון די יידן איז אויך נישט פאַרבעסערט געוואָרן אין די יאָרן פון דער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה (1809—1815), ווען קראָקע איז אָנגעשלאָסן געווען צום וואַרשעווער פירשטנטום און ווען פרעפעקט פונעם קראָקעווער דעפּאַרטאַמענט איז באַשטימט געוואָרן דער אַנטיסעמיט סטאַניסלאַוו וואָ־דזיצקי. דער זעלבער וואָדזיצקי איז אויך געבליבן פּרעזידענט פון סענאַט, ווען קראָקע איז אין יאָר 1815 (אויפן ווינער קאָנגרעס) אויסגעטיילט געוואָרן ווי אַ באַזונדערע רעפּובליק אונטער דער השגחה פון די דריי מאַכטן: עסטרייך, רוסלאַנד און פּרייסן.

די קראָקעווער פריישטאָט האָט אין יאָר 1818 געגעבן אַ נייעם סטאַטוט

פאַר ייִדן. לויטן דאָזיקן סטאַטוט האָבן געבילדעטע און רייכע ייִדן באַקומען אַ מעגלעכקייט צו געווינען בירגערלעכע רעכט. די ייִדישע מאַסע איז אָבער ווייטער געבליבן צוגעשמידט צו דער געטאָ. די קהילה איז ליקווידירט געוואָרן. אַנשטאָט איר איז געשאַפן געוואָרן דער „קאָמיטעט סטאַראָזאַקאָנניך”, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו באַזאָרגן די רעליגיעזע הצטרכותן פון דער געמיינדע. בראָש פונעם קאָמיטעט איז געשטאַנען דער רב. זינט דעם יאָר 1832 איז רב אין קראָקע געווען הרב בער מייזעלס, דער פייערדיקער פוילישער פּאַטריאָט. ער האָט דעם דאָזיקן אַמט געהאַלטן ביזן יאָר 1856, ווען ער איז אַריבער קיין וואַרשע.

אין יאָר 1846 איז קראָקע ווידער אָנגעשלאָסן געוואָרן אין גאַליציע. די לאַגע פון די ייִדן האָט זיך אויך דאָס מאָל נישט פאַרבעסערט. אויף די קראָקעווער ייִדן איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די גאַנצע שטייערלאַסט, וואָס ייִדן אין גאַליציע האָבן אויף זיך געטראָגן, אַריינגערעכנט אויך דעם פאַר־האַסטן שטייער פון ליכט־בענטשן און די אָפּצאָלן פון חתונות. חוץ דעם האָבן קראָקעווער ייִדן געליטן גרויסע היזקות צוליב דעם, וואָס די גרענעץ מיט רוסיש־פוילן איז פאַרמאַכט געוואָרן און דער מיסחר מיט יענער זייט האָט אויפגעהערט.

די עסטרייכישע קאָנסטיטוציע פון יאָר 1848 איז געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר. פּראַקטיש האָט זי ייִדן קיין בירגערלעכע רעכט נישט געגעבן. ערשט די קאָנסטיטוציע פון יאָר 1867 האָט געזיכערט גלייכע רעכט פאַר אַלע איינוווינערס פון דער עסטרייכישער אימפּעריע און במילא אויך פאַר ייִדן. ערשט דעמאָלט האָבן די ייִדן אין קראָקע באַקומען די מעגלעכקייט אַרויס־צוגיין פון געטאָ און באַזעצן זיך דאָרט, ווו זיי האָבן געוואָלט.

דער קולטור־מצב איז ביי די קראָקעווער ייִדן נישט געווען קיין געהוי־בענער אין משך פונעם 18טן י״ה. די צייטן ווען ר׳ משה איסערלעס (רמ״א), וועלכער האָט די לערע פון רמב״ם אַריינגעפירט קיין פוילן, זיינען שוין אַריבער. איצט האָט זיך דאָרט געשאַפן אַ גינציקער באָדן פאַר כּלערליי מיסטישע באַוועגונגען. דער מגיד ר׳ נתן שאַפּירא האָט דער ערשטער אין קראָקע אָנגעהויבן צו לערנען קבלה מיט זיינע תּלמידים. אויך שבתי צבי האָט אין קראָקע געהאַט אַ סך אָנהענגערס.

ווי אַן עפּילאָג צו דער שבתי צבי־באַוועגונג האָט זיך ביי ייִדן צעפלאַקערט אַ מחלוקת, וואָס איז באַקאַנט ווי די מחלוקת צווישן ר׳ יונתן אייבעשיץ און

ר׳ יעקב עמדן. אין דער דאָזיקער מחלוקת זיינען די צוויי גדולי התורה נישט געשטאַנען פאַראיינזאַמט. ביידע האָבן געהאַט זייערע אָנהענגערס און חסידים און דעריבער איז דאָס רוב פון דער יידישער געזעלשאַפט אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם דאָזיקן קאַמף. ר׳ יעקב עמדן האָט באַשולדיקט ר׳ יונתנען, אַז ער איז אַ שבתי־צביניק, אַ טייל רבנים האָט זיך געשטעלט אויף ר׳ יעקבס צד און האָבן ר׳ יונתנען אַריינגעלייגט אין חרם. אָבער ר׳ יונתן האָט אויך געהאַט שטאַרקע אָנהענגערס און צווישן זיי איז געווען די קראָקעווער קהילה. דער דעמאָלטיקער קראָקעווער רב ר׳ יצחק לאַנדוי איז געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע שטיצערס פון ר׳ יונתן אייבעשיצן.

אַ ביסל שפּעטער האָט חסידות געשלאָגן אין קראָקע שטאַרקע וואָרצלען, כאָטש די דאָזיקע באַוועגונג איז ביים סאַמע אָנהייב אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם דורך קהל. די ערשטע חסידים אין קראָקע זיינען געווען: קלמן עפּשטיין און בערל לוקסענבורג.

עס זיינען פאַראַן באַווייזן, אַז אינעם 18טן י״ה האָט זיך צווישן יידן אין קראָקע אָנגעהויבן אַ וועלטלעכע קולטור־באַוועגונג. עס זאָגט אויף דעם עדות די גאַנץ היפּשע צאָל דאָקטוירים פון קראָקע, וועלכע האָבן שטודירט אין אויסלענדישע אוניווערסיטעטן. אין דער צייט פון דער קראָקעווער רעפּובליק איז שוין די צאָל פון די משׂכּילים אין קראָקע געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע און בעת דער צווייטער עסטרייכישער אָקופּאַציע זיינען אַרויס־געשוואומען די פּוילישע אַסימילאַטאָרן. צווישן זיי זיינען די חשובסטע געווען: ד״ר שמעון סאַמעלסאָן און ד״ר יוסף עטינגער. הרב בער מייזעלס האָט זיין עקסטרעמען פּוילישן פּאַטריאָטיזם געקאָנט פאַרבינדן מיט אַ יידיש־אָרטאָדאָקסישער אָפּגעהיטנקייט. אויך זיין נאָכפאָלגער אויפן קראָקעווער כּסא הרבנות, ר׳ שמעון סופר (שרייבער) איז געווען אַ שטרענגער אָרטאָדאָקס. ער האָט זיך פאַראייניקט מיט חסידים און צוזאַמען מיט זיי אָרגאַניזירט דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום פאַרן קאַמף קעגן דער השׂכּלה.

„די געשיכטע פון יידן אין קראָקע און קאַזשימיעזש״ האָט איר אָנהייב אין אַ באַשיידענעם פּראָיעקט פון דער קראָקעווער קהילה אַרויסצוגעבן אַ קליינע געשיכטע פונעם יידישן קראָקע אויף אַן ערך 200 בוך־זייטן. דערמיט האָט די קהילה געמיינט צו באַשיינען די פייערונג פון חנוכּת הבית פון אַ נייעם קהילה־בנין, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1911. אָבער אין באַלאַנס העגט האָט זיך דער דאָזיקער באַשיידענער פּראָיעקט פונאַנדער־

געוואַקסן און אָנגענומען די פאָרעם פון אַ גיגאַנטישן ווערק, וואָס גיט נישט בלויז אַ שלימותדיקע שילדערונג פון דער געשיכטע פון יידן אין קראָקע און אין דער אומגעבונג, נאָר צעשפּרייט זיך אויף אַ סך אַנדערע געביטן פון דער יידיש־פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע. קראָקע איז במשך פון אַ סך יאָרהונדערטער געווען דער צענטער פון פּוילן און די קראָקעווער קהילה איז געווען די צענטראַלע קהילה פונעם פּוילישן יידנטום. באַלאַבאַן האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן פאַקט און ער האָט אין זיין ווערק באַאַרבעט גאַנצע אוצרות פון מאַטעריאַלן, וואָס האָבן מער שייכות צו דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן, ווי צו דער קראָקעווער קהילה. דעריבער קאָן מען מיט רעכט זאָגן, אַז „די געשיכטע פון יידן אין קראָקע און קאַזשימיעזש" איז דער רוקנביין פון דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן.

באַלאַבאַן האָט זיך געטראָגן מיטן געדאַנק אָנצושרייבן די גאַנצע געשיכטע פון יידן אין פּוילן. ווער אויב נישט ער איז געווען ראוי דורכצופירן די דאָזיקע גרויסע אַרבעט? די טויזנטיאָריקע געשיכטע פון יידן אין פּוילן האָט געהאַט אַ סך באַשרייבערס. זיי האָבן אָבער אַלע באַשריבן בלויז געוויסע אירע פראַגמענטן, עטאַפּן אָדער עפּיזאָדן. באַלאַבאַן אַליין, כאָטש דער גרעס־טער צווישן זיי, איז אויך געבליבן אין דער מערכה פון אַ באַשרייבער פון אירע עטאַפּן.

שמעון דובנאָוו, דער גרעסטער צווישן אונדזערע היסטאָריקערס, האָט אין זיין באַגריסונג צו ד"ר מאיר באַלאַבאַן לכּבוד זיין 60סטן געבוירן־טאָג (דאַטירט: ריגע, דעם 15טן מאַרץ, 1937) געשריבן: „פאַר מיינע אויגן איז זיך צעוואַקסן דער טאַלאַנט פון אונדזער פּרוכטבאַרן היסטאָריקער, דעם וויכטיקסטן גרונטלייגער פון דער יידישער געשיכטע אין פּוילן". און אין דער זעלבער באַגריסונג האָט דובנאָוו געווונטשן באַלאַבאַנען, ער זאָל קרוינען זיינע פאָרשונגען מיט אַ פולשטענדיקער געשיכטע פון דעם יידישן צענטער אין פּוילן.

דער געדאַנק אָנצושרייבן די פולע געשיכטע פון יידן אין פּוילן איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. עס האָבן אין דעם געשטערט די טרויעריקע געשעענישן, וואָס זיינען באַלד דערנאָך געקומען און האָבן פאַרשניטן דאָס יידישע פאָלק אין פּוילן צוזאַמען מיט די שאַפערס פון זיין קולטור. אָבער באַלאַבאַנס ווערק, אויב מען זאָל זיי אַלע צוזאַמענקלייבן אונטער איין הילע, אַנטהאַלטן זיי כּמעט די גאַנצע געשיכטע פון יידן אין פּוילן. דעריבער ווערט

באַלאַבאַן מיט רעכט באַצייכנט ווי דער היסטאָריקער פונעם פוילישן ייִדנטום.

„די געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע און קאַזשימיעזש" איז דער חשובסטער צושטייער צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פוילן. דאָס דאָזיקע ווערק איז צוזאַמענגעשטעלט מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט און אַחריות, אַז עס קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ מוסטער פון וויסנשאַפטלעכער פּערפעקטקייט. קיין שום זאַך לאָזט זיך דאָרט נישט אָפּפרעגן, חוץ אפשר אייניקע נעמען און דאַטעס אין די גענעאַלאָגישע רשימות פון די משפּחות, אין וועלכע עס האָט זיך געקאָנט אַריינרייסן אַ טעות. אָבער דאָס זיינען ענינים פון אַ קליינער באַדייטונג, אויף וועלכע עס לוינט זיך אַפילו נישט אָפּצושטעלן. אין אַלגעמיין איז דאָס דאָזיקע ווערק אַ פּרעכטיקער און שלימותדיקער בנין, ווו די אַרכיטעקטאָנישע קונסט איז וווּנדערלעך צוזאַמענגעפּאָרט מיט דער טיכטיקייט פון אַ גוטן בוימייסטער, ווו אַלץ איז אויסגעצענדיקט און דערפירט ביזן לעצטן שטריך.

ו

## פּעדאַגאָגישע טעטיקייטן פון ד"ר מאיר באַלאַבאַן

באַלאַבאַנס עצמדיקע פּראָפעסיע, פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין חיונה, איז געווען לערעריי. זיין פּעדאַגאָגישע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן אין גלינע אין יאָר 1897 אויף דער לערער־שטעלע אין דער באַראָן הירש־שול און זינט דעמאָלט איז ער כמעט אָן איבעררייס געווען טעטיק אין דער דאָזיקער פּראָפעסיע ביזן סוף פון זיין לעבן. זיין קאַריערע ווי אַ לערער האָט באַלאַבאַן דורכגעמאַכט אויף אַלע שטאַפּלען, וואָס האָבן עקסיסטירט אויפן דאָזיקן געביט. ער האָט אָנגעהויבן ווי אַ פאָלקסשול־לערער (אויך אין די יאָרן פון זיין שטודירן אויפן פילאָסאָפישן פאַקולטעט פונעם לעמבערגער אוניווערסיטעט האָט ער אָנגעהאַלטן אַ שטעלע פון לערער אין אַ לעמבערגער פאָלקסשול), איז דערנאָך אַריבער אין גימנאַזיע, האָט זיך שפּעטער האַביליטירט ווי אַ דאָצענט פונעם אוניווערסיטעט, איז מיט דער צייט געוואָרן פּראָפעסאָר פונעם העכסטן היכל פון ייִדישן וויסן, פונעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט.

באַלאַבאַן האָט זיין לערער־פּראָפעסיע ליב געהאַט. וועגן אים קאָן מען זאָגן, אַז ער איז געווען אַ געבוירענער פּעדאַגאָג. ער איז נישט בלויז געווען אַן אויסגעצייכנטער לערער, נאָר ער האָט אויך אַרויסגעוויזן גרויסע פעיִקייטן

ווי אַ לייטער פון אַ שול. אויף זיין ערשטער שטעלע ווי דער דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו (1917—1919) האָט באַלאַבאַן במשך אַ קורצער צייט באַוויזן אויפצוטאָן גאָר גרויסע מעשׂים. ווי עס דערציילט ש. ווירסטל אינעם אָנדענקבוך „טשענסטאָכאָווער יידן" (ניו־יאָרק, 1947, רעד. ד"ר רפאל מאַהלער) האָט באַלאַבאַן אין דער טשענסטאָכאָווער גימנאַזיע אַנטוויקלט די העברעיִשע לימודים און אויפגעהויבן די מדרגה פון דער שול. ווען ער האָט פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו, האָט די שטעלע פון דירעקטאָר איבערגענומען ד"ר דוד איינהאָרן. אין זיין צייט האָט זיך די דאָזיקע גימנאַזיע צוגעפּאַסט צום פּוילישן רעגירונג־פּראָגראַם, וואָס האָט דערפירט צום רעדוצירן די יידישע און העברעיִשע לימודים.

דאָס בית־מדרש לרבנים „תחכמוני" אין וואַרשע (גזשיבאָווסקע 19) האָט באַלאַבאַן פּאַקטיש אויפגעבויט און אָרגאַניזירט. די לימודים האָבן זיך אין דער דאָזיקער שול אָנגעהויבן אין יאָר 1920. דאָס לערן־פּראָגראַם האָט אַרומגענומען אַ פולן קורס פון אַלגעמיינער מיטלשול־בילדונג מיט אַ צוגאָב פון יידישע קענטשטאַנדן: תלמוד מיט מפרשים, תנך, העברעיִשע שפּראַך און דקדוק, אַלטע און נייע העברעיִשע ליטעראַטור, רעליגיעזע פילאָסאָפיע, יידישע געשיכטע און בפרט די געשיכטע פון יידן אין פּוילן. דער אַנשטאַלט איז געשאַפן געוואָרן דורך דער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, וועלכע האָט געדעקט דעם בודזשעט.

די לייטונג פון דער דאָזיקער שול האָט באַלאַבאַן אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1924. דעמאָלט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע און די סיבה פון זיין רעזיגנאַציע האָט ער אויפגעקלערט אין אַ בריוו צום שריפטשטעלער גרשום באַדער. מיר ציטירן די שטעלע פונעם בריוו, וועלכער איז דאַטירט דעם 23סטן אויגוסט 1924 און איז געשריבן געוואָרן אין דרוסקעניקי, אַ דאַטשע ביי דער אַמאָליקער פּויליש־ליטווישער גרענעץ, ווו באַלאַבאַן האָט אין יענעם יאָר פאַרבראַכט זיינע זומער־וואַקאַציעס. עס רעדט זיך דאָרט אַזוי:

> איך האָב רעזיגנירט פון דער שטעלע פון דירעקטאָר פון דער ראַבינער־שול „תחכמוני". די סיבות זיינען פּשוטע: די הערן מזרחיסטן אין פּוילן וואַרטן אויף אַמעריקאַנישע געלטער און אויב געלטער קומען נישט אָן, צאָלט מען נישט אויס די לערערס און עס ברעכן אויס שטרייקן. אין לעצטן יאָר האָב איך געהאָט דריי און איך האָב עס גענוג... איך האָב שוין גענוג דעם כבוד, ביי וועלכן איך האָב געפּטרט

דאָס געזונט. איך קער זיך אום צום מלוכישן דינסט ווי אַ לערער. די אַרבעט איז מיר צוגעוויזן געוואָרן אין וואַרשע, וווּ איך האָב מיין דירה און פאַמיליע״.

ס׳איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף דער פראַגע פון באַלאַבאַנס מלוכישן דינסט, וועגן וועלכן ער דערמאָנט אינעם בריוו צו באַדערן. בעצם איז באַלאַ־באַן שטענדיק געווען פאַררעכנט ווי אַ לערער פון מלוכישע שולן. אויב ער איז אין משך פון אַ ריי יאָרן נישט געווען אַקטיוו אין מלוכישן דינסט, ווייל ער האָט געאַרבעט ווי אַ דירעקטאָר אין פּריוואַטע שולן, האָט ער לויט די פּוילישע שולגעזעצן נישט פאַרלוירן זיינע רעכט ווי אַ מלוכישער לערער. ער האָט גענומען אַ נישט געצאָלטן אורלויב אויף אַ געוויסער צייט און אין יעדן מאָמענט האָט ער געקאָנט זיך אומקערן צו דער אַרבעט אין מלוכישן שולסיסטעם. אין די יאָרן פון זיין אַרבעט אין „תּחכמוני״ איז באַלאַבאַן געווען צוגעשריבן ווי אַ לערער פונעם מלוכישן סעמינאַר פאַר יידישע רעליגיע־לערערס אין די פאָלקסשולן (וואַרשע, גענשע־גאַס), וווּ זיין פריינד ד״ר מאיר טויבער איז געווען דער דירעקטאָר. אויב ער דערמאָנט, אַז די אַרבעט איז אים צוגעוויזן געוואָרן אין וואַרשע, מיינט ער טאַקע די לערער־אַרבעט אינעם דערמאָנטן מלוכישן סעמינאַר.

באַלאַבאַן האָט אין די וויטערדיקע יאָרן געאַרבעט אינעם לערער־סעמינאַר, ביז ער איז פּענסיאָנירט געוואָרן ווי אַן אויסגעדינטער מלוכישער מיטלשול־לערער. חוץ דעם סעמינאַר האָט ער אויך אָנגעהאַלטן אַ לערער־שטעלע אין דער גימנאַזיע „אַסכּלה״.

אין יאָר 1927 האָט זיך באַלאַבאַן האַביליטירט ווי אַ דאָצענט פון יידישער געשיכטע אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. אַ צייט פריִער האָט ער אָנגע־הויבן צו לייענען לעקציעס אויף דער וואַרשעווער פרייער הויכשול. אין דער זעלבער צייט זיינען שוין אין פּולן גאַנג געווען די צוגרייטונג־אַרבעטן צו דער דערעפענונג פונעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט. אין דער אָרגאַניזירונג פונעם דאָזיקן אינסטיטוט האָט באַלאַבאַן ביי דער זייט פון ד״ר מרדכי ברודע און ד״ר משה שאָר געשפּילט די פירנדיקע ראָלע. אין דעצעמבער 1925 האָט זיך אָרגאַניזירט די „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן יודאַיִסטישע וויסנשאַפטן״, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען צו אָרגאַניזירן און פינאַנציעל אויסצוהאַלטן דעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט. באַלאַבאַן איז פונעם ערשטן מאָמענט ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען דער סעקרעטאַר פון דער

געזעלשאַפט. ער איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער קוראַטאָריע פונעם אינסטיטוט און דער פאָרשטייער פון דער דאָצענטן־קאָלעגיע אין דער קוראַטאָריע.

אין אַפּריל 1927 האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו דערעפענען דעם אינסטיטוט אין משך פון ווינטער 1928. עס זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן ווי דאָצענטן: ד״ר משה שאָר, ד״ר מאיר באַלאַבאַן, ד״ר יעקב כּהן, ד״ר אברהם וויס. שפּעטער איז צוגעקומען ד״ר עדמונד שטיין. די פייערלעכע דערעפענונג איז פאָרגעקומען דעם 19טן פעברואַר 1928. די אויפגאַבע פונעם אינסטיטוט איז געווען די אויסבילדונג פון ראַבינערס און פּריידיקערס פאַר פּראָגרעסיווע טעמפּלען, וואָס זאָלן גלייכצייטיק קאָנען פאַרנעמען שטעלעס פון רעליגיע־לערערס אין די גימנאַזיעס. נאָך אַ צווייטע אויפגאַבע האָט זיך געשטעלט דער אינסטיטוט: אויסצובילדן באַאַמטע פאַר יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס, קהילות וכד׳. אין הסכּם מיט די צוויי אויפגאַבן האָט דער אינסטיטוט געהאַט צוויי באַזונדערע פאַקולטעטן: דעם ראַבינישן פאַקולטעט און דעם פאַקולטעט פאַר היסטאָריש־געזעלשאַפטלעכע לימודים.

ווי אַ דאָצענט האָט באַלאַבאַן געלייענט לעקציעס וועגן יידישער געשיכטע. ער איז אויך איינציקע מאָל אויסגעקליבן געוואָרן פאַר רעקטאָר פונעם אינסטי־טוט (אַגב, אַן אַמט, וואָס איז צוגעפאַלן יעדן דאָצענט אין יאָר, ווען ס׳איז געקומען זיין ריי).

באַלאַבאַנס מאַטעריעלע לאַגע איז שוין אין יענע יאָרן געווען אַ סטאַ־ביליזירטע און נישט קיין שלעכטע, כאָטש ער אַליין איז בטבע געווען אַ מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט זיך צו באַקלאָגן אויף שווערע צייטן. די שׂכירות פון די דאָצענטן פונעם אינסטיטוט זיינען געווען גאַנץ שיינע. חוץ דעם האָט באַלאַבאַן געהאַט אַ פּענסיע ווי אַן אויסגעדינטער מלוכישער לערער. ער האָט געאַרבעט אין אַנדערע שולן און געהאַט אויך אַ געוויסע הכנסה פון דער נאָזשיק־שול, ווו ער איז במשך פון יאָרן געווען (טאַקע אָפיציעל אַ נישט באַשטימטער, אָבער דערפאַר אַ פּאַקטישער) פּריידיקער. אין יאָר 1936 איז באַלאַבאַן געוואָרן פּראָפעסאָר פון דער וואַרשעווער אוניווערסיטעט. איז וואָרשיינלעך, אַז פונעם דאָזיקן מקור האָט ער אויך געמוזט האָבן אַ הכנסה, כאָטש ס׳איז באַוווּסט, אַז כּל זמן ער איז געווען בלויז דאָצענט האָט ער פונעם אוניווערסיטעט קיין שום שׂכירות נישט באַקומען.

מען דאַרף אויך צורעכענען די הכנסות פון זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן.

אויב די הכנסות פון די אַרויסגעגעבענע ביכער זיינען אַפילו נישט געווען קיין גרויסע, האָט אָבער באַלאַבאַן געהאַט באַדייטנדיקע הכנסות פון צייטונגס־האָנאָראַרן. אין די יאָרן, וועגן וועלכע עס רעדט זיך איצט, איז ער שוין געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער יידיש־פּוילישער טאָגצייטונג „נאַש פּזשעגלאָנד״, ווו ער האָט געדרוקט זיין וועכנטלעכן אַרטיקל און האָט באַקומען אַ באַשטימטן האָנאָראַר.

אויך סטאַביליזירט און איינגעפונדעוועט איז געווען באַלאַבאַנס פּריוואַט לעבן. אַ דאַנק זיין פרוי, גיזעלאַ, איז זיין היים געווען אַ מוסטער פון אַ יידישער באַלעבאַטישער היים. זיינע קינדער האָבן זיך נישט צו פיל אינטערעסירט מיט די אַרבעטן פון זייער פאָטער (און אויף דעם פלעגט זיך באַלאַבאַן אַפילו באַקלאָגן), אָבער זיי האָבן אַלע שטודירט. די עלטסטע טאָכטער, זאָסיע, האָט ער ביי צוואַנציק יאָר (אַן ערך 1932) חתונה געמאַכט מיט אַדוואָקאַט ביאַלער. דער עלטערער זון, אַלעקסאַנדער, האָט אויסשטודירט מעדיצין און איז געווען אַ דאָקטאָר. דער יינגסטער זון, לעאָן, איז ביים אויסבראָך פון דער מלחמה געווען נאָך אַ שול־בחור.

אין די יאָרן 1936—1937 איז געפייערט געוואָרן באַלאַבאַנס זעכציק־יאָריקער געבוירן־טאָג. פאַר זיינע תלמידים, סיי די אַמאָליקע און סיי די, וועלכע האָבן ביי אים געלערנט אין יענער צייט, איז דאָס געווען אַ געלעגנהייט צו דעמאָנסטרירן זייער ליבשאַפט צום גרויסן לערער. אינעם יודאַיסטישן אינסטיטוט איז פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזע פייערונג לכבוד דעם בעל־יובל. דער הויפּטרעדנער איז געווען ד״ר יצחק שיפּער, וועלכער האָט אין זיין פּראַכטפולער רעדע געגעבן אַ פולע אָפּשאַצונג פון באַלאַבאַנס וויסנשאַפט־לעכער טעטיקייט. אַ גרופּע תלמידים האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט אָפּשאַצונגען וועגן באַלאַבאַנען ווי אויך אייניקע פון זיינע פּרט־אַרבעטן. דאָס דאָזיקע בוך האָט רעדאַקטירט פאַליק האַפנער.

אויך דער יודאַיסטישער אינסטיטוט האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן יובל־בוך לכבוד ד״ר מאיר באַלאַבאַנען. פאַרן אויסבראָך פון דער מלחמה איז דאָס דאָזיקע בוך געווען שוין אָפּגעדרוקט און עס האָט זיך געפונען ביים בוכבינדער. דאָרט איז עס אויך פאַרלאָרן געגאַנגען ביים אָנהייב פון די געשעענישן און ס׳איז צו אונדז נישט דערגאַנגען קיין זכר פונעם דאָזיקן וויכטיקן זאַמלווערק.

אַ היפּשע צאָל אַרטיקלען מיט אָפּשאַצונגען וועגן באַלאַבאַנען זיינען אין

די יובל־יאָרן 1936—1937 דערשינען אין דער יידישער פּרעסע און זשורנאַלן. פון די דאָזיקע אַרטיקלען איז כּדאי צו דערמאָנען די אַרבעט פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין די „ליטעראַרישע בלעטער״ (נ״ר 11 פון יאָר 1937), וואָס אַנטהאַלט וויכטיקע פּרטים צו באַלאַבאַנס ביאָגראַפיע.

טויזנטער תּלמידים האָט באַלאַבאַן געהאַט. אַ סך פון זיי האָבן פאַרנומען הויכע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן. אַ סך האָבן לויט דעם ביישפּיל פון זייער מייסטער אויסגעקליבן דעם וועג פון היסטאָרישער פאָרשונג און האָבן שוין ביים אָנהייב געהאַט צו פאַרצייכענען גוטע דערגרייכונגען. אָבער אַ קליינע צאָל פון זיינע תּלמידים, מ׳קאָן זאָגן יחידים, האָבן איבערגעלעבט דעם קאַטאַקליזם פון דער מלחמה.

באַלאַבאַן האָט נישט בלויז געזאָרגט וועגן חינוך פון זיינע תּלמידים, נאָר ער האָט אויך געזוכט נייע וועגן, וואָס זאָלן פאַרלייכטערן די אויפגאַבן פון די לערערס פון יידישער געשיכטע און זאָלן זייער אַרבעט מאַכן מער פּראָ־דוקטיווער און ווירקזאַמער. צו דעם צוועק זיינען קודם כּל נויטיק געווען גוטע לערנביכער און באַלאַבאַן האָט די דאָזיקע לערנביכער געשאַפן. נאָכן ערשטן באַנד פון „די יידישע געשיכטע און ליטעראַטור מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט פאַר דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן״ (לעמבערג, 1916), האָט ער צוזאַמענגעשטעלט דעם צווייטן באַנד (לעמבערג־וואַרשע־קראָקע, 1920), און שפּעטער דעם דריטן באַנד פונעם דאָזיקן לערנבוך (לעמבערג־וואַרשע־קראָקע, 1925). דער צווייטער באַנד נעמט אַרום די תּקופה פונעם מיטל־עלטער און דער דריטער די צייט פונעם גירוש־שפּאַניע ביז צו דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע. ס׳איז נישט קיין ספק, אַז באַלאַבאַן האָט בדעה געהאַט אַרויסצוגעבן נאָך אַ פערטן באַנד. ער האָט עס שוין אָבער נישט באַוויזן צו טאָן.

אויך דער צווייטער באַנד איז פּונקט ווי דער ערשטער דערשינען אין עטלעכע אויסגאַבעס, און יעדע נייע אויסגאַבע איז דורך באַלאַבאַנען אויף ס׳ניי באַאַרבעט געוואָרן. באַלאַבאַנס לערנבוך איז גענוצט געוואָרן אין די מיטלשולן פון גאַנץ פּוילן און האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער פאַרבעסערונג פון דער מערכה פונעם לימוד פון יידישער געשיכטע. דאָס בוך איז אויך טיילווייז גענוצט געוואָרן אין די העברעיִשע גימנאַזיעס אין ארץ־ישׂראל און צו דעם צוועק טאַקע איז זיין ערשטער באַנד איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעיִש (1930).

כּדאַי נאָך אָפּצושטעלן זיך אויף באַלאַבאַנס אַ זייער וויכטיקן אַוועקגעשטעלטן פֿעדאַגאָגיש־פֿאָרשערישן געביט. מיר מיינען „די ביבליאָגראַפֿיע פֿון דער געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן און אין די שכנותדיקע לענדער", וואָס באַלאַבאַן האָט צוזאַמענגעשטעלט מיט דער הילף פֿון זײַנע תּלמידים פֿונעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. די ביבליאָגראַפֿיע איז אַ גראַנדיעז ווערק, אין וועלכן באַלאַבאַן האָט זיך פֿאַרמאָסטן אײַנצושליסן אַלע געדרוקטע ווערק און אַרבעטן, וואָס האָבן אַ וועלכע נישט איז באַדײַטונג פֿאַר דער פֿאָרשונג פֿון דער ייִדישער געשיכטע. די ערשטע צוויי העפֿטן זײַנען געוווען פֿאַרטיק נאָך פֿאַרן אויסבראָך פֿון דער מלחמה. דער ערשטער העפֿט איז דערשינען אין יאָר 1939 (פּויליש, וואַרשע, 1939), דער צווייטער איז ביים אויסבראָך פֿון דער מלחמה געווען אויסגעזעצט און טיילווײַז אויסגעקאָרעגירט. ווי מיר הערן, האָבן זיך די אָפּצוגן מיט די קאָרעקטורן אָפּגעפֿונען אין פּוילן און דעריבער איז פֿאַראַן אַ האָפֿענונג, אַז דאָס דאָזיקע וויכטיקע ווערק וועט נאָך אַ מאָל דערזען די טאָגשיין.

וועגן די צילן פֿונעם דאָזיקן ווערק זאָגט באַלאַבאַן אין זײַן הקדמה צום ערשטן העפֿט: דער ציל איז אַ טאָפּלטער, אַ פּעדאַגאָגישער און אַ רעגיסטראַטיווער מיט דער איבערוואָג פֿונעם ערשטן. דער געדאַנק אַרויסצוגעבן די ביבליאָגראַפֿיע איז ביי באַלאַבאַנען געבוירן געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס זײַנע תּלמידים פֿלעגן זיך צו אים כּסדר ווענדן מיט בקשות ער זאָל זיי אָנווײַזן די ליטעראַטור, מיט וועלכער זיי וואָלטן זיך געקאָנט באַנוצן ביים באַאַרבעטן פֿאַרשיידענע טעמעס. דאָס האָט באַלאַבאַנען איבערצייגט, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ נויטווענדיקייט פֿון אַ הילפֿסווערק, ווו דער פֿאָרשער קאָן לײַכט געפֿינען אַלע מקורים, נישט דאַרפֿנדיק ביי קיינעם זיך פֿרעגן.

זאַמלען ביבליאָגראַפֿישע נאָטיצן איז ביי באַלאַבאַנען געווען אַ פּאַסיע. זינט די ייִנגסטע יאָרן האָט ער זיך דערמיט טעגלעך באַשעפֿטיקט. קיין שום אַרבעט אויף אַ ייִדיש־היסטאָרישער טעמע איז פֿון אים ניט געבליבן פֿאַרהוילן. ער האָט זיי אַלע רעגיסטרירט און צוזאַמענגעלייגט. אין די יאָרן פֿון פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער אין „קוואַרטאַלניק היסטאָריטשני" (לעמבערג), „פּזשעגלאָנד היסטאָריטשני" (וואַרשע) און אין דער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" (פּעטערסבורג) פֿאַרעפֿנטלעכט זאַמלונגען פֿון ביבליאָגראַפֿישע נאָטיצן פֿון היסטאָרישע אַרבעטן.

מיט דער שאַפֿונג פֿון סעמינאַרן פֿון ייִדישער געשיכטע אין פּוילן סײ

אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט און סיי אינעם יודאַיסטישן אינסטיטוט, איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די אַרבעט אַרום דער ביבליאָגראַפֿיע. אונטער באַלאַבאַנס אָנפֿירונג האָבן דאָרט די סטודענטן געטאָן די אַרבעט און אויף אַזאַ אופֿן איז במשך פֿון עטלעכע יאָר צוגעגרייט געוואָרן דער מאַטעריאַל צום דרוק.

דאָס ערשטע העפֿט פֿון דער ביבליאָגראַפֿיע אַנטהאַלט רשימות פֿון ווערק, וואָס זיינען דערשינען ביזן יאָר 1930. דער גאַנצער מאַטעריאַל איז פֿונאַנדערגעטיילט אין 8 גרופּעס: ביבליאָגראַפֿיע, יאָרביכער און אַלמאַנאַכן, היסטאָריאָגראַפֿיע און היסטאָריאָזאָפֿיע, מקורים און מאַטעריאַלן, היסטאָרישע ווערק, פּוילן נאָך דער צעטיילונג, פּוילישע אויפֿשטאַנדן, שטעט אין פּוילן (גרויספּוילן).

דאָס צווייטע העפֿט נעמט אַרום די ווייטערדיקע און אין אַ געוויסער מאָס נאָך אינטערעסאַנטערע גרופּעס, ווי: ייִדן אין די לענדער בשכינות מיט פּוילן, עמיגראַציע, משפּחות און גענעאַלאָגיעס, אויטאָנאָמיע און געזעץ, מיסטישע באַוועגונגען, קראים, קולטור און קונסט, אַנטראָפּאָלאָגיע, עטנאָ־גראַפֿיע, פֿאָלקלאָר, פּרעסע א״אַ. דער אינהאַלט פֿונעם דריטן העפֿט, איבער וועלכן באַלאַבאַן האָט לויט געוויסע פֿאַראַנענע ידיעות געזאָלט אַרבעטן אין דער צייט פֿון דער היטלערישער אָקופּאַציע, איז אומבאַקאַנט.

וועגן דעם גרויסן ווערט פֿון באַלאַבאַנס ביבליאָגראַפֿיע זיינען נישטאָ קיין חלוקי־דעות. צום בעסטן שאַצן אים אָפּ היסטאָריקערס און פֿאָרשערס, וואָס באַנוצן זיך מיטן דאָזיקן הילפֿבוך, נאָר פֿון דעסטוועגן דאַרף נישט פֿאַרשוויגן ווערן אַ געוויסער חסרון, וואָס איז דאָרט פֿאַראַן. דער חסרון ליגט אין דער טראַנסקריפּציע. דאָס ווערק איז נעמלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף פּויליש און אַלע ייִדישע און העברעיִשע נעמען פֿון ווערק זיינען אָנגעגעבן געוואָרן אין דער פּוילישער טראַנסקריפּציע. וואָלט דאָס נאָך נישט געווען קיין גרויסע צרה, אויב די טראַנסקריפּציע וואָלט געווען אַן איינהייטלעכע. אָבער אין דער אַרבעט האָבן זיך באַטייליקט סטודענטן פֿון פֿאַרשיידענע געגנטן פֿון פּוילן. האָט דער ליטוואַק אויסגעלייגט לויט דער ליטווישער אויסשפּראַך און דער גאַליציאַנער לויט דער גאַליצישער. דער פּועל־יוצא איז, אַז צו מאָל איז זיך שווער פֿונאַנדערצוקלייבן אין דעם באַדייט פֿון געוויסע אָנגעגעבענע נעמען.

דער אמת איז, אַז באַלאַבאַן אַליין איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט

זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פונעם דאָזיקן חסרון. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט העלפן. איבערצואַרבעטן די טראַנסקריפּציע וואָלט גענומען אַ פרישע (און אַ גרויסע) אַרבעט, וואָס וואָלט געקאָסט אַ סך געלט. ווידער אַרויסצוגעבן דאָס בוך אויף פויליש מיט אָריגינעלע העברעיִשע און ייִדישע טיטולן וואָלט שטאַרק געהעכערט די הוצאות פון דרוק און דאָס ביי אַ לאַגע, ווען די מיטלען אַרויסצוגעבן דאָס ווערק זיינען געווען שטאַרק באַגרענעצטע.

ס'איז פאַר מיר אַ חידוש, וואָס דער „ייִוואָ״ האָט נישט איבערגענומען די אויפגאַבע פון אַרויסגעבן די ביבליאָגראַפיע. אין דעם פאַל וואָלט דער גאַנצער ענין פון דער טראַנסקריפּציע אָפּגעפאַלן, ווייל „ייִוואָ״ וואָלט דאָס ווערק אַרויסגעגעבן אויף ייִדיש. אין דעם ייִוואָ־אַרכיוו אין ניו יאָרק געפינט זיך אַ קאָרעספּאָנדענץ פון אליהו טשעריקאָווער (דעמאָלט אין ווילנע) מיט באַלאַבאַנען וועגן דעם דאָזיקן ענין. אין די בריוו דריקט אויס טשעריקאָווער אין נאָמען פון „ייִוואָ״ די גרייטקייט אַרויסצוגעבן די ביבליאָגראַפיע. אין אַ געוויסן פונקט האָט זיך אָבער די קאָרעספּאָנדענץ אָפּ און מיר ווייסן נישט צוליב וועלכע סיבות דאָס ווערק איז נישט דערשינען אין פאַרלאַג פון „ייִוואָ״, נאָר פונעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

אין זיין פּעדאַגאָגישער טעטיקייט האָט באַלאַבאַן ווייט איבערגעשטיגן די גרענעצן פון אַ לערער און פּראָפעסאָר פון זיין קעגנשטאַנד. מיט זיין בליק האָט ער אַרומגענומען דאָס גאַנצע געביט פונעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן דערציִונג־וועזן אין פּוילן. זיין השפּעה איז געווען אַ קענטיקע ביים צונויפשטעלן די לערן־פּראָגראַמען פון די העברעיִש־לימודים אין די העברעיִש־פּוילישע גימנאַזיעס, ער פלעגט איך דורך דער שולמאַכט דעלעגירט ווערן אַלס וויזיטאַטאָר צו די מאַטורע־עקזאַמענס אין די דאָזיקע גימנאַזיעס.

אין דעם לימוד פון ייִדישער געשיכטע איז באַלאַבאַן געווען דער פּוסק אחרון. ער איז געווען די אינסטאַנץ, וואָס האָט געגעבן דעם טאָן און געוויזן דעם וועג ווי אַזוי צו לערנען, און דאָס נישט בלויז אין די העברעיִש־פּוילישע גימנאַזיעס, נאָר אין אַ סך אַנדערע קאַטעגאָריעס פונעם שולוועזן אין פּוילן.

## יא

## באַלאַבאַנס קולטור־היסטאָרישע ווערק

דער קולטור־געשיכטלעכער עלעמענט קומט רייך צום אויסדרוק אין באַלאַבאַנס כמעט אַלע ווערק און אַרבעטן. ביים לייענען זיינע ווערק באַקומט זיך אָפט דער איינדרוק, אַז אויפן דאָזיקן עלעמענט האָט באַלאַבאַן אַלע מאָל געלייגט דאָס הויפּטגעוויכט. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז צוליב די קולטור־היסטאָרישע באַטראַכטונגען האָט באַלאַבאַן פאַרנאַכלע־סיקט די איבעריקע צוויי געביטן פון דער געשיכטע־פאָרשונג: דאָס פּאָלי־טישע און עקאָנאָמישע. להיפך, באַלאַבאַן איז דער מחבר פון אַ ריי אויסגע־צייכנטע אַרבעטן וועגן דער אויטאָנאָמיע, וואָס האָבן בשעתּם געוואָרפן אַ גאַנץ ניי ליכט אויפן דאָזיקן געביט פון פּאָליטישן קאַמף פאַר רעכט פון יידן אינעם אַמאָליקן פוילן. וואָס שייך דעם עקאָנאָמישן געביט, אָפּעררירט באַלאַבאַן אין זיינע ווערק מיט נישט ווינציקער מאַטעריאַלן און ציפערן ווי צום ביישפּיל ד״ר שיפּער, וועלכער ווערט באַטראַכט ווי דער ספּעץ אין דער עקאָנאָמישער געשיכטע.

נאָר פון דעסטוועגן איז דאָס קולטור־היסטאָרישע געביט דאָס וויכטיקסטע אין באַלאַבאַנס שאַפונג. דער ציל פון זיין פאָרשונג־אַרבעט איז שטענדיק — אויסצושיילן דעם קולטור־היסטאָרישן קערן פון דער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער שאָל. די קולטור־שאַפונג איז דאָס סאַמע העכסטע, וואָס אַ פאָלק גיט פון זיך אַרויס און דער קולטור־היסטאָרישער עלעמענט איז צום נאָענטסטן באַלאַבאַנס נשמה. אין אים פילט ער זיך ווי אַ פיש אין וואַסער און איין מאָל אַוועקגעריסן דורך זיין שטראָם, שווימט ער ערשט מיטן אמתדיקן אימפּעט.

גאַנץ אַנדערש איז ד״ר שיפּער, כאָטש ער האָט אַ סך געשריבן אויף קולטור־היסטאָרישע טעמעס. גענוג צו דערמאָנען זיין „קולטור־געשיכטע פון יידן אין פוילן״ אָדער די געשיכטע פונעם יידישן טעאַטער, וואָס זיינען אויס־געצייכנטע באַאַרבעטונגען פון קולטור־היסטאָרישע טעמעס. פון דעסטוועגן פילט זיך שיפּער פיל ענגער פאַרבונדן מיט דער חומרדיקער עקאָנאָמישער טעמאַטיק, אין וועלכער ער דריקט אויס זיין אמתדיקע שאַפונגקראַפט. צוליב אָט די קעגנזאַצן דערגאַנצן זיך אַזוי גוט די צוויי היסטאָריקערס פונעם פוילישן יידנטום.

ד״ר באַלאַבאַן האָט אין אַלע זיינע ווערק בהרחבֿהדיק באַרירט קולטור־היסטאָרישע פּראָבלעמען. אָבער חוץ דעם האָט ער געשאַפן אַ ריי ווערק אויף אויסשליסלעך קולטור־היסטאָרישע טעמעס. מיט אָט די ווערק וועלן מיר זיך פאַרנעמען אינעם איצטיקן קאַפּיטל.

אַ צאָל קלענערע פּרט־אַרבעטן אויף קולטור־היסטאָרישע טעמעס האָט באַלאַבאַן פאַרעפנטלעכט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין יאָר 1908 האָט ער פּאָלעמיזירט מיט דער פרוי ר. צענטנערשווער, וועלכע האָט אָנגעשריבן אַ בוך, ווו זי האָט זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז ייִדן אין פּוילן און רייסן האָבן אין אַמאָליקע צייטן באַנוצט זיך מיט סלאַווישע שפּראַכן און נישט מיט ייִדיש־דייטש. דערמיט האָט די פרוי צענטנערשווער געמיינט צו כּשרן די פּאָדערונגען פון די אַסימילאַטאָרן, אַז ייִדן זאָלן אַוועקוואַרפן דעם „זשאַרגאָן״ און אומקערן זיך צו פּויליש. אין זיין פּאָלעמיק האָט באַלאַבאַן דערוויזן דעם אומזין פון פרוי צענטנערשווערס אויספירן. דערביי האָט ער אָנגעוויזן, אַז לויט פאַראַנענע דאָקומענטן איז די אומגאַנגשפּראַך ביי ייִדן אין פּוילן און רייסן שוין אינעם 15טן י״ה געווען ייִדיש. כּדאַי צו דערמאָנען, אַז די זעלבע טעמע האָט אויך באַהאַנדלט ד״ר שיפּער (אין זיין אַרבעט געדרוקט אין „ייִדישע פילאָלאָגיע״, 1924), וועלכער האָט אויך פּאָלעמיזירט מיט דער זעלבער פרוי צענטנערשווער. אָבער שיפּער איז אין זיינע אויספירן דערגאַנגען ווייטער פון באַלאַבאַנען. ער האָט, נעמלעך, אויסגעפירט, אַז שפּורן פון לשון אשכּנז, ווי די אומגאַנג־שפּראַך ביי ייִדן אין פּוילן און רייסן, דערגרייכן דאָס 14טע י״ה.

באַלאַבאַן האָט אין אַ געוויסער צייט געפאָרשט די תּקופֿה פון רענעסאַנס און די השפּעה, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג האָט געהאַט אויף ייִדן. ווי אַ פּראָדוקט פון דער דאָזיקער פאָרשונג דאַרף באַטראַכט ווערן זיין מאָנאָגראַפיע וועגן יעקבֿ פּאָלאַק (1913, דייטש) און אַ צווייטע אַרבעט אַ נאָך גרעסערע אונטערן נאָמען „וויסן און מידות ביי פּוילישע ייִדן אין דער תּקופֿה פון רענעסאַנס״. די לעצטע אַרבעט האָט באַלאַבאַן געלייענט אויפן וויסנשאַפטלעכן צוזאַמענפאָר פון פּוילישע היסטאָריקערס אין יאָר 1931 אין קראָקע. געדרוקט איז זי געווען אין דעם אָנדענקבוך פונעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר (1932, פּויליש).

אָבער די וויכטיקסטע קולטור־היסטאָרישע אַרבעטן פון ד״ר באַלאַבאַן האָבן אַ שייכות צו צוויי טעמעס, צו די קונסטווערק, וואָס ייִדן אין פּוילן

האָבן געשאַפן און צו דער געשיכטע פון די ייִדישע דרוקערייען אין פּוילן.

איינע פון באַלאַבאַנס ערשטע אַרבעטן וועגן די ייִדישע אַלטערטימלעכ־קייטן איז די אונדז שוין באַקאַנטע אַרבעט וועגן דעם אַלטן ייִדישן בית הקברות אין לעמבערג.

אויף דער איינלאַדונג פון דער פּוילישער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן האָט באַלאַבאַן אָנגעשריבן פאַר דער פּוילישער ענציקלאָפּעדיע אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן דער ייִדישער קונסט אין פּוילן. דעמאָלט האָט ער אויך אָנגעהויבן צו זאַמלען ידיעות וועגן פאַראַנענע קונסטווערק, ווי אויך פאָטאָ־גראַפיעס פון קונסט־חפצים, אָדער — אויב ער האָט נאָר געהאַט די מעגלעכ־קייט — די אָריגינעלע חפצים גופא. שפּעטער האָט באַלאַבאַן פאַרגעזעצט זיינע פאָרשונגען אויפן דאָזיקן געביט און ערשט נאָך דער ערשטער מלחמה האָט ער גענומען פאַרעפנטלעכן מער אַרבעטן וועגן די מאָנומענטן פון ייִדישער קונסט אין פּוילן. אַזעלכע אַרבעטן האָט ער געדרוקט אין אַ ריי ייִדישע זשורנאַלן, וועלכע זיינען דערשינען אויף פּויליש („טיגאָדניק זשידאָווסקי", „נאָווע זשיטשע"), ווי אויך אין וואַרשעווער „היינט" און אין דער ווינער „מנורה" (דייטש). דערנאָך האָט ער זיי אַלע צונויפגעזאַמלט און באַאַרבעט אין אַ בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן יודאַיסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע אונטערן נאָמען „היסטאָרישע אַלטערטימלעכקייטן פון ייִדן אין פּוילן" (1929, פּויליש).

דאָס גאַנצע ווערק איז איינגעטיילט אין 6 קאַפּיטלען, אין וועלכע עס ווערן באַהאַנדלט די באַזונדערע אַספּעקטן פונעם פּראָבלעם. אינעם ערשטן קאַפּיטל צייכנט באַלאַבאַן אָן די וועגן, אויף וועלכע ס'איז געגאַנגען די אַנט־וויקלונג פון די קונסט־מלאכות ביי ייִדן. אויף צוויי מניעות האָט אָנגעטראָפן די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קונסטשאַפונג. די ערשטע מניעה האָט געשטעלט די תורה: לא תעשה לך פסל וכל תמונה. די צווייטע מניעה איז געקומען מצד די קריסטלעכע האַנטווערקער־צעכן, וועלכע האָבן נישט צוגע־לאָזט ייִדן אויסצולערנען זיך פּערפעקט אַ מלאכה. אָבער נישט קוקנדיק אויף די דאָזיקע מניעות האָבן ייִדן אַנטוויקלט פאַרשיידענע מלאכות און צווישן זיי אויך אייניקע קונסט־מלאכות.

עס האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע פאַכן ווי: גאָלדשמידעריי און גראַווירעריי, שטיקעריי, מאָלעריי און סקולפּטור, ווי אויך דרוקעריי און מוזיק. ס'איז נישטאָ פאַראַן קיין ספק וועגן דעם, אַז אין די אַלע פאַכן האָבן זיך ייִדן באַטעטיקט

אין אַלע צייטן. עס זיינען אַפילו געווען יידישע קינסטלער מאָלערס, צייכע־נערס און מיניאַטוריסטן, כאָטש די דאָזיקע פאַכן ווערן צום מיינסטן געטראָפן דורך דעם פריִער ציטירטן פסוק פון דער תורה.

אַרום דער העלפט פונעם 18טן י״ה איז געווען אַ יידישער קינסטלער מיטן נאָמען הערש לייב פון נעסוועזש. ער איז אין משך פון יאָרן געזעסן ביים פירשט ראַדזשיוויל אין פּאַלאַץ און האָט דאָרט פון די גרויסע משפחה־פּאָרטרעטן געמאַכט מיניאַטורן פאַרן אַלבום פון די ראַדזשיווילס. אינעם דאָזיקן אַלבום זיינען פאַראַן 160 בילדער פון די ראַדזשיווילס זינט 1346 ביז 1758, אַלע געמאָלן דורך הערש לייבן. געווען נאָך אַנדערע יידישע קינסטלערס. אין מאָהילעוו האָט געלעבט איינער חיים בן יצחק אייזיק. אַ צווייטער מיטן נאָמען אריה יהודה לייב האָט געצייכנט די באַצירונגען אויפן פּאהרעבישטשער סידור פונעם יאָר 1735. אַ דריטער, חיים בן מאיר האָט געצייכנט געשטאַלטן פון חיות אויפן מחזור פון וואָלפּע.

אַ סך יידישע קינסטלערס, וועלכע האָבן באַצירט קעניגלעכע פּריווי־לעגיעס און קהילהשע פּינקסים, האָבן געמאָלן שולן, געמאַכט שניצערייען און שטיקערייען, זיינען געבליבן אומבאַקאַנט, כאָטש זייערע ווערק זיינען ביז דער לעצטער צייט געווען און האָבן עדות געזאָגט אויף דער קונסט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט ביי יידן.

אינעם צווייטן קאַפּיטל דערציילט באַלאַבאַן וועגן אויסשטעלונגען פון יידישע קונסטווערק, מוזייען, ביבליאָטעקן און אַרכיוון. די וויכטיקסטע זאַמ־לונגען פון יידישע קונסטווערק זיינען געווען אין דייטשלאַנד. אין פּוילן איז דאָס דאָזיקע געביט געווען פאַרנאַכלעסיקט. טייערע חפצים האָבן זיך געוואַל־גערט אויף די בוידעמער פון די שולן און האָבן געוואַרט ביז די צייט וועט זיי אין גאַנצן חרוב מאַכן. עס זיינען אויך געווען נישט ערלעכע גבאים, וואָס פלעגן די דאָזיקע חפצים פאַרקויפן קיין אויסלאַנד. אויף אַזאַ אופן זיינען אַ סך חפצים פון דער יידישער אַנטיקער קונסט אין פּוילן אַריבער אין אַנדערע לענדער, באַזונדערס קיין אַמעריקע און ענגלאַנד. באַלאַבאַן האָט שטאַרק באַדויערט דעם דאָזיקן פאַקט, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז צוליב דעם ווערט דאָס פּוילישע יידנטום פאַראָרעמט אין זיין באַזיץ פון קולטורווערטן. אָבער היינט, נאָך די דערפאַרונגען פון די לעצטע פופציק יאָר, ווערט קלאָר, אַז דאָס וואָס באַלאַבאַן האָט באַטראַכט פאַר אַ רעה האָט זיך פאַרוואַנדלט לטובה. הלוואי וואָלט מען דעמאָלט נאָך מער חפצים אַרויסגעפירט פון פּוילן, וואָלטן

זיי אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פונעם שרעקלעכן חורבן, וואָס היטלער ימ״ש האָט צוגעגרייט סיי פאַר די ייִדן און סיי פאַר זייערע קולטורווערק.

אַן ערנסטע אַרבעט אַרום דער קאָנסערוואירונג פון ייִדישע אַלטערטימלעכקייטן און קונסטווערק האָט זיך אין פּוילן אָנגעהויבן ערשט אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות. אין וואַרשע, ווילנע און קראָקע זיינען געשאַפן געוואָרן מוזייען מיט גאַנץ באַדייטנדיקע — ווי פאַר אַן אָנהויב — זאַמלונגען. מען האָט אויך אָנגעהויבן צו קאָנסערווירן און אויפצופרישן די חפצים אין די אַלטע שולן און אין די קהילהשע אינסטיטוציעס.

מיט די ייִדישע ביבליאָטעקן איז אויך נישט בעסער געגאַנגען אין פּוילן, אמת, ביבליאָטעקן זיינען געגרינדעט געוואָרן אין אַלע גרעסערע צענטערס און אַפילו אין אַ צאָל קלענערע, אָבער זיי האָבן קיין מאָל נישט געהאַט די נויטיקע פאָנדן, כּדי צו קאָמפּלעטירן זייערע ביכער־זאַמלונגען.

אינעם דריטן קאַפּיטל פון זיין ווערק פאַרנעמט זיך באַלאַבאַן מיט אַלטע שולן. כאָטש די ערשטע דאָקומענטאַרישע ידיעות וועגן ייִדן אין פּוילן דערגרייכן דאָס יאָר 1150 (ברעסלע, שלעזיע) און ס'איז דאָרט געווען אַן אויסגעגראָבענע מצבה פונעם יאָר 1203, ווערט אָבער אין ערגעץ נישט דערמאָנט די עקסיסטענץ פון אַ שול. ס'איז אָבער קלאָר, אַז אויב קהילות זיינען געווען, האָבן אויך געמוזט זיין שולן, נאָר ס'איז פון זיי נישט געבליבן קיין שום זכר. די עלטסטע שול אין פּוילן איז געווען די אַלטע שול אויפן קאַזשימיעזש (קראָקע), געבויט ביים סוף פונעם 14טן י״ה. די צווייטע נאָך איר איז געווען די שול אין פּויזן, וואָס איז צענומען געוואָרן אין יאָר 1908. נאָך איר איז די די רמ״א־שול אין קראָקע (1553), נאָך איר די שול אין גנעזן און ערשט שפּעטער די מהרש״ל־שול אין לובלין.

ייִנגער פון זיי אַלע איז געווען די שול אין בריסק (סוף 16טן י״ה), וואָס שאול וואָהל האָט צו איר צוגעבויט די גאַלעריע פאַר פרויען. די דאָזיקע שול האָט די רוסישע מאַכט צענומען אין יאָר 1842, ווען זי האָט געבויט אין בריסק אַ פעסטונג.

די לעמבערגער שול פון ר' יצחק בן נחמן איז נאָך ייִנגער. זי איז אויפגעבויט געוואָרן אין די יאָרן 1580—1582. אַן ערך אין דער זעלבער צייט איז אויפגעבויט געוואָרן די שול אין טאַרנע. פונעם 17טן י״ה שטאַמען די שולן אין פּזשעמישל, זאַמאָשטש, שטזשעברעשין, ווי אויך די צווייטע שול אין פּויזן, די הויכע שול און די קופּע־שול אין קראָקע.

וואַרשע איז פאַרהעלטנישמעסיק אַ יונגע קהילה. איר עלטסטע שול איז די פּראַגער שול, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אַן ערך 1830. ביז גאָר אינ־טערעסאַנט זיינען די באַשרייבונגען פון די שולן־פעסטונגען, וואָס זיינען געבויט געוואָרן דער עיקר אויף די מיזרחדיקע גרענעץ־געביטן פון פוילן. אויך ווידמעט באַלאַבאַן אָרט פאַר באַשרייבונגען פון אויסערלעכן און אינער־לעכן געבוי פון די שולן, פאַר זייערע אַרכיטעקטורן און זייערע אינערלעכע אויסשטאַטונגען און באַצירונגען. ער דערציילט וועגן די ווערטפולע און היסטאָרישע חפצים פון ליטורגישן געברויך, וואָס זיינען געווען אין די באַזונדערע שולן.

דאָס פערטע קאַפּיטל איז געווידמעט די אַלטע בית־עלמינס. ס׳איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז כאָטש עס זיינען ביי אונדז פאַראַן אַ סך היסטאָריאָגראַפישע ווערק, וואָס שטיצן זיך אויף מאַטעריאַלן פון די ייִדישע בית־עלמינס אין פוילן, איז אָבער די ליטעראַטור וועגן די דאָזיקע בית־עלמינס גופא זייער אַן אָרעמע. דעריבער איז נישט מעגלעך אַפילו צוזאַמענ־צושטעלן אַ כראָנאָלאָגיע פון די ייִדישע בית־עלמינס אין פוילן. באַלאַבאַן אַליין ברענגט אויך נישט אַריין קיין שום נייס אינעם דאָזיקן געביט. ער באַגרענעצט זיך בלויז צו אַלגעמיינע באַמערקונגען און רעכנט אויס די באַקאַנטע קברים, וואָס זיינען געווען אויף פאַרשיידענע בית־עלמינס.

אינעם פינפטן קאַפּיטל דערציילט באַלאַבאַן וועגן אַנטיקע חפצים, פון נישט רעליגיעזן געברויך, וואָס זיינען פאַרבליבן נאָך באַרימטע מענטשן אָדער נאָך די ייִדישע האַנטווערקער־צעכן און אַנדערע חברות. דער עיקר שטעלט ער זיך אָפּ אויף די אַזוי גערופענע צעך־בריוו, וואָס זיינען די אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע סטאַטוטן פון ייִדישע צעכן. עס זיינען אויך פאַרבליבן סטאַטוטן פון אַנדערע חברות. אָבער אין פוילן האָט קיינער זיך נישט געגעבן די מי, כּדי די דאָזיקע זאַכן צו זאַמלען און צו קאָנסערווירן.

אינעם זעקסטן קאַפּיטל ווערט דערציילט וועגן פאַרשיידענע משפּחה־חפצים, ווי אַנטיקע קליידער, פינגערלעך, מעדאַליאָנען, פּאָרטרעטן, יחוס־בריוו. אויך וועגן חפצים פון רעליגיעזן געברויך, ווי לייכטערס, קידוש־בעכערס, חנוכּה־מנורות, בשׂמים־ביקסלעך, הגדות של פּסח א״אַ.

די אַרבעט פון ד״ר באַלאַבאַן וועגן די היסטאָרישע אַלטערטימלעכקייטן פון ייִדן אין פוילן איז אַ צו פיל אַלגעמיינע און לויט איר פאַרנעם, שטייט זי נישט אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו דעם פאַרנעם פון דער טעמע, צו וועלכער

ער רירט זיך דאָ צו. נאָר לאָמיר זיין געדעכט אין אונדזער אָפּשאַצונג און פעסטשטעלן, אַז באַלאַבאַן האָט צו זיין רשות געהאַט בלויז 150 בוך־זייטלעך און ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג איז נישט מעגלעך געווען אַריינצופּאַסן זיך אין דעם בצימצומדיקן בוך אויף אַן אַנדערן אופן, ווי ער האָט עס געטאָן. למען האמת מוז נאָך געזאָגט ווערן, אַז שרייבנדיק דאָס ווערק איז באַלאַבאַן נישט אויסן געווען מחדש צו זיין קיין חידושים. ער האָט געהאַט איין ציל און דווקא אַ פּראַקטישן. ער האָט געוואָלט אָנרעגן און סטימולירן די ייִדישע אינטעליגענץ צו אַן ערנסטער אַרבעט אַרום דער זאַמלונג און קאָנסערווירונג פון די היסטאָרישע אַלטערטימלעכע חפצים.

מעגלעך אַז באַלאַבאַנען איז אין יענער צייט געלונגען אין אַ געוויסער מאָס צו פאַראינטערעסירן באַשטימטע קרייזן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. אָבער ביי דער היינטיקער לאַגע האָט נישט די דאָזיקע זאַך קיין שום באַדייטונג, ווייל דער חורבן האָט נישט פאַרשוינט נישט די מענטשן, וואָס האָבן געדאַרפט טאָן די אַרבעט און נישט די חפצים, וואָס זיי האָבן געדאַרפט קאָנסערווירן. דערפאַר אָבער האָט דאָס דאָזיקע ביכל, טאָקע ביי דער היינטיקער לאַגע, אַ צווייטן זייער גרויסן ווערט. ס'איז אַ ברעקל פון אַן אינווענטאַר פון ווערטפולע שפורן פון אונדזער קולטור, שפורן פון אוצרות, וואָס זיינען געווען און זיינען שוין נישטאָ. אונטער דעם דאָזיקן אַספּעקט האָט אַן אומשאַצבאַרן ווערט די קאָלעקציע פון 42 פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס פון די וויכטיקסטע פאַרבליבענע (אין יענער צייט) בנינים און חפצים, וואָס איז צוגעגעבן געוואָרן צום בוך. אַזוי ווי די אָריגינאַלן זיינען נישט מער בנימצא, בלייבן די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס די איינציקע עדות פון זייער אַמאָליקער עקסיסטענץ.

אַ מער בפרטותדיקע אַרבעט וועגן די ייִדישע אַלטערטימלעכקייטן איז „דער וועגווייזער איבער די ייִדישע אַלטערטימלעכקייטן פון קראָקע". דאָס איז אַ ביכל פון 125 זייטלעך פון קליינעם פאָרמאַט, נאָר אַזוי ווי עס ווערט אין אים באַהאַנדלט בלויז אַ באַגרענעצטע טעמע, איז עס קאָנצענטרירט און שלימותדיק. ס'אַנטהאַלט אַ באַשרייבונג פון די היסטאָרישע מערקווערדיקייטן פון דער קראָקעווער קהילה. דאָס בוך איז דערשינען אין יאָר 1935 (פּויליש).

ווי אַן אַריינפיר גיט באַלאַבאַן אַ קורצע געשיכטע פון דער קראָקעווער ייִדן־שטאָט. דערנאָך פירט ער זיינע לייענערס דורך דעם באַרימטן קראָקעווער רינגפּלאַץ, ווו עס זיינען (פאַר דעם יאָר 1495) געשטאַנען ייִדישע קראָמען.

דאָרט האָט אויך דער רשע קאַפּיסטראַנאָ געהאַלטן זיין העץ־רעדע קעגן יידן (1454). אַריבערגייענדיק אויפן קאַזשימיעזש, דערציילט באַלאַבאַן וועגן דער יוזעפאַ־גאַס, ווו עס שטייט די „הויכע" שול, רב אַהרנס קלויז א"אַ.

אויף דער גרויסער גאַס שטייט די אַלטע שול, וועלכע איז די עלטסטע שול אין פּוילן. זי איז עטלעכע מאָל אָפּגעברענט און ווידעראויפגעבויט געוואָרן. אַזוי אַרום איז אין איר זייער ווייניק פאַרבליבן פון איר אָריגינעלער געשטאַלט. אין דער שול „אויפן בערגל" האָט ר' נתן שאַפּיראָ געלערנט (דער ערשטער אין פּוילן) קבלה מיט זיינע תלמידים. די פּאַפּער־שול האָט אין יאָר 1620 אויפגעבויט דער רייכער סוחר וואָלף באָטשאַן.

די רמ"א־שול שטייט ביים אַריינגאַנג צום „נייעם" בית־עולם. אויפ־געבויט האָט זי ר' ישׂראל איסערלעס (1553), דער פאָטער פון ר' משה איסערלעס (דער רמ"א). דאָס „נייע" בית־עולם ווידער איז — ווי מיר וועלן באַלד זען — נישט אַזוי ניי. אָנגעהויבן צו עקסיסטירן האָט עס אין יאָר 1552 און אַרום דעם יאָר 1800 איז עס פאַרמאַכט געוואָרן. דער נאָמען „ניי" האָט עס געהאַט צוליב דעם, וואָס עס האָט זיך אין קאַזשימיעזש אויפ־געהיט דאָס ערשטע בית־עולם, וואָס איז שוין אין יאָר 1552 געווען איבער־פולט און פאַרמאַכט. אין קעגנזאַץ צום דאָזיקן ערשטן בית־עולם, וואָס איז געווען באַקאַנט ווי דאָס אַלטע בית־עולם, איז דאָס רמ"א־בית־עולם געווען דאָס נייע. אויפן דאָזיקן בית־עולם געפינען זיך די קברים פון די וויכטיקסטע מענער פונעם אַמאָליקן קראָקע: די גאַנצע משפחה איסערלעס צוזאַמען מיטן רמ"א, די לאַנדויס, דער רש"ך, די משפחה יעקעלעס, וואָס האָט אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערטער געהאַלטן אין אירע הענט דעם אַמט פון קראָ־קעווער ראָש הקהל א"אַ.

באַלאַבאַן פירט דעם לייענער פון גאַס צו גאַס און דערציילט וועגן די הייזער, ווו עס האָבן געלעבט די גדולי הדור. אויב אַ הויז איז שוין נישטאָ (אין באַלאַבאַנס צייטן), ווייזט ער דאָס אָרט, ווו דאָס הויז איז אַ מאָל געשטאַ־נען. ער פירט דעם לייענער אין דער זייער אינטערעסאַנטער שול פון ר' אייזיק ר' יעקעלעס, וועלכע טאָקע ער, דער אורזיידע פון דער משפחה יעקעלעס, האָט אויפגעבויט אין יאָר 1644. אויך די באַוווּסטע קופּע־שול איז אויפגעבויט געוואָרן אַן ערך אין דער זעלבער צייט (1647). אָבער שפּעטער איז זי אַזוי גרינטלעך איבערגעבויט געוואָרן, אַז ס'איז אין איר נישט מעגלעך געווען צו דערקענען די שפּורן פון אירע אַמאָליקע געשטאַלטן.

אין יעדער שול זיינען געווען אַלטערטימלעכע חפצים, ווי הענגלייכטערס, מנורות, פּרוכתן, כּתרי תּורה א״אַ. באַלאַבאַן האָט וועגן יעדן באַזונדערן חפץ געוווּסט צו דערציילן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן און דער עיקר האָט ער אַרויסגעבראַכט זייערע היסטאָרישע און קינסטלערישע ווערטן.

אין זיין וועגווייזער איבער דעם אַלטן ייִדישן קראָקע האָט אויך באַלאַבאַן דערציילט וועגן די נייערע ייִדישע בנינים און אינסטיטוציעס, וועגן דעם פּראָגרעסיוון טעמפּל, קהילה־בנין, וועגן דער העברעיִשער גימנאַזיע און דעם גאַנץ נייעם בית־עולם.

אויב דאָס ווערק „היסטאָרישע אַלטערטימלעכקייטן פון ייִדן אין פּוילן״ שטעלט מיט זיך פאָר בלויז שפּליטערס פון אַן אינוועטאַר, איז דער וועגווייזער איבער קראָקע אַ גאַנצער און טאָקע אַ רייכער אינווענטאַר פונעם אַמאָליקן ייִדישן קולטור־באַזיץ אין קראָקע. זיין ווערט קאָן היינט נישט אָפּגעשאַצט ווערן מיט די זעלבע מאָסן און קריטעריעס, וואָס ער איז אָפּגעשאַצט געוואָרן דעמאָלט, ווען דאָס דאָזיקע ווערק איז דערשינען. דעמאָלט איז דער וועג־ווייזער געווען אַ פּראַקטיש האַנטבוך, וואָס האָט געהאָלפן אַ טוריסט אָדער אַפילו אַ קראָקעווער תּושב, אויסצוקענען זיך אין די ייִדישע קולטור־אוצרות פון דער דאָזיקער אַלטער ייִדישער שטאָט. ביים היינטיקן מצב קאָן דאָס בוך שוין נישט האָבן קיין באַדייטונג ווי אַ פּראַקטישער וועגווייזער. דערפאַר איז עס אָבער אַ היסטאָרישער דאָקומענט וועגן די אַמאָליקע ייִדישע קולטור־אוצרות אין קראָקע.

די צווייטע קולטור־היסטאָרישע טעמע, איבער וועלכער באַלאַבאַן האָט אַ סך געאַרבעט, איז — ווי שוין פריִער דערמאָנט — די געשיכטע פון די ייִדישע דרוקערייען אין פּוילן. די מאַטעריאַלן צו דער דאָזיקער טעמע זיינען אים אונטערגעקומען בעת די פאָרשונגען פון דער געשיכטע פון לעמ־בערג און קראָקע. אין די יאָרן 1919 און 1920 האָט באַלאַבאַן אין דער פּרעסע אָפּגעדרוקט עטלעכע אַרטיקלען וועגן דער דרוקעריי פון די ברידער העליץ אין קראָקע, וועגן דעם פּרווו צו גרינדן די ערשטע דרוקעריי אין וואַרשע און וועגן דער דרוקעריי אין זשאָלקעוו. אין יאָר 1921 האָט ער אינעם אַלמאַנאַך פון „מאָמענט״ אָפּגעדרוקט אַ קאָנדענסירטע אַרבעט וועגן די ייִדישע דרו־קערייען אין פּוילן. אינעם יאָר 1929 האָבן די בערלינער „סאָנצינאָ־בלעטער״ אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן העפט מיט באַלאַבאַנס אַרבעט „צו דער געשיכטע פון די העברעיִשע דרוקערייען אין פּוילן״ (דייטש).

די דאָזיקע לעצטע אַרבעט איז אַ סך הכּל פֿון באַלאַבאַנס אַלע פֿאָרשונגען וועגן די דרוקערייען. עס זיינען דאָרט אַריין אַלע שוין פֿריִער געדרוקטע אַרטיקלען אין אַ נייער און אויסגעברייטערטער באַאַרבעטונג, ווי אויך אַ צאָל פֿון אָריגינעלע דאָקומענטן, אויף וועלכע עס שטיצט זיך באַלאַבאַנס ווערק וועגן די דרוקערייען. גרעסערע טיילן פֿונעם דאָזיקן ווערק זיינען אויך אַריין אין דעם זאַמלבוך „ייִדן אין פּוילן" (1930, ייִדיש).

די ערשטע ייִדישע דרוקעריי אין פּוילן איז די דרוקעריי פֿון די דריי ברידער: שמואל, אשר און אליקום בני ר' חיים העליץ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם 16טן י"ה. די ברידער האָבן אָפּגע־דרוקט אַ ריי ספֿרים, אָבער בקרוב איז מיט זיי געשען אַן אומגליק. צוליב אונדז נישט באַוווּסטע סיבות האָבן זיי זיך אָפּגעשמדט. ייִדן האָבן אויפֿ־געהערט צו קויפֿן זייערע ספֿרים און די דרוקערס האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן די שטאָט.

די צווייטע דרוקעריי האָט אין קראָקע געגרינדעט ר' יצחק בן אַהרן פּראָסטיץ, אַן ערך אין יאָר 1569. דער דאָזיקער דרוקער האָט געשטאַמט פֿון איטאַליע און זיין דרוקעריי האָט זיך דערהאַלטן ביז אַן ערך 1626. אין דעם דאָזיקן יאָר האָט דער דעמאָלטיקער באַלעבאָס פֿון דער דרוקעריי, אַהרן מדפּיס, געמוזט פֿאַרמאַכן די דרוקעריי צוליב פֿינאַנציעלע שוועריקייטן. די דריטע קראָקעווער דרוקעריי פֿון ר' נחום מייזעלס האָט עקסיסטירט פֿונעם יאָר 1631 ביז אַן ערך 1670 (מיט הפסקות אין דער צייט פֿון די שוועדיש־פּוילישע מלחמות). נאָכן שליסן די דאָזיקע דרוקעריי איז אין קראָקע קיין דרוק נישט געווען און ערשט אַרום סוף פֿונעם 19טן י"ה האָט דאָרט יוסף פֿישער געעפֿנט אַ נייע דרוקעריי.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿונעם 17טן י"ה איז פֿאַראַן אַ העברעיִשע דרוקעריי אין זשאָלקעוו לעבן לעמבערג. איר גרינדער און באַלעבאָס איז געווען ר' אורי פֿייבוש הלוי פֿון אַמסטערדאַם, וועלכער איז דער אורזיידע פֿון די באַוווּסטע משפּחות לעטעריס און מדפּיס (מאַדפֿעס), באַלעבאַטים פֿון גרויסע ייִדישע דרוקערייען אין לעמבערג אין די שפּעטערדיקע צייטן.

אין זיין ווערק וועגן די דרוקערייען שילדערט אויך באַלאַבאַן די אַנט־וויקלונג פֿון די לעמבערגער דרוקערייען אין די צייטן פֿון דער עסטרייכישער ממשלה. ער דערציילט וועגן דער אַנטשטייונג פֿון אַ דרוקעריי אין וואַרשע און וועגן דער צענזור אין פּוילן און אין גאַליציע. אין אַלגעמיין קאָן מען

וועגן דעם דאַזיקן ווערק זאָגן, אַז ס׳איז אַ וויכטיקער בייטראַג צו דער קולטור־געשיכטע פון יידן אין פוילן.

דאָס לעצטע היסטאָריאָגראַפישע ווערק, וואָס באַלאַבאַן האָט ביי זיין לעבן אַרויסגעגעבן, איז אויך אויף אַ קולטור־היסטאָרישער טעמע. דאָס דאַזיקע ווערק איז „די געשיכטע פונעם לעמבערגער פּראָגרעסיוון טעמפּל״, וואָס איז אין יאָר 1937 אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג פונעם טעמפּל. בעת דאָס דאַזיקע בוך איז דערשינען האָט באַלאַבאַן נישט געאָנט, אַז דאָס איז זיין לעצט בוך. ער איז דעמאָלט געווען אַ מאַן פון זעכציק יאָר, נאָך פול מיט כּוחות און אַרבעטסלוסט. אויף זיין שרייבטיש האָט ער געהאַט אַ ריי אַרבעטן, וועלכע ער האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן און חוץ דעם אייניקע כּתבי־יד, וואָס זיינען שוין גרייט געווען צום דרוק. אָבער דער גורל האָט געטראָגן אַן אַנדערן פּסק־דין פאַר באַלאַבאַנס נישט געדרוקטע אַרבעטן. ער האָט זיי פאַרמישפּט צום אומקום, צוזאַמען מיט זייער מחבר. דאָס לעצטע ווערק פון באַלאַבאַנען איז פּונקט ווי דאָס ערשטע פון זיינע ווערק געווען פאַרבונדן מיט זיין געבוירן־שטאָט לעמבערג.

אין דער געשיכטע פונעם לעמבערגער טעמפּל איז זיך באַלאַבאַן נוהג אַזוי ווי אין אַלע זיינע ווערק און אַרבעטן: ער שפּרייזט ווייט אַריבער די גרענעצן פון דער עצמדיקער טעמע און דערציילט וועגן אַ סך אינטערעסאַנטע ענינים, וואָס האָבן מיט איר נאָר אַן אומדירעקטע פאַרבינדונג. אַזוי אַרום וואַקסט אויס „די געשיכטע פונעם לעמבערגער פּראָגרעסיוון טעמפּל״ צו אַ ווערק וועגן דער קולטור־געשיכטע פון די לעמבערגער יידן פאַר קרוב די לעצטע הונדערט יאָר. דאָס יידישע לעמבערג איז געווען אַ שטאָט מיט אַלטע קולטור־טראַדיציעס און אינטערעסאַנטע אייגנאַרטיקייטן און אָט דאָס באַמיט זיך באַלאַבאַן אַרויסצוברענגען אין זיין ווערק.

ביים אָנהייב פונעם 19טן י״ה האָט אין דייטשלאַנד אָנגעהויבן צו שלאָגן וואָרצלען די רעפאָרם־באַוועגונג. יונגע דאָקטוירים פון פילאָסאָפיע, וואָס האָבן אויסגעקליבן קאַריערעס פון פּריידיקערס און ראַבינערס, האָבן פאַרשפּרייט די דאַזיקע באַוועגונג און געשאַפן רעפאָרם־טעמפּלס אין די גרעסערע שטעט פון דייטשלאַנד. די געבילדעטע יידישע יוגנט, וועלכע האָט געזוכט נייע פאָרמען פון גייסטיקן אויסלעבן זיך דורך אַ סינטעזע פון וועלט־לעכקייט מיט יידישקייט, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער דאַזיקער באַוועגונג.

אויך אין דער שטאָט לייפּציג איז געווען אַזאַ טעמפּל. אין דער דאַזיקער

שטאָט פלעגן יעדעס יאָר אין האַרבסט פאַרקומען גרויסע יאַרידים, וואָס האָבן צוגעצויגן סוחרים פון גאַנץ אייראָפּע, אויך פון פוילן און עסטרייך. אָפט פלעגט אויסקומען, אַז די סוחרים האָבן פאַרבראַכט אין לייפּציג אין די טעג פון די ימים נוראים. דעמאָלט פלעגן אַ טייל פון זיי קומען אין טעמפּל צום דאַווענען און זיי פלעגן באַאיינדרוקט ווערן פונעם צערעמאָניאַל, וועלכן מען האָט דאָרט אָנגעהאַלטן. קומענדיק אַהיים האָבן די דאָזיקע סוחרים באַגערט צו שאַפן אַזאַ מין טעמפּל אין זייער שטאָט.

אַזוי איז אין יאָר 1826 געגרינדעט געוואָרן דער טעמפּל אין ווין אויף דער זייטעסשטעטענגאַססע. די שטעלע פון ראַבינער האָט דאָרט פאַרנומען ד״ר מאַנהיימער און חזן איז געווען דער באַרימטער שלמה סולצער, וואָס ווערט נאָך ביז היינט פאַררעכנט ווי דער פאָטער פון די פּראָגרעסיווע חזנים. דער ווינער טעמפּל איז אָבער קיין מאָל נישט געגאַנגען אויפן וועג פון ראַדיקאַלן רעפאָרמיזם. געווען איז עס דער פאַרדינסט פון ד״ר מאַנהיימער, וועלכער איז נישט געווען קיין גרויסער אָנהענגער פון דער דאָזיקער שיטה. ד״ר מאַנהיימער האָט געקענט געשיקט פאַרבינדן דעם אַלט־טראַדיציאָנעלן נוסח התפילות מיט די באַדערפעניש פונעם פּראָגרעסיוון ייִדנטום און דער־מיט האָט ער געשאַפן דעם נייעם טיפּ פון דער פּראָגרעסיווער שול, וואָס האָט נישט אָפּגעוויכט פונעם ייִדיש־טראַדיציאָנעלן דרך.

אויף ד״ר מאַנהיימערס נוסח האָבן זיך געשטיצט אַלע נייע פּראָגרעסיווע שולן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין דער דעמאָלטיקער עסטרייכישער מאָנאַר־כיע. אויך אין לעמבערג האָט די ייִדישע אינטעליגענץ אויפגעבויט אַ טעמפּל אויפן אַלטן מאַרק (פּלאַץ ריבי). נאָר דאָרט איז עס געשען אַ סך שפּעטער, ווייל ערשט אין יאָר 1843 איז ער געעפנט געוואָרן. ער האָט דעמאָלט געהייסן „דאָס דויטש־ייִדישע בעטהויז״.

דער ערשטער פאָרזיצער פון דער טעמפּל־פאַרוואַלטונג איז געווען ד״ר יעקב ראַפּאָפּאָרט, אַ באַוווסטער לעמבערגער מעדיקער. געשטאַמט האָט ד״ר ראַפּאָפּאָרט פון אַ גרויסן רבנישן ייִחוס און לויט זיין ווונטש און פאָדערונג איז אינעם דאָזיקן טעמפּל איינגעפירט געוואָרן דער טראַדיציאָנעלער נוסח ביים דאַווענען. אין יענע יאָרן, ווען די ייִדישע אינטעליגענץ האָט זיך אַוועק־געלאָזט אויף די וועגן פון נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער אַסימילאַציע, האָט ד״ר ראַפּאָפּאָרט גערעדט צו זיינע קאָלעגן, די אַסימילירטע מיטגלידער פון דער טעמפּל־פאַרוואַלטונג, בזה הלשון: „מיר דאַרפן זיך נישט שעמען מיט

אונדזער נאַציאָנאַליטעט און אונדזערע מנהגים. איך אַליין, אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, וועל איך זיך אַנטקעגנשטעלן יעדער פאַרקריפּלונג פון אונדזער סידור. איך וועל אויך ניט דערלאָזן איינצופירן תפילות אויף דייטש. איך האָב אָבער מורא, אַז נאָך מיין טויט קאָנט איר דאָס טאָן. דעריבער בעט איך אייך און בין אייך מחייב דאָס ניט צו טאָן". איז טאַקע אינעם לעמבערגער טעמפּל ביזן סאַמע סוף פון זיין עקסיסטענץ געבליבן דער טראַדיציאָנעלער נוסח פונקט ווי אין יעדער אַנדערער שול.

דער ערשטער ראַבינער פונעם טעמפּל איז געווען אַברהם קאָהן. ער איז גלייכצייטיק געווען דער דירעקטאָר פון דער דייטשישער שול פאַר יידישע קינדער, וואָס די קהילה (שוין דעמאָלט אונטער דער אָנפירונג פון אויפגעקלערטע) האָט געגרינדעט אין יאָר 1844. די דאָזיקע שול האָט שפּעטער טאַקע געטראָגן דעם נאָמען פון אַברהם קאָהן.

די צייט איז געווען אַ שטורמישע און די גרינדונג פונעם טעמפּל איז אַליין פאַר זיך שוין געווען אַ רעוואָלוציאָנער געשעעניש אין דער יידישער גאַס. אין דער לעמבערגער קהילה האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף. אינעם דאָזיקן קאַמף איז די אָרטאָדאָקסיע אַרויסגעטראָטן מיט שטאַרקער אַגרעסיווקייט. די דאָזיקע אַגרעסיווקייט איז דערגאַנגען צו איר הויכפּונקט אין יאָר 1848, נאָך דעם ווי עס איז דערדריקט געוואָרן די פרייהייטס־רעוואָלוציע קעגן דעם קייזערלעכן דעספּאָטיזם. די רעאַקציע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אינעם גאַנצן לאַנד און די לעמבערגער אָרטאָדאָקסן האָבן אויך פאַרשאַרפט זייערע אַרויסטרעטונגען קעגן די אויפגעקלערטע „דייטשן". אַ קרבן אינעם דעמאָלטיקן קאַמף איז געפאַלן דער ראַבינער קאָהן. אַ ייד מיטן נאָמען פּילפּעל האָט זיך אַריינגעגנבעט אין דער קיך פונעם ראַבינער און האָט אַריינגעשאָטן סם אין דער יויך, וואָס האָט זיך געקאָכט. דער ראַבינער קאָהן און זיין טעכטערל זיינען אומגעקומען.

אויך אַ ריי באַוווסטע חזנים זיינען דורכגעגאַנגען דורכן לעמבערגער דעם אַמט פונעם לעמבערגער ראַבינער: ד"ר שמעון לייב שוואַבאַכער, וועלכער איז שפּעטער אַריבער קיין אָדעס, ד"ר בערנאַרד לעווענשטיין, דער פאָטער פונעם באַוווסטן אַסימילאַטאָר ד"ר נתן לעווענשטיין, ד"ר יחזקאל קאַראַ, ד"ר שמואל וואָלף גוטמאַן, ד"ר לוי פריינד און ד"ר יחזקאל לעווין. די צוויי לעצטע זיינען אומגעקומען פון די הענט פון די נאַצישע רוצחים.
אויך אַ ריי באַוווסטע חזנים זיינען דורכגעגאַנגען דורכן לעמבערגער

טעמפּל: ישעיה אַבראַס, פּנחס מינקאָווסקי, יצחק האַלפּערן א״אַ. גימפּעל, דער גרינדער פונעם יידישן טעאַטער אין לעמבערג, איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ כאָריסט אינעם טעמפּל.

אין משך פון אַלע יאָרן פון זיין עקסיסטענץ איז דער טעמפּל געווען דער צענטער פון דער אויפקלערונג פאַרן לעמבערגער יידנטום. אין דער צווייטער העלפט פונעם 19טן י״ה האָבן דאָרט טאַלאַנטירטע פּריידיקערס פאַרשפּרייט דעם געדאַנק פון השכלה. די שינאה פון די חסידים און מתנגדים, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געהאַט פאַראייניקט אין קאַמף קעגן די אויפגעקלערטע, איז טאַקע אין דער ערשטער ריי געווען געווענדט קעגן דעם טעמפּל. דער טעמפּל איז געווען דער שטיצפּונקט פאַר די קהילה־פאַרוואַלטונגען, וואָס זיינען זינט דעם יאָר 1842 כסדר באַהערשט געווען דורך אויפגעקלערטע עלעמענטן. דאָרט האָט זיך אויסגעפּיקט די פּאָליטישע אַסימילאַציע, וואָס האָט ביים איבערבראָך פונעם 19טן און 20סטן י״ה געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע ביים גאַליצישן יידנטום. דאָרט האָט זיך אָרגאַניזירט דער „שומר ישראל״, וואָס איז געווען דער זייל פון דער דייטשישער אַסימילאַציע. דאָרט האָט זיך שפּעטער אָפּגעשפּילט דער קאַמף צווישן די דייטשישע אַסימילאַנטן און די פּוילישע, וועלכע האָבן געפּריידיקט דאָס צושרייבן זיך פון די יידן צו דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט. דער דאָזיקער קאַמף איז שליסלעך געקרוינט געוואָרן מיטן נצחון פון די פּוילישע אַסימילאַנטן.

ביים סוף פונעם 19טן י״ה, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן וואָרצלען דער נאַציאָנאַלער געדאַנק, איז דער טעמפּל געווען זיין ערשטע טריבונע. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט דאָרט געפּרווט צו פאַרשפּרייטן ד״ר יוסף קאָבאַק, דער פאַרטרעטער פונעם ראַבינער און שפּעטער דער ניי באַשטימטער ראַבי־נער ד״ר יחזקאל קאַראַ, וועלכער איז אַליין געווען אַ נאַציאָנאַלער ייד, אַ תּלמיד פון ד״ר גרעץ און אַ זון פונעם וואָלאָצלאַווקער רב, הרב יוסף חיים קאַראַ, איינער פון די ערשטע חובבי־ציון.

די שפּעטערדיקע צייטן האָבן פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג געבראַכט אַ פולן נצחון. אָבער די טעמפּל־פאַרוואַלטונג איז ביזן סוף, ד״ה ביזן אויס־בראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געבליבן אין די הענט פון די אַסימי־לאַנטן. דער לעצטער פאַרזיצער איז געווען ד״ר ישעיה וואַסער (איבערגענומען דעם פאַרזיץ אין יאָר 1913). דער אמת איז, אַז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך וואַסער דערנענטערט צום נאַציאָנאַלן געדאַנק. ער האָט אויך

געשפּילט אַ וויכטיקע פּאָזיטיווע ראָלע אינעם באַוווסטן שטייגער־פּראָצעס אין די יאָרן 1924—1925. נאָר פון דעסטוועגן איז ער ביזן סוף פאַרבליבן אַן אַסימילאַנט.

דער גרויסער ווערט פון דער געשיכטע פונעם טעמפּל באַשטייט אין דעם, וואָס דער מחבר באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיט דער שילדערונג פון די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די ד׳ אמות פונעם טעמפּל, נאָר ער אַנטוויקלט ווייטער דאָס היסטאָרישע בילד און גייט נאָך די געשעענישן אויף זייער וועג פון דער טעמפּל־בימה צו דער יידישער גאַס. אַזוי אַרום באַקומט זיך אַ פול בילד פונעם יידישן קולטור־לעבן אין לעמבערג.

נאָר פון דעסטוועגן האָט דאָס דאָזיקע ווערק גאַנץ באַדייטנדיקע חסרונות, וואָס קאָנען בשום אופן נישט ווערן פאַרשוויגן. די חסרונות קומען צום אויסדרוק, דער עיקר, אין באַלאַבאַנס צוגאַנג צו געוויסע אָנגעצייכנטע פּראָבלעמען. איז קודם כּל דער קאַמף צווישן דער אָרטאָדאָקסיע און די אויפגעקלערטע אַרום דער העלפט פונעם 19טן י״ה. לויט באַלאַבאַנס אָנצייכענונגען קומט אַרויס, אַז די אָרטאָדאָקסיע איז די איינציק שולדיקע אין די טרויעריקע געשעענישן פון יענער צייט, געשעענישן וואָס האָבן דערפירט צום מאָרד פונעם ראַבינער קאָהן. דער אמת איז אָבער, אַז די אויפגעקלערטע זיינען אויך נישט געווען קיין צדיקים. זייענדיק דעמאָלט אין אַ מינדערהייט האָבן זיי מיט דער הילף פון מלכות (נישט דורך וואַלן) אַרויסגעשטויסן די אָרטאָדאָקסן פון דער קהילה־אָנפירערשאַפט. דערמיט האָבן זיי זיך נישט באַגנוגט. זיי האָבן געשטרעבט צו דער באַהערשונג נישט בלויז פונעם סאָציאַל־קולטורעלן לעבן, נאָר אויך פונעם רעליגיעזן. דער ערשטער עטאַפּ אויפן דאָזיקן וועג האָט געדאַרפט זיין דאָס באַשטימען פונעם טעמפּל־ראַבינער ווי דעם הויפּט־רב פון דער שטאָט און דאָס האָבן זיי טאַקע מיט דער צייט דורכגעפירט.

ס׳איז קלאָר, אַז די דאָזיקע מעשׂים פון די אויפגעקלערטע האָבן אַרויס־גערופן אַ שרעקלעכע פאַרביטערונג ביי די אָרטאָדאָקסן. די פאַרביטערונג האָט געפירט צו אַ נישט געצוימטער פּראָפּאַגאַנדע, אין מיטן פון וועלכער ס׳איז שוין נישט מעגלעך געווען צו קאָנטראָלירן די ברויזנדיקע געמיטער. עס זיינען לחלוטין נישט פאַראַן קיין באַווייזן אויף דעם, אַז די פירערס פון דער אָרטאָדאָקסיע האָבן געהאַט אַ דירעקטן שייכות צום מאָרד פונעם ראַבי־נער. דעריבער, גלייב איך, איז נישט ריכטיק און היסטאָריש נישט אויסגע־האַלטן צו באַשולדיקן זיי אין דער דאָזיקער טאַט.

אַ צווייטער ענין איז די פראַגע פון קאַמף צווישן ציוניסטן און אַסימי־לאַנטן, וואָס האָט אין די יאָרן פון אַן ערך 1890 ביז 1914 געהאַט אַ גאָר שטורמישן פאַרלויף סיי אין לעמבערג און סיי אין גאַנץ גאַליציע. דער דאָזיקער קאַמף קומט כמעט נישט צום אויסדרוק אין באַלאַבאַנס ווערק, כאָטש באַלאַבאַן איז מיט דער פראַגע געווען אויסגעקאָכט. ער האָט אַליין גענומען אַ גאַנץ חשובן אָנטייל אינעם דאָזיקן קאַמף. איך מיין, אַז באַלאַבאַן האָט דעם ענין פאַרשוויגן צוליב דעם, וואָס ער האָט געוואָלט אויסמיידן דאָס אָנרירן פערזענלעכע געפילן ביי ד״ר וואַסערן, לכבוד וועמען די טעמפּל־פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעגעבן דאָס בוך. מען דאַרף טאַקע אָפּשאַצן די איידלקייט פון דער דאָזיקער טאַט. אָבער דאָס ענדערט נישט דעם פאַקט, אַז דער היסטאָרישער אמת און דאָס היסטאָרישע בילד האָבן דערפון שטאַרק געליטן.

בכלל איז כדאי פעסטצושטעלן, אַז דאָס רוב פון באַלאַבאַנס אַרבעטן, געדרוקטע אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיינען אויף קולטור־היסטאָרישע טעמעס. אַזוי האָט ער אין די ייִוואָ־בלעטער פונעם יאָר 1938 אָפּגעדרוקט אַ גרעסערע אָפּשאַצונג פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט פון דוד בער וואַכשטיין און די סאַמע לעצטע פרט־אַרבעט, וואָס איז ביי זיין לעבן געדרוקט געוואָרן זיינען זיינע „זכרונות וועגן ייִדישן טעאַטער אין לעמבערג און זיין גרינדער אַ. גאָלדפאַדען״. די דאָזיקע אַרבעט איז געדרוקט אין די ייִוואָ־בלעטער פונעם יאָר 1940, וועלכע זיינען דערשינען אין ווילנע שוין אונטער דער ליטווישער ממשלה. בעת די דאָזיקע אַרבעט איז געדרוקט געוואָרן איז שוין איר מחבר פאַרשפּאַרט געווען אין די פינצטערע מויערן פונעם וואַרשעווער געטאָ.

יב

## די לעגענדע אַרום ד״ר באַלאַבאַנס פּטירה

דעם אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ד״ר מאיר באַלאַ־באַן איבערגעלעבט ווי אַ פּערזענלעכן קלאַפּ. ער האָט זיך אויף דעם בכלל נישט געריכט און ער האָט נישט געגלייבט, אַז די דייטשע רשעים מיינען טאַקע אויף אַן אמת צו צעפלאַקערן אַ וועלט־שׂריפה. סך־הכּל עטלעכע טעג איידער די דייטשע באָמבעס האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן אויף די פּוילישע

שטעט איז זיך באַלאַבאַן רויִק געווען אין דעם קוואַרט איוואַגישט (מיזרח־גאַליציע), ווו ער האָט פאַרבראַכט זיינע וואַקאַציעס, די לעצטע וואַקאַציע אין זיין לעבן. יאָנאַס טורקאָוו, וועלכער האָט זיך דאָרט מיט אים געטראָפן, דערציילט אין זיין בוך „אַזוי איז עס געווען", אַז באַלאַבאַן איז דעמאָלט געווען אין דער בעסטער שטימונג. אַן אויסגערוטער און צופרידענער האָט ער אויסגעזען יינגער ווי ער איז געווען. די קלאַגגען וועגן דער אָנקומענדיקער מלחמה האָט ער אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, זיי באַצייכנט ווי נאַרישקייטן.

די מלחמה איז אָבער יאָ אויסגעבראָכן, און מענטשן, וואָס האָבן געטראָפן באַלאַבאַנען אין וואַרשע אין די ערשטע צייטן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע, דערציילן שוין וועגן אַ גאַנץ אַנדערן באַלאַבאַן. זיין גוטמוטיקייט איז פאַרשווּנדן, און צוזאַמען מיט איר — דער שמייכל פון זיין פּנים. אַ מרה־שחורה האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן און זיין געשטאַלט האָט זיך איינגעבויגן פּונקט ווי די לאַסט פון זיינע יאָרן וואָלט ערשט איצט אָנגעהויבן אים צו דריקן.

איז באַלאַבאַן פון איין עקסטרעם אַריבער אין אַ צווייטן. דער אָפּטימיזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרענעצלאָזן פּעסימיזם. די דאָזיקע מלחמה — האָט ער געטענהט — איז אונדזער אַלעמענס סוף. יעדן פאַלס וועט ער זי נישט איבערלעבן. אין דעם איז ער געווען גאַנץ זיכער.

פאַר באַלאַבאַנען איז די נאַצישע אָקופּאַציע־צייט געווען אַ באַזונדערס שווערע. פאַר אַ מענטשן אין זיינע יאָרן, וואָס האָט במשך פון זיין גאַנצן לעבן פאַרנומען אַ הויכע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע, איז דאָס צופּאַסן זיך (אַפילו בלויז אויסערלעך) צו די אַכזריותדיקע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס די רוצחים האָבן געשאַפן פאַרן יידישן כּלל, געווען ממש אוממעגלעך. האָט ער טאַקע געהאַט אויסצושטיין אַ סך מער צרות און ליידן ווי די יינגערע, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד־כּוח, אָדער האָבן געקאָנט זיך בעסער אויסבאַהאַלטן.

ד״ר באַלאַבאַנס פּעסימיזם האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט נאָך דער ערשטער אַקציע פון די „100". די דאָזיקע אַקציע האָבן די דייטשן אויסגעפירט אין די סאַמע אָנהייבצייט פון זייער אָקופּאַציע אין וואַרשע. אין אַ געוויסער נאַכט האָבן זיי אַרעסטירט הונדערט יידן פון צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ און זיי אַלע דערשאָסן. צווישן די קרבנות איז געווען באַלאַבאַנס איידעם, דער אַדוואָקאַט ביאַלער.

דערנאָך זיינען געקומען די צייטן פון געטאָ. באַלאַבאַן האָט זיך אַריבער־געצויגן אויף מוראַנאָווסקע־גאַס 40 און פונקט ווי דאָס רוב ייִדן האָט ער דאָרט געלעבט אַ לעבן פון הונגער, נויט און טויט־שרעק.

וועגן באַלאַבאַנס טעטיקייט אויפן קולטור־געביט אין געטאָ, און בפרט וועגן זיין היסטאָריש־שריפטלערישער אַרבעט דאָרט, איז זייער שווער אויס־צודריקן אַ דעפיניטיווע מיינונג. פון דער חרובער געטאָ זיינען צו אונדז נישט דערגאַנגען קיין שום שפורן פון זיין טעטיקייט. מיר קאָנען זיך בלויז שטיצן אויף זכרונות פון מענטשן, וואָס זיינען אין יענע צייטן געווען אין זיין סביבה און וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה. אויב די דאָזיקע זכרונות זיינען גאַנץ מאָגערע קאָן מען צו די מענטשן נישט האָבן קיין טענות. אין יענער מוראדיקער צייט האָבן זיי געדאַרפט זאָרגן פאַרן ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן, טאָ ווי אַזוי האָבן זיי געקאָנט טראַכטן וועגן דעם, מיט וואָס באַלאַבאַן פאַרנעמט זיך אָדער וואָס ער שרייבט?

מען קאָן אָננעמען פאַר זיכער, אַז נישט קוקנדיק אויף זיין צוזאַמענ־געבראָכנקייט האָט זיך באַלאַבאַן באַטייליקט אין דעם „עונג שבת", אַ קולטור־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער ייִדישער אינטעליגענץ. אויף די מסיבות פון „עונג שבת" פלעגן אָפט אַרויסטרעטן ד"ר רינגעלבלום, ד"ר שיפּער, ד"ר עדמונד שטיין, מענטשן וואָס האָבן מיט זייער אָפּטימיזם געקאָנט דערמוטיקן אַ צוזאַמענגעבראָכענעם עולם. באַלאַבאַן האָט ליבערשט געוואָלט זיין אַ צוהערער. ער האָט נישט געוואָלט אָנשטעקן אַנדערע מיט זיין מרה־שחורהדיקן געמיט.

ד"ר הלל זיידמאַן דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז באַלאַבאַן האָט אַ סך צייט געווידמעט פאַר ראַטעווען ייִדישע ביכער. קודם כּל האָט ער מיט אַלע מיטלען זיך באַמיט צו שיצן זיין אייגענע ביבליאָטעק, וווּ ער האָט אָנגעזאַמלט אוצרות פון ייִדישן וויסן. פאַר דער דאָזיקער ביבליאָטעק האָט ער געהאַט אַרויסבאַקומען אַ שוצבריוו פון ד"ר וויטע, דעם דייטשישן דירעקטאָר פון דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט. חוץ דעם האָט ער אָנגעווענדט אַ סך מי, כּדי צו ראַטעווען וויכטיקערע כּתבי־יד און ווערק פון די וואַרשעווער ייִדישע ביבליאָטעקן, וועלכע די נאַציס האָבן אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד. שפּעטער, אין די צייטן פון די אויסזידלונגען, ווען טייערע ייִדישע ספרים האָבן זיך צוזאַמען מיט אַנדערן פאַרלאָזטן ייִדישן האָב־און־גוטס געוואַלגערט אויף די הייפן, איז לויט זיין איניציאַטיוו געשאַפן געוואָרן ביי דער קהילה

אַן עקיפֿ אַרבעטער, וועלכע האָבן אויפגעקליבן די דאָזיקע ביכער און געבראַכט זיי אין דער קהילה.

באַלאַבאַן פֿלעגט אַ סך צייט פֿאַרברענגען אין דעם קהילה־אַרכיוו. דאָרט, האָט געהייסן, איז ער אָנגעשטעלט ביי אַן אַרבעט. אָבער אין דער אמתן איז ער געזעסן און געאַרבעט איבער זיינע ווערק. דאָרט האָט ער אויך קאָנצענטרירט די אויפגעקליבענע ביכער, וואָס זיינען לעת־עתה אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פֿון אומקום.

ביי דער גאַנצער מרה־שחורהדיקייט פֿון זיין געמיט, האָט זיך באַלאַבאַן אויך אין געטאָ אינטערעסירט מיט יידישע דערציִונג־ענינים. ד״ר יצחק לעווין ציטירט אין זיין בוך „חורבן איראָפּע״ אַ קאָמוניקאַט, וועלכער איז דערשינען אין דער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ״ (די איינציקע לעגאַלע יידישע צייטונג אַרויסגעגעבן דורך דער קהילה) נ״ר 81 פֿונעם 5טן סעפּטעמבער 1941. אין דעם קאָמוניקאַט ווערט געזאָגט, אַז די שול „מוריה״ אויף דזשעלנאַ־גאַס 7 וועט צוריק געעפֿנט ווערן דעם 6טן סעפּטעמבער 1941 „אַ דאַנק די באַמיִונגען פֿון פּרעזעס אינזש. טשערניאַקאָוו און פּראָפֿעסאָר באַלאַבאַן״.

עס אונטערליגט נישט קיין שום ספֿק, אַז אין משך פֿון די געטאָ־יאָרן האָט באַלאַבאַן געאַרבעט וויסנשאַפֿטלעך. עס לייגט זיך אַפֿילו אויפֿן שׂכל, אַז אין דעם דאָזיקן פּעריאָד האָט ער מער געאַרבעט, ווי ווען נישט איז פֿריִער. ערשטנס, איז ער אָוועקגעריסן געוואָרן פֿון זיין פּעדאַגאָגישער אַרבעט און דעריבער האָט ער געהאַט אַ סך מער פֿרייע צייט פֿאַר שרייבן. צווייטנס, האָט ער געזוכט אַ וועג צו אַנטרונען פֿון די טאָג־טעגלעכע צרות און עינויים און דער דאָזיקער וועג האָט אים געמוזט פֿירן צו אַ פֿאַרשטאַרקטער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט. דאָס פּראָבלעם איז בלויז, אַז מיר ווייסן נישט, איבער וואָס ער האָט דעמאָלט געאַרבעט און וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

פֿון אַלע וואַרשעווער זכרונות־שרייבערס איז ד״ר הלל זיידמאַן דער איינציקער, וועלכע ווייזט אָן נעמען פֿון ווערק, איבער וועלכע באַלאַבאַן האָט געאַרבעט. לויט ד״ר זיידמאַנען האָט באַלאַבאַן אין געטאָ פֿאַרענדיקט דאָס צונויפֿשטעלן דעם מאַטעריאַל פֿאַרן דריטן העפֿט פֿון דער „ביבליאָגראַפֿיע פֿון יידן אין פּוילן״. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן באַלאַבאַנען געהאָלפֿן אַרויסהעלפֿן זיינע תּלמידים, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין געטאָ. אַ צווייטע אַרבעט, וועלכע ד״ר זיידמאַן דערמאָנט, איז „די יידן אין דער פּוילישער קולטור־שאַפֿונג״, וועלכע באַלאַבאַן האָט געשריבן אויפֿן סמך פֿון

אַ באַשטעלונג, וואָס ער האָט אַ מאָל באַקומען פון דער פוילישער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן. אין ד״ר רינגעלבלומס נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ ווערט געזאָגט, אַז ער האָט געשריבן זיינע זכרונות פון די יונגע יאָרן.

די דאָזיקע אַרבעטן פילן אָבער נישט אויס די פיר יאָר, וואָס באַלאַבאַן האָט איבערגעלעבט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, בפרט אַז ער האָט אין זיין טעקע געהאַט אָנגעהויבענע אָדער פאַרענדיקטע און נישט אַרויסגעגעבענע אַרבעטן פאַר די לעצטע צוויי יאָר פאַרן מלחמה־אויסבראָך.

אַלע זכרונות־שרייבערס איניקן זיך אויף דעם, אַז באַלאַבאַן איז געשטאַנען אונטער אַ דרוק פון די נאַצישע מאַכטאָרגאַנען, וואָס האָבן פון אים געצויגן מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וועגן יידישע פּראָבלעמען. סיי יאָנאַס טורקאָוו און סיי ד״ר הלל זיידמאַן דערציילן וועגן באַלאַבאַנס באַגעגעניש מיט אַ נאַצישן „וויסנשאַפטלער״. עס זאָגט זיך בלויז אַ באַגעגעניש. אין דער אמתן האָבן דייטשע פּאָליציסטן געבראַכט באַלאַבאַנען צום דאָזיקן נאַצישן געלערנטן, וועלכער האָט געדאַרפט האָבן געוויסע ידיעות וועגן יידן. ד״ר פיליפּ פרידמאַן שטעלט אין זיין בוך „מאַרטירער און קעמפער״ (ניו יאָרק, 1954, ענגליש) די השערה, אַז דער דאָזיקער „וויסנשאַפטלער״ איז געווען היינץ פעטער סעראַפים, מחבר פון אַ ריי ביכער און אַרטיקלען וועגן דער געשיכטע פון יידן אין מיזרח־אייראָפּע און מיטגליד פון דעם נאַצישן פאָרשונג־עקיפּ אין פוילן און אוקראַינע אין משך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עס איז פאַראַן נאָך אַן עדות, וואָס באַשטעטיקט דעם אמת וועגן נאַצישן דרוק אויף באַלאַבאַנען. אַ יידישע פרוי פון וואַרשע האָט אונטערן נאָמען קריסטינאַ נאָוואַקאָווסקאַ אַרויסגעגעבן אַ בוך אונטערן נאָמען „אַזוי איז געווען אין דייטשלאַנד״ (פויליש) און דאָרט דערציילט זי, אַז זי האָט אין געטאָ אַ געוויסע צייט געאַרבעט ווי באַלאַבאַנס סעקרעטאַרין. ד״ר באַלאַבאַן — דערציילט זי — האָט איר דיקטירט דאָס צענטע קאַפּיטל פון זיין אַרבעט „געריכטשטאַנדעס־געזעצגעבונג פון יידן אינעם אַמאָליקן פוילן (היינט גענעראַל־גוווערנעמענט) אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג״. די דאָזיקע אַרבעט האָט באַלאַבאַן אָנגעשריבן אויף דייטש און זי איז געווען באַשטימט פאַר די נאַצישע רוצחים.

אַ סך צרות איז באַלאַבאַן אויסגעשטאַנען אין דער צייט פון די שחיטות אין זומער 1942. ער האָט מיטגעמאַכט עטלעכע סעלעקציעס און איין מאָל האָט ער זיך שוין געהאַט אַריינבאַקומען אויפן אומשלאַגפּלאַץ (קאָנצענטראַציע־

פונקט אין וואַרשע, פון וואַנען די רוצחים האָבן די ייִדן אַרויסגעשיקט צום אומקום), ער איז דעמאָלט ווי דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן. ד״ר הלל זיידמאַן דערציילט, אַז פונעם אומשלאַגפּלאַץ האָט באַלאַבאַן אַרויסגעשיקט אַ צעטל, ווו ער האָט אָנגעוויזן, ווו עס געפינען זיך באַהאַלטענע ביכער און כתבי־יד. אין דער לעצטער שעה פאַרן אומקום זיינען די ביכער געווען באַלאַבאַנס איינציקע דאגה.

אָבער נאָך די אַלע צרות און פּיינען איז פון דעסטוועגן באַלאַבאַנס מערכה — אין פאַרגלייך מיט דער מערכה פון די איבעריקע ייִדן אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע — געווען אַ פּריווילעגירטע. אים איז באַשערט געווען צו פאַרענדיקן דאָס לעבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט (האַרצאַטאַק) אויף זיין אייגענעם בעט, אַרומגערינגלט דורך זיין משפחה, דורך זיין פרוי און אַלע דריי קינדער. ער איז אויך געבראַכט געוואָרן צו קבר ישׂראל אויפן גענשער בית־עולם. אַזאַ זכיה האָבן נאָר וויניק ייִדן געהאַט אין דער מורא־דיקער נאַצי־צייט.

די גענויע דאַטע פון ד״ר באַלאַבאַנס פּטירה קאָן אויך נישט פעסט־געשטעלט ווערן. זי וואַקלט זיך צווישן אָן ערך דער העלפט פון חודש נאָוועמבער 1942 ביזן סוף פונעם יאָר. ד״ר פיליפּ פרידמאַן רעכנט אויס אין דעם שוין פריער דערמאָנטן בוך „מאַרטירער און קעמפער״, אַז ד״ר באַלאַבאַן איז געשטאָרבן אין משך פון די לעצטע וואָכן פונעם יאָר 1942. די דאָזיקע אויסרעכענונג שטיצט זיך אויף אַ נאָטיץ אין ד״ר עמנואל רינגעלבלומס טאָגבוך. די נאָטיץ איז דאַטירט דעם 1טן יאַנואַר 1943 און עס רעדט זיך דאָרט וועגן פאַרשפרייטע קלאַנגען, אַז פּראָפעסאָר באַלאַבאַן זאָל האָבן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. איז ד״ר פרידמאַנס חשבון אַ גאַנץ פּשוטער און אַ לאָגישער: אויב ד״ר רינגעלבלום האָט דעם 1טן יאַנואַר 1943 געשריבן וועגן באַלאַבאַנס טויט, הייסט דאָס, אַז די זאַך האָט געמוזט געשען אַ קורצע צייט פאַר דער דאָזיקער דאַטע. דאַקעגן וואָס שייך די קלאַנגען וועגן זעלבסטמאָרד, ווערן זיי נישט באַשטעטיקט פון קיין שום פאַרלאָזלעכע מקורים און מען קאָן אָננעמען, אַז זיי זיינען נישט געווען קיין ריכטיקע.

דער גורל פון ד״ר באַלאַבאַנס משפחה איז ענלעך צום גורל פונעם רוב ייִדן אין וואַרשע און פּוילן. אויך וועגן דעם פּרט זיינען נישט פאַראַן קיין שום זיכערע ידיעות. לויט געוויסע גביות עדות האָט זיין פרוי גיזעלע צוזאַמען מיט דער טאָכטער זאָסיע (די פרוי פון אַדוואָקאַט ביאַלער) און מיטן

ייִנגערן זון לעאָן געפונען אַ מקום מקלט ערגעץ ווו אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע. לעאָן איז ביי אומבאַקאַנטע אומשטענדן אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און אַ ביסל שפּעטער זיינען די ביידע פרויען פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער דירה, ווו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. וועגן דעם גורל פון באַלאַבאַנס עלטערן זון, אַלעקסאַנדער, וועלכער איז געווען אַ דאָקטאָר פון מעדיצין, זיינען נישטאָ קיין שום ידיעות.

די ידיעה וועגן באַלאַבאַנס טויט איז צו דער פרייער וועלט דערגאַנגען ערשט אַן ערך אין דער העלפט פונעם יאָר 1943. געקומען איז די דאָזיקע ידיעה אַן אויסגעפּוצטע אין לבוש פון אַ לעגענדע. עס האָט געהייסן, אַז באַלאַבאַן איז גערופן געוואָרן אין געסטאַפּאָ און דאָרט האָט מען אים באַפוילן אָנצושרייבן די געשיכטע פון ייִדן אין פוילן אין נוסח פון די היטלעריסטישע טעאָריעס. באַלאַבאַן האָט זיך נישט געפילט בכּוח אָנצונעמען אַזאַ דערני־דערנדיקע אַרבעט. אַזוי ווי ער האָט פאַר זיך נישט געזען קיין אַנדערן וועג אַרויסצודרייען זיך פון דער דאָזיקער אויפגאַבע, האָט ער באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד. נאָך די זעלבע נאַכט האָט ער זיך אויפגעהאַנגען אַן איינגע־הילטער אין אַ טלית.

די ייִדן אין דער פרייער וועלט האָבן אַן באַוואָרעניש געגלייבט אין דער לעגענדע. דאָס איז אַ גאַנץ נאַרמאַלע זאַך, ווייל דאָס פאָלק האָט אַלע מאָל ליב צו זען זיינע העלדן אין אַן אָרעאָל פון לעגענדע. און ד״ר באַלאַבאַן, דער גרינדער און באַגרינדער פון דער היסטאָריאָגראַפיע פון ייִדן אין פוילן, דער וויכטיקסטער און פרוכפּערדיקסטער שאַפער אויף איר געביט, איז אָן ספק אַ פאָלקסהעלד פון גרויסן פאַרנעם.

אונטערן איינדרוק פון דער דאָזיקער לעגענדע האָט אַ ייִדישער דיכטער אין וויטן אַרגענטינע אָנגעשריבן אַ באַלאַדע אונטערן נאָמען „פּראָפעסאָר מאיר־שמואל באַלאַבאַן״. קעהאָס קליגער שילדערט דעם גרויסן היסטאָריקער ווי דעם גואל פון זיין פאָלק, דעם מוטיקן קעמפער פאַר זיין כּבוד:

„גאָט, גיב מיר כּוח דעם באַפעל פונעם צורר נישט צו דערפילן!
„גיב מיר מוט, האַרטנעקיקע גבורה, ווי דו האָסט צו שמשונען געגעבן
„אין די מינוטן פון זיין יאוש, אין דעם לעצטן געראַנגל פון זיין לעבן״.

באַלאַבאַן פילט, אַז זיין שליחות אויף דער וועלט, דאָס שליחות פונעם היסטאָריקער פון זיין פאָלק, האָט זיך געענדיקט ביים ראַנד פון קבר, אין

וועלכן דאָס פאָלק איז פאַרזונקען געוואָרן. דעריבער פאָדערט ער פון גאָט: ער אַליין זאָל דערשרייבן די לעצטע

„...געשיכטע־בלעטער
פון דיין פאָלק, דערשרייב זיי דיר מיט די טויטע קינדערהענט פון געטאָ".

געדעכט איז דער דיכטער, קעהאָס קליגער, ווייל באַלאַבאַן האָט שוין גישט דערשריבן די לעצטע בלעטער פון דער געשיכטע פון ייִדן אין פוילן. דאָס געשיכטע־בוך פונעם פוילישן ייִדנטום האָט מיט זיין בלוטיקער שווערד פאַרמאַכט דער שונא, דער רישעותדיקער מערדער און פאַרטיליקער. און באַלאַבאַן אַליין, ער, וואָס האָט במשך פון זיין גאַנצן לעבן געזוכט דעם אמת אין דער געשיכטע און באַמיט זיך פונאַנדערצוטיילן לעגענדעס פון היסטאָ־רישערווירקלעכקייט, האָט פאַרלאָזט די וועלט ביי אומשטענדן, וואָס דערלאָזן די שאַפונג פון אַ נייער לעגענדע, פון דער לעגענדע פון ד"ר מאיר באַלאַבאַנס פטירה.

# ביבליאָגראַפיע

## רשימה פון אַרבעטן, וואָס זײַנען אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער מאָנאָגראַפיע


**חנוך האַלפּערן: זכרונות פון אַ תּלמיד**, ייִוואָ־בלעטער, 1946 ב׳, 2 ; 27, ז״ז 384–386.

**ישׂראל ווײַנלעז: די געשיכטע פונעם לעמבערגער טעמפּל** (רעצענזיע ; ייִוואָ־בלעטער, 1939, ב׳ 14; נ״ר 1–2 ז״ז 145–153.

**ד״ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ**, בוענאָס איירעס, 1947, און **די פירער פון וואַרשעווער געטאָ**, „מאָרגן־זשורנאַל״, ניו יאָרק, 27 אַפּריל—4 מײַ, 1947.

**יאָנאָס טורקאָוו: אַזוי איז עס געווען**, בוענאָס איירעס, 1948.

**ד״ר רפאל מאַהלער: מאיר באַלאַבאַן — נעסטאָר פון ייִדישער געשיכטע־שרײַבונג**; „ייִדישע קולטור״, ניו יאָרק, אויגוסט—סעפּטעמבער, 1943.

**מ. עדעלבוים: פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן**; אידישער קעמפער, ניו יאָרק, 16 אַפּריל, 1943.

**קעהאָס קליגער; באַלאַדע וועגן פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן**, „דווקא״, בוענאָס איירעס, 1949, נ״ר 1.

**מלך ראַוויטש: מײַן לעקסיקאָן**, ב׳ 2, מאָנטרעאַל, 1952.

**ד״ר עמנואל רינגעלבלום: דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פון היסטאָרישער וויסנשאַפט אין וואַרשע**, „צוקונפט״, ניו יאָרק, אַפּריל 1934.

**ד״ר יעקב שאַצקי: דער ייִדישער היסטאָריקער**, יאָרבוך, ניו יאָרק, תש״ה.

**ד״ר יצחק שיפּער: שמואל מאיר באַלאַבאַן**, ייִדישער געזעלשאַפטלעכער לעקסיקאָן פון ד״ר פעלדשוה, וואַרשע, 1939.

**ד״ר יצחק שיפּער: ד״ר מאיר באַלאַבאַן צו זײַן 50־יעריקן יובל**, „הײַנט״, וואַרשע, 1927, נ״ר 92.


### אַנדערע שפּראַכן:


Dr. Filip Friedman: **Bibliografia prac naukowych Prof. M. Balabana;** Miesięcznik Żydowski, Warszawa, 1933, str. 346–351.

Dr. Philip Friedman: **Martyrs and Fighters**, New York, 1954.

Dr. Emanuel Ringelblum: Biuletyn; Żydowski Instytut Historyczny, Warszawa, 1951.

Dr. M. Wischnitzer: **Meir Balaban**, Jewish Social Studies, New York, Vol. V, 1943, pp. 410–411.

צווייטער טייל

# ד״ר י. שיפּער — זיין לעבן און שאַפן

(1943—1884)

## א

## ערשטע טריט

די יאָרן ביים איבערבראָך פונעם ניינצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ווערן אין דער געשיכטע פונעם גאַליצישן ייִדנטום באַצייכנט ווי די תּקופה פון תּחית העם. די ייִדישע יוגנט איז באַהויכט געוואָרן פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַל־פּאָליטישע אידעאַלן און זי האָט זיך גענומען גרייטן צום שטורעם קעגן די אַלט־איינגעוואָרצלטע פעסטונגען פון דער אַסימילאַציע. די דאָזיקע אַסימילאַציע איז אין גאַליציע באַשטאַנען נישט בלויז פון דער פּויליש־ אָדער דייטש־רעדנדיקער ייִדישער אינטעליגענץ, די דייטשן אָדער פּאָליאַקן פון משהס גלויבן. עס זענען פון איר מיטגעריסן געוואָרן אויך ברייטע פאָלקס־שיכטן און די אָרטאָדאָקסישע וועלט. דאָס איז נישט געווען קיין שום פּאָלי־טישע באַוועגונג און אַוודאי נישט קיין אָרגאַניזירטע איינהייט. דאָס איז פּשוט געווען אַ מאַסע מענטשן, וואָס האָט צוליב פאַרשיידענע טעמים און אינטע־רעסן געהאַלטן פאַר נוצלעך צו שטיין אויף דער זייט פון „מלכות״. דער באַגריף „מלכות״ איז אין יענער צייט אין גאַליציע געווען אידענטיש מיט די פּוילישע פּריצים, וואָס האָבן אין זייערע הענט געהאַלטן די רעגירונג פונעם לאַנד, מיט דעם פּוילישן „קאָלאָ״ (דעפּוטאַטן־קלוב) אין ווינער פּאַרלאַמענט, מיטן גובערנאַטאָר און גאַליצישן סיים, מיט די סטאַראָסטעס און בירגער־מייסטערס.

קעגן אַזאַ מין אידעענלאָזן און שפּלדיקן נאָכשלעפּן זיך נאָך דעם פּויליש־פּריצישן רייטוואָגן איז אַרויסגעטראָטן די ייִדישע יוגנט. די שטאָט טאַרנע,

אין מערבֿ־גאַליציע — צוויי שעה באַנוועג פון קראָקע — האָט אין דעם אויפֿ־קום־פּראָצעס פונעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין אָפּגעשפּילט אַ גאָר באַדייטנדיקע ראָלע. די דאָזיקע שטאָט, וואָס געהערט צו די עלטסטע ייִדישע קהילות אין פּוילן, האָט געצויגן אַ לאַנגע טראַדיציע־קייט פון לומדים און משׂכּילים. זי איז נישט געווען קיין קליינע שטאָט. לויטן גאַליציטן באַגריף איז זי געווען אַ כּרך (40,000 איינוווינערס און איבער 40% ייִדן) מיט אַ קלינגענדיקן טראַמוויי, וואָס פֿלעגט יאָגן לענג־אויס דער הויפּטגאַס.

אין דער דאָזיקער שטאָט, וואָס ווערט אַזוי פּרעכטיק באַזונגען פון דיכטער ראובֿן איזלאַנד, איז דעם 9טן נאָוועמבער 1884 געבוירן געוואָרן יצחק שיפּער. זיין טאַטע, משה שיפּער, האָט געשטאַמט פון אַ לומדיש־משׂכּילישער משפּחה. ער האָט אָבער דער משפּחה זיינער אָנגעטאָן אַ בזיון, ווייל ער האָט חתונה געהאַט מיט חנהן, דער טאָכטער פון אַ פּשוטן בעקער. און נישט בלויז דאָס. משה שיפּער האָט זיך אין גאַנצן דערווייטערט פון זיין משפּחה און ער איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער טאָרנעווער באַלמעלאָכישער חבֿרה.

אין אַזאַ סבֿיבֿה איז יצחק אויפֿגעוואַקסן און עס איז נישט פֿאַראַן קיין ספֿק אַז די דאָזיקע סבֿיבֿה האָט אויף אים געלייגט איר חותם אויפֿן גאַנצן לעבן. ס׳איז באַקאַנט זיין פּראָלעטאַריש־פֿאָלקסטימלעכע לעבנס־פֿאָרעם, זיין פּשוטע און האַרציקע באַציִונג צו מענטשן אַפֿילו אין די שפּעטערדיקע צייטן, ווען ער איז שוין געווען אַ וויסנשאַפֿטלער און שרייבער מיט אַ באַרימטן נאָמען.

פונקט ווי אַלע קינדער פון זיין סבֿיבֿה איז יצחק געגאַנגען לערנען אין חדר, און אַזוי ווי אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ גוטן, האָט מען גערעכנט, אַז זיין צוקונפֿט וועט זיין די ישיבֿה און אַ רבנישע שטול. אָבער דער גורל האָט געפֿירט גאָר אַנדערש. לאָמיר נישט פֿאַרגעסן, אַז יענע צייט (מיר מיינען די לעצטע יאָרן פונעם פֿאָריקן יאָרהונדערט) האָט אַריינגעבראַכט נייע שטרע־מונגען אינעם פּוילישן קולטור־לעבן. דער נייער ראָמאַנטיזם, וואָס איז אַריינ־געפֿירט געוואָרן אין דער פּוילישער ליטעראַטור דורך אַזעלכע דיכטערס ווי וויספּיאַנסקי, רידעל, טעטמאַיער א״אַ, האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צום פּשוטן פֿאָלק. די דאָזיקע שטרעמונגען האָבן געהאַט זייער ווירקונג אויך אויף דער ייִדישער גאַס. באַזונדערס איז עס געקומען צום אויסדרוק אין מערבֿ־גאַליציע און אין דער אַלטער קולטור־שטאָט טאָרנע. דאָרטן האָט מען געקאָנט טרעפֿן ישיבֿה־בחורים, וואָס האָבן פּלוצעם גענומען דעקלאַמירן טיילן פון

וויספּיאַנסקיס „וועסעלע״, אָדער לידער פֿון קאַספּראָוויטש. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער מאָרגן פֿון די דאַזיקע בחורים איז שוין ווייט געווען פֿון דער ישיבה.

יצחק שיפּער איז אויך מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם. ער האָט גע־פֿאָדערט פֿון זיין טאַטן אַז ער זאָל אים שיקן אין גימנאַזיע. אַזוי איז שיפּער געוואָרן אַ סטודענט. זיינע נאָענטסטע חברים פֿון דער שולבאַנק זענען געווען: קאַרל סאָבעלזאָן, דער שפּעטערדיקער ראַדעק, וואָס איז פֿאַרמישפּט געוואָרן בעת די מאָסקווער פּראָצעסן פֿון 1937 און סטעפֿאַן יאַראָטש, דער שפּעטער־דיקער באַרימטער פּוילישער שוישפּילער. סאָבעלזאָן האָט שיפּערן אַריינ־געצויגן אין דער סאָציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פּראָמיען״. ביי שיפּערן האָבן זיך שוין דעמאָלט געשטעלט יענע כאַראַקטער־שטריכן, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין משך פֿון זיין לעבן: טעמפּעראַמענט און נייגונג צו ענטוזיאַזם. ער איז געוואָרן אַן ענטוזיאַסטישער אַגיטאַטאָר פֿונעם פּוילישן סאָציאַליזם, געהאַלטן פֿייערדיקע רעדעס, געשריבן פּלאַמיקע לידער. ווי דער שטייגער איז געווען ביי דער יידישער אינטעליגענץ אין גאַליציע, האָט מען אים אויפֿגעהערט צו רופֿן מיט זיין יידישלעכן נאָמען יצחק. ער האָט שוין געהייסן איגנאַץ.

אָבער די פּוילישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט פֿון שיפּערן נישט געהאַט קיין סך נחת. נאָך דעם ערשטן ענטוזיאַזם האָט זיך אין זיין יונגער נשמה דערוועקט אַ ספק. ער האָט ביי קאַרלען גענומען פֿרעגן קשיות: וואָס וועט זיין מיט דער יידן־פֿראַגע? קאַרל איז געווען ראַדיקאַל אין זיין סאָציאַ־ליזם, אַ סך ראַדיקאַלער פֿון די געבוירענע פּוילישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן דעם סאָציאַליזם באַטראַכט בלויז ווי אַ מיטל צו דער באַפֿרייונג פֿון פּוילן. קאַרל סאָבעלזאָן האָט שיפּערן געגעבן די זאַך צו פֿאַרשטיין אָט אַזוי: מיר קעמפֿן פֿאַר דער אויפֿלעבונג פֿון פּוילן. דאָס נייע פּוילן וועט זיין סאָציאַליסטיש און אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד וועט נישט זיין קיין פּלאַץ פֿאַר אַ יידן־פֿראַגע, ווייל אַלע וועלן זיין גלייך. שיפּערן האָט אַזאַ ענטפֿער נישט באַפֿרידיקט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער דאַזיקער צוגאַנג צו דעם יידישן פּראָבלעם מיינט גאָרנישט אַנדערש ווי ליקווידאַציע פֿונעם יידנטום. אין האַרצן איז אָבער שיפּער געווען פּונקט אַזוי נאָענט צום יידנטום ווי צום סאָציאַליזם.

ער האָט זיך אָנגעהויבן מער צו אינטערעסירן מיט יידישע ענינים. און פּלוצעם האָט ער דערזען דאָס, וועגן וואָס ער האָט ביז איצט גאָרנישט געוווּסט. אָט דאָ, אין זיין אייגענער היימשטאָט טאַרנע, איז געשטאַנען דאָס וויגעלע

פונעם ציוניזם אין מערב־גאַליציע. נאָך אין די אַכציקער יאָרן פונעם 19טן יאָרהונדערט איז אין טאַרנע געגרינדעט געוואָרן די ערשטע גאַליצישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט פאַר ארץ־ישׂראל. די געזעלשאַפט האָט געהייסן „אַהבת ציון" און איר גרינדער איז געווען דער טאַרנאָווער אַדוואָקאַט ד"ר אַברהם זאַלץ. די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט נאָך אין יאָר 1882 געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דער קאָלאָניע „מחניים" אין ארץ־ישׂראל. אין דער צייט וועגן וועלכער עס רעדט זיך, איז אין טאַרנע אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע ווער־בירונג־אַקציע פאַר מיטגלידער פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. ביים סוף פונעם 19טן י"ה זענען 300 טאַרנעווער באַלעבאַטים געווען מיטגלידער פון „אַהבת ציון".

אויף שיפּערן האָט דער גאַנצער ענין פון „אַהבת ציון" געמוזט מאַכן אַן איינדרוק. ער האָט גענומען לייענען ציוניסטישע ביכער. אין ווין האָט הערצל אַרויסגעגעבן „די וועלט". אין לעמבערג זענען דערשינען צוויי ציוניס־טישע צייטשריפטן אויף פּויליש: די וואָכנצייטונג „ווסכוד" (מיזרח) און דער חודשלעכער יוגנט־זשורנאַל „מוריה". שיפּער איז געוואָרן זייער לייענער און עס האָט זיך אין אים דערוועקט דער באַגער אויך עפּעס אָנצושרייבן.

ער האָט זיך דערווייטערט פון סאָבעלזאָנען, אָפּגעזוכט זיך נייע חברים, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געשאַפן אַ ציוניסטיש קולטור־קרייזל. אין יענער צייט איז נאָך אין גאַליציע נישט געווען קיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג. זי האָט ערשט געהאַלטן ביים אויספּיקן זיך אין דער פאָרעם פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פאַראיינען. אָבער די דאָזיקע פאַראיינען האָבן נישט געהאַט קיין שום השפּעה אויף דער שטודירנדיקער יוגנט. קאָן דעריבער קיין רייד נישט זיין וועגן שיפּערס אָנשליסן זיך אין די „פּועלי־ציון", אין די ערשטע יאָרן פונעם היינטיקן יאָרהונדערט. נאָר פון דעסטוועגן האָט שיפּער נישט אויפגעגעבן זיינע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען. זיין ציוניסטיש קרייזל האָט צו דעם חיבת־ציון־געדאַנק צוגעגעבן אַ צומיש פון אַ סאָציאַ־ליסטישער אידעע. דער דאָזיקער סאָציאַליזם איז געווען אַ גאַנץ נאַיִווער. ער האָט גאָר ווייניק געהאַט צו טאָן מיט מאַרקסיסטישע דאָגמעס און מיט דעם מאַטעריאַליסטישן וועלטבאַנעם. ער האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ שטרעבונג, אַז די וועלט זאָל געפירט ווערן מיט יושר. שיפּערס דעמאָלטיקער סאָציאַליזם איז מער געווען דער סאָציאַליזם פון ישעיהו הנביא ווי פון מאַרקסן. איך האָב דעם איינדרוק, אַז אַזאַ נאַיִווער סאָציאַליסט איז שיפּער געבליבן אויך שפּע־

טער, ווען ער האָט געהערט צו דער פירערשאַפט פון „פועלי־ציון" און אויך דעמאָלט, ווען ער האָט די „פועלי־ציון" אויסגעביטן אויף דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זיינע יוגנטלעכע חלומות פון וועלט־גערעכטיקייט.

אין יאָר 1902 איז שיפּער געווען אַ שילער פונעם זיבעטן קלאַס גימנאַזיע. אין יענעם יאָר האָט זיין באַגער צום שרייבן אָנגעהויבן זיך צו פאַרווירקלעכן. געשען איז עס אונטער דער השפּעה פון אַ גוטן לערער, וואָס האָט אין שיפּערס קלאַס געהאַלטן לעקציעס פון געשיכטע. דער דאָזיקער לערער האָט זיינע תּלמידים סטימולירט צו טיפערע שטודיעס פון געשיכטע. דערביי האָט ער געהאַלטן, אַז עס איז פיל וויכטיקער צו פאַרנעמען זיך מיט פאָרשונגען וועגן דער געשיכטע פונעם אייגענעם ווינקל און פון דער אייגענער שטאָט, ווי צו לערנען זיך אויסנווייניק די דאַטעס פון דער אַלגעמיינער געשיכטע. ביי שיפּערן איז דעם לערערס מי געווען אָנגעלייגט. שיפּער האָט מיט התמדה אָנגעהויבן צו שטודירן דאָס, וואָס איז געווען דאָס נאָענטסטע צו זיין האַרץ: די געשיכטע פון ייִדן אין און אַרום זיין שטאָט. ער האָט אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן קאָזשימיעזש דעם גרויסנס געזעצגעבונג לגבי ייִדן. דאָס איז געווען זיין ערשטע געדרוקטע אַרבעט, וואָס איז דערשינען אין „מוריה", אין יאָר 1902.

אין דער זעלבער צייט איז שיפּער שטאַרק אַקטיוו אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. זיין ציוניסטיש־סאָציאַליסטיש קרייזל הייבט אָן אַן אַגיטאַציע צווישן דער חסידישער יוגנט. שיפּער גייט אָפט אין סאַנדזער חסידים־קלויז און מאַכט פאַרבינדונגען מיט ישיבה־בחורים, וועלכע ער וויל געווינען פאַר בילדונג און וועלטלעכער קולטור. עלטערע חסידים יאָגן אים אַרויס, אָבער ער קומט צוריק און ענדלעך געלינגט אים אַריינצוציִען אין זיין קרייזל אַ היפּשע צאָל ישיבה־בחורים.

אין יאָר 1903 האָט שיפּער געענדיקט גימנאַזיע און האָט באַקומען מאַטורע. ער האָט זיך פאַרשריבן אויפן יורידישן פאַקולטעט אין דעם קראָקאָווער אוני־ווערסיטעט. ער האָט אָבער נישט פאַרראַטן זיין ערשטע ליבע, די געשיכטע־פאָרשונג. ער האָט זיך גענומען פאָרשן די געשיכטע פון דער ייִדישער קהילה אין טאַרנע. אין 1905 איז שוין פאַרטיק זיין אַרבעט וועגן „די ייִדן אין טאַרנע ביזן סוף פונעם 18טן י"ה". אויב זיין אַרבעט וועגן קאָזשימיעזש דעם גרויסן איז נאָך אַ שוואַכינקע, ווייזט ער שוין אין דער צווייטער אַרבעט סימנים פון גרויסצוגיקייט און שווונג. שיפּער אַנאַליזירט אין איר סאָציאַל־פּאָליטישע

אַנטאַגאָניזמען און עקאָנאָמישע אינטערעסן פון מאַכטהאָבערס, וועלכען האָבן די ייִדן געמאַכט פאַר זייער ווערקצייג. שוין דער פאַקט אַליין, אַז די דאָזיקע אַרבעט איז געדרוקט געוואָרן אינעם „קוואַרטאַלניק היסטאָריטשני״, וואָס איז געווען דער סאַמע חשובסטער פּוילישער זשורנאַל פאַר געשיכטע, זאָגט זייער פיל וועגן איר ווערט. אָבער אויך אָן דעם פילט זיך פון דער דאָזיקער אַרבעט בפירוש אַרויס, אַז איר מחבר גרייט זיך צו אַ הויכן שפּרונג.

שיפּער איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער ווינער אוניווערסיטעט. ער האָט דאָרט פאָרגעזעצט זיין שטודיום פון יוריספּרודענץ, געהערט לעקציעס פון פילאָסאָפיע און שטודירט סאָציאַלע עקאָנאָמיע. ער איז געוואָרן מיטגליד פונעם ווינער אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע וויסנשאַפטן, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון צוויי וועלטבאַרימטע געלערנטע: פּראָפ׳ בעם־באַווערק און פּראָפ׳ אויגען פיליפּאָוויטש. ביי דעם אַלעם האָט שיפּער נאָך געפונען צייט צו זיצן אין אַרכיוון און ביבליאָטעקן, ווו ער האָט ממשיך געווען זיין ליבלינג־אַרבעט, די געשיכטע־פאָרשונג. ס׳איז פּשוט צו באַוווּנדערן, ווו עס האָט זיך ביי אַ יונגן מאַן געגומען אַזוי פיל צייט און ענערגיע פאַר דעם אַלעם. וואָלט זיך געדאַכט, אַז דער מענטש איז פּונקט ווי ביאַליקס מתמיד ביי טאָג און ביי נאַכט פאַרטאָן געווען אין לערנען. אָבער אַזוי איז נישט געווען. שיפּער האָט געהערט צום מין פריילעכע יונגע לייט און ביי זיין שטענדיקער פאַרנומענקייט פלעגט ער נאָך געפינען צייט פריילעך צו פאַרברענגען אַן אָוונט. אָט די דאָזיקע פעיִקייט צו גרויסע אַרבעטן, געפּאָרט מיט פריילעכקייט און געזעלשאַפטלעכקייט, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר שיפּערן במשך פון זיין גאַנצן לעבן.

אין יאָר 1907 האָט שיפּער באַקומען דעם דאָקטאָראַט פון יוריספּרודענץ. ער האָט גענומען זיך גרייטן צו זיין באַרוף פון אַדוואָקאַט. אָבער דערווייל האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ פאָרשונג־אַרבעט, וואָס האָט געדויערט עטלעכע יאָר. ער האָט געאַרבעט אין פּוילישע און דייטשישע אַרכיוון און האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן פאַר זיינע צוקונפטיקע אַרבעטן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט ער זיך אויסדריקן, אַז דאָס זאַמלען היסטאָרישע נאָטיצן איז ביי אים אַזאַ מין ליידנשאַפט, ווי ביי אַ פילאַטעליסט דאָס זאַמלען פּאָסטמאַרקעס. וואָס עס זאָל נישט זיין שיפּערס מיינונג וועגן דעם, איז אָבער אַ פאַקט, אַז די דאָזיקע עטלעכע יאָר פון זיינע אַרכיוו־פאָרשונגען האָבן אים געגעבן דעם יסוד פאַר כּמעט אַלע זיינע שפּעטערדיקע היסטאָרישע אַרבעטן.

נאָך אין יאָר 1906 האָט שיפּער געהאַט פאַרטיק זיין ערשט ווערק, וואָס האָט אים געמאַכט אַ נאָמען צווישן די היסטאָריקערס. דאָס איז געווען „דער אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם ביי די ייִדן אין מערב־אייראָפּע", וואָס איז אין יאָר 1906 דערשינען אין דער „צייטשריפט פיר פאָלקסווירטשאַפט, סאָציאַלפּאָליטיק אונד פערוואַלטונג" (דייטש) און מיט אַ יאָר שפּעטער ווי אַ באַזונדער בוך. די זעלבע אַרבעט איז אין יאָר 1910 דערשינען אין רוסיש אין דער איבערזעצונג פון קראַקאָווער און ווישניצער און אין יאָר 1920 אויף ייִדיש אינעם פאַרלאַג „אַרבעטער־היים", וואַרשע.

אין דער דאָזיקער אַרבעט זעט זיך שוין אַרויס אַ זעלבסטזיכערקייט פון אַ רייפן געלערנטן, וואָס האָט די דרייסטקייט צו פּאָלעמיזירן מיט אָנערקענטע אויטאָריטעטן אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט און אָפּצופרעגן זייערע טעאָריעס. אין דעם ווערק „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם ביי די ייִדן אין מערב־אייראָפּע" ווערט דאָס שווערגעוויכט געלייגט אויף דער פראַגע פונעם אויפקום פון די ערשטע ייִדישע קאַפּיטאַלן אין אייראָפּע. עס איז אַ באַוווּסטע זאַך, אַז ביים סאַמע אָנהייב פונעם מיטל־עלטער, ד"ה אינעם 6סטן י"ה, וויזן זיך שוין אין מערב־אייראָפּע גרויסע ייִדישע קאַפּיטאַלן. ווערנער זאָמבאַרט האָט אין זיין בוך „דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזמוס" פאַרטיידיקט די טעאָריע, אַז די ייִדן האָבן זייערע קאַפּיטאַלן אַריינגעבראַכט אינעם מיטל־עלטער נאָך פון דער אַלטער וועלט. זאָמבאַרט באַהויפּטעט, אַז בעת דעם אַלטערטום זענען ייִדן געווען גרויסע גרונטבאַזיצערס און עס האָט זיך ביי זיי אָנגעזאַמלט עשירות פון דער אַקומולירטער גרונט־רענטע. זאָמבאַרט וואַרפט לחלוטין אָפּ די מעגלעכקייט, אַז די קאַפּיטאַלן פונעם פריִען מיטל־עלטער זאָלן האָבן זייער מקור אין רווחים פון מיסחר.

קעגן אָט דער טעאָריע פון ווערנער זאָמבאַרט טרעט אַרויס שיפּער און ער שטעלט אַ צווייטע טעאָריע, וואָס ער באַגרינדעט מיט ראיות. זיין טעאָריע איז אַזאַ: די ייִדישע קאַפּיטאַלן, וואָס מע באַגעגנט אין אייראָפּע אינעם פריִעסטן מיטל־עלטער, שטאַמען נישט פונעם אַלטערטום, נאָר פונעם מיטל־עלטער גופא. אין דער איבערבראָך־צייט צווישן אַלטערטום און מיטל־עלטער זענען פאָרגעקומען די פעלקער־וואַנדערונגען, וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט מוראדיקע קאַטאַקליזמען, בעת וועלכע עס האָבן געמוזט חרוב ווערן די ייִדישע פאַרמעגנס. דערפאַר אָבער ווען עס האָבן זיך אויף די חורבות פון דער רוימישער אימפּעריע עטאַבלירט די נייע גערמאַנישע מלוכות, האָבן ייִדן

דאָרט באַקומען רעכט פון „רוימישע בירגערס", און ווי אַזעלכע האָבן זיי באַקומען חלקים אין די צעטיילטע פעלדער און וועלדער. ביים סוף פון 6סטן און ביים אָנהייב פון 7טן י"ה האָט מען ביי ייִדן אָפּגענומען זייערע בירגער־רעכט און מען האָט זיי פאַרבאָטן צו פאַרנעמען זיך מיט ערדאַרבעט. דעמאָלט האָבן ייִדן פאַרקויפט זייערע ערד־שטחים און טאַקע פון דעם האָבן זיך — לויט שיפּערס טעאָריע — גענומען די ערשטע ייִדישע קאַפּיטאַלן.

אַ וויכטערדיקער מקור פון די ייִדישע קאַפּיטאַלן איז דער גרויסער מיסחר, וואָס די מערבֿ־איראָפּעיִשע ייִדן האָבן אָנגעהויבן צו פירן שוין אין 7טן י"ה. די ראַדאַניטן (לויט שיפּערס השערה: ייִדן פון דער פּראָנצייזישער שטאָט אַרל ביים טייך ראָדאַן) פלעגן מאַכן ווייטע נסיעות אויף מיזרח. זיי האָבן אָנגעשלאָגן אַזש אינעם לאַנד פון די כּוזרים און אין די לענדער פונעם ווייטן אָריענט. זיי האָבן געהאַנדלט מיט שקלאַפן און מיט טייערע אָריענטאַלישע סחורות. פון די דאָזיקע מיסחרים האָבן ייִדן אָנגעקליבן גרויסע קאַפּיטאַלן.

כאָטש שיפּער האָט זיך באַמיט צו באַגרינדן זיין שטעלונג מיט דאָקומענטן, איז די פריִער־ציטירטע טעאָריע (בפרט וועגן די פאַרקויפטע ערד־שטחים) קיין מאָל נישט אַרויסגעקומען פון די ראַמען פון אַ טעאָריע. זי איז אַ סך מאָל אָפּגעפרעגט געוואָרן דורך אַנדערע היסטאָריקערס. אָפילו שיפּער אַליין האָט מיט דער צייט פאַרלוירן זיין זיכערקייט אין איר. והאָ ראָיה, אין זיין גרויסן ווערק „ייִדישע געשיכטע" (ווירטשאַפט־געשיכטע), וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן מיט 24 יאָר שפּעטער און אין וועלכן ער איז זיך אין אַ היפּשער מאָס סומך געווען אויף דעם „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם ביי די ייִדן אין מערבֿ־איראָפּע", ווערט מער נישט דערמאָנט די טעאָריע וועגן קאַפּיטאַלן, וואָס האָבן געזאָלט קומען פון פאַרקויפטע ערד־שטחים.

פון דעסטוועגן קאָן נישט אָפּגעפרעגט ווערן דער גרויסער ווערט פונעם באַהאַנדלטן ווערק. בשעתו איז עס געווען די ערשטע סינטעטישע אַרבעט אויפן געביט פון ייִדישער ווירטשאַפטס־געשיכטע. אמת, אַנדערע היסטאָריקערס האָבן נאָך פריִער באַהאַנדלט ייִדישע ווירטשאַפטס־פּראָבלעמען פונעם מיטל־עלטער. אַזוי האָט למשל וו. ראָשער אין זיין אַרבעט „די ייִדן און די האַנדלס־פּאָליטיק פונעם מיטל־עלטער" געשריבן וועגן דער פאַרשטויסונג פון ייִדן פונעם האַנדל. ער האָט אָבער נישט געבראַכט קיין באַווייזן אויף דעם, אַז עס איז אינעם מיטל־עלטער בכלל געווען אַ ייִדישער מיסחר. אויך

מאַקסימיליאַן גומפּלאָוויטש האָט זיך באַשעפטיקט מיט ווירטשאַפט־פּראָבלע־מען. ער האָט זיך אָבער באַגרענעצט צום ציטירן געוויסע פאַקטן, נישט שאַפנדיק פון זיי דאָס סינטעטישע בילד פון אַן עפּאָכע. מיט זיין „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם ביי די ייִדן אין מערב־אייראָפּע" האָט שיפּער שוין דעמאָלט אין אַ גאַנץ באַדייטנדיקער מאָס אויסגעפילט די בלויזן, וואָס זענען געווען אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע.

צום אַרויסגעבן די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך שיפּער געגרייט אַ גאַנץ לאַנגע צייט. דאָס זעט מען פון זיינע פריִערדיקע סקיצן, וואָס ער האָט אין 1905 און אין אָנהייב 1906 פאַרעפנטלעכט אין דער לעמבערגער „מוריה". עס דאַרפן דאָ אויסגערעכנט ווערן: „ייִדן אין פוילן אין דער צייט פון די פּיאַסטן", „ייִדן אין דער צייט פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן", און „דער בראשית פונעם ייִדישן וווכער אין מיטל־עלטער". די דאָזיקע דריי סקיצן דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי פּרעלימינאַרע אַרבעטן צום „אָנהייב פון קאַפּי־טאַליזם ביי די ייִדן אין מערב־אייראָפּע".

ב

## ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר

שיפּער האָט געהאַט זיין אייגנאַרטיק היסטאָריאָזאָפיִשן קוק אויף דער געשיכטע־פאָרשונג. ער האָט געהאַלטן, אַז דער היסטאָריקער טאָר נישט ווערן דער שקלאַף פון די דאָקומענטן. נאָר ער מוז זיין דער באַלעבאָס איבער זיי. ער האָט פאַרגעוואָרפן די עלטערע היסטאָריקערס, אַז זיי ווערן נתפּעל פון די געפונענע דאָקומענטן און חוץ דעם, וואָס עס שטייט דאָרט געשריבן, גייט זיי גאָרנישט מער אָן. אַזוי אַרום באַגרענעצן זיך די היסטאָריקערס צו דער אויספאָרשונג פון דאַטעס און פון אַבסטראַקטע פאַקטן, וואָס האָבן נישט קיין ממשותדיקע באַדייטונג. לויט שיפּערן דאַרף דער היסטאָריקער אַרויס־נעמען פון די דאָקומענטן בלויז די ידיעות, וואָס אינטערעסירן אים, אָדער וואָס זענען אים אין אַ געוויסן מאָמענט נייטיק צו דער באַגרינדונג פון זיינע אויספירן. אַזעלכע דאָקומענטאַרישע ידיעות זענען אָבער נישט קיין צוועק פאַר זיך, נאָר אַ מיטל צו דער אָנצייכענונג פון אַ געוויסער היסטאָרישער תקופה. שיפּער מיינט, אַז אין דער געשיכטע דאַרף מען זיך נוהג זיין פּונקט

אַזוי ווי אין דער כעמישער וויסנשאַפט: דורך אַן אַנאַליז קומען צום סינטעז. דורך אַ מעטאָדישן אַנאַליז פון די ידיעות, וואָס די דאָקומענטן אַנטהאַלטן, דאַרף געשאַפן ווערן אַ סינטעטיש בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט. שיפּערס קוק אויף דעם פּראָבלעם פון געשיכטע־פאָרשונג איז אַן אָריגינעלער און דער מעטאָד, מיט וועלכן ער טרעט־צו צו זיין אַרבעט, צייכנט זיך אויס מיט אַ גרויסער מאָס דרייסטקייט. אַזאַ מעטאָד קאָן ביי געוויסע גינסטיקע באַדינ־גונגען דערפירן צו גוטע רעזולטאַטן. ער קאָן אָבער אַ מאָל ווערן געפערלעך און פאַרפירן אויף אומוועגן.

און אָט קומען מיר צו צו דער תּקופה אין שיפּערס לעבן, ווען עס ווייזן זיך שוין קלאָר אַרויס זיינע ספּעציפישע פאַראינטערעסירונגען מיט געוויסע געביטן פון דער געשיכטע. נאָכן באַקומען דעם דאָקטאָראַט האָט ער געאַרבעט אין די פּוילישע אַרכיוון און ביבליאָטעקן אין קראָקע און לעמבערג. ווען ער האָט געדאַרפט האָט ער זיך נישט געפוילט און זיך אַריבערגעכאַפּט אין אַ קלענערער שטאָט אָדער שטעטל, כּדי דאָרט דורכצושטודירן דעם פּינקס פון דער קהילה, דורכצובלעטערן אַלטע פּאַפּירן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אָדער אָנצוקוקן אַן אַלטע מצבה אויפן בית הקברות.

אין יענער צייט זענען שיפּערס פאַראינטערעסירונגען געווען קאָנצענט־רירט אויף דער תּקופה פונעם מיטל־עלטער און אויף די פּראָבלעמען פונעם ייִדישן עקאָנאָמישן לעבן. ער האָט וועגן דעם דאָזיקן געביט זיך אויסגעדריקט, אַז עס איז אַ „טעררא אינקאָגניטאַ“, אַ פולשטענדיק אומבאַקאַנט פעלד, אויף וועלכן ער האָט זיך אונטערגענומען צו וואַרפן אַ סנאָפּ ליכט.

עס איז נאָך געווען אַ צווייטע — און אפשר אַפילו אַ וויכטיקערע סיבה — וואָס האָט שיפּערן געשטויסן צו דערווירטשאַפט־געשיכטע. די דאָזיקע צווייטע סיבה האָט איר מקור אין שיפּערס אינעווייניקסטע באַגערן. ער האָט זיך געפילט ווי דער שליח־ציבור פון דער פּשוטער פאָלקסמאַסע, מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן מיט אַלע פעדעם. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז שרייבנדיק די ווירטשאַפט־געשיכטע, וועט ער שרייבן די געשיכטע פון דער דאָזיקער פאָלקסמאַסע. אין דער הקדמה צו דער ערשטער פּוילישער אויסגאַבע פון „די ווירטשאַפטלעכע געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער“ האָט ער געזאָגט, אַז אַ דאַנק די קאַפּריזן פון דער ייִדישער היסטאָריאָ־גראַפיע פאַרמאָגן מיר אַן אימפּאָזאַנט בילד פון די גייסטיקע אָנפירערס פונעם ייִדנטום אין גלות. עס איז אָבער נישט פאַראַן די געשיכטע פון יענע הונ־

דערטער טויזנטער, וואָס האָבן אויסגעשפּונען אַ זכר פאַרן עתיד נישט מיט זייער גייסטיקער עשירות, נאָר מיט זייער מי און אַרבעט. אַ דאַנק אונדזער היסטאָריאָגראַפיע — האָט ער ווייטער געזאָגט — קענען מיר דעם שבת־יום־טובדיקן ייִד, אָבער דער פּשוטער ייִד פון אַ גאַנץ יאָר, דער ייִד מיט זיינע קליינע עסקים און דאַגות פּרנסה, איז פאַר אונדז אַ פולשטענדיקער סוד. אָט דעם ייִד פון אַ גאַנץ יאָר, אַזוי ווי ער דערשיינט אין זיין היסטאָרישער אַנטוויקלונג, האָט שיפּער אונטערגענומען זיך צו שילדערן.

אין יאָר 1910 האָט שיפּער פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרבעטן וועגן ווירטשאַפט־פּראָבלעמען פון ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער. פון די דאָזיקע אַרבעטן דאַרפן אויסגערעכנט ווערן די וויכטיקסטע: „אַגראַר־קאָלאָניזאַציאָן דער יודען אין פּאָלען" (דייטש), „דער אָנהייב פון דער ייִדישער עקאָנאָמיק אין פּוילן" (פּויליש), „ייִדישער קרעדיט אין פּוילן אינעם 14 י"ה" און „די עלטסטע סטאַדיעס פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין פּוילן" (די צווייטע זענען דערשינען אויף רוסיש אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ"). די אויסגערעכנטע שטודיעס קאָנען באַטראַכט ווערן ווי פּרעלימינאַרע אַרבעטן צו זיין צווייטן וויכטיקן ווערק, וואָס איז אין יאָר 1911 דערשינען אויף פּויליש אונטערן נאָמען „שטודיעס וועגן דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע פון ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער". דאָס דאָזיקע ווערק איז פּרעמירט און אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם לעמבערגער אוניווערסיטעט, וועלכער איז דעמאָלט דורכן באַוווּסטן פּוילישן פאַרלעגער און פילאַנטראָפּ, וואַוועלבערג, באַפולמעכטיקט געוואָרן צו אַנטשיידן אַ קאָנקורס אויף פאָרשונג־ווערק פון דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן. דאָס דאָזיקע בוך איז שפּעטער אויף ייִדיש איבערגעזעצט געוואָרן פון ד"ר עמנואל רינגעלבלום און דניאל לייבל און איז דערשינען אין יאָר 1926 אין וואַרשע אונטערן נאָמען „די ווירטשאַפטלעכע געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער".

מיט דעם בוך האָט שיפּער געגעבן אַ נייע ווענדונג דער געשיכטע־פאָרשונג פון די ייִדן אין פּוילן. כּדי צו פאַרשטיין אין וואָס די דאָזיקע נייע ווענדונג איז באַשטאַנען, וועלן מיר זיך מוזן אָפּשטעלן אויף אַ ווײַלע אויף זיינער אַן אָפּהאַנדלונג א"נ: „קריטישער איבערבליק פון דער ליטעראַטור וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין מיטל־עלטערלעכן פּוילן", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ציוניסטישער וואָכנצייטונג „ווסכוד" (פּויליש) אין לעמבערג, אין יאָר 1909.

שיפּער זאָגט אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג, אַז וואָס שייך דעם געביט פון דערווירטשאַפט־געשיכטע איז — חוץ דער אַרבעט פון פּראָפ׳ סטאַניסלאַוו קוטשעבאַ וועגן דעם רעכטלעכן מצב פון די ייִדן אין מיטל־עלטער — אויף דעם געביט קיין שום ערנסטע אַרבעט נישט פאַראַן. די ווערק פון שטערנבערג, קרויסהאַר, מאַטשעיעווסקי, פּערלעס, ל. גומפּלאָוויטש און ה. נוסבוים — ווערק, וואָס זענען ביז דעמאָלט געווען די הויפּט־קוואַלן פון אַלע ידיעות וועגן ייִדן אין מיטל־עלטער, רייסט ער אַרונטער, ווייל זיי זענען בלויז איבעראַרבעטונגען פון דעם פאַרעלטערטן ווערק פון טשאַצקי „אָפּהאַנדלונג איבער די ייִדן״. אַזוי אַרום — פּירט שיפּער אויס — איז דאָס געביט פון דער ווירטשאַפט־געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן כמעט אַ פולשטענדיק נישט באַשריבן בלעטל.

אין זיינע שטודיעס האָט ער דעריבער געמוזט אָנהייבן פון סאַמע בראשית. ער האָט זיך כמעט אויסשליסלעך געשטיצט אויף די אַרכיוו־מאַטעריאַלן וואָס ער האָט באַאַרבעט מיט זיין מעטאָד פון גרינטלעכער אַנאַליזע און סינטעזע און ער האָט אַרויסבאַקומען אַ שלימותדיק בילד פונעם ייִדישן לעבן אין מיטל־עלטערלעכן פּוילן.

שיפּער האָט אַריינגעבראַכט אַ נייע ווענדונג אין דער פראַגע פון דער אָפּשטאַמונג פון די פּוילישע ייִדן. מיט דער הילף פון זיין אַנאַליטישן מעטאָד האָט ער זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז די עלטסטע ייִדישע איינוואַנדערונג קיין פּוילן איז געקומען פון מיזרח, דהיינו פונעם כוזרים־לאַנד. דער עלעמענט, וואָס איז פון דאָרט געקומען, איז געווען אַן אַגראַרישער און אויך אין פּוילן האָט ער זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט. אַן ערך אין דער זעלבער צייט באַווייזן זיך אין פּוילן אויך מערבדיקע ייִדן. דאָס זענען די אַ״ג ראַדאַניטן, וועגן וועלכע עס איז שוין געווען אַ רייד. אָבער פאַר די דאָזיקע וואַנדערנדיקע סוחרים איז פּוילן נישט געווען דאָס היימלאַנד, נאָר איינס פון די טראַנזיט־לענדער אויף זייערע ווייטע נסיעות. ערשט ביים סוף פונעם 11טן יאָרהונדערט האָבן זיך באַוויזן אין פּוילן ייִדישע אימיגראַנטן פון מערב: פון בעמען, דייטשלאַנד און אַפילו פון די ווייטע מערבדיקע לענדער.

דער אמת איז, אַז שיפּער איז נישט געווען דער ערשטער וואָס האָט אַנטדעקט די איינוואַנדערונג פון די כוזרישע ייִדן קיין פּוילן. נאָך פאַר אים האָט דער יונג־פאַרשטאָרבענער פּויליש־ייִדישער היסטאָריקער, מאַקסימיליאַן גומפּלאָוויטש, אין זיין בוך „די התחלה פון דער ייִדישער אמונה אין פּוילן״

(1903) אַוועקגעשטעלט די טעאָריע, אַז פּוילישע ייִדן זענען אייניקלעך פֿון די כּוזרישע גרים. גומפּלאָוויטש האָט זיין טעאָריע נישט גענוג באַגרינדעט און דעריבער האָבן זי די היסטאָריקערס נישט גענומען ערנסט. אָבער שיפּערס טעזע וועגן די כּוזרים איז פֿון אַ גאַנץ אַנדערן מין, ווייל ער זאָגט נישט, אַז די פּוילישע ייִדן שטאַמען דירעקט אָפּ פֿון די כּוזרים, נאָר ער באַמיט זיך צו דערווייזן מיט ראיות, אַז בעת פּוילנס פּאַרצייטיקער תּקופֿה האָבן זיך שוין דאָרט באַזעצט כּוזרישע ייִדן. פֿון דעם איז קלאָר, אַז אין דער באַשאַפֿונג פֿונעם פּוילישן ייִדנטום האָבן די כּוזרישע ייִדן אַ געוויסן חלק.

כּדי צו באַגרינדן די דאָזיקע טעאָריע ברענגט שיפּער באַווייזן פֿון צוויי־ערליי מקורים. ערשטנס: פֿון נעמען פֿון דערפֿער, אַזעלכע ווי „קאָזאַרי", „קוזרי", „כּאַזאַרי" אד"גל. דערפֿער מיט אַזעלכע נעמען זענען אין אַמאָליקע צייטן געווען אין אַ זייער גרויסער צאָל, אַ סך פֿון זיי עקסיסטירן נאָך ביים היינטיקן טאָג און זיי צעשפּרייטן זיך אין אַ ברייטן פּאַס, אָנהייבנדיק פֿונעם קאַווקאַז, איבער אוקראַינע, פּוילן, דרום־קאַרפּאַטישע לענדער ביז עסטרייך. דער דאָזיקער פּאַס צייכנט אָן דעם פּאַרנעם פֿון דער אַמאָליקער כּוזרישער אימיגראַציע. צווייטנס: פֿון אויפֿשריפֿטן אויף אַלטע מצבֿות, וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן אין פֿאַרשיידענע לענדער און וואָס זאָגן עדות אויף די אַמאָליקע השפּעות פֿון די כּוזרים און זייער אימיגראַציע אין די לענדער פֿון מיזרח און מיטל־אייראָפּע.

די כּוזרישע טעאָריע האָט בשעתו אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקע קעגנערשאַפֿט מצד יענע היסטאָריקערס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די פּוילישע ייִדן שטאַמען אויסשליסלעך פֿון מערבֿ־אייראָפּעיִשע ייִדן. די דאָזיקע היסטאָריקערס (מיט ד"ר מאיר באַלאַבאַן בראָש) האָבן אָפּגעפֿרעגט שיפּערס אַלע באַווייזן, וואָס דאַרפֿן באַגרינדן זיין טעאָריע וועגן די כּוזרישע ייִדן. אויך אין די אָרטאָ־דאָקסישע קרייזן האָט שיפּערס טעאָריע אַרויסגערופֿן גרויס אויפֿרעגונג. די אָרטאָדאָקסן האָבן געטענהט, אַז עס איז פּשוט אַ חילול השם צו זאָגן, אַז ייִדן אין פּוילן שטאַמען פֿון גרים. עס דאַרף אָבער אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די טענות פֿון די אָרטאָדאָקסן זענען אין דעם פֿאַל נישט געווען קיין באַגרינדעטע. שיפּערס טעאָריע האָט אַ שייכות נישט צו די כּוזרישע גרים, נאָר צו ייִדן, וועלכע זענען אין פֿריִען מיטל־עלטער פֿון פֿאַרשיידענע לענדער געקומען אין כּוזרים־לאַנד און אַנטרעפֿנדיק אַ גינסטיקן פּאָליטישן רעזשים, האָבן זיי זיך דאָרט באַזעצט. די אייניקלעך פֿון די דאָזיקע איינגעוואַנדערטע

יידן האָבן, לויט שיפּערס טעאָריע, געזאָלט אויסוואַנדערן פֿונעם כּוזרים־לאַנד נאָך דעם, ווי די מלוכה איז צעשטערט געוואָרן. אַזוי אַרום האַנדלט זיך נישט וועגן גרים, נאָר וועגן אמתדיקע כּוזרישע יידן. שיפּער האָט אין זיין שפּעטערדיק ווערק „די קולטור־געשיכטע פֿון די יידן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער" (1926) ווייטער אַנטוויקלט די דאָזיקע טעמע און האָט פֿאַר־טיידיקט זיין טעאָריע. אַפֿילו אין דער „יידישער געשיכטע" (ווירטשאַפֿט־געשיכטע), וואָס איז זיין הויפּטווערק אויפֿן היסטאָריאָגראַפֿישן געביט, האַלט ער אונטער זיין פֿריערדיקן שטאַנדפּונקט און ער זאָגט וועגן דעם אָנהייב פֿון די ישובים אין אונגאַרן, פּוילן און רייסען אָט אַזוי: „די מיזרחדיקע איינוואַנדערונג־כוואַליע ברענגט אַריין אין לאַנד דער עיקרשט כּוזריש־יידישע עלעמענטן און איז עלטער ווי די איינוואַנדערונג פֿון מערב וואָס באַשטייט פֿון אַשכּנזישע יידן" (באַנד 2, זייט 89). אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט שיפּער געענדערט זיין שטעלונג. ער האָט צוגעגעבן, אַז די באַווייזן מכּוח זיין כּוזרישער טעאָריע זיינען נישט קיין גענוגנדיקע.

אַ צווייטע פֿראַגע וואָס ווערט אין שיפּערס „שטודיעס" שלימותדיק פֿאַרענטפֿערט איז די פֿראַגע פֿון די פּריווילעגיעס וואָס יידן האָבן באַקומען פֿון די פּוילישע הערשערס. ביים ציטירן די טעקסטן פֿון די פּריווילעגיעס שטיצט זיך שיפּער אויף דעם ווערק פֿון פּ. בלאָך „די גענעראַל־פּריווילעגיעס פֿון די פּוילישע יידן" (דייטש), אין וועלכן עס ווערט אויף אַ געוויסנהאַפֿטן אופֿן איבערגעגעבן דער נוסח פֿון די פּריווילעגיעס. די קלאַסישקייט פֿון שיפּערס באַאַרבעטונג פֿון די פּריווילעגיעס באַשטייט אין דער פֿאַרגלייכונג־מעטאָדע וואָס ער ווענדט דאָ אָן. די באַזונדערע פּאַראַגראַפֿן פֿון דער פּוילישער פּריווילעגיע פֿאַרגלייכט ער אויפֿן אָרט מיט די אַנטשפּרעכנדיקע פּאַראַגראַפֿן פֿון דער עסטרייכישער און אונגאַרישער, וואָס האָבן דער פּוילישער געדינט ווי אַ מוסטער. פֿון אָט דער דאָזיקער פֿאַרגלייכונג קומען אַרויס גאָר אינטע־רעסאַנטע רעזולטאַטן. עס זעט זיך קלאָר אַרויס, אַז וואָס שייך דעם רעכטלעכן מצב פֿון די יידן אין פּוילן האָט די ערשטע פּריווילעגיע פֿון באָלעסלאַוו דעם קאָלישער אים נישט פֿאַרבעסערט נאָר דווקא פֿאַרערגערט. פֿאַר דער פּריווילעגיע זענען יידן אין פּוילן געווען אַ פֿולשטענדיק פֿרייער עלעמענט. והאָ־ראיה, זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט צו האָבן שקלאַפֿן. די פּריווילעגיע פֿון באָלעסלאַוו דעם קאָלישער פֿירט אַריין, לויטן מוסטער פֿון מערב, אַ ספּעציעלן טעכנישן טערמין פֿאַר דער באַצייכענונג פֿון דער רעכטלעכער

לאַגע פון ייִדן. די ייִדן זענען „סערווי קאַמערע״, וואָס מיינט קאַמער־קנעכט, אָדער מיט אַנדערע ווערטער: זיי הערן אויף צו זיין פריי און ווערן דאָס אייגנטום פונעם קעניגלעכן אוצר.

אין די „שטודיעס״ האָט שיפּער אָנגעצייכנט אַ בילד פון דער ייִדישער מלאכה און האַנדל אינעם מיטל־עלטערלעכן פּוילן. ער האָט דערוויזן, אַז אַזוי לאַנג ווי די ווירטשאַפט פון פּוילן איז געשטאַנען אויף אַ נידעריקער מדרגה, האָבן ייִדן גענאָסן פון פרייהייט אין זייער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט. נאָך דעם אָבער ווען די שטעט זענען קאָלאָניזירט געוואָרן דורך דייטשן און בפרט ווען זיי האָבן דערגרייכט אַ העכערע עקאָנאָמישע פּאָזיציע, האָט זיך אָנגע־הויבן די אַרויסשטויסונג פון ייִדן פון די באַזונדערע צווייגן פון האַנדל און מלאכה. אַזוי אַרום איז פאַר ייִדן געבליבן פריי בלויז דאָס קרעדיט־געשעפט.

נישט נאָר מיט אַלגעמיינע שילדערונגען פאַרנעמט זיך שיפּער אין זיינע „שטודיעס״. אין הסכּם מיט זיין באַגער צו געפינען דעם ייִד פון אַ גאַנץ יאָר זיצט ער במשך פון יאָרן אין די אַרכיוון און זוכט שפּורן פון מענטשן, וואָס האָבן אַ מאָל געלעבט און געשאַפן. ער געפינט זיי און ער רופט אָן ביי נעמען די ייִדן פון אַ מאָל. ער דערציילט וועגן זייער טאָגטעגלעכן לעבן און וועגן זייערע מעשׂים. ער איז — קאָן מען זאָגן — דער אַנטדעקער פונעם באַנקיר לעווקאָ און זיין משפּחה. כאָטש דעם נאָמען לעווקאָ האָט נאָך פריִער דערמאָנט ע. מיללער אין זיין אַרבעט „די ייִדן אין קראָקע אין דער צווייטער העלפט פונעם 14טן י״ה״, האָט אָבער מיללער חוץ דעם נאָמען נישט געוווּסט מער גאָרנישט צו זאָגן וועגן לעווקאָן. ערשט שיפּער האָט אַ גאַנצן שלל מאַטער־יאַלן וועגן אים אַרויסגעבראַכט אויפן טאָגליכט. און נישט בלויז לעווקאָ, אויך די נעמען פון אַזעלכע ייִדן ווי וואָלטשקאָ, דעטקאָ, יעקב סלאָמקאָוויטש און אַנדערע פּשוטע און נישט געלערנטע ייִדן, וואָס האָבן זייער אַ סך דער־גרייכט אויפן עקאָנאָמישן געביט, האָט שיפּער פּאָפּולאַריזירט צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ אין פּוילן. שיפּערס „שטודיעס״ דאַרפן דעריבער באַטראַכט ווערן נישט בלויז ווי אַ ווערק פון אַ וויסנשאַפטלער, נאָר אויך ווי אַ ווערק פון איינעם, וואָס איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער ייִדישער פאָלקסמאַסע. „שטודיעס״ זיינען דאָס ווערק פון שיפּערן, דעם ייִדישן פאָלקס־מענטש.

ג

# אין דער פועלי־ציוניסטישער באַוועגונג

די צייט ווען שיפּער איז אַריינגעטראָטן אין „פועלי־ציון" קאָן מיט פולער זיכערקייט נישט פעסטגעשטעלט ווערן. די ערשטע שפּורן פון שיפּערס אָפיציעלער צוגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי שטאַמען פונעם יאָר 1910. אין דער פועלי־ציוניסטישער וואָכנצייטונג „דער יודישער אַרבעטער" פונעם 24—26סטן אָקטאָבער 1910 איז פאַראַן שיפּערס אַ באַגריסונג צום „5טן פּאַרטייטאָג פון פועלי־ציון" אין עסטרייך. אָבער שיפּערס אַ יוגנטפריינד, ה׳ העניג, אַ וועטעראַן פון דער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע, גיט איבער אין זיין גבית־עדות (דער שרייבער פון דער דאָזיקער מאָנאָגראַפיע האָט די גבית־עדות באַקומען פון אינזש׳ אַנשל רייס אין ישראל), אַז אַרום חנוכה־צייט 1909 האָט שיפּער דאָס ערשטע מאָל באַזוכט די טאַרנעווער אָרגאַניזאַציע און ער האָט דעמאָלט געמאָלדן זיין גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט איר. זינט דעמאָלט האָט שיפּער אַרויסגעוויזן אַן אומגעהויער־גרויסע אַקטיוויטעט אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. ער האָט געהאַלטן אַ סך רעפעראַטן, געשאַפן אָוונטקורסן, פּאַכגרופּעס און אַ דראַמאַטישע סעקציע. ער האָט אויך געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, וועלכע איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו דער גרעסטער יידישער ביבליאָטעק אין טאַרנע. אַן ערך די זעלבע צייט גיט אָן יעקב קענער אין זיין בוך „קוורשניט". דאַקעגן ד"ר ש. סאָקאָל, אַ פועלי־ציוניסטישער וועטעראַן פון גאַליציע, זאָגט בפירוש (אין זיין אַרטיקל אין „דער יידישער קעמפער" פונעם 11טן יוני 1943), אַז שיפּערס טעטיקייט אין „פועלי־ציון" פאַלט אויס אין דער צייט צווישן 1910 און 1920.

אין יאָר 1909 האָט שיפּער געוווינט אין טאַרנע. ער האָט געאַרבעט אַלס אַפּליקאַנט ביים אַדוואָקאַט ד"ר אַברהם זאַלץ, וועגן וועלכן עס איז שוין געווען אַ רייד. שיפּערס אָנשליסן זיך אין דער פּאַרטיי איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש נישט בלויז פאַר דער לאָקאַלער אָרגאַניזאַציע אין טאַרנע. ער איז גלייך צוגעצויגן געוואָרן צו דער מיטאַרבעט אין דער צענטראַלער פּי־רערשאַפט פון דער גאַליצישער פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט איר זיצאָרט אין לעמבערג. דאָרט זענען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן די צוויי פּאַרטיי־אָרגאַנען: „דער יודישער אַרבעטער", אַ וואָכנבלאַט אין דער יידישער שפּראַך, און „נאַשע האַסלאָ", אַ פּעריאָדישע יוגנט־אויסגאַבע אויף פּויליש. צו דער

דעמאָלטיקער פירערשאַפט פון דער פועלי־ציון־פּאַרטיי אין גאַליציע האָבן געהערט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי שלמה קאַפּלאַנסקי, ד״ר מאַקס ראָזענ־פעלד, בערל לאָקער, א. ל. שוסהיים א״אַ. ווען שיפּער איז צוגעטראָטן צו דער לייטונג, איז אים איבערגעגעבן געוואָרן דער קולטור־רעפעראַט. ער האָט די דאָזיקע אַרבעט אָנגענומען מיט גרויס צופרידנקייט, ווייל דאָס דאָזיקע געביט האָט אים צום מייניסטן אינטערעסירט. בעת די איבעריקע פירערס פון דער פּאַרטיי זענען געווען פאַרקאָכט אין דער פּאָליטישער אַרבעט, האָט זיך שיפּער גענומען אָרגאַניזירן די יוגנט.

שיפּער איז נישט בלויז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, נאָר ער האָט זיך פּערזענלעך אָפּגעגעבן מיט דער דערציִונגס־אַרבעט. ער האָט מיט דער יוגנט פאַרבראַכט און זי געלערנט. ער האָט סיי צו דער סטודענטישער און סיי צו דער אַרבעטער־יוגנט געהאַט אַ נאָענטע ברידערלעכע באַציִונג, געדוצט זיך מיט אַלעמען, ווי אַ פּשוטער חבר, כאָטש ער איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָנערקענטער וויסנשאַפטלער.

אין יאָר 1910 האָט ער איבערגענומען די רעדאַקציע פון „נאַשע האָסלאָ״. אַ ביסל שפּעטער איז ער אַ געוויסע צייט אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון „דער יודישער אַרבעטער״. אין יענער צייט קומט שוין ביי אים בולט צום אויסדרוק זיין האַרציקע באַציִונג צו ייִדיש און צו דער ייִדישער קולטור, הגם מע קאָן מיט זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז זיין אינטערעס צו ייִדיש האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע צייט פריִער. שיפּער אַליין האָט געזאָגט אַז די ליב־שאַפט צו ייִדיש האָט ער איינגעזאַפּט מיט דער מאַמעס מילך. פונעם טאַטנס צד — האָט ער זיך אויסגעדריקט — פון זיינע לומדיש־רבנישע זיידעס האָט ער געירשנט די נייגונג צום לערנען און פאָרשן, פון דער מאַמעס צד — די ליבשאַפט צו ייִדיש.

נאָך אין די סטודענטישע צייטן האָט ער איבערגעזעצט אויף פּויליש איניקע זאַכן פון מענדעלען, שלום־עליכמען און פּרצן, ווי אויך עטלעכע לידער פון אַברהם רייזען. אָבער אין יאָר 1908 האָט ער שוין צום אויסדרוק געבראַכט זיין שטעלונג לגבי דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג פון דער ייִדישער שפּראַך. אָט געפינען מיר אין רייזענס זשורנאַל „קונסט און לעבן״ (וואַרשע 1908) זיינע באַמערקונגען צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער שפּראַך, געשריבן אויפן ראַנד פון אַן אַרטיקל אין די „ליטעראַרישע מאָנאַטס־שריפטן״. אין דעם זעלבן יאָר איז דערשינען נאָך אַ צווייטע אַרבעט „וועגן

דעם יידישן רענעסאַנס״, געדרוקט אין ״ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטן״ (ווילנע 1908).

דער געדאַנק צו פאַרטיפן די פאָרשונג אויפן געביט פון דער יידישער שפּראַך דערוועקט זיך ביי שיפּערן אונטער דער השפּעה פון בער באָראָכאָוו, דעם באַגרינדער און אידעאָלאָג פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג און דעם אויסגעצייכנטן יידישן פילאָלאָג. טאַקע אים ווידמעט שיפּער זיין ערשטע וויכטיקערע אַרבעט וועגן יידיש וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם יובל־נומער פון ״דער יודישער אַרבעטער״ (לעמבערג, 25סטן דעצ׳ 1913) אונטערן קעפּל ״אַ נייע תּקופה אין אונדזער קאַמף פאַר יידיש״. די דאָזיקע אַרבעט אַנטהאַלט אַ ריי באַטראַכטונגען אין שייכות מיטן ערשטן בוך פונעם ״פּנקס״, וואָס ש. ניגער האָט אין יאָר 1913 אַרויסגעגעבן אין ווילנע. אָבער אין זיינע באַטראַכטונגען באַגרענעצט זיך נישט שיפּער צו קריטישע באַמערקונגען, נאָר ער ברענגט אַרויס אין אַ ברייטן פאַרנעם זיין אייגענעם צוגאַנג און זיין באַציִונג צו דער דאָזיקער פראַגע.

בעת מע לייענט די אַרבעט, זעט מען בפירוש, אַז אין דער דיסקוסיע וועגן יידיש און העברעיִש זענען אין משך פון דער צייט, צווישן 1913 און היינט, נישט פאָרגעקומען קיין גרויסע ענדערונגען, ד״ה: די אָביעקטיווע באַדינגונגען האָבן זיך — צום באַדויערן — זייער שטאַרק געענדערט צוליב דעם חורבן פונעם אייראָפּעיִשן יידנטום, אָבער די קעגנערשאַפט צו יידיש מצד געוויסע קרייזן און דער אופן ווי די דאָזיקע קעגנערס אַרגומענטירן זייער שטאַנדפּונקט זענען נאָך כּסדר די זעלבע.

שיפּער שרייבט וועגן דער ״געאָלאָגיע פונעם יידישן גייסט״ און ער ווייזט אָן, אַז יידיש איז אָנגעוואַקסן ווי אַ דיקע שיכט אין דעם געאָלאָגישן געבוי פונעם יידישן גייסט. צענדליקער יידישע דורות האָבן געטראַכט און געשאַפן אויף יידיש, די קלאַסיקערס פונעם יידישן וואָרט, מענדעלע, שלום־עליכם און י. ל. פּרץ, האָבן זי דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַרישער שפּראַך. די שפּראַך־פּאָליטיק פון די העברעיִסטן, וואָס איגנאָרירן יידיש, צילט צום איבערשפּרינגען די דאָזיקע דיקע אָנגעוואַקסענע שיכט און צום צוריקקערן זיך צום גראַניטשטיין. ״אַזאַ שפּרונג — זאָגט שיפּער — איז נישט מעגלעך, און די העברעיִשע שפּראַך־פּאָליטיק באַגייט אַ טעות, מיינענדיק אַז צו די גראַניטשיכטן וואָס ס׳בילדן די צייטן פון אונדזער זעלבשטענדיקער עקסיסטענץ אויף אונדזער מוטערערד אין ארץ־ישׂראל, זענען נישט צוגע־

קומען קיין קאַלך און מאַרמאָר־שיכטן, וואָס ס׳בילדעט די געשיכטע פון גלות״.

דעריבער שטעלט שיפּער אַרויס די פאָדערונג אַז סיי אין ארץ־ישׂראל און סיי אין גלות זאָלן ביידע שפּראַכן האָבן דאָס פולע רעכט צו אַנטוויקלען זיך אויף אַ פעדעראַליסטישן יסוד. „טענהט מער נישט וועגן אויסשליס־לעכקייט — רופט ער צו די העברעיִסטן — און שאַנעווע דאָס רעכט פונעם יחיד אַרויסצוזאָגן זיך אין איינער אָדער אין דער צווייטער שפּראַך פונעם יידישן פאָלק!״

די דיסקוסיע וועגן יידיש און העברעיִש איז נאָר אַ טייל פון דער באַהאַנדלטער אַרבעט „אַ נייע תּקופה אין אונדזער קאַמף פאַר יידיש״. אינעם ווייטערדיקן טייל פון דער אַרבעט באַהאַנדלט שיפּער די פראַגע פון דער אויפגאַבע פון דער וויסנשאַפט בנוגע דער יידישער שפּראַך. ער ווייזט אָן אַז דער אָנהייב פון דער יידיש־פילאָלאָגישער פאָרשונג איז געמאַכט געוואָרן דורך זשיטלאָווסקין, באָראָכאָוון, עליאַשעווין, ניגערן א״אַ. דאָס ערשטע בוך פונעם „פנקס״ איז אַ שיינער אויסדרוק פון דעם דאָזיקן אָנהייב. אָבער די דאָזיקע אַרבעט דאַרף פאַרגעזעצט ווערן, כדי עס זאָל דערגרייכט ווערן דער ציל, וואָס דער „פנקס״ האָט פאַר זיך געשטעלט: „דאָס נאַציאָנאַליזירן און הומאַניזירן די יידישע שפּראַך און באַרייכערן זי אַזוי ווייט, אַז זי זאָל קאָנען אַריינגעמען אינעם רשות פונעם יידישן פאָלק אַלע קולטורווערטן״. פון שיפּערס ענטוזיאַזם, מיט וועלכן ער באַגלייט די דאָזיקע פאָרמולירונג, קאָן מען זיך משער זיין אַז אויך ער אַליין וועט נישט בלייבן אין אַ זייט בעת עס וועט געמאַכט ווערן דער גרויסער אָנשטרענג.

אין דער באַהאַנדלטער אַרבעט געפינען מיר גאַנץ באַדייטנדיקע רמזים אויף שיפּערס צוקונפטיקע אַרבעטן. דעם ערשטן רמז געפינען מיר אין זיין פּאָלעמיק מיט דובנאָוון און ב. רובינשטיינען וועגן די ערשטע שפּורן פון דער יידישער שפּראַך אין פּוילן און ליטע. דובנאָוו האַלט, אַז זינט דעם 16טן י״ה איז די אומגאַנג־שפּראַך פון די יידן אין פּוילן און ליטע געווען יידיש. דאַקעגן ווייזט אויף ב. רובינשטיין אַז אין ליטע האָבן די יידן נאָך אינעם 17טן י״ה גערעדט רוטעניש. שיפּערס מיינונג איז, אַז ביידע זענען נישט גערעכט, ווייל די אומגאַנגשפּראַך ביי יידן אין פּוילן און ליטע איז נאָך אינעם 15טן י״ה געווען יידיש. אין יענער צייט אָפּערירט שיפּער נאָך נישט מיט דער גלענצנדיקער מאַטעריאַלן־זאַמלונג, מיט וועלכער ער וועט

מיט יאָרן שפּעטער דערשײַנען פאַר דער עפנטלעכקייט און דערוויזן די ריכטיקייט פון זײַן מיינונג.

אַ צווייטער רמז איז דאָרט פאַראַן וועגן זײַן צוקונפטיקער אַרבעט אויפן געביט פון דער טעאַטער־געשיכטע. פאַפּערנאָ האָט אָפּגעדרוקט אינעם „פּנקס" אַן אַרבעט א"נ „די ערשטע ייִדישע דראַמע און דער ערשטער ייִדישער ספּעקטאַקל". פאַפּערנאָ דערציילט דאָרט וועגן אַן אויפפירונג פון עטינגערס „סערקעלע" אינעם יאָר 1862 מיט דער באַטייליקונג פון אַ. גאָלדפאַדן. פאַפּערנאָ באַמערקט דערבײַ, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער ייִדישער ספּעקטאַקל.

שיפּער פרעגט אָפּ פאַפּערנאָס מיינונג, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער ייִדישער ספּעקטאַקל. ער דערציילט וועגן פאַראַנענע מאַטעריאַלן, וואָס באַווײַזן, אַז אין יאָר 1837 זענען אין וואַרשע פאָרגעקומען סצענישע פאָרשטעלונגען אויף ייִדיש. אָבער אויך שיפּערס קאָרעגירטע מיינונג וועט, אין ליכט פון זײַן גרויסער אַרבעט, וואָס וועט דערשײַנען מיט 13 יאָר שפּעטער, אויסקומען נאַיִוו און נישט פולשטענדיק, ווײַל אין דער דאָזיקער צוקונפטיקער אַרבעט וועט ער שילדערן אַ ייִדיש טעאַטער וואָס האָט געשפּילט נאָך אינעם 16טן י"ה. נאָר פון דעסטוועגן דאַרף מען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די פּאָלעמיק מיט פאַפּערנאָן. עס איז דאָך גאַנץ מעגלעך אַז דאָס האָט שיפּערן געגעבן דעם ערשטן אימפּולס צו פאָרשן די געשיכטע פונעם ייִדישן טעאַטער.

„אַ נײַע תקופה אין אונדזער קאַמף פאַר ייִדיש" קאָן אויך באַטראַכט ווערן ווי דער סטאַנדאַרד־אַרטיקל, וואָס ברענגט צום אויסדרוק די אָפיציעלע שטעלונג פון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי צו דעם פּראָבלעם פון ייִדיש. דער דאָזיקער פאַקט פאַרמינערט נישט אין קיין שום פאַל דעם אינדיווידועלן כאַראַקטער פון דער דאָזיקער אַרבעט. דערפאַר זאָגט ער אָבער עדות אויף דעם אַז אין פראַגן פון קולטור איז שיפּער דער טאָנגעבער אין דער גאַליציִשער פּאַרטיי. מיט אַנדערע ווערטער קאָן דאָס זעלבע געזאָגט ווערן אַזוי: די שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו דער פראַגע פון ייִדיש דעקט זיך פולשטענדיק מיט דער שטעלונג פון ד"ר יצחק שיפּער.

אין שייכות דערמיט רוקט זיך אַרויס אַן אינטערעסאַנטע פראַגע: איז שיפּער צוגעטראָטן צו דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי צוליב דעם, ווײַל די פּאַרטיי האָט אויסגעדריקט זײַן אינדיווידועלע שטעלונג צו ייִדיש, אָדער האָט שיפּער אָנגענומען די דאָזיקע שטעלונג אַלס פּועל־יוצא פון זײַן צוטרעטן צו דער

פאַרטיי? כּדי צו באַקומען דעם ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע דאַרף מען זיך דערמאָנען אַז שיפּערס ליבשאַפט צו ייִדיש האָט זיך אַנטפּלעקט נאָך פריִער, אַ לאַנגע צייט איידער ער איז געקומען צו די „פּועלי־ציון". אויך שפּעטער, ווען שיפּער האָט פאַרלאָזט די רייען פון „פּועלי־ציון", האָט זיך זיין באַציִונג אויף קיין האָר נישט געביטן. עס איז אויך זיכער אַז אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז שיפּער געווען אַ סך מער פאַראינטערעסירט מיט קולטור־ענינים ווי מיט פּאָליטישע פּראָבלעמען. דעריבער קאָן מען באַהויפּטן אַז זיין באַציִונג צו ייִדיש איז נישט קיין פּועל־יוצא פונעם אָנשליסן זיך אין די „פּועלי־ציון", נאָר פאַרקערט, צו דער פּאַרטיי איז ער געקומען מיט זיינע פעסט־אויסגעפורעמטע איבערצייגונגען.

אַרום דעם פּראָבלעם פון ייִדיש איז אין יענער צייט אין גאַליציע אָנגעגאַנגען אַ פאַרביטערטער קאַמף. נישט בלויז די אידעיִשע אַסימילאַטאָרן, די פּאָליאַקן פון משהס גלויבן, וואָס האָבן געהאַלטן די מאַכט אין די קהילות, האָבן באַקעמפט די ייִדישע שפּראַך, נאָר אויך די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן געוואָרפן די לאָזונג, אַז די אויסשליסלעכע שפּראַך פונעם ייִדישן רענעסאַנס איז העברעיִש. אַזוי אַרום איז די „פּועלי־ציון" מיט איר אידעאָלאָגיע פון צוויי שפּראַכן געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קאַמף אויף צוויי פראָנטן. די „פּועלי־ציון" האָבן — קאָן מען זאָגן — דעם קאַמף אויסגעהאַלטן. צו הילף איז זיי געקומען דער געזונטער אינסטינקט פון די ייִדישע מאַסן וואָס זענען געבליבן געטריי דער ייִדישער שפּראַך. די סטודענטישע יוגנט, וואָס איז פאַרפּוילישט געוואָרן אין די שולן, האָט גענומען זיך אומקערן צום ייִדישן לשון. מען האָט אָנגעהויבן לייענען ייִדישע ביכער, עס איז געוואַקסן דער אינטערעס פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור.

סוף כּל סוף האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן געמוזט נאָכגעבן. זיי האָבן דערקלערט אַז ייִדיש איז די צייטווייליקע שפּראַך פונעם ייִדישן פאָלק אין גלות. בעת דער פאָלקסציילונג אין יאָר 1910 האָבן אַלע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען צוזאַמען געוואָרפן די לאָזונג, אַז מע זאָל דעקלאַרירן ייִדיש ווי די מוטער־שפּראַך. נישט קוקנדיק אויף די שטראָפן וואָס די רעגירונג האָט געדראָט אַרויפצולייגן אויף יעדן וואָס וועט דעקלאַרירן ייִדיש אַלס מוטערשפּראַך (די רעגירונג האָט נישט אָנערקענט ייִדיש ווי אַ שפּראַך), האָבן דעמאָלט מער ווי 50 פּראָצענט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פאַרשריבן ייִדיש אין זייערע פּרעגבויגנס. דאָס איז געווען אַ גוואַלדיקער נצחון פון דער

יידישער שפּראַך. אין דעם דאָזיקן נצחון האָט די „פּועלי־ציון" געהאַט אַ גרויסן חלק, ווייל זי האָט דעם קאַמף סטימולירט און אָרגאַניזירט. די גאַנצע צייט האָט די פּועלי־ציוניסטישע פּרעסע אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר פּראָבלעמען פון יידישער קולטור און ליטעראַטור.

אין דער צייט, ווען שיפּער איז געשטאַנען בראָש פון דער קאַמפּאַניע פאַר יידיש, האָט ער אויסגעברייטערט זיין אינטערעסן־ספערע אין דער געשיכטע־פאָרשונג. ביז דעמאָלט האָט ער זיך פאַרנומען מיט פאָרשונגען וועגן דער ווירטשאַפט־געשיכטע. איצט האָט ער אָנגעהויבן צו פאָרשן פּראָבלעמען פון דער יידישער קולטור־געשיכטע. אין יאָר 1912 דערשיינט זיין אַרבעט וועגן משומדים אין פּוילן ביזן יאָר 1569 (פּויליש). אינעם יאָר 1913 דערשיינט אַ גאַנצע ריי פון זיינע אַרבעטן אויף קולטור־געשיכטלעכע טעמעס. פון די דאָזיקע אַרבעטן איז כּדאַי צו דערמאָנען: „די פּויליש־ליטווישע יידן און פּאַלעסטינע אין די יאָרן 1531—1821" (לעמבערגער טאָגבלאַט — יידיש), „דער הומאַניזם און די יידנפראַגע אינעם 5טן י"ה" („מוריה" — פּויליש), און די אָפּהאַנדלונג וועגן דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטישע רכילות פון פּאָליאַקן („מוריה" — פּויליש).

אָבער דאָס הויפּטגעוויכט פון שיפּערס אַרבעטן פון יענע יאָרן ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה ליגט נאָך כּסדר אויף דער ווירטשאַפט־געשיכטלעכער טעמע. די רוסיש־יידישע ענציקלאָפּעדיע אין מאָסקווע האָט אַרויסגעגעבן אַ פילבענדיק ווערק „די געשיכטע פונעם יידישן פאָלק" (רוסיש). דער עלפטער באַנד פונעם דאָזיקן ווערק איז געווען באַשטימט פאַר דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן ביזן סוף פונעם 18טן י"ה. אין דעם דאָזיקן באַנד, וואָס איז דערשינען ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אינעם יאָר 1914, האָט זיך שיפּער באַטייליקט מיט עטלעכע אַרטיקלען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַ זעלטענער סיסטעמאַטישקייט און הויכן וויסנשאַפטלעכן ניוואָ. עס איז דאָרט פאַראַן אַן אַרבעט וועגן יידישע שטייערן, צוויי אַרבעטן, געשריבענע צוזאַמען מיט ד"ר מ. ווישניצער, וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידן אין פּוילן, און אַ פערטע אַרבעט (דער מחבר איז שיפּער אַליין) וועגן דער צעשפּרייטונג פון יידן אין פּוילן און ליטע פונעם 15טן ביזן 18טן י"ה.

באַזונדערס צייכנט זיך אויס די לעצטע אַרבעט מיט גרויס חריפות. אויף דעם יסוד פון די יידישע היזער־שטייערן און פונעם קאָפּשטייער באַרעכנט שיפּער די צאָל פון יידן אין די באַזונדערע פּראָווינצן פון פּוילן און

ליטע און ער ווייזט די ענדערונגען פון דער דאָזיקער צאָל אין פאַרשיידענע צייטן, די אויפשטייגן פון דער צאָל יידן און אירע ירידות. אַזאַ מין אַרבעט איז געווען די ערשטע אין אונדזער היסטאָריאָגראַפיע און זי פאַרמאָגט נאָך ביים היינטיקן טאָג אַן אומגעהייערן ווערט פאַר דער יידישער היסטאָרישער סטאַטיסטיק.

ביים אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז שיפּער געווען 30 יאָר אַלט. אין דעם דאָזיקן עלטער איז ער נישט געווען מיליטער־פליכטיק. די רוסישע אינוואַזיע האָט געהאַלטן אין אָנרוקן זיך אין גאַליציע און שיפּער איז פּונקט ווי די צענדליקער טויזנטער אַנדערע גאַליצישע יידן אַנטלאָפן קיין ווין. דאָרט האָט ער במשך פון צוויי יאָר געטיילט דעם ביטערן גורל פון יידישע פּליטים. ער האָט אָבער געוווּסט ווי אַזוי פּראָדוקטיוו אויסצונוצן די צייט און די געלעגנהייט צו זיין ווידער אין ווין. די ווינער קהילה־ביבליאָטעק האָט געשמט מיט אירע רייכע זאַמלונגען פון יידישער געשיכטלעכער ליטעראַטור. דאָרט האָט זיך שיפּער אָוועקגעזעצט און מיט זיין איינגעבוירע־נער התמדה האָט ער גענומען זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר זיין אַלגעמיינער יידישער ווירטשאַפטס־געשיכטע. במשך פון די צוויי יאָר האָבן זיך ביי אים אָנגעזאַמלט צענדליקער טויזנטער נאָטיצן און דער פּלאַן פון זיין ווירטשאַפטס־געשיכטע איז שוין דעמאָלט געוואָרן אויף אַזוי וויט רייף, אַז ער איז צוגע־טראָטן צו אַן אַרבעט וועגן דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן עלעמענט זינט דעם פריען מיטל־עלטער ביזן סוף פונעם 18טן י"ה.

עס איז שיפּערן אָבער דעמאָלט נישט באַשערט געווען צו פאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט. אינעם דריטן מלחמה־יאָר, 1916, איז ער גערופן געוואָרן צום מיליטער־דינסט און אַזוי איז דער וויסנשאַפטלער שיפּער במשך פון איין טאָג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עסטרייכישן „לאַנדשטורמיסט". מע קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז קיין גרויסער מלחמה־העלד איז שיפּער נישט געווען. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט זיך שיפּער ווייצלען, אַז דער קיסר האָט איינגעזען אַן אַן שיפּערן וועט ער נישט קאָנען פאַרזעצן די מלחמה. דערפאַר האָט אים טאַקע דער קיסר גענומען אין שפּאַן.

אַ גאַנץ יאָר האָט זיך שיפּער אָפּגעמאַטערט ווי אַן איינפאַכער סאָלדאַט. ערשט אין דעם לעצטן מלחמה־יאָר איז אים געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין דעם מיליטערישן געריכטס־דינסט. ער איז באַשטימט געוואָרן ווי אַ מיליטערישער ריכטער.

אין דער מלחמה־צייט האָט שיפּער געהאַט זייער באַגרענעצטע מעג־לעכקייטן צו פאַרעפנטלעכן זיינע אַרבעטן. דאָס רוב ייִדישע צייטונגען און זשורנאַלן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. די לעמבערגער „מוריה" האָט זיך אַפילו יאָ אַריבערגעטראָגן קיין ווין, אָבער עס האָט גענומען אַ לענגערע צייט ביז זי האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אויפן נייעם פּלאַץ. אַזוי אַרום זענען פאַראַן בלויז געציילטע שיפּערס אַרבעטן, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער מלחמה־צייט. אין די „מוריה"־העפטן פון יאָר 1917 געפינען מיר זיינע צוויי אַרבעטן. די ערשטע איז אַ פּאָלעמישער אַרטיקל א"נ „ייִדן און גערמאַנער", אָנגעשריבן אונטערן רושם פון דער שווערער לאַגע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען די ייִדישע פּליטים אין ווין. די צווייטע אַרבעט איז: „די פּויליש־ליטווישע ייִדן און ארץ־ישׂראל", דער פּוילישער טעקסט פונעם אַרטיקל וואָס איז אונטערן זעלבן נאָמען געדרוקט געוואָרן אויף ייִדיש אין דעם לעמבערגער „טאָגבלאַט" אין יאָר 1913.

אין די „מוריה"־העפטן פונעם יאָר 1918 (ווין) זענען פאַראַן זיינע ווייטערדיקע צוויי אַרבעטן: שול, קירך און אַנדערע רעליגיעזע געמיינשאַפטן" און „די אויטאָנאָמיע פון ייִדן אין פּוילן בעת מיטל־עלטער": אַ דריטע אַרבעט איז געדרוקט אינעם „ייִדישן אַלמאַנאַך" (פּויליש), וואָס איז אינעם יאָר 1918 דערשינען אין ווין. אַלע דריי אויסגערעכנטע אַרבעטן זענען באַדייטנדיק אין זייער פאָרנעם און וואָגיק לויט זייער אינהאַלט. זיי זיינען שפּעטער אַריין אין דעם בוך „די קולטור־געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער" (וואַרשע, 1926) ווי די ערשטע דריי עטיודן. דעם אינהאַלט פון די אַרבעטן וועלן מיר באַהאַנדלען, ווען ס'וועט זיין די רייד וועגן דעם דערמאָנטן בוך.

חוץ די שוין אויסגערעכנטע אַרבעטן אויף פּויליש האָט שיפּער אינעם יאָר 1918 פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג אין דעם ייִדיש־דייטשישן זשורנאַל „נויע יודישע מאָנאַטסהעפטע" (בערלין). דער נאָמען פון דער אָפּהאַנדלונג איז: „די גאַליצישע יודענשאַפט 1772—1848 איןווירטשאַפטס־סטאַטיסטישער בעלויכטונג". די אָריגינאַליטעט פון דער דאָזיקער אַרבעט באַשטייט אין דעם מעטאָד, מיט דער הילף פון וועלכן עס ווערט צוזאַמענ־געשטעלט די היסטאָרישע סטאַטיסטיק. די דאָזיקע אַרבעט צייכנט זיך אויס מיט נישט ווייניקער דערפינדערישקייט און חריפות, ווי די פריִער דערמאָנטע אַרבעט וועגן דער צעשפּרייטונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן און ליטע (אין דער מאָסקווער „געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק").

דער סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער פונאַנדערפאַל פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע האָבן אַריינגעבראַכט רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען אין דער לאַגע פונעם גאַליצישן ייִדנטום. די פּאָליאַקן האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אויף דער פּלאַטפאָרמע פון זעלבשטענדיקייט. אין אָקטאָבער 1918 איז אין קראָקע געשאַפן געוואָרן דער „פּוילישער ליקווידאַציע־קאָמיטעט", וואָס האָט איבערגענומען אַלע מיליטערישע אַרסענאַלן און האָט זיך דערקלערט ווי די פּוילישע רעגירונג אין מערב־גאַליציע.

אין יענעם היסטאָרישן מאָמענט איז שיפּער געווען אין קראָקע און ער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פונעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט פון מערב־גאַליציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן כּדי אָפּצוהיטן די אינטערעסן פון די ייִדן בעת דער איבערגאַנג־צייט, ווען עס האָבן זיך געביטן די רעגירונגען פונעם לאַנד. אינעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט זענען געווען פאַרטראַטן אַלע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען. דאָס פּרעזידיום איז באַשטאַנען פון די וויכטיקסטע פּערזאָנען: ד"ר יהושע טאָן (ציוניסט), ד"ר שולדנפריי (זש.פּ.ס. — שפּעטער „בונד") און ד"ר יצחק שיפּער („פּועלי־ציון").

די ערשטע אויפגאַבע פונעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט איז געווען צו באַשיצן דאָס ייִדישע לעבן. פאַרשיכּורט פון פרייד צוליב דער געוווּנענער זעלבשטענדיקייט, האָבן די פּוילישע מאַסן זיך געגרייט אָפּצובאָדן זייער שׂימחה אין ייִדיש בלוט. פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פלעגן אָנקומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען אויף ייִדן. דאָס פּרעזידיום פונעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די ייִדישע סאָלדאַטן און אָפיצירן פון דער געוועזענער עסטרייכישער אַרמיי, אַז זיי זאָלן זיך מעלדן צו דער ניי־געשאַפענער ייִדישער זעלבסטפאַרטיידיקונג. דער דאָזיקער אויפרוף האָט געהאַט די הסכּמה פונעם „פּוילישן ליקווידאַציע־קאָמיטעט" און ער האָט אויך געטראָגן די אונטערשריפטן פון גראַף לאַסאָצקי, דעם פּאָרזיצער פונעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט און וולאַדזשימיעזש פּזשערוואַ־טעטמאַיער (באַקאַנטער דיכטער און מאָלער), דעם פאָרזיצער פונעם פּוילישן מיליטערישן קאָמיטעט.

שיפּער איז געווען שטאַרק אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן די זעלבשוץ. זי איז טאַקע באַלד אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן כּוח. זי האָט דערשטיקט די פּאָגראָם־שטימונגען אין קראָקע גופא און אין אַ סך אַנדערע מקומות פון מערב־גאַליציע. צום באַדויערן האָט די ייִדישע זעלבשוץ נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. באַלד נאָך

דעם ווי עס האָט זיך עטאַבלירט די נייע מיליטערישע מאַכט, האָט דער גענע־ראַל ראָיאַ, דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון קראָקע, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וועגן דער אויפליזונג פון דער יידישער זעלבשוץ. אַזוי אַרום איז די יידישע באַפעלקערונג געבליבן שוצלאָז אַנטקעגן דער וואַקסנדיקער כוואַליע פון פאָגראָמען, וואָס האָט ווי אַ פייער אַרומגעכאַפּט גאַנץ פוילן.

שיפּער איז ווייטער פאַרבליבן אַ צענטראַלע פיגור אינעם יידישן נאַ־ציאָנאַל־ראַט. די תקופה וועגן וועלכער מיר דערציילן איצט, הייבט אָן אַ גאַנץ נײַ קאַפּיטל אין שיפּערס לעבן: דאָס קאַפּיטל פון ד״ר יצחק שיפּער ווי אַ פּאָליטיקער.

ד

## אויף דער טריבונע פונעם פוילישן סיים

זינט דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז צום אויסבראָך פון דער צווייטער גייט ביי שיפּערן שטענדיק געפּאָרט זיין טעטיקייט אויף די דאָזיקע צוויי געביטן, אויף פּאָליטישן און וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישן. און עס איז צו מאָל שווער צו געבן אַן אמתדיקן ענטפער אויף דער פראַגע, מיט וועלכער פון די דאָזיקע צוויי טעטיקייט־געביטן ער איז דעמאָלט געווען שטאַרקער באַהאַפטן.

אין דער הקדמה צו דער „יידישער געשיכטע (ווירטשאַפטס־געשיכטע)" פונעם יאָר 1930 זאָגט שיפּער וועגן די יאָרן פון זיין אינטענסיווער פּאָלי־טישער טעטיקייט אָט אַזוי:

> „...אין אַ צייט ווען עס „מאַכט זיך געשיכטע" ווען עס ווערן אָנגעלייגט יסודות פאַר אַ נייעם לעבן און געענדערטע באַדינ־גונגען — און אַזאַ דערהייבנדיקע און שווערע צייט איז מיר אויס־געקומען איבערצולעבן מיט מיינע ברידער אין פוילן — איז שווער צו שרייבן געשיכטע... בלויז אין „אָטעם־פּויזעס" פון מיין פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָב איך זיך געקאָנט אומקערן צו מיין וויסנשאַפטלעכן וואַרשטאַט און זוכן דאָרט אָן אָפּרו פון דער צייט־געשיכטע, וואָס האָט זיך געשפּונען פאַר די אויגן".

מען מוז אָבער צוגעבן, אַז דעם „אַפּרו" בעת די „אָטעם־פּויזעס" האָט שיפּער בהרחבֿהדיק אויסגענוצט. ווען מע קוקט איבער די רשימה פֿון זיינע ווערק, וועלכע ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אָדער געשריבן אין דער צייט ווען ער איז געווען דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים (דאָס איז געווען די צייט פֿון זיין שטאַרקסטן אָנשטרענג אויפֿן געביט פֿון פּאָליטישער אַרבעט), וואַרפֿן זיך באַלד אין די אויגן צוויי עיקרדיקע פֿאַקטן. ערשטנס, נישט קוקנדיק אויף זיין פֿאַרנומענקייט מיט פּאָליטישער אַרבעט האָט שיפּער אין יענער תּקופֿה אָנגעשריבן אַ באַדייטנדיקע צאָל ווערק. צווייטנס, פּונקט אין יענער תּקופֿה האָט ער אָנגעהויבן פֿאַרשן גאַנץ נייע געביטן פֿון דער געשיכטע, געביטן מיט וועלכע ער האָט זיך פֿריִער נישט פֿאַרנומען.

דעם 26סטן יאַנואַר 1919 זענען פֿאָרגעקומען די וואַלן צום ערשטן פּוילישן סיים (פּאַרלאַמענט). דאָס איז געווען דער „גרינדונגסזייַם" (גזעצגעבערישער סיים). זיין הויפּט־אויפֿגאַבע איז געווען באַשליסן די קאָנסטיטוציע פֿונעם נייעם פּוילן. צו די דאָזיקע וואַלן איז דאָס פּוילישע ייִדנטום נישט געגאַנגען אין אַ פֿאַראייניקטן פֿראָנט. גאַנצע זיבן ייִדישע ליסטעס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן. די שטאַרקסטע איז געווען די ליסטע פֿון ציוניסטן צוזאַמען מיט מזרחי. זי האָט געהייסן די ליסטע פֿונעם „צייטווייליקן ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט". זי האָט באַקומען 6 מאַנדאַטן. חוץ דעם האָבן די אָרטאָדאָקסן און די פֿאָלקיסטן באַקומען צו צוויי מאַנדאַטן. די פּועלי־ציון האָבן אַרויסגעשטעלט זייער אייגענע ליסטע. זיי האָבן אָבער נישט דערגרייכט מער ווי איין מאַנדאַט אין דעם קרייז כעלם. דער אויסגעוויילטער פּועלי־ציוניסטישער דעפּוטאַט איז געווען ד"ר מאַקס ראָזענפֿעלד. ד"ר ראָזענפֿעלד איז באַלד נאָך די וואַלן געשטאָרבן און אַזוי ווי שיפּער איז נאָך אים געווען דער ערשטער אויף דער ליסטע פֿון די קאַנדידאַטן, איז ער אויטאָמאַטיש אַריין אין סיים אַלס דעפּוטאַט. שיפּער איז אַריבערגעפֿאָרן קיין וואַרשע און האָט זיך דאָרט באַזעצט אויף שטענדיק.

אין פֿעברואַר 1919 האָט דער ערשטער גזעצגעבערישער סיים אָנגע־הויבן זיינע זיצונגען. שיפּער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די 6 דעפּוטאַטן פֿונעם צייטווייליקן ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט, וועלכע האָבן געשאַפֿן דעם נאַציאָנאַלן קלוב פֿון דער ייִדישער סיים־רעפּרעזענטאַנץ.

דער הויפּטציל וואָס די ייִדישע רעפּרעזענטאַנץ אין דעם ערשטן פּוילישן סיים האָט זיך געשטעלט איז געווען די דערגרייכונג פֿון אַ פֿולער נאַציאָנאַלער

און קולטורעלער אויטאָנאָמיע פאַר ייִדן. אין דער דאָזיקער זאַך זענען געווען איינשטימיק אַלע דריי טיילן פון דער ייִדישער רעפּרעזענטאַנץ, די ציוניסטן, די אָרטאָדאָקסן און די פֿאָלקיסטן. ד״ר שיפּער איז צוזאַמען מיט יצחק גרינ־בוימען געווען דער הויפּט־פֿאָרשטייער פון די ייִדישע דעפּוטאַטן אין דער קאָנסטיטוציע־קאָמיסיע, ער האָט אַריינגעטראָגן אַ גאַנצע ריי צוגאָב־פֿאָר־שלאָגן, וואָס האָבן געדאַרפט פֿאַרזיכערן די רעכט פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג. עס איז טאַקע אין אַ געוויסער מאָס דער פֿאַרדינסט פון די ייִדישע דעפּוטאַטן וואָס די ערשטע קאָנסטיטוציע פון פּוילן, די קאָנסטיטוציע פון 19טן מערץ 1919, איז אין איר תּוך געווען אַזוי דעמאָקראַטיש. אויב מען האָט זי שפּעטער נישט אָפּגעהיט, איז דאָס געווען אַ פּועל־יוצא פון פּאָליטישע און סאָציאַלע אַנטוויקלונגען, אויף וועלכע די ייִדישע דעפּוטאַטן האָבן נישט געהאַט קיין השפּעה.

חוץ דער אַרבעט אַרום דער קאָנסטיטוציע האָט זיך שיפּער אַקטיוו באַטייליקט אין אַנדערע געביטן פון דער פּאַרלאַמענט־טעטיקייט. ער איז געווען דער ייִדישער פֿאָרטרעטער אין דער סיים־קאָמיסיע וואָס האָט אויס־געפֿאָרשט די פּאָגראָמען אין פּינסק און אַנדערע שטעט אין פּוילן. זיין מערכה אין דער דאָזיקער קאָמיסיע איז געווען זייער אַ שווערע, ווייל די פּאָליאַקן האָבן מיט אַלע מיטלען געזוכט צו פֿאַרטושן דעם גאַנצן ענין פון די פּאָגראָמען.

שיפּער האָט געקעמפט קעגן דעם געזעץ פון דער געצוווּנגענער זונטיק־רו, וואָס האָט דעם ייִדישן סוחר און בעל־מלאכה, דעם שומר־שבת, אָפּגענומען דאָס רעכט צו פירן זיין געשעפט זונטיק אָנשטאָט שבת. זייער באַקאַנט איז געווען שיפּערס גרויסע רעדע, אין וועלכער ער האָט צו נישט געמאַכט אַלע אַרגומענטן פונעם פּויליש־סאָציאַליסטישן דעפּוטאַט פעליקס פּערל (אַליין פון ייִדישער אָפּשטאַמונג), דעם רעפערענט און פּאַרטיידיקער פונעם זונטיק־רו־געזעץ. אָבער דעם גרעסטן אינטערעס האָט שיפּער געהאַט פאַר דער סאָציאַ־לער געזעצגעבונג. דעם דאָזיקן געביט האָט ער געווידמעט אַלע זיינע כּוחות און זיין גאַנצן רעדנערישן טאַלאַנט. זיין ציל און שטרעבונג זענען געווען צו באַוואָרענען די ייִדישע אַרבעטער־ און האַנטווערקער־מאַסן.

די טעטיקייט אין סיים איז געווען בלויז איין צווייג פון שיפּערס געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. קומענדיק קיין וואַרשע האָט ער אויטאָמאַטיש איבער־גענומען נאָך איין וויכטיקע אויפגאַבע. דאָס מאָל אַן אויפגאַבע אויפן אינער־לעך־ייִדישן פראָנט. ביים סאַמע אָנהייב פון פּוילנס עקסיסטענץ, ווען עס

זענען אין די ראַמען פון דער נייער מלוכה פאַראייניקט געוואָרן דריי פאַרשידענע ייִדישע קיבוצים, דער רוסיש־פּוילישער, דער גאַליצישער און דער גרויס־פּוילישער (פונעם אַמאָליקן דייטשישן געביט), האָבן זיך פאַרצייכנט געוויסע גאַנץ ערנסטע מיינונג־פאַרשידנקייטן. דער גרויספּוילישער קיבוץ האָט נישט געשפּילט קיין באַזונדערע ראָלע, אָבער דער ריס צווישן דעם ייִדנטום פון גאַליציע און פון די אַמאָליקע רוסישע געביטן האָט זיך מיט דער צייט אַנטפּלעקט ווי אַ גרויסע מניעה אין דער פירונג פון אַ געאייניקטער נאַציאָנאַלער אַרבעט. די סיבות פונעם דאָזיקן ריס לאָזן זיך נישט פאָרמולירן אין איין זאַץ. כּדי נישט מאַריך צו זיין וועלן מיר מוזן זיך באַגנוגענען מיט דער פעסטשטעלונג, אַז דער ריס איז געווען אַ פּועל־יוצא פון די אַן ערך צוויי הונדערט יאָר, במשך פון וועלכע די ייִדן פון גאַליציע און רוסיש פּוילן האָבן געלעבט אונטער פאַרשיידענע הערשערס און רעזשימען. עס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל די אונטערשיידן צוליב פאַרשיידענע אופנים פון דערציִונג און באַדינגונגען פון עקאָנאָמישן און סאָציאַלן לעבן.

אַזאַ מין ריס האָט נישט געקאָנט אָפּגעשאַפט ווערן אין משך פון אַ קורצער צייט. פון דעסטוועגן איז ביי די אַחריותדיקע ייִדישע פירערס אַנטשטאַנען די שטרעבונג צו אַן וניפיקאַציע. אין דער דאָזיקער וניפיקאַציע־שטרעבונג קאָן שיפּער מיט רעכט באַטראַכט ווערן ווי דער גאַליצישער אַמבאַסאַדאָר ביים רוסיש־פּוילישן ייִדנטום. ער איז מיטן גאַנצן האַרצן געווען פאַר דער וניפיקאַציע. אָבער ווי מיר וועלן זען איז ער פריִער אַליין געוואָרן דער קרבן פונעם ריס.

קומענדיק קיין וואַרשע איז שיפּער דאָרט געוואָרן דער פּאַקטישער פירער פון דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט אַנטוויקלט אַ שטאַרקע טעטיקייט פאַר דער פּאַרטיי, אָבער פון דעסטוועגן האָט ער פונעם סאַמע אָנהייב אָן נישט געהאַט קיין שלום־בית אין די עקזעקוטיוו־אָרגאַנען פון דער פּאַרטיי. שיפּער איז געקומען פון גאַליציע, וווּ סאָציאַליזם בכלל איז געווען לעגאַל און האָט געהאַט מער אַ באַלעבאַטישן כאַראַקטער ווי אַ רעוואָלוציאָנערן. דאָן איז שיפּער אַליין געווען אַ מענטש מיט אַ פרייער נשמה פון אַ קינסטלער, וואָס ווייסט נישט פון אונטערוואַרפן זיך פּאַרטייִשע דאָגמעס.

פאַר די רוסישע און די רוסיש־פּוילישע פּועלי־ציוניסטן איז סאָציאַליזם געווען אַן ענין פון אַ בלוטיקן אונטערערדישן קאַמף און די רעוואָלוציע איז

געווען אַ ממשותדיקע זאַך פון טאָגטעגלעכן לעבן און קאַמף. זענען זיי טאַקע זייער ווייט געווען פון זיך, שיפּער און זײַנע קאָנגרעס־פּוילישע פּועלי־ציוניסטישע חברים.

די דאָזיקע סיכסוכים אין דער פּוילישער פּאַרטיי האָבן געהאַט אַ נישט קליינע השפּעה אויף דער שפּאַלטונג פון פּועלי־ציון, וואָס איז פּאָרגעקומען אויף דער ווינער קאָנפערענץ אין יאָר 1920. נאָך דער שפּאַלטונג איז שיפּער אַריבער צו די רעכטע פּועלי־ציון. ער האָט אונטערגענומען אַ פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּיין, כּדי צו שטאַרקן די רייען פון די רעכטע פּועלי־ציון. אויפן צוועלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין קאַרלסבאַד (דער ערשטער נאָך דער מלחמה) איז ער געווען דער דעלעגאַט פון פּועלי־ציון אין פּוילן. אין זײַן רעדע האָט ער געפּאָדערט, אַז די געוויילטע באַאַמטע פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע זאָלן קענען יידיש. ער האָט אויך אַריינגעטראָגן פּאָרשלאָגן מיטן ציל אַריינצוברענגען מער דעמאָקראַטישקייט אין די ניי־געשאַפענע פּאַלע־סטינע־אַמטן.

די קאַדענץ פונעם ערשטן סיים האָט זיך פּאַרענדיקט אינעם יאָר 1922. אין דעם זעלביקן יאָר זענען פּאָרגעקומען וואַלן צום צווייטן פּוילישן סיים. אין דער צייט ווען מען האָט זיך גענומען גרייטן צו די דאָזיקע וואַלן, איז פּאָרגעקומען שיפּערס צעשיידונג מיט די פּועלי־ציון. אויך מיט די רעכטע פּועלי־ציוניסטן האָט שיפּער נישט געקענט געפינען קיין בשותּפותדיקן לשון. די פּאַרטיי האָט קעגן שיפּערס ווילן אָנגענומען אַ באַשלוס צו גיין צו די וואַלן מיט אַ באַזונדער ליסטע. שיפּער האָט געהאַלטן אַז מע דאַרף גיין צוזאַמען מיט די איבעריקע ציוניסטישע פּאַרטייען. ער האָט פּאַרלאָזט די רייען פון פּועלי־ציון און אָנגעשלאָסן זיך אין „על המשמר”, די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון יצחק גרינבוים.

דער „על המשמר” האָט אין יענער צייט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָלקסטימלעכער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט אַ וויכטיקע השפּעה אין דער יידישער גאַס. שיפּער איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער פירערשאַפט פון דער באַוועגונג. מצד דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז ער אויך אויס־געוויילט געוואָרן פאַר דעפּוטאַט צום צווייטן פּוילישן סיים.

אין דעם צווייטן פּוילישן סיים איז דערשינען אַ שטאַרקע רעפּרעזענטאַנץ פון מיזרח־גאַליצישע דעפּוטאַטן. די פינף יאָר פונעם צווייטן סיים זענען

געשטאַנען אונטערן צייכן פון אַ כסדרדיקן קאַמף צווישן דער קאָנגרעס־פוילישער רעפּרעזענטאַנץ, געפירט פון גרינבוימען, און דער גאַליצישער, געפירט פון ד״ר לעאָן רייך. גרינבוים האָט געקעמפט פאַר זיין מאַקסימאַליסטישן פּראָגראַם, בעת ד״ר רייך איז גרייט געווען צו פאַרהאַנדלען מיט דער רעגירונג און צו קומען מיט איר צו אַ פשרה (עס איז, אַגב, באַקאַנט זיין נישט געלונגענע „אוגאָדע״ מיט דער גראַבסקי־רעגירונג). בעת דעם דאָזיקן קאַמף איז שיפּער געשטאַנען אויף גרינבוימס זייט. ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער אָבער אַלע מאָל געהאַט דעם מוט צו פאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט. פּונקט אַזוי ווי ער האָט בעת דעם ערשטן סיים געהאַט דעם מוט אַרויסצוטרעטן קעגן דער שטעלונג פון אַלע ייִדישע דעפּוטאַטן און צו שטימען קעגן דער ראַטיפיצירונג פונעם ווערסאַילער טראַקטאַט (ווייל ער האָט דעם טראַקטאַט געהאַלטן פאַר נישט קיין גערעכטן), אַזוי האָט ער אויך בעת דעם פאַרביסענעם קאַמף צווישן די ייִדישע דעפּוטאַטן בשעת דעם צווייטן סיים געהאַט דעם מוט אָפּט מאָל צו פאַרטיידיקן דעם שטאַנדפּונקט פון די גאַליצישע דעפּוטאַטן. אַ דאַנק שיפּערן איז טאַקע אין אַ סך פאַלן געמילדערט געוואָרן די שאַרפקייט פונעם קאַמף.

אין דעם צווייטן סיים האָבן די ייִדישע דעפּוטאַטן געהאַט צו קעמפן פאַר אָנערקענען די רעכט פון די קהילות, פאַרן ייִדישן שולוועזן, פאַר נישט דערלאָזן צו דער גזירה פון באַגרענעצונגען פאַר ייִדישע סטודענטן אויף די אוניווערסיטעטן און דער עיקר פאַר פאַרלייכטערן די שטייערלאַסט, וואָס די רעגירונג האָט אַרויפגעלייגט אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג. שיפּער האָט געהערט צו די סאַמע אַקטיוויסטע דעפּוטאַטן. דרייסיק מאָל האָט ער געהאַלטן רעדעס פאַרן פלענום פון סיים. חוץ דעם האָט ער זיך באַטייליקט אין קאָמיסיעס, דער עיקר אין דער קאָמיסיע פאַר סאָציאַלער געזעצגעבונג.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט אַלס דעפּוטאַט האָט שיפּער פאַרעפנטלעכט זייער ווייניק היסטאָריאָגראַפישע אַרבעטן. אין דער דאָזיקער צייט איז ער געווען אַריינגעטאָן אין פּאָליטישער אַרבעט אויף עטלעכע געביטן און דערצו נאָך האָט ער זיך געמוזט פאַרנעמען מיט זשורנאַליסטיק. אַזוי האָט ער אין די יאָרן 1919—1920 רעדאַקטירט די „ייִדישע אַרבעטער־צייטונג״ און אין די יאָרן 1922—1923 — די צייטונגען „נאָווי קוריער״ און „נאָוויני צאָדזשענע״ (ביידע אין פּויליש). פון זיינע געציילטע אַרבעטן, וואָס זענען דערשינען אין יענע יאָרן, דאַרפן אויסגערעכנט ווערן: „מאַרטין

לוטער און די פוילישע ייִדן" („כווילאַ" 1921 — פויליש), און „דער פוילישער פּראָיעקט צו שאַפן אַ ייִדישע מדינה מיט 80 יאָר צוריק" („נאָווי קוריער" 1921 — פויליש).

זיין שטענדיקע מיטאַרבעט אין טעגלעכע צייטונגען האָט אים געשטויסן צו אַ נייעם שריפטשטעלערישן געביט, צו ליטעראַטור־קריטיק. ער האָט זיך אָבער נישט פאַרנומען מיט סתם ליטעראַרישע ווערק. זיין אינטערעס האָבן אַרויסגערופן בלויז ווערק מיט אַ טיפערן היסטאָרישן הינטערגרונט. אַזוי באַגעגענען מיר אינעם זשורנאַל „ביכער־וועלט" פונעם יאָר 1923 זיין רעצענזיע וועגן שלום אַשס „קידוש השם". מע דאַרף באַמערקן אַז זיין מיינונג וועגן שלום אַש איז גאָר אַ געהויבענע. ער האָט רעצענזירט י. מ. ניימאַנס בוך „שבת־אויבסט" (ביכער־וועלט — 1923) און האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן דעם סאָציאָלאָגישן הינטערגרונט פון דער ייִדישער אמונה לויט מאַקס וועבערס טעאָריעס („נאַשע זשיציע" — 1924, פויליש).

כאַטש שיפּער האָט אין משך פון דער באַהאַנדלטער צייט (1919 ביז 1925) פאַרעפנטלעכט בלויז אַ קליינע צאָל היסטאָרישע אַרבעטן, איז אָבער באַוווּסט אַז אויך אין דער צייט האָט ער פאַרגעזעצט זיין באַליבטע פאָרשונג־אַרבעט. אין משך פון די דאָזיקע יאָרן איז ער דריי מאָל געווען אין אויסלאַנד. זיינע נסיעות זענען דער עיקר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די ציוניסטישע קאָנגרעסן. וועגן זיין באַטייליקונג אינעם 12טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן מיר שוין פריִער געשריבן. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אינעם 13טן קאָנגרעס וואָס איז פאָרגעקומען אין קאַרלסבאַד אינעם יאָר 1923 און אינעם 14טן קאָנגרעס אין ווין אינעם יאָר 1925. אויף בײדע קאָנגרעסן איז ער געווען אַ דעלעגאַט פונעם „על המשמר" אין פוילן. ווי ער דערמאָנט אין זיין הקדמה צום שפּעטערדיקן ווערק „ייִדישע געשיכטע (ווירטשאַפטס־געשיכטע)", האָט ער זיינע נסיעות אין אויסלאַנד אין אַ גאָר גרויסער מאָס אויסגענוצט פאַר דערגאַנצן די מאַטעריאַלן סיי פאַר דער ווירטשאַפט־געשיכטע און סיי פאַר אַנדערע שפּעטער פאַרענדיקטע אַרבעטן.

אינעם יאָר 1924 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דער „ייִדישער פילאָלאָגיע" זיין אַרבעט „דער אָנהייב פון לשון אַשכּנז אין דער באַלייכטונג פון אָנאָמאַ־טישע קוועלן". דאָס איז אַ ווייטערדיקע פּרעלימינאַרע אַרבעט צו זיין בוך „די קולטור־געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן בעתן מיטל־עלטער". דאָס דאָזיקע בוך איז דערשינען אין וואַרשע אין יאָר 1926 און עס איז זיין ערשט

בוך געשריבן אין דער יידישער שפראַך. דאָס בוך באַשטייט פון 9 עטיודן, פון וועלכע די ערשטע דריי זענען ווי באַזונדערע אַרבעטן דערשינען נאָך פריער אין „מוריה" און אינעם „יידישן אַלמאַנאַך" אויף פויליש. די דאָזיקע דריי עטיודן האָט ד"ר עמנואל רינגעלבלום איבערגעזעצט אויף יידיש. די ווייטערדיקע 6 עטיודן האָט שיפּער אָנגעשריבן אין יידיש במשך פונעם ווינטער 1926/1925.

אין דעם ערשטן עטיוד „די עלטסטע קולטור־געשיכטע פון יידן אין פוילן און רייסן" צייכנט שיפּער אָן די תּקופה, ווען עס האָבן זיך אויף דער פויליש־רייסישער ערד באַוויזן די ערשטע יידן. ער אַנטוויקלט ווייטער זיין טעאָריע וועגן דער איינוואַנדערונג פון די כּוזרישע יידן. די דאָזיקע איינוואַנדערונג האָט דערגרייכט איר הויכפּונקט נאָכן יאָר 969, דאָס הייסט נאָך דעם ווי די כּוזרישע מלוכה איז טיילווייז צעשטערט געוואָרן. ער ברענגט פרישע ראַיות אויף דעם, אַז די כּוזרי־יידישע איינוואַנדערונג אין פוילן איז עלטער פון דער אימיגראַציע פון אַשכּנזישע יידן.

זייער אינטערעסאַנט איז דער צווייטער עטיוד „די שול און די קירך". שיפּער ווייזט דאָ אָן, אַז כאָטש די אַנטי־יידישע טעטיקייט פון דער קירך האָט זיך אָנגעהויבן אין פוילן אינעם 13טן י"ה, האָבן די באַשלוסן פון די קירכלעכע סינאָדן נישט געהאַט קיין ממשותדיקע פּעולה ביזן 15טן י"ה. חוץ דעם ווערט אינעם דאָזיקן עטיוד דערציילט וועגן הוסיטן און הומאַניסטן, וואָס ביידע זענען געווען די טרעגערס פון ליכט אינעם שפּעטן מיטל־עלטער. ער אַנטוויקלט די טעמע פון די קעגנזייטיקע השפּעות פון יידן און הוסיטן, ווי אויך פון יידן און הומאַניסטן. אין שייכות דערמיט מאָלט ער די געשטאַלט פון רב ליפּמאַן פון מילהויזן, וועלכע איז אינעם צווייטן און דריטן צענדליק פונעם 15טן י"ה געווען רב אין קראָקע. רב ליפּמאַן איז דער מחבר פון צוויי ווערק: „נצחון" און „ספר המדות". אין די דאָזיקע ווערק זעט שיפּער געוויסע הומאַניסטישע איינפלוסן.

אַ געלונגענעם פּאַרגלייך פירט שיפּער דורך אינעם קאַפּיטל וועגן קאַפּיסטראַנאָ און קאַללימאַך, וואָס זענען געווען צוויי פאַרשטייערס פון צוויי אַנטקעגנגעזעצטע וועלטן. קאַפּיסטראַנאָ איז דער פאַרשטייער פון דער פינצטערער אינקוויזיציע און קאַללימאַך איז דער חלוץ פונעם פרייהייטלעכן געדאַנק, וועלכע פאַרמעסט זיך צו צעשטערן די יסודות פונעם מיטל־עלטערלעכן סיסטעם.

דער דריטער עטיוד „די אויטאָנאָמיע פון די יידישע קהילות בעתן מיטל־עלטער" איז אַ פּרוּוו צו באַלייכטן אַ פּראָבלעם, וועגן וועלכן עס זיינען כמעט נישט געווען קיין מאַטעריאַלן. פון די מער ווי באַשיידענע מקורים וואָס זענען דעמאָלט געווען באַקאַנט וועגן דער דאָזיקער טעמע האָט שיפּער באַוויזן אויסצומאָלן דאָס בילד פונעם יידישן קהילה־וועזן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער. ער ווייזט אָן אַז אויך אין יענער צייט האָבן די הערשער באַמיט זיך אַרויפצוּוואַרפן זייער ווילן אויף די יידישע אויטאָנאָמישע אינסטאַנצן.

די עטיודן: 4 — „יידישע קוואַרטאַלן אין פּוילן" און 6 — „קולטור־ און זיטן־געשיכטלעכע בילדער פונעם יידישן לעבן אין פּוילן (14טן און 15טן י"ה)" זענען אַ געלונגענע שילדערונג פונעם יידישן שטייגער־לעבן אין יענער צייט.

אינעם פינפטן עטיוד „די גדולי הדור (14 און 15 י"ה)" ברענגט שיפּער וואָגיקע מאַטעריאַלן וועגן יידישע גבירים, לומדים און דאָקטוירים, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די קעניגלעכע הויפן. ער רייסט אַרונטער די ביז דעמאָלט איינגעוואָרצלטע מיינונג אַז דאָס 16טע יאָרהונדערט האָט געבראַכט דעם אָנהייב פון לומדות אין פּוילן. ער דערווייזט מיט ראַיות אַז אינעם 15טן י"ה זענען שוין אין פּוילן געווען גרויסע ישיבות און תּלמידי־חכמים, וואָס זענען געווען גלייך צו די אַמאָליקע ישיבות אין רהיין־לאַנד. שיפּער האַלט אַז אינעם 15טן י"ה הייבט זיך אָן די תּקופה פון דער פּוילישער העגעמאָניע אויפן געביט פון לימוד התּלמוד און הלכה.

כאָטש דאָס גאַנצע בוך איז אָן ספק אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער פאָרשונג פון דער יידישער קולטור־געשיכטע, זענען אָבער די עטיודן 7, 8 און 9 די סאַמע ווערטפולסטע. אין די עטיודן 7 און 9 ברענגט שיפּער רשימות פון נעמען פון יידן אין פּוילן און רייסן אינעם 14טן און 15טן י"ה. די דאָזיקע נעמען זענען דער אָנאָמאַטישער מאַטעריאַל, וואָס אויף דעם יסוד שטיצן זיך די אויספירן פונעם 8טן עטיוד, „די אומגאַנג־שפּראַך פון די פּויליש־רייסישע יידן בעת דעם 14טן און 15טן י"ה". אינעם דאָזיקן עטיוד דערווייזט שיפּער אַז „לשון אַשכּנז" — אָדער ווי מע רופט עס „יידיש־דייטש" — איז געווען די אומגאַנג־שפּראַך ביי יידן נאָך אינעם 14טן און 15טן י"ה. לשון אַשכּנז האָט זיך שוין אין יענער צייט אונדערגעשיידט פונעם דעמאָלטיקן קריסטלעכן דייטש.

צו זיינע אויספירן קומט שיפּער דורך אַן אַנאַליטישער פאָרשונג פון

נעמען מיט וועלכע ייִדן האָבן זיך דעמאָלט באַנוצט. דאָס מיינט, אַז ער שטיצט זיך אויף דעם אַנאָמאַטישן מאַטעריאַל. אָבער חוץ דעם אַנאָמאַטישן מאַטעריאַל האָט שיפּער געפֿונען אין די אַרכיוון ממשותדיקע דאָקומענטן, (גלאָסן און דעם דרײַ־שפּראַכיקן קראָקאָווער הסכּם), וועלכע זענען די עלטסטע שפּורן פֿון לשון אַשכּנז. ווען מע פֿאַרט צוזאַמען דעם אַנאָמאַטישן מאַטעריאַל מיט די געפֿונענע דאָקומענטן, בלייבט שוין נישט קיין מינדעסטער ספק וועגן דעם, אַז שיפּערס שטאַנדפּונקט מכּוח דעם אָנהייב פֿון לשון אַשכּנז אין פּוילן איז אַ ריכטיקער.

אין אַלגעמיין איז די „קולטור־געשיכטע פֿון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער" בשעתּו אויפֿגענומען געוואָרן דורך די היסטאָריקערס מיט פֿיל וויניקער התלהבֿות ווי דאָס פֿרײַערדיקע בוך „די ווירטשאַפֿטלעכע געשיכטע פֿון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער". עס דאַכט זיך מיר אָבער אַז דער דאָזיקער צוגאַנג איז נישט געווען קיין באַגרינדעטער. די „קולטור־געשיכטע" דאַרף נישט געשטעלט ווערן אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי די „ווירטשאַפֿטס־געשיכטע". אויב נעמען אין אַכט בלויז דעם פֿאַקט, אַז די „קולטור־געשיכטע" האָט מיט זיך געבראַכט אַ נייע ווענדונג אין דער פֿעסטשטעלונג פֿון דער אָנהייבצייט פֿון דער ייִדישער שפּראַך אין פּוילן און ליטע, איז דאָס אַליין שוין גענוג כּדי דאָס דאָזיקע ווערק זאָל פֿאַררעכנט ווערן צווישן די חשובֿסטע אין דער ייִדישער געשיכטע־שרײַבונג.

זינט דעם יאָר 1927 דערשײַנען שיפּערס אַרטיקלען זייער אָפֿט אין דער וואַרשעווער טעגלעכער פּרעסע. עטלעכע גרעסערע סעריעס האָט ער אינעם יאָר 1927 פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם וואַרשעווער „מאָמענט". לויט זייער כאַראַקטער קאָנען די דאָזיקע אַרטיקלען נישט באַטראַכט ווערן ווי וויסנשאַפֿטלעכע שטודיעס. זיי זענען אָבער אויך נישט קיין געוויינלעכע פּובליציסטישע אַרטיקלען. זיי אַנטהאַלטן שטענדיק אַ וויכטיקן וויסנשאַפֿטלעכן מאַטעריאַל, איבערגעגעבן מיט אַ סך געפֿיל פֿון אַחריות, אין אַ פּאָפּולערער פֿאָרעם. אָפֿט מאָל מערקט זיך אין די דאָזיקע אַרטיקלען אַן אמתדיקער דערציילערישער אימפּעט. די אַרטיקלען זענען אָפֿט מאָל אַפֿילו שפּאַנענדיק. מע טרעפֿט צווישן זיי אויך סילועטן פֿון היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן.

כּדי צו אילוסטרירן די טעמאַטיק, וועלכע שיפּער פֿלעגט אויסקלייבן פֿאַר זײַנע צײַטונגס־אַרטיקלען, וועלן מיר אויסרעכענען איניקע נעמען: „די נצחונות איבער די אָקעאַנען אין סוף פֿון מיטל־עלטער און דער פּוילישער

ייִד מאיר אַשכנזי", "ייִדישע לעגיאָנען אין קאַמף פאַר ארץ־ישׂראל", "די פראַגע פון שחיטה־געלטער אין ליכט פון דער פוילישער געשיכטע", "ישׂראל קעמפּינסקי — דער ייִדיש־פּוילישער קעמפער אין נאַפּאָלעאָנס אַרמיי", און אַנדערע. אין יאַנואַר 1928 איז אינעם לעמבערגער "דער מאָרגן" דערשינען שיפּערס אַ גאַר טשיקאַווער אַרטיקל א"נ "דער נאָמען 'גאַליציע' שטאַמט פון העברעיִשן 'חלוצים'". בעצם האַנדלט זיך דאָרט אין דעם נאָמען פון דער שטאָט האַליטש, פון וועלכן עס נעמט זיך דער נאָמען "האַליציע" אָדער "גאַליציע". שיפּער פירט אויס, אַז "האַליטש" קומט פון "חלוץ".

די יאָרן, ווען שיפּער איז געווען דעפּוטאַט אינעם פּוילישן סיים, האָט ער געהאַלטן פאַר דעם פּראָדוקטיוווסטן צייטאָפּשניט פון זיין לעבן. אינעם ברען פון דער פּאָליטישער אַרבעט האָט ער זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. מיט אַ טיפן אינטערעס און מיט גרויס ליבשאַפט פלעגט ער אויספירן זיינע פליכטן פונעם שליח־ציבור פון די ברייטע פאָלקסמאַסן. אים האָט געשטאַרקט דאָס באַוווסטזיין, אַז ער איז איינער פון די, וואָס פאַרמירן דאָס קאַפּיטל פון דער נייסטער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק.

## ד

## ד"ר שיפּער און דאָס ייִדישע טעאַטער

שיפּערס דערנענטערן זיך צום ייִדישן טעאַטער איז נאָך איין שטריך, וואָס דערגאַנצט דעם פילפאַרביקן פּאָרטרעט פונעם דאָזיקן אומגעווײנלעכן מענטשן. דער היסטאָריקער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט ציפערן און סטאַטיס־טיקעס פון דער ווירטשאַפטס־געשיכטע, קאָן זיך נישט אויסלעבן אין גאַנצן אין דער וועלט פון טרוקענע צאָלן. זיין שטענדיק־ברויזנדיקער גייסט רייסט זיך ווי אַ שטראָמענדיק וואַסער און וואַרפט אים אַריין אין סאַמע צענטער פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער זעלבער אומרו שטויסט שיפּערן אין די אָרעמס פון דער ייִדישער קונסט און הייסט אים זוכן פאַר־געסנקייט דאָרט, ווו דאָס פאָלק טוט זיך אויס פון די טאָג־טעגלעכע דאגות און גיט זיך איבער אין רשות פון אַן אויסגעחלומטער וועלט, וואָס דערשיינט אויף דער טעאַטער־בינע.

אין אַלע יאָרן האָט זיך שיפּער געפילט ווי איינער פון דער פאָלקס־

מאָסע. זײַן ליבשאַפֿט צום ייִדישן טעאַטער האָט ער מיטגעבראַכט פֿון זײַן פּריִערדיקער היים, פֿון גאַליציע. פּונקט ווי אַלע בעל־מלאכישע יונגען אין קראָקע אָדער אין לעמבערג פֿלעגן שבת־צו־נאַכטס ליב האָבן צו גיין אין טעאַטער, אַזוי האָט אויך שיפּער אַהין געצויגן. דער אונטערשייד איז געווען נאָר דער, אַז בײַ אים איז דער געשמאַק געווען פֿיל צאַרטער ווי בײַ זיי. פֿונעם טעאַטער האָט ער דערוואַרט נישט בלויז פֿאַרווײַלונג, נאָר קודם כּל קונסט.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין וואַרשע, אויף לעשנאָ 1, אָרגאַניזירט דער „צענטראַל"־טעאַטער, וואָס האָט אַרום זיך פֿאַרזאַמלט די בעסטע אַקטיאָרישע כּוחות פֿון וואַרשע. שיפּער האָט אַ סך בײַגעשטייערט צו דער גרינדונג און אַנטוויקלונג פֿונעם „צענטראַל"־טעאַטער. זײַן רײַכן שריפֿטשטעלערישן טאַלאַנט האָט ער געשטעלט אין רשות פֿונעם טעאַטער.

דער שוישפּילער זיגמונט טורקאָוו, וועלכער איז אין יענע צײַטן געווען דער רעזשיסאָר פֿונעם „צענטראַל", דערציילט (זיגמונט טורקאָוו: „פֿראַג־מענטן פֿון מײַן לעבן", בוענאָס איירעס, 1951), אַז ווען דער „צענטראַל" האָט אין יאָר 1923 אויפֿגעפֿירט עטינגערס „סערקעלע", האָט שיפּער אין די פֿאַר חדשים פֿון די צוגרייטונגען געטאָגט און גענעכטיקט אינעם טעאַטער. אים האָט מען געהאַט צו פֿאַרדאַנקען די גאַליציאַנער שפּראַך־אויסדרוקן, מיט וועלכע עטינגערס העלדן האָבן אַראָפּגערעדט פֿון דער בינע. פֿאַר דער פּרעמיערע האָט שיפּער געהאַלטן אַן אַרײַנפֿיר־וואָרט וועגן עטינגערן און זײַן סביבה.

בײַ דער אויפֿפֿירונג פֿון מענדעלעס „פּריזיוו" האָט ער אינסצעניזירט די פּורים־שפּיל. בכלל איז ער געווען דער בעסטער קענער אויפֿן געביט פֿון פּורים־שפּילן.

אין די יאָרן 1921—1922 איז שיפּער געווען דער פֿאָרזיצער פֿונעם ייִדישן פּראָפֿעסיאָנעלן אַרטיסטן־פֿאַראיין. צוזאַמען מיט ד"ר מיכאל ווייכערט און זיגמונט טורקאָוו האָט ער רעדאַקטירט דעם זשורנאַל פֿונעם פֿאַראיין: „ייִדיש טעאַטער". אין איניקע נומערן פֿונעם זשורנאַל זענען פֿאַראַן שיפּערס אַרטיקלען וועגן טעאַטער־פּראָבלעמען. אָבער חוץ דעם האָט ער פֿאַרן זשורנאַל געטאָן די רעדאַקציאָנעלע שוואַרצע אַרבעט, צוזאַמענגעשטעלט באַריכטן, געשריבן נאָטיצן אאַז"וו.

זײַנע פֿאָדערונגען צום ייִדישן טעאַטער האָט שיפּער קלאָר געמאַכט

אין דעם אַרטיקל „צוקונפט־פּראָגן פונעם ייִדישן טעאַטער (דער רעפּער־טואַר)" ["ייִדיש טעאַטער" — העפט 1, 1921]. ער זאָגט דאָרט, אַז דאָס קינסטלערישע טעאַטער מוז זײַן אַ פאָלקס־טעאַטער און בײַ דער צוזאַמענ־שטעלונג פונעם רעפּערטואַר מוז זיך דאָס טעאַטער רעכענען מיט די שטרע־בונגען פונעם פאָלק. די ווילנער טרופּע, זאָגט שיפּער, האָט נאָר טיילווייז דערפילט איר אויפגאַבע. זי האָט געוויזן דעם ייִדישן מענטש, אַזוי ווי ער זעט אויס. זי האָט אָבער נישט געוויזן דעם וועג אויף וועלכן דער ייִדישער מענטש דאַרף גיין.

דעם גרויסן דערפאָלג וואָס אַנסקיס „דיבוק" האָט אין יענער צייט געהאַט, טײַטשט שיפּער אויס דערמיט, וואָס דער עולם גאַרט נאָך אַ וועלט־אַנשויונג. עס איז טאַקע אַ רעליגיעזע וועלט־אַנשויונג, אָבער זי דריקט אויס דעם ברענענדיקן ווילן פונעם פאָלק צו שאַפן און צו בויען.

חוץ געבן אַ וועלט־אַנשויונג מוז דאָס טעאַטער אַליין האָבן אַ סטיל. דאָס טעאַטער פון די פּורים־שפּילערס האָט געהאַט אַ סטיל. זיי האָבן אויפ־געפירט פּיעסן מיט אַ טיפן רעליגיעזן און מאָראַלישן אינהאַלט. אַ סטיל האָט אויך געהאַט דאָס ערשטע טעאַטער פון גאָלדפאַדען, ווײַל עס האָט ווײַטער געצויגן די טראַדיציע פון די פּורים־שפּילערס. די דראַמעס פון י. ל. פּרץ און ש. אַנסקי לעבן אויף די אַלטע ייִדישע באַראָק־קונסט פון די פּורים־שפּילערס און דעריבער דאַרפן זיי ווי די ערשטע אַרײַנגערעכנט ווערן אינעם טעאַטער־רעפּערטואַר. חוץ זיי דאַרפן אין רעפּערטואַר אַרײַן די פּיעסן פון דוד פּינסקי, שטיינמאַן, שלום אַש, אַרנאָלד צוויג און ריכאַרד בער־האָפמאַן. מיט אַזאַ רעפּערטואַר, פאַרענדיקט שיפּער, וועט געשאַפן ווערן דאָס אמתדיקע פאָלקס־טעאַטער.

ווי מיר זעען פונעם אינהאַלט פון זײַן אַרטיקל, פאָדערט שיפּער פונעם טעאַטער נישט בלויז דאָס עסטעטישע און קינסטלערישע, נאָר פאַר אַלעמען דעם סטיל און די אידעע. ער וואָלט געוואָלט דאָס ייִדישע טעאַטער דערהייבן צו הימלישע הויכקייטן און ער פאַרגעסט, אַז עס איז פאַראַן אַ רעאַלע ווירקלעכקייט, וואָס שטעלט זיך אויפן וועג ווי אַ נישט באַזיגלעכע מניעה. אָט האָט ער אַליין אין יאָר 1921 געשאַפן אַ נײַע אינסצעניזאַטאָרישע און רעזשיסאָרישע קאָנצעפּציע פאַר י. ל. פּרצס „בײַנאַכט אויפן אַלטן מאַרק". אַ פּראַכטפולע קאָנצעפּציע, וואָס שיפּער האָט פאַר איר געוווּנען דעם אינ־טערעס פון מאַזה פון די „ווילנער". אויך די אַקטיאָרן פון „צענטראַל" און

קאַמינסקיס טעאַטער, ווענען שיפּער האָט פאַרגעלייענט דעם טעקסט, זענען געווען פאַרכאַפּט פון זיין אידעע. אַפילו דער פּרק־ספּעץ, אַלטער קאַציזנע, האָט געגעבן זיין הסכּמה. מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער צוגרייטונג. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז עס זענען נישט געווען די טעכנישע מיטלען דורכצופירן די זאַך.

אין „יידיש טעאַטער" האָט שיפּער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן מאָליערן. ער האָט דאָרט אויך געדרוקט זיינע רעצענזיעס פון טעאַטער־פאַרשטעלונגען. זיינע רעצענזיעס פון דריי פאַרשטעלונגען אין „צענטראַל": פון פרידמאַן און נערצס „ד"ר שטיגליץ"; פון מאָליערס „די ליבע אַלס דאָקטאָר" און פון שלום אַשס „מאָטקע גנב", זאָגן עדות אויף זיין טיפער טעאַטער־ערודיציע און גרויסער מבינות.

דער הויפּטבייטראָג, וואָס שיפּער האָט געבראַכט דעם יידישן טעאַטער, איז זיין דרייבענדיק ווערק „געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע פון די עלטסטע צייטן ביז 1750" (וואַרשע 1923—1928). דאָס דאָזיקע ווערק ווערט באַצייכנט ווי אַ פּיאָנערישע אַרבעט אין אונדזער ליטעראַטור. די דאָזיקע באַצייכענונג איז אַ גערעכטע נישט בלויז דערפאַר ווייל דאָס איז אויפן געביט פון דער יידישער טעאַטער־געשיכטע דאָס ערשטע ווערק, נאָר דער עיקר דערפאַר ווייל שיפּער שטיצט זיך דאָ אויף אַזאַ דאָקומענטן־מאַטעריאַל, וואָס איז ביי אונדז אינעם גרעסטן רוב בכלל נישט געווען באַקאַנט. והאָ ראַיה, עס איז ביי אונדז געווען איינגעבירגערט די פאַלשע מיינונג אַז ביזן 19טן יאָרהונדערט זיינען ביי יידן בכלל נישט געווען קיין שום שפּורן פון טעאַטער. ערשט די תּקופה פון אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אין 19טן י"ה האָט צוזאַמען מיט דער מאָדערנער ליטעראַטור געבראַכט דאָס יידישע טעאַטער.

צו דער אילוסטראַציע פון דער דאָזיקער איינגעבירגערטער מיינונג וועט כּדאי זיין צו דערמאָנען די כאַראַקטעריסטישע שטעלע אין שיפּערס אַרטיקל פונעם יאָר 1913, „אַ נייע תּקופה אין אונדזער קאַמף פאַר יידיש", אין וועלכן שיפּער אַליין שפּאַרט זיך מיט פאַפּערנאַן מכּוח דעם, אַז דער ערשטער יידישער ספּעקטאַקל איז נישט פאַרגעקומען אין יאָר 1862 נאָר אין יאָר 1837. אין דער הקדמה צו דער „טעאַטער־געשיכטע" אַנאַליזירט שיפּער די סיבות, צוליב וועלכע די דאָזיקע פאַלשע מיינונג האָט זיך געשאַפן. ער זאָגט, אַז שולדיק אין דעם זענען געווען טעאָרעטיקערס, וועלכע האָבן

אַוועקגעשטעלט די נישט־באַגרינדעטע טעאָריע, אַז צוליב דעם „כי לא ראיתם כל תמונה" האָט זיך ביי יידן נישט אַנטוויקלט קיין פּלאַסטישע קונסט און ממילא אויך נישט קיין טעאַטער.

שיפּער האָט זיך אונטערגענומען אַרונטערצורייסן די דאָזיקע אילוזיע. זיין אויפגאַבע איז געווען אַ ביז גאָר שווערע, ווייל אויף דעם דאָזיקן אין גאַנצן נאָך נישט באַטראַכטענעם געביט האָט ער פון ערגעץ נישט געקאָנט דערוואַרטן קיין אַנווייזונגען ווי אַזוי צו שטעלן די ערשטע טריט. אמת, אין יאָר 1918 איז דערשינען אין ניו יאָרק „די געשיכטע פון יידישן טעאַטער" פון ב. גאָרין, וואָס דאַרף, לויט דעם אונטערטיטל, אַרומנעמען גאַנצע „צוויי טויזנט יאָר טעאַטער ביי יידן", נאָר אין דעם דאָזיקן ווערק ווערט די תקופה, וואָס אינטערעסירט שיפּערן, אָפּגעפּאַרטיקט כמעט מיט גאָרנישט.

חוץ די שוועריקייטן ביים אויסגעפינען די מקורים, האָט זיך געשטעלט פאַר שיפּערן אַ ווייטערדיקע שוועריקייט. ווען ער האָט די מקורים געפונען, זענען דאָס געווען בלויז ברעקלעך און שפּליטערס. עס האָט זיך געניטיקט אַ קאָמפּליצירטער אַנאַליז, עס האָט זיך געניטיקט גאונות כדי פון די דאָזיקע ברעקלעך און שפּליטערס אויפצושטעלן אַ גאַנץ בילד.

עס איז אויך נישט קיין צופאַל, אַז דאָס ווערק נעמט אַרום דעם צייט־אָפּשניט ביזן יאָר 1750. שיפּער באַגרינדעט דעם דאָזיקן פאַקט דערמיט, וואָס די ערשטע העלפט פונעם 18טן י"ה איז אַ סוף פון אַ געוויסער תקופה אין דער יידישער פּאָעזיע און דראַמאַטישער ליטעראַטור. אין דער תקופה ביז דער העלפט פונעם 18טן י"ה טרעט אַרויס די שאַפונג אין פאָדערגרונט און דער מחבר איז אין הינטערגרונט. דאָס מיינט, אַז די שאַפונגען, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט פון יענע צייטן, האָבן דאָס רוב נישט קיין מחברים. אין דער ווייטערדיקער תקופה, נאָך דער העלפט פונעם 18טן י"ה, איז שוין דער מחבר אינעם פאָדערגרונט און די אַנאָנימע אָדער קאָלעקטיווע שאַפונג אינעם הינטערגרונט. האָט ער אין זיין ווערק באַאַרבעט די ערשטע פון די צוויי תקופות.

איינער פון די מעטאָדן, מיט וועלכן שיפּער באַנוצט זיך אין דער „טעאַטער־געשיכטע", איז דער פאַרגלייך־מעטאָד. די אויפטוען אויפן געביט פונעם יידישן טעאַטער פאַרגלייכט ער מיט ענלעכע אויפטוען אין פרעמדע טעאַטערס. דער דאָזיקער מעטאָד איז, איבעריקנס, געווען אַ נויטווענדיקייט, ווייל אין אַ סך פאַלן איז די אַלגעמיינע (נישט יידישע) געשיכטע פון דער

דראַמע און טעאַטער געווען פאַרן מחבר דער איינציקער אָנלען אין זיינע אויספירונגען. אין שייכות מיט דעם דאָזיקן פאַרגליך־מעטאָד שטעלט זיך באַלד די ערשטע פראַגע: פאַר וואָס האָבן זיך ביי די נישט־ייִדישע פעלקער אויפגעהיט פאַרהעלטענישמעסיק אַ סך מער טעקסטן פון דראַמאַטישע שאַפונגען פונעם מיטל־עלטער, ווי ביי ייִדן? שיפּער האַלט אַז דער דאָזיקער פאַקט איז נישט קיין באַווייז אויף דעם, אַז די דראַמאַטישע קונסט איז ביי ייִדן געווען שוואַכער אַנטוויקלט ווי ביי נישט־ייִדן. יענע צייטן, זאָגט ער, זענען פול מיט מלחמות און רדיפות אויף ייִדן. בעת די דאָזיקע קאַטאַקליזמען זענען די ייִדישע שאַפונגען פונקט ווי די ייִדישע לעבנס און פאַרמעגנס געווען די ערשטע כפּרה־הינדלעך. דעריבער איז דאָס ביסל פון די ייִדישע טעקסטן, וואָס האָט זיך יאָ אויפגעהיט, אַ סימן, אַז אין מיטל־עלטער איז געווען אַ רייכע ייִדישע טעאַטער־ליטעראַטור.

די פאַרטיילונג פון דער „טעאַטער־געשיכטע" איז געמאַכט אויף פאָלגנדיקן אופן: דער ערשטער באַנד נעמט אַרום די שילדערונג פון דער גאַנצער תּקופה ביזן יאָר 1750. דער צווייטער און דריטער באַנד אַנטהאַלטן באַאַרבעטונגען פונעם עטנאָגראַפישן (פאָלקלאָריסטישן) מאַטעריאַל, וואָס באַגרינדט די אויספירן פונעם ערשטן באַנד.

ביים אָנהייב פונעם ערשטן באַנד גיט שיפּער אַ קורצן איבערבליק וועגן טעאַטער וואָס האָט עקסיסטירט ביי ייִדן אין די גאַר אַלטע צייטן. אויפן סמך פון אייניקע נאָטיצן וואָס זיינען פאַראַן ביי יאָסעפוס פלאַוויוס און ביים רוימישן היסטאָריקער טאַציטוס, דערציילט שיפּער וועגן שפורן פון אַ טעאַטער־קונסט ביי ייִדן אין דער צייט אַרום דעם צווייטן חורבן.

באַדייטנדיקע שפורן פון טעאַטער האָבן זיך אויפגעהיט פונעם פריִען מיטל־עלטער. עס איז באַוווּסט, אַז די פירערס פון דער ייִדישער רעליגיעזער וועלט פלעגן שאַרף אַרויסטרעטן קעגן די שפּילן. אין דעם פּרט זענען די רבנים געווען איינשטימיק מיט די קריסטלעכע גייסטלעכע, וועלכע האָבן אויך באַקעמפט דאָס טעאַטער. אָבער דער באַגער פון דער מאַסע נאָך טעאַטער־שפּילן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף די גייסטלעכע און מען האָט געשפּילט טעאַטער. די קירך האָט געמוזט נאָכגעבן און זי האָט אַליין גענומען אָרגאַניזירן אַ טעאַטער, געבויט אויף אַ רעליגיעזן אינהאַלט. אַזוי זענען אַנטשטאַנען די אַ"ג „מיסטעריעס", וואָס זענען אונדז באַקאַנט פונעם פריִען מיטל־עלטער.

שיפער דערציילט, אַז אין דער צייט פון די „מיסטעריעס" פלעגן אין דער יידישער גאַס אַרויסטרעטן יידישע וויצלערס, וועלכע מען האָט גערופן „לֵצים". זיי פלעגן פריילעך מאַכן דעם יידישן עולם מיט הומאָר און קאַטאַוועס־טרייבן.

עס איז כדאי צו דערמאָנען נאָך איין פּרט, וואָס האָט אַ שייכות צום פּריִען מיטל־עלטער. עס איז באַקאַנט, אַז במשך פון עטלעכע יאָרהונדערטער (אין מיטל־עלטער) איז „דער טויטנטאַנץ" געווען דער באַליבטער רעפּער־טואַר פון די שפּילן סיי ביי קריסטן און סיי ביי יידן. דער דאַזיקער „טויטנ־טאַנץ" איז דערשינען אין פאַרשיידענע איבעראַרבעטונגען, וואָס זיינען געווען צוגעפּאַסט צו דער אַנגעהעריקער צייט. אָבער דער אָריגינאַל פון דער דאַזיקער שפּיל איז געשאַפן געוואָרן אין 14טן י״ה אין שפּאַניע און זיין מחבר איז געווען אַן אַנאָנימער ייִד (שיפער שטיצט זיך דאָ אויפן ווערק פונעם פאָרשער מ. קייזערלינג: „ספרדים, ראָמאַנישע פּאָעזיע אין שפּאַניע" — לייפּציג, 1859 — דייטש).

אינעם 16טן י״ה האָט זיך אין איטאַליע אַנטוויקלט אַ מוזיקאַלישע און דראַמאַטישע קונסט. איר צענטער איז געווען אין די הייף פון די איטאַליענישע פירשטן און זי איז געשטאַנען אויף אַ פאַרהעלטנישמעסיק הויכער ניוואָ. שיפער ברענגט באַווייזן, אַז אַ סך פון די הויפּט־טרעגערס פון דער דאַזיקער קונסט זענען געווען יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, רעזשיסאָרן און שרייבערס. אַפילו שפּעטער, ווען די איטאַליענישע קונסט האָט באַקומען אַ פאַלקסטימלעכן כאַראַקטער און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער „קאָמעדיאַ דעל׳אַרטע", האָבן יידישע קינסטלערס געהאַט אין איר אַ חשובן חלק.

פון יענעם יאָרהונדערט האָבן זיך אויפגעהיט בפירושדיקע שפּורן פון יידישע קאָמעדיאַנטן, וואָס האָבן פאַרווילט אויסשליסלעך אַ יידישן עולם. מע רופט זיי די „נאַרן" און זיי טראָגן „געזעליקייט" (פריילעכקייט) אין די געטאָס פון דייטשלאַנד און פון די סלאַווישע לענדער.

אין דער באַשרייבונג פון דער יידישער טעאַטער־קונסט אינעם 16טן י״ה שטיצט זיך שיפער דער עיקר אויף דער זאַמלונג פון לידער פון אייזיק וואליך. די דאַזיקע זאַמלונג האָט זיך אויפגעהיט פונעם 16טן י״ה און זי איז אינעם פאָריקן יאָרהונדערט אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף דייטש אין דער באַאַרבעטונג פון פעליקס ראָזענבערג. די ערשטע שפּורן פון אַ דראַמאַטישן פּרווו אויף יידיש געפינט שיפער אין מנחם אַלדענדאָרפס דיאַלאָג „וויכוח

צווישן דעם יצר הרע און יצר טוב״. דער דאָזיקער דיאַלאָג דערמאָנט לויט זיין באַאַרבעטונג די „שול־דיאַלאָגן״, וואָס זענען אין יענער צייט געווען שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די קריסטן. דער דיאַלאָג איז נישט דער איינציקער באַווייז פון דעם איינפלוס פון די קריסטלעכע טעאַטער־שפּילערס אויף די יידישע. עס איז אַ פאַקט, אַז אַפילו די תּנך־דראַמעס, וואָס יידישע טעאַטער־גרופּעס האָבן געשפּילט אין יענער צייט, זענען געווען אַ באַאַרבעטונג פון די קריסטלעכע „ביבלישע דראַמעס״. עס זאָגט אויף דעם עדות די דראַמע „יונה״, וואָס האָט זיך אויפגעהיט אין דער זאַמלונג פון אייזיק וואַליך.

דער סוף פונעם 16טן י״ה שטייט ביי די קריסטן אונטערן צייכן פון די „פאַסטנאַכט־שפּילן״. אין דער יידישער גאַס ווערן די דאָזיקע פאַסטנאַכט־שפּילן איבערגעאַרבעט אויף פורים־שפּילן. אין אייזיק וואַליכס זאַמלונג איז פאַראַן אַ פאַרס א״נ „פורים־ליב עס און טרינק לוסטיקע בחורים״, וואָס גיט אונדז דעם פריִעסטן מוסטער פון פורים־שפּיל.

אין דער באַאַרבעטונג פונעם 17טן און דער ערשטער העלפט פונעם 18טן י״ה שטיצט זיך שיפּער, דער עיקר, אויף יאָהאַנעס יאַקאָבוס שודט, דעם גימנאַזיע־רעקטאָר פון פראַנקפורט, וועלכער האָט אין יאָר 1714 אַרויס־געגעבן די זאַמלונג „יידישע מערקווירדיקייטן״. אין דער דאָזיקער זאַמלונג איז פאַראַן אַ שלל ידיעות וועגן די פורים־שפּילן פונעם 17טן און אָנהייב 18טן י״ה.

אויך אין דער תּקופה זעט זיך אָן אַ שטאַרקע פרעמדע השפּעה ביי די יידישע שפּילערס. דער נאַר איז שוין אַוועק, זיין אָרט האָט פאַרנומען דער „האַנס־וווּרסט״ און דער „פּיקל־הערינג״. ביידע זיינען זיי אַ קאָפּיע פונעם איטאַליענישן „אַרלעקינאָ״, אָדער פונעם ענגלישן „קלאָון״. דער ערשטער יידישער „האַנס־וווּרסט״, וועגן וועלכן עס איז פאַראַן אַ ידיעה, איז יעקב בן מרדכי ריז פון פּראָג.

אין דער ערשטער העלפט פונעם 18טן י״ה איז שוין פאַראַן אַן אָר־גאַניזירט פורים־טעאַטער, וואָס שפּילט במשך פון צוויי סעזאָנען אין יאָר. פורים און חנוכּה. דעם קערן פונעם טעאַטער שאַפן פּראָפעסיאָנעלע שפּילערס און זיי נעמען זיך צו הילף ישיבה־בחורים, בעלפערס און קלעזמערס. אויף אַזאַ אופן ווערן געשאַפן די פורים־שפּילער־גרופּעס, וואָס זענען שוין דעמאָלט געווען מאָדערניזירט און האָבן געטראָגן קענטיקע השפּעות פון די ראַציאָ־נאַליסטישע ליטעראַטור־שטרעמונגען.

שיפּערס אַנאַליטיש־סינטעטישער מעטאָד ביים באַארבעטן היסטאָרישע מאַטעריאַלן האָט אין דער טעאַטער־געשיכטע געהאַט אַ זייער ברייט פעלד צום באַוויזן זיך. אינעם רשות פונעם פאָרשער זענען געשטאַנען נישט מער ווי שטיקלעך ידיעות, ברעקלעך טעקסטן פון דראַמעס, רמזים און אָנצוהערענישן. פון אָט דעם מאַטעריאַל האָט שיפּער אויפגעשטעלט אַ גאַנצן בנין פונעם אַמאָליקן יידישן טעאַטער־וועזן. ער האָט נישט בלויז אָנגעצייכנט דאָס אויסערלעכע אויסזען פונעם טעאַטער, ער האָט נישט בלויז באַשריבן זיין רעפּערטואַר, זיין פאַרנעם און אויסווירקונג אין דער געזעלשאַפט, נאָר ער איז אויך אַריין הינטער די קוליסן פונעם טעאַטער און האָט באַשריבן די טעאַטער־טעכניק פון די יידישע שפּילערס. די דאָזיקע ידיעות וועגן דער טעאַטער־טעכניק האָט ער אַרויסגענומען טאַקע אויך פון די טעקסטן פון דראַמעס. ער האָט אויפגעשטעלט אַ גאַנצן בנין פון היפּאָטעזעס וועגן דער טעאַטער־טעכניק.

שיפּערס שילדערונגען וועגן דער טעאַטער־טעכניק קאָנען בקיצור רעזומירט ווערן אויף פאָלגנדיקן אופן: נאָך אין די עלטסטע צייטן האָבן יידישע שפּילערס באַנוצט זיך מיט קאָסטיומען. טעאַטער־דעקאָראַציעס זענען אויפגעקומען ערשט ביים סוף פונעם 17טן י״ה. אין 18טן י״ה פירן מיט זיך מיט די וואַנדערנדיקע יידישע טעאַטער־טרופּעס גאַנצע דעקאָראַציע־אויסשטאַטונגען. זיי פאַרמאָגן אַפילו די געהעריקע מאַשינען, וואָס זענען נייטיק צום אויפצייַען די דעקאָראַציעס.

די פראַגע פון דער אויסווירקונג פונעם טעאַטער אין דער געזעלשאַפט פאַרענטפערט שיפּער אויפן סמך פון די, אין אַ גרויסער צאָל, פאַראַנענע (פאַרשטייט זיך נעגאַטיווע) אָפּרופן וועגן טעאַטער מצד רבנים און אָרטאָדאָקסישע פירערס פון יענע צייטן. פון די דאָזיקע אָפּרופן נעמט ער אַרויס, אַז דאָס פאָלק האָט געהאַט אַ וואַרעמע באַציִונג צו די שפּילערס און צו זייערע אויפטוען. נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון די רבנים פלעגט דאָס פאָלק באַזוכן די פאָרשטעלונגען.

דער צווייטער באַנד פון דער „טעאַטער־געשיכטע״, ברענגט טעקסטן פון יידישע דראַמאַטישע ווערק, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט פון די באַזונדערע תקופות, אָנהייבנדיק פונעם 16טן י״ה ביז אַן ערך 1750. די דאָזיקע טעקסטן באַגלייט שיפּער מיט זיינע הערות און באַטראַכטונגען און מע קאָן דרייסט זאָגן, אַז זיי ביידע (סיי די טעקסטן און סיי די הערות) שטעלן מיט זיך פאָר

אן אומשאצבארן ווערט פאר דער יידישער פאלקלאר־פארשונג. די אויספירן פונעם צווייטן באנד זענען, אזוי צו זאגן, א זאכלעכע דאקומענטאציע פונעם אינהאלט פונעם ערשטן באנד.

דער דריטער באנד איז א זאמלונג פון אלטע פורים־שפילן, וואס האבן זיך (פונקט ווי די מאטעריאלן פונעם צווייטן באנד) אויפגעהיט אין דער מינדלעכער טראדיציע. אויך אינעם דריטן באנד באגלייט שיפער די טעקסטן מיט זיינע חריפותדיקע הערות און באטראכטונגען.

שיפערס „טעאטער־געשיכטע" איז געווען דאס ערשטע ווערק פון דעם מין אין דער יידישער ליטעראטור. אין די יארן, ווען זי איז דערשינען, האט זי ארויסגערופן א גרויסן אינטערעס אין די יידישע קולטור־קרייזן. זי איז אויך געווען קריטיקירט און די קריטיקערס האבן אויפגעוויזן א ריי אומפינקטלעכקייטן, וואס זענען דארט פאראן. נישט קוקנדיק אויף די אומפינקטלעכקייטן, האבן פון דעסטוועגן די קריטיקערס אפגעשאצט זייער הויך שיפערס ווערק און זיי האבן אונטערגעשטראכן זיין פיאנערישן כאראקטער. דאס ווערק איז ביזן היינטיקן טאג געבליבן א יחיד במינו. נאך שיפערן האט קיינער זיך נישט אונטערגענומען נאך א מאל אויסצופארשן די געשיכטע פונעם יידישן טעאטער.

די „טעאטער־געשיכטע" איז א פארשונגס־ווערק, וואס שטיצט זיך, דער עיקר, אויף פאלקלאר. לייענענדיק זי, איז אפט מאל שווער צו אונטערשיידן, ווו עס ענדיקט זיך געשיכטע און ווו עס הייבט זיך אן פאלקלאר. די דאזיקע צוויי עלעמענטן זענען דארט צוזאמענגעוועבט אין איין איינהייט. אט דאס באווייזט, אז שיפער איז טיף אריינגעדרונגען אויך אינעם געביט פון פאלקלאר.

ביים צונויפקלייבן דעם פאלקלאריסטישן מאטעריאל האבן שיפערן געהאלפן צוויי בארימטע ספעציאליסטן אויפן געביט פון פאלקלאר: ש. לעמאן און דער דיכטער הערשעלע. אבער אחוץ דעם האט שיפער אליין אנגעזאמלט א סך מאטעריאלן. עס איז באקאנט זיין לײדנשאפט צו זאמלען אלטע פורים־שפילן. ער פלעגט זיך דערמיט פארנעמען אויך אין די שפעטערדיקע צייטן, נאך דעם ארויסגעבן די „טעאטער־געשיכטע".

דאס געביט פון פאלקלאר און זיין פארשונג איז פאר שיפערן געווען אין אלע יארן שטארק אנציִעודיק. אין יאר 1928 האט ער אין דער יידיש־פוילישער טאגצייטונג „נאש פזשעגלאנד" (ווארשע) פארעפנטלעכט אן ארבעט וועגן דעם יידישן פאלקסליד אין דער צייט פונעם אויפשטאנד 1863 (פויליש).

אין יאָר 1933 האָט ער אינעם זשורנאַל „סאָציאַלע מעדיצין", וואָס איז אַרויס־געגעבן געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט „טאָז", אָפּגעדרוקט אַן אַרבעט א"נ „אַלט־יידישער פאָלקלאָר אין שפּאַן פון ,טאָז'־אַרבעט". ער האָט דאָרט איבערגעגעבן דעם טעקסט פון דעם פורים־שפּיל פון דער חברה ביקור־חולים אין אָטוואָצק. עס איז אַ פורים־שפּיל, וואָס האָט אַ זייער אַלטע טראַ־דיציע און וואָס פלעגט נאָך אין שיפּערס צייטן יעדעס יאָר געשפּילט ווערן אין אָטוואָצק (לעבן וואַרשע).

אַ דריטע פאָלקלאָריסטישע אַרבעט, וואָס דאַרף דערמאָנט ווערן, זענען זיינע הערות (7 זייטן) צו די פורים־שפּילן, וואָס זענען אינעם יאָר 1938 אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם נומער 5 פון די „פילאָלאָגישע שריפטן" פון ייוואָ.

שיפּערס אינטערעס פאַרן יידישן טעאַטער האָט אָנגעהאַלטן במשך פון זיינע אַלע יאָרן. ער פלעגט דעם טעאַטער דינען מיט זיין עצה און מיט מעשים. ווען עס איז אין יאָר 1929 ביי דער „קולטור־ליגע" געגרינדעט געוואָרן די טעאַטער־שול, איז שיפּער דאָרט געווען לערער. זיין שטרעבונג איז געווען אויסצובילדן אַן אינטעליגענטן קאַדער פון יידישע שוישפּילערס וואָס זאָלן דאָס יידישע טעאַטער דערהייבן צו דער העכסטער מדרגה פון קונסט.

ו

## „יידישע געשיכטע"

[ווירטשאַפט־געשיכטע]

די קאַדענץ פונעם צווייטן פוילישן סיים האָט זיך פאַרענדיקט אין יאָר 1927. שיפּער איז צום דריטן סיים נישט אויסגעקליבן געוואָרן. ער איז אָבער ווייטער געבליבן פאַרבונדן מיט דער פּאָליטישער אַרבעט ווי אַ פירנדיקער חבר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן.

אַן ערך אין יענער צייט איז געעפנט געוואָרן די נייע אַקאַדעמישע היים אין וואַרשע. זי האָט זיך געפונען אויף פּראַגע. שיפּער איז אַלע יאָרן געווען פאַרבונדן מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון דער אַקאַדעמישער יוגנט. אַ געוויסע צייט איז ער אויך געווען פאָרזיצער פון דער הילף־אָרגאַניזאַציע פון די אַקאַדעמיקערס. ווען עס איז פריי געוואָרן דער אַמט פון דירעקטאָר פון דער אַקאַדעמישער היים, איז שיפּער באַשטימט געוואָרן פאַר דירעקטאָר.

שיפער האָט זיך צוזאַמען מיט זיין פרוי, מרים (איר נאָמען פון דער היים איז געווען שוואַרץ, אַ שוועסטער פונעם אין ישׂראל פאַרשטאָרבענעם פירער פון „פועלי־ציון״ אין גאַליציע, ד״ר קאָפּל שוואַרץ) און זייערע צוויי טעכטער אַריינגעצויגן אין דער אַקאַדעמישער היים, אויף נאַמיעסטניקאָווסקע. דאָרט האָט ער געוווינט ביז צו דער מלחמה.

ווי זיין שטייגער איז געווען, איז ער אויך אין דער צייט געווען פאַרנומען מיט פּלערליי אַרבעטן. חוץ די שוין אויסגערעכנטע שטעלעס האָט ער אָנ־גענומען די שטעלע פון אַ דאָצענט פונעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט (אויף טלאָמאַצקע). זיין אָפיציעלער טיטל איז געווען: „דאָצענט פון דער יידישער ווירטשאַפט־געשיכטע און סטאַטיסטיק״. דער יודאַיִסטישער אינסטיטוט האָט געהאַט דעם סטאַטוט פון אַן אַקאַדעמישן לערן־אַנשטאַלט. די דאָצענטן־קאָלעגיע איז באַשטאַנען פון אַזעלכע געלערנטע ווי ד״ר משה שאָר, ד״ר מאיר באַלאַבאַן, ד״ר יצחק שיפּער א״אַ. אינעם לערן־יאָר 1930/1929 האָט דאָרט שיפּער געהאַלטן לעקציעס וועגן ווירטשאַפט־געשיכטע פון יידן אין דער צייט פון די יאַגעללאָנער, ווירטשאַפט־געשיכטע פון יידן אינעם מיטל־עלטערלעכן דייטשלאַנד, מיגראַציעס פון יידן אין די נייערע צייטן, באַפעל־קערונג־באַוועגונגען ביי יידן.

חוץ די אַלע אַרבעטן האָט שיפּער פאַרגעזעצט זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט: ער האָט ווייטער געפאָרשט און געשריבן. ער האָט געשריבן זיינע פּאָפּולער־היסטאָרישע אַרטיקלען פאַר פאַרשיידענע צייטונגען. אין „מאָמענט״ פון יאָר 1928 געפינען מיר צוו״אַ אַזעלכע אַרטיקלען, ווי „נאַפּאָלעאָן און די פּוילישע יידן״, „די זיבנבירגער גרים״״, „לעגענדעס וועגן דער איינוואַנ־דערונג פון די יידן קיין פּוילן״, „די פּוילישע אסתּר המלכּה״ א״אַ. אַ וויכטיקע ביבליאָגראַפישע אַרבעט האָט שיפּער פאַרעפנטלעכט אין „נאַש פּזשעגלאָנד״ (1928) וועגן יידישע מאַנוסקריפּטן און דאָקומענטן אין דעם אָסאָלינסקי־אינסטיטוט אין לעמבערג.

פון יענער תּקופה זענען פאַראַן שיפּערס אַרטיקלען, געדרוקטע אין אַ סך יידישע צייטונגען, אויך אין אַמעריקע און אַרגענטינע. אינעם „טאָז״־זשורנאַל („סאָציאַלע מעדיצין״ — וואַרשע) האָט ער פאַרעפנטלעכט עטלעכע סעריעס פון פאָרשונג־אַרבעטן וועגן דער עלטסטער געשיכטע פון יידישע דאָקטוירים אין פּוילן.

פון צייט צו צייט דערשיינען זיינע רעצענזיעס וועגן ביכער און שרייבערס.

די דאָזיקע רעצענזיעס צייכענען זיך אויס מיט אַ טיפער קריטישער דורכדרינגלעכקייט און גרויסער מבינות. אַזוי האָט ער אין די „ליטעראַרישע בלעטער“ (1930) געדרוקט אַ רעצענזיע „די סטיכיע שלום אַש“ און אינעם „מיעסיענטשניק זשידאָווסקי“ (1930) אַ צווייטע רעצענזיע וועגן יידישע מאָטיוון אין ליאָן פויכטוואַנגערס ראָמאַנען (פויליש). אין יאָר 1930 האָט ער אין „היינט“ אָפגעדרוקט אַן אָפהאַנדלונג וועגן דעם היסטאָריקער ד״ר היינריך גרעץ.

אין דער איצט באַהאַנדלטער תקופה האָט אויך שיפער פאַרענדיקט און אַרויסגעגעבן זיין הויפטווערק אויפן היסטאָריאָגראַפישן געביט, די „יידישע געשיכטע (ווירטשאַפט־געשיכטע“) אין פיר בענד (פאַרלאַג „אחיספר“ ביי דער געז׳ „צענטראַל“, וואַרשע, 1930). כמעט יעדן שרייבער, מחבר פון אַ סך ביכער, איז באַשערט צו האָבן איין ווערק, וואָס די עפנטלעכקייט באַטראַכט פאַר זיין הויפטווערק. עס טרעפט אַפילו, אַז דער מחבר איז נישט מסכים מיטן מישפט פון דער עפנטלעכקייט, ווייל לויט זיין איינזען דאַרף אַן אַנדער בוך באַטראַכט ווערן פאַר זיין הויפטווערק. עס העלפט אָבער גאָרנישט. אַז די עפנטלעכקייט האָט אויסגערופן אַ געוויס בוך ווי דאָס הויפטווערק פונעם מחבר, וועט זיך אויך בקרוב דער נאָמען פונעם מחבר צוזאַמענגיסן אין איין איינהייט מיטן נאָמען פון זיין הויפטווערק. ביי אונדז איז נאָך ביז היינט דער נאָמען „ד״ר יצחק שיפער“ אַ סינאָנים פונעם באַגריף „יידישע ווירטשאַפט־געשיכטע“. אָבער שיפער איז געווען מסכים. ער האָט אַ פאָרשונג־אַרבעט פון אַ האַלבן לעבן אַוועקגעגעבן, כדי אָנצושרייבן דאָס דאָזיקע ווערק. נאָך אין די יאָרן פון זיין פריִעסטער יוגנט, דעמאָלט ווען ער האָט געשריבן דעם „אָנהייב פון קאַפיטאַליזם“, האָט ער שוין געוואָרעמט אין האַרצן דעם געדאַנק וועגן אַן אַלגעמיינער יידישער ווירטשאַפט־געשיכטע. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים באַגלייט בעת די שטורמישע מלחמה־יאָרן און אויך שפעטער. פאַרענדיקנדיק דאָס דאָזיקע בוך האָט ער פאַרווירקלעכט דעם חלום פון זיין לעבן. אַזוי זאָגט ער אַליין אין דער הקדמה צו זיין „טעאַטער־געשיכטע“: „נישט מער ווי אַ חלום איז געווען אויך די איצטיקע אַרבעט, און זי איז פאָרט אַנטשטאַנען“.

אין יאָר 1928 איז אין די „שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק“ (אויסגאַבע פון ייִוואָ) דערשינען אַן אַרטיקל פון פראָפ׳ שמעון דובנאָוו א״נ „וואָס פעלט אין אונדזער געשיכטע“. אינעם דאָזיקן אַרטיקל באַקלאָגט זיך

דובנאָוו, אַז אין דער יידישער געשיכטע איז דער עקאָנאָמישער טייל ביז דער לעצטער צייט נישט געווען באַאַרבעט אין אַ געהעריקער מאָס. „דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך — שרייבט דובנאָוו — ווען מע דערמאָנט זיך, אַז די אייראָפּעיִשע פעלקער האָבן צו טאָן מיט אַ צייטרוים פון העכסטנס טויזנט יאָר און דאָס אויך אויף איין טעריטאָריע. דער יידישער היסטאָריקער האָט אָבער צו טאָן מיט אַ דריַיטויזנט־יאָריקער געשיכטע אויף טעריטאָריעס פון דער גאַנצער וועלט." דובנאָוו פאַרענדיקט זיין אויספיר מיט דער פעסט־שטעלונג, אַז די אויבן־דערמאָנטע שוועריקייטן זענען אָבער נישט קיין תירוץ קעגן דער נייטיקייט אַריינצופירן דעם עקאָנאָמישן עלעמענט אין דער יידישער געשיכטע. אַן ערך צוויי יאָר נאָכן דערשיינען פון דובנאָווס אַרטיקל איז שוין אויף די פּאָליצעס פון די יידישע בוכהאַנדלונגען געלעגן שיפּערס בוך, וואָס האָט אויסגעפּילט דעם בלויז אין אונדזער געשיכטע־שרייבונג.

עס איז פאַראַן אַ סך אמת אין שיפּערס אויפפאַסונג, אַז בעת מען קוקט אויף דער געשיכטע אונטער דער פּריזמע פון עקאָנאָמישע אַנטוויקלונגען באַקומען די באַזונדערע היסטאָרישע געשעענישן און די גאַנצע געשיכטע אַ גאַנץ אַנדערע פאַרב און אַן אַנדער אויסזען. לאָמיר עס גלייך אילוסטרירן מיט ביישפּילן. דאָס קאַפּיטל וועגן די אינקוויזיטאָרן איז אונדז פון דער אַלגעמיינער געשיכטע באַקאַנט אונטער דער פאָלגנדיקער פאַרשטעלונג: די אינקוויזיטאָרן, אַזעלכע ווי קאַפּיסטראַנאָ, טאָרקוועמאַדאָ און אַנדערע זענען געווען רעליגיעזע פאַנאַטיקערס. דער דאָזיקער רעליגיעזער פאַנאַטיזם האָט זיי געטריבן צו מאָרד־מעשׂים, מיט וועמענס הילף זיי האָבן געמיינט אויס־צוראָטן די אַנדערש־גלייביקע. הכּלל, מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אויסשליסלעך־אידעיִשע מאָטיוון. ווען מע באַטראַכט אָבער דעם זעלבן ענין אונטער דער פּריזמע פון עקאָנאָמישע געשעענישן באַקומט זיך אָט וואָס: קאַפּיסטראַנאָ וואָלט נישט געקאָנט אָנהייבן זיין פאַרטיליקונג פון יידן, ווען נישט דאָס, וואָס די קריסטלעכע שטאָטישע באַפעלקערונג, די סוחרים און האַנטווערקער האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון יידן צוליב קאָנקורענץ־טעמים. טאָרקוועמאַדאָ וואָלט נישט דורכגעפירט זיין אינקוויזיטאָרישע אַרבעט אין שפּאַניע, ווען נישט דאָס, וואָס דאָס קעניגלעכע פּאָרל, פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, האָבן געוואָלט צורויבן די יידישע פאַרמעגנס.

די געבראַכטע ביישפּילן באַווייזן נישט, אַז די היסטאָרישע געשעענישן האָבן אונטער דער פּריזמע פון ווירטשאַפטלעכע באַטראַכטונגען פאַרלוירן

זייערע אידעיִשע מאָטיוון. זיי באַווייזן אָבער, אַז דער עקאָנאָמישער עלעמענט שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. אָט אַזוי דעפֿי־נירט שיפּער זיין שטעלונג צו דער טעאָריע פֿון דער „מאַטעריאַליסטישער וועלט־באַנעמונג״. ער האַלט, אַז זי איז איינער פֿון די זיכערסטע פֿאָרשונג־מעטאָדן. ער איז אָבער אַנטשיידן קעגן דעם, אַז דער דאָזיקער מעטאָד זאָל דערהייבן ווערן צו דער מדרגה פֿון אַ וועלטבאַנעם.

די „ייִדישע געשיכטע (ווירטשאַפֿט־געשיכטע)״ נעמט אַרום די תּקופֿה פֿונעם מיטל־עלטער און שילדערט דאָס עקאָנאָמישע לעבן פֿון ייִדן אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, איטאַליע, פּוילן, אונגאַרן און די איבעריקע לענדער פֿון מיטל־אייראָפּע.

די סאָציאַלע לאַגע פֿון די ייִדן אין מיטל־עלטער לאָזט זיך איינשליסן אין די ראַמען פֿונעם „ייִדישן רעגאַל״. דער דאָזיקער באַגריף איז געשאַפֿן געוואָרן דורך די מיטל־עלטערלעכע הערשערס און געמיינט האָט ער דעם הכנסה־קוואַל פֿון ייִדן, וואָס פֿילט אָן מיט געלט דעם קעניגלעכן אוצר. אַ בילדלעכע פֿאָרשטעלונג פֿונעם „ייִדישן רעגאַל״ גיט אונדז די אַ״ג „גאָלדענע בולע״, וואָס דער דייטשישער קיסר קאַרל דער פֿערטער האָט אין יאָר 1355 געגעבן די קורפֿירשטן. אין דער בולע ווערט געזאָגט, אַז היות ווי די קור־פֿירשטן איז באַוויליקט צו עקספּלואַטירן אין זייערע שטחים אַלע גרובנס פֿון גאָלד, זילבער, צין, קופּער, בליי און אייזן, ווי אויך אַנדערע מעטאַל־גרובנס און זאַלץ־זידערייען, טאָ „זאָלן זיי אויך האָבן דאָס רעכט אויפֿצונעמען און צו האַלטן ביי זיך ייִדן און צו געניסן פֿון די צאָל־אָפּצאָלונגען״.

דער „ייִדן־רעגאַל״ שטאַמט אויסשליסלעך פֿון עקאָנאָמישע טעמים. אין משך פֿון 11טן און 12טן י״ה האָבן די מערב־אייראָפּעיִשע קעניגן און פֿירשטן באַנוצט זיך מיט געדונגענע סאָלדאַטן צו מלחמות. אַזוי ווי זיי פֿלעגן זייער אָפֿט פֿירן מלחמות, האָבן זיי געדאַרפֿט זייער אַ סך געלט פֿאַר דער אויס־האַלטונג פֿון די אַרמייען. האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די ייִדן ווי אַ וויכטיקן פֿינאַנץ־אָביעקט.

ווען דער הערשער איז געווען אַ גוטער באַלעבאָס, האָט ער געטראַכט וועגן דעם היינט און אויך וועגן דעם מאָרגן. אַזאַ הערשער פֿלעגט דעם „ייִדן־רעגאַל״ אויסנוצן בלויז אין אַזאַ מאָס, אַז דער ייִד זאָל נאָך קאָנען לעבן און זאָל אויך שפּעטער קאָנען אַריינטראָגן דאָס געלט אין דער קעניגלעכער שאַצקאַמער. עס זענען אָבער געווען הערשערס, וואָס האָבן בלויז געטראַכט

ווענן היינט. זיי פלעגן ביי די יידן אויספרעסן דאָס לעצטע געלט און דערנאָך זיי פאַרטרייבן. אַזאַ פּאָליטיק האָבן געפירט די קעניגן פון ענגלאַנד און פראַנקרייך. די הערשערס פון שפּאַניע, פון די פאַרשיידענע דייטשישע און איטאַליענישע לענדער זיינען געווען „גוטע באַלעבאַטים" און דעריבער האָבן יידן אין יענע לענדער זיך געקאָנט דערהאַלטן אַ סך לענגער, ווי אין ענגלאַנד און פראַנקרייך.

שפּעטער דערוויזט, אַז אין דייטשלאַנד האָבן די יידן־רדיפות געהאַט אין געוויסע צייטן אַן עקאָנאָמישן און סאָציאַלן כאַראַקטער. אַרום דעם „יידן־רעגאַל" איז דאָרט שטענדיק אָנגעגאַנגען אַ קאָנקורענץ־קאַמף. נאָך דעם, ווען דער קיסר האָט אַ טייל פונעם רעגאַל איבערגעגעבן צו די פירשטן, האָבן אויך די שטעט געוואָלט האָבן אַ חלק אין די הכנסות, וואָס פלעגן אַריינקומען פון די יידן. סוף־כל־סוף האָבן די שטעט דערגרייכט דאָס זייעריקע. די יידן פון אַ טייל גרעסערע שטעט זיינען אָנערקענט געוואָרן ווי לייב־אייגענע פון די שטעט. די שטאָטישע פּאַטריציערס, וועלכע זיינען געווען הערשערס אין די שטעט, פלעגן אויסנוצן די יידן ווי ווערקצייג ביים אויסוווּכערן די אָרעמע באַפעלקערונג־טיילן. ס'איז אַ באַוווּסטע זאַך, אַז די יידן פלעגן טרייבן זייערע קרעדיט־געשעפטן מיט געלטער פון די שטאָטישע פּאַטריציערס. דעריבער זענען די פּאַטריציערס געווען פאַראינטערעסירט, אַז עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין פּאָגראָמען אויף יידן, ווייל בעת אַ פּאָגראָם פלעגט זיך דער המון קודם־כל נעמען צו פאַרניכטן די וועקסלען, וואָס זענען געלעגן ביי יידן ווי באַווייזן פון די קריסטלעכע חובות.

די יידן־רדיפות אין דער צייט פונעם שוואַרצן טויט זענען געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון קאַמף צווישן די האַנטווערקער־צעכן און די פּאַטריציערס פון די שטעט. די האַנטווערקער־צעכן האָבן זיך געוואָלט באַפרייען פון די חובות, וועלכע האָבן זיי שווער געדריקט. דער לייכטסטער וועג דערצו האָט געפירט דורכן אויסהרגענען די בעלי־חובות, דאָס הייסט די יידן. אָבער הינטער די יידן זענען געשטאַנען די פּאַטריציערס, די פינאַנציסטן, וואָס האָבן געהאַט אינעם עסק שטעקן קאַפּיטאַלן. אַזוי אַרום האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף צווישן די צעכן און די פּאַטריציערס. די יידן זיינען געווען דער שטענדיקער שעיר לעזאזל, ווייל אָדער די פּאַטריציערס האָבן זיך פאַרגלייכט מיט די צעכן, וועלכע האָבן זיך מתחייב געווען אַ געוויסן טייל פון די וועקסלען נישט צו פאַרניכטן און דערפאַר האָבן זיי פון די פּאַטריציערס באַקומען די

ברכה אויפן ייִדן־פּאָגראָם, אָדער דער המון האָט גלאַט זיך נישט צוגעהערט צו די פּאַטריציערס און גלייך גענומען ברענען ייִדן.

אויך דער טרויעריק־באַרימטער עלילת־דם־פּראָצעס אין טרענט (1475) האָט געהאַט אַן עקאָנאָמישן און אַ סאָציאַלן הינטערגרונט. אָרגאַניזירט האָבן דעם פּראָצעס דער פראַנציסקאַנער מאָנאַך בערנאַרד פון פעלטרע און דער טרענטער בישאָף הונדערבאַך. דער בישאָף האָט געהאַט אויסגערעכנט, אַז ווען ער וועט אָנוועקשטעלן פאַר דער עפנטלעכקייט דעם קערפּער פונעם פּלומרשט, דורך ייִדן, געהרגעטן קינד, וועלן קומען אַ סך עולה־רגלניקעס (פּילגרימערס) און די קירך וועט דערפון האָבן הכנסות. דאָקעגן האָט דער מאָנאַך געהאַלטן פייערדיקע העצרעדעס פאַרן פאָלק. ער האָט טאַקע ריכטיק אָפּגעשאַצט די דעמאָלטיקע עקאָנאָמישע לאַגע. ער האָט דערציילט, אַז די טרענטער פּאַטריציערס האָבן אויסגעוווּכערט דאָס אָרעמע פאָלק דורך די ייִדן.

אין אָט דעם בילד זעען מיר די טרויעריקע לאַגע פונעם ייִדנטום אין מיטל־עלטער. פון איין זייט ווערט עס געדריקט דורכן באַגער פון די שׂררות צו באַרייכערן זיך, פון דער צווייטער זייט איז עס דאָס צילברעט פאַר די אויסגעוווּכערטע פאָלקסמאַסן.

גאָר אינטערעסאַנטע פּרטים ברענגט שיפּער צו דער פראַגע פון גירוש שפּאַניע. די „הייליקע אינקוויזיציע" איז פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ פּלאַן אויסצורויבן די גרויסע פאַרמעגנס פון די אַנוסים. דער קעניג האָט פּונקט דעמאָלט געדאַרפט געלט פאַר דער מלחמה אין גראַנאַדע. פערדינאַנד האָט נישט געהאַט אין זינען צו פאַרטרייבן די ייִדן פון שפּאַניע. ער האָט עס געטאָן אונטערן דרוק פון זיינע אינקוויזיטאָרישע באַהעלפערס. די ווירטשאַפטלעכע זייט פון ייִדן־גירוש איז לגמרי נישט געווען צוגעגרייט. דער קעניג האָט נישט געהאַט קיין צייט אַרויסצוגעבן די געהעריקע באַפעלן, כּדי דאָס ייִדישע פאַרמעגן זאָל אַריינגעבראַכט ווערן אין דער קעניגלעכער שאַצקאַמער. ער האָט זיך ערשט שפּעטער וועגן דעם דערמאָנט. אָבער דעמאָלט איז שוין געווען צו שפּעט. די ייִדן זענען שוין געווען מחוץ פון שפּאַניע און זייער פאַרמעגן האָט שוין געהאַט צוגענומען דאָס פאָלק.

אין יענע צייטן איז פּוילן געווען דאָס לאַנד, וואָס האָט אויפגענומען די ייִדישע שארית־הפליטה פון אַלע אייראָפּעיִשע לענדער. די פּוילישע קעניגן האָבן אין אַלע צייטן אַרויסגעוויזן צו ייִדן אַ מענטשלעכע באַציִונג. זיי פלעגן

נישט דריקן די ייִדן מיט קיין גרויסע שטייערן און זיי האָבן די ייִדן באַשיצט קעגן פּאָגראָמען. אַפילו אין שפּעטערדיקע צייטן, ווען עס האָט זיך שוין געהאַט צעפלאַקערט אין פּוילן אַן עקאָנאָמישער קריג קעגן ייִדן, האָבן די קעניגן געשיצט די ייִדן און באַשטראָפט די פּאָגראָמשטשיקעס.

שיפּער דערציילט, אַז דער דאָזיקער עקאָנאָמישער קריג קעגן ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן אין די פּוילישע מערב־געביטן און ערשט אַ סך שפּעטער האָט ער זיך צעשפּרייט אויף די מיזרח־געביטן און אויף רייסן. די סיבה פון דער דאָזיקער דערשיינונג איז די, וואָס די מערב־געביטן זענען געווען פריִער און בעסער אַנטוויקלט עקאָנאָמיש. אויפן סמך פון אָט דעם דאָזיקן פאַקט מאַכט שיפּער אַן אַלגעמיינעם אויספיר, וואָס לאָזט זיך אָנווענדן לגבי אַלע אייראָפּעיִשע לענדער בשעת דעם מיטל־עלטער. דער אויספיר איז: אַ בעסערע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג האָט שטענדיק געבראַכט שינאה צו ייִדן און רדיפות קעגן זיי; דאַקעגן אין לענדער פון אַ נידעריקער עקאָנאָמישער מדרגה האָבן ייִדן געקאָנט עקסיסטירן און זיך עקאָנאָמיש אַנטוויקלען.

דעם דירעקטן שטויס צום אָנשרייבן די „ייִדישע געשיכטע (ווירטשאַפט־געשיכטע)" האָט שיפּערן געגעבן דער פאַרשלאָג פונעם פאַרלאַג „צענטראַל" אָנצושרייבן ווירטשאַפט־געשיכטלעכע הוספות צו גרעצס ייִדישער געשיכטע. שיפּערן איז דער פאַרשלאָג געפעלן געוואָרן און ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער איז שוין באַלד פאַרטיק געווען, ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז עס זענען נישט קיין הוספות נאָר אַ זעלבשטענדיק און שלימותדיק ווערק. פון דעסטוועגן זענען אינעם ווערק פאַראַן געוויסע סימנים פון אַ הוספותדיקער באַאַרבעטונג, ווי עס האָט עס אונטערגעשטראָכן ד"ר פיליפּ פרידמאַן אין זיין רעצענזיע אויף דעם דאָזיקן ווערק, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אינעם ייִדיש־פּוילישן חודש־זשורנאַל „מיעסיענטשניק זשידאָווסקי" אין יאָר 1931. ד"ר פרידמאַן האָט דאָרט אָנגעוויזן, אַז די קאַפּיטלען פון בוך זענען צוזאַמענגעשטעלט לויט די באַזונדערע לענדער פון דער ייִדישער צעשפּרייטונג. אַזוי אַרום איז יעדעס קאַפּיטל געווען גלייך צוגעפּאַסט אַריינגעשטעלט צו ווערן נאָך דעם אַנטשפּרעכנדיקן אָפּטייל פון גרעצס געשיכטע. ביי אַזאַ מין קאָמפּאָזיציע פונעם ווערק האָט שיפּער געמוזט פאַר יעדן באַזונדערן לאַנד געבן אַ פולע שילדערונג פון דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע. ווען שיפּער וואָלט פון אָנהייב אָן געשריבן דאָס בוך ווי אַ זעלבשטענדיק ווערק, וואָלט ער אַזוי נישט געטאָן. די אַלגעמיינע ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין אַ סך לענדער איז

געווען כמעט די זעלבע און עס איז גענוג געווען צו געבן די שילדערונג בלויז איין מאָל און דערביי אָנווייזן יענע לענדער, אין וועלכע די לאַגע איז געווען אַן ענלעכע. דעם דאָזיקן חסרון אין דער צוזאַמענשטעלונג האָט שוין שיפּער נישט באַוויזן צו באַזייטיקן. ווען ער וואָלט עס געוואָלט טאָן, וואָלט ער געמוזט נאָך אַ מאָל איבערשרייבן דאָס גאַנצע בוך.

אַ געוויסן טייל פונעם מאַטעריאַל, וואָס איז אַריין אין דער „ווירטשאַפט־געשיכטע", האָט שיפּער געהאַט שוין באַאַרבעט אין זיינע פריערדיקע ווערק, באַזונדערס אינעם „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם" און אין „די ווירטשאַפטלעכע געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער". אָבער די שוין פריער באַאַרבעטע מאַטעריאַלן האָבן אַ שייכות בלויז צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן. די געשיכטע פון ייִדן אין אַנדערע לענדער האָט שיפּער צוזאַמענגעשטעלט פון די אָריגינעלע מקורים און עס איז פאַר יעדן קלאָר, אַז דאָס באַאַרבעטע פעלד האָט אַן אומגעהייער־גרויסן פאַרנעם.

שיפּערס „ייִדישע געשיכטע (ווירטשאַפט־געשיכטע)" איז דאָס איינציקע ווערק פון דעם מין, וואָס מיר פאַרמאָגן און עס וועט נאָך אַ סך ייִדישע דורות דינען ווי דער קוואַל פון ידיעות וועגן מיטל־עלטער.

ז

## פאָרשונגען וועגן ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור

חוץ דער „געשיכטע פון דער ייִדישער טעאַטער־קונסט און דראַמע", וואָס איז נישט בלויז אַ פאָרשונגווערק אויפן געביט פון טעאַטער און פאָלקלאָר, נאָר אויך אויפן געביט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט שיפּער נישט אָנגעשריבן קיין באַזונדער בוך וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור. נאָר אויב מע זאָל צוזאַמענזוכן זיינע פאָרשונג־אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער שפּראַך און דער עלטסטער ייִדישער ליטעראַטור — אַרבעטן, וואָס זענען פונאַנדערגעוואָרפן אין פאַרשידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער — וואָלטן זיי צוזאַמען געשאַפן אַ גאַנץ גרויס ווערק. שיפּער האָט במשך פון אַ סך יאָרן געפאָרשט דאָס דאָזיקע געביט און פון די אַרבעטן, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט, זעט מען, אַז ער האָט אין זיין פאָרשונג דערגרייכט אויך אויף דעם געביט וויכטיקע רעזולטאַטן.

בעת שיפּער האָט געפּאָרשט די טעאַטער־געשיכטע האָט ער אָנגעטראָפן אויף וויכטיקע מאַטעריאַלן וועגן דער אַלגעמיינער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע. אָט די מאַטעריאַלן האָבן אים געדינט ווי אַ יסוד סיי פאַר זיינע אַרטיקלען אויף דער דאָזיקער טעמע און סיי פאַר זיינע ווייטערדיקע פאָר־שונגען. אין יאָר 1926 האָט זיך שיפּער אָפּגערופן מיט אַ גאַנצער סעריע פון קריטישע אַרטיקלען אויף מאַקס עריקס בוך „וועגן אַלט־ייִדישן ראָמאַן און נאָוועלע". די דאָזיקע סעריע איז געדרוקט געוווען אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (וואַרשע, פון יוני ביז אויגוסט 1926). כאָטש שיפּער האָט אָנערקענט עריקס בוך ווי אַ וויכטיקן טריט פאָרויס אויפן געביט פון דער ליטעראַטור־פאָרשונג, האָט ער פון דעסטוועגן אָנגעוויזן אויף אַ ריי אומפּינקטלעכקייטן, וואָס דאָס דאָזיקע בוך האָט אַנטהאַלטן.

יעדע נייע דערגרייכונג פון ייִדיש פלעגט שיפּער באַגריסן מיט ענטוזיאַזם, יעדע אַרויסטרעטונג קעגן ייִדיש פלעגט ער באַקעמפן מיט זיין קאָכעדיקן טעמפּעראַמענט. אין די רייען פון זיין אייגענער אָרגאַניזאַציע, דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע, האָט ער צוליב זיין באַציִונג צו ייִדיש געהאַט אויס־צושטיין צרות. זיינע חברים האָבן אים נישט געקאָנט מוחל זיין, הלמאַי ער האָט זיך פאַרבונדן מיט קרייזן פון ייִדישיסטן, וועלכע זענען על־פּי רוב קעגנערס פונעם ציוניסטישן אויפבויוועוק אין ארץ־ישראל. שיפּער פלעגט זיי אָבער ענטפערן מיט שטאַנדהאַפטיקייט: „ייִדיש איז דאָס אייגנטום פונעם גאַנצן פאָלק און נישט אַ מאָנאָפּאָל פון די ייִדישיסטן".

אין יאָר 1928 זענען דערשינען די „פילאָלאָגישע שריפטן" פון ייִוואָ. אויף די שפּאַלטן פון די „ליטעראַרישע בלעטער" האָט שיפּער ענטוזיאַסטיש באַגריסט די דאָזיקע נייעסטע מתּנה פונעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. אין דעם זעלבן אַרטיקל האָט ער אויך רעזומירט די אָפּשאַצונגען פון די קרי־טיקערס, וועלכע האָבן רעצענזירט זיין טעאַטער־געשיכטע. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט שיפּער געשאָנקען דער רעצענזיע פון ד"ר יעקב שאַצקי.

אין דעם זעלבן יאָר 1928 זענען דערשינען צוויי ווערק וועגן דער עלטס־טער ייִדישער ליטעראַטור: מאַקס עריקס „געשיכטע פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור־געשיכטע" און ד"ר מ. וויינרייכס „בילדער פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור־געשיכטע". שיפּער האָט זיך אָפּגערופן אויף די ביידע ווערק. אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (פון מאַרץ ביז יוני 1928) איז געגאַנגען אַ סעריע

פֿון זײַנע קריטישע אַרטיקלען „וועגן עריקס געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור" און אין דער „ביכער־וועלט" (אויגוסט 1928) אַ רעצענזיע וועגן ד"ר ווײַנרײַכס ווערק.

פֿונקט ווי אין דער געשיכטע־פֿאָרשונג שטעלט שיפּער אַוועק דאָס הויפּט־געוויכט נישט אויף דאַטעס, נאָר אויף קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע אַספּעקטן, אַזוי אויך אין דער פֿאָרשונג פֿון דער עלטסטער ייִדישער ליטעראַטור זוכט ער, דער עיקר, „די פֿעדעם, וואָס בינדן צונויף אונדזערע ליטעראַטור־דענקמעלער מיט דעם שטייגער־לעבן פֿון אונדזערע זיידעס און באָבעס".
די ייִדיש־וויסנשאַפֿט, ד"ה די פֿאָרשונג אַרום דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור — האָט ער געשריבן — האָט זיך אָנגעהויבן מיט ניגערס „פּנקס" פֿון יאָר 1913 און איז אין יאָר 1928 דערהויבן געוואָרן צו אַ הויכפּונקט אַ דאַנק די ווערק פֿון מאַקס עריק און מאַקס ווײַנרײַך. שיפּער האָט די בײדע פֿאָרשערס אָנערקענט ווי די זײַלן פֿון דער ייִדיש־פֿאָרשונג אין אונדזער צײַט. ער האָט אָבער געהאַט באַוואָרענישן מכּוח די מעטאָדן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט. די דאָזיקע באַוואָרענישן האָט שיפּער פֿונאַנדערגעוויקלט אין זײַן אַרטיקל „קולטור־געשיכטלעכער פֿאָן פֿון דער עלטסטער ייִדישער ליטעראַטור", געדרוקט אין „די ייִדישע וועלט", וואַרשע, 1928 (דער דאָזיקער אַרטיקל דאַרף נישט פֿאַרביטן ווערן מיט אַ צווייטן אַרטיקל מיט דעם זעלבן נאָמען, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1935).

אונדזער אַלטע ליטעראַטור, האָט ער דאָרט געשריבן, איז גלײַך ווי אַ גרויסער וואַלד, וועלכן מיר קענען נישט. דער וואַלד באַשטייט פֿון אַ סך ביימער. די ביימער זענען די געפֿונענע דאָקומענטן־דענקמעלער פֿון אונדזער שפּראַך און ליטעראַטור. אונדזערע פֿאָרשערס פֿאַרנעמען זיך מיט שטודירן די דאָקומענטן־דענקמעלער, זיי פֿאַרקוקן אָבער די קולטור־געשיכטלעכע פֿעדעם, וואָס בינדן צוזאַמען די אַלע ביימער אין איין גרויסן וואַלד. אין די אַרבעטן פֿון די פֿאָרשערס האָט שיפּער געזען אַן אָנזאָג, אַז „מיר דערנענטערן זיך מיט גיכע טריט צו יענעם מאָמענט, ווען מע וועט שוין קאָנען זיך אָפּרוקן פֿון די ביימער, וואָס בילדן אונדזער ליטעראַריש־געשיכטלעכן וואַלד און נעמען זיך צום אויסמאָלן דעם וואַלד גופֿא".

דעם מוסטער, ווי אַזוי די דענקמעלער דאַרפֿן ווערן באַאַרבעט, געפֿינען מיר אין אַן אַנדערער אַרבעט א"נ „די עלטסטע שפּורן פֿון דער ייִדישער שפּראַך", געדרוקט אין „די ייִדישע וועלט", 1928. ער ברענגט דאָרט אַ

באַרבעטונג פון הגדות מיט עלטסטע ייִדישע איבערזעצונגען. די באַרבע־טונג איז דורכגעפירט לויט זיין קולטור־היסטאָרישן מעטאָד און זי דערפירט שיפּער צום אויספיר, אַז די עלטסטע איבערזעצונג פון „אַדיר הוא״ טראָגט אַ חותם פון דער דערנענטערונג צווישן ייִדן און הוסיטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 15טן י״ה.

עס דאַרפן דערמאָנט ווערן עטלעכע פון שיפּערס אַנדערע פאָרשונג־אַרבעטן וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור: „אַן אומבאַקאַנטער קעמפער פאַר ייִדיש מיט 50 יאָר צוריק — וועגן שם און יפת פון י. ה. מ.״ („ליטעראַרישע בלעטער״, 1927); „די עלטסטע ייִדישע דרוקער־משפחה און דאָס עלטסטע ייִדיש־טייטשע בוך אין פוילן — די משפחה העליץ־האַליטש״ („ביכער־וועלט״, 1928); מיינונגען און פּראָיעקטן פון פּאָליאַקן וועגן דער שפּראַך־פראַגע ביי ייִדן אין משך פון 16טן ביז דער העלפט פון 18טן י״ה״ („ביכער־וועלט״, 1928); „ד״ר שלמה עטינגערס וואַרשעווער קרובים און פריינד״ (לויט אַרכיוור־מקורים״, „ייִוואָ־בלעטער״, 1932); „אַ ייִדישער ליבע־ראָמאַן פון מיטל־עלטער״ (צושטייערן צו דער געשיכטע וועגן דעם אויפקום פון מעשׂה בריאה וזמירה, „ייִוואָ־בלעטער״, 1939); „ייִדישע תּנך־איבערזעצונגען״ („ליטעראַ־רישע בלעטער״, 1928).

דאָס רוב פון זיינע פאָרשונג־אַרבעטן וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור האָט שיפּער געדרוקט אין דעם זשורנאַל „די ייִדישע וועלט״. דער דאָזיקער זשורנאַל האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעשטעלט און שיפּער האָט באַוויזן בלויז אָפּצודרוקן אַ טייל פון זיינע צוגעגרייטע אַרבעטן. שפּעטער איז ער געווען פאַרנומען מיט אַנדערע אויספאָרשונגען און ערשט נאָך אַ הפסקה פון עטלעכע יאָר האָט ער זיך אומגעקערט צו דער דאָזיקער טעמע. אין די „ייִוואָ־בלעטער״ פון די יאָרן 1934 און 1935 האָט שיפּער אָפּגעדרוקט צוויי אָפּהאַנדלונגען, וואָס אַנטהאַלטן אַ קורצן סך־הכּל פון זיינע פאָרשונגען אויפן געביט פון דער עלטסטער ייִדישער ליטעראַטור. די ערשטע פון די צוויי אַרבעטן טראָגט דעם נאָמען „פּראָבלעמען פון דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע״, די צווייטע: „קולטור־געשיכטלעכער פאָן פון דער עלטסטער ייִדישער לי־טעראַטור״.

אין דער אָפּהאַנדלונג „פּראָבלעמען פון דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע״ שטעלט שיפּער אַוועק די פראַגע פון דער אַנהייבצייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור. די ייִדיש־פאָרשערס האָבן שוין דעמאָלט געהאַט פאַר־

ענטפערט די דאָזיקע פראַגע. זיי האָבן, נעמלעך, געשטיצט זיך אויף שאַפונגען אין ייִדיש־טייטש, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט פונעם 14טן י״ה און זיי האָבן געפסקנט, אַז די דאָזיקע שאַפונגען זענען נישט די ערשטע אין דער ייִדישער שפּראַך און אַז נאָך פריִער האָבן געמוזט זיין געוויסע ווערק, וואָס זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען. אויפן יסוד פון די דאָזיקע פעסטשטעלונגען האָבן איניקע פאָרשערס אַוועקגעשטעלט די טעזע, אַז דער אָנהייב פון דער ייִדישער ליטעראַטור דערגרייכט דאָס 13טע י״ה.

שיפּערן האָט אָבער דער דאָזיקער ענטפער נישט באַפרידיקט. ערשטנס, האָט ער געזאָגט, איז די גאַנצע זאַך נישט מער ווי אַ טעאָריע, און צווייטנס, אויב אַפילו אַ טעאָריע, דאַרף זי זיין באַגרינדעט מיט געוויסע ראיות, אָבער די ראיות, וואָס די ייִדיש־פאָרשערס האָבן געבראַכט, האָט שיפּער אין גאַנצן אָפּגעפרעגט. הייסט עס, אַז מע דאַרף צוטרעטן צום ענין פון סאַמע אָנהייב און נעמען זיך צום פאַרענטפערן די פראַגע. שיפּער באַמיט זיך צו טאָן די זאַך טאַקע גלייך אין דעם באַהאַנדלטן אַרטיקל. ער ווענדט ווידער אָן זיין קולטור־היסטאָרישן פאַרגלייך־מעטאָד און ער אַנאַליזירט די עלטסטע טעקסטן אין ייִדיש, אַזעלכע ווי דער „אַרטור־ראָמאַן״, דאָס „הילדעבראַנד־ליד״ (וואָס איז געווען ביי ייִדן באַזונדערס באַליבט) און אַנדערע, און ער שטעלט פעסט די דאַטעס פון זייער אַנטשטייונג. אויך אים פירן די שפּורן צוריק צום 13טן און אַפילו צום 12טן י״ה. ער וויל אָבער אויסמיידן אַ היפּאָטעטישע פעסט־שטעלונג. דעריבער פאַרנעמט ער זיך אָנצוצייכענען די שפּעטסטע גרענעץ־דאַטע פונעם אָנהייב פון דער ייִדישער ליטעראַטור, דאָס מיינט אַזאַ דאַטע, וועגן וועלכער עס קאָן שוין נישט זיין קיין ספק, אַז דעמאָלט האָט די ייִדישע ליטעראַטור עקסיסטירט. אַלס אַזאַ שפּעטסטע גרענעץ־דאַטע צייכנט שיפּער אָן די העלפט פונעם 14טן י״ה.

אין דער צווייטער אָפּהאַנדלונג „קולטור־געשיכטלעכער פאָן פון דער עלטסטער ייִדישער ליטעראַטור״ פאַרנעמט זיך שיפּער מיט דעם לעבנס־שטייגער פון די דייטשישע ייִדן אין דער תּקופה צווישן די ערשטע קרייצצוגן און דעם „שוואַרצן טויט״. שיפּער גייט אַרויס פון דער הנחה, אַז אַזוי ווי די ייִדישע ליטעראַטור איז צום ערשטן אַנטשטאַנען ביי די דייטשישע ייִדן און טאַקע אין דער נאָר וואָס דערמאָנטער תּקופה, וועט די אויספאָרשונג פונעם לעבנס־שטייגער וואַרפן אַ ביסל ליכט אויף די ייִדישע שאַפונגען פון יענער צייט.

שיפּער גייט ווידער צוריק צו די אַנאַמאַטישע מקורים, דאָס הייסט צו די אַמאָליקע נעמען, מיט וועלכע יידן האָבן זיך באַנוצט. פּונקט ווי ער האָט אַ מאָל דורך אַן אַנאַליז פון נעמען באַמיט זיך צו באַשטימען די צייט, ווען יידן אין פּוילן האָבן אָנגעהויבן צו באַנוצן זיך מיט „לשון אַשכנז", אַזוי קומט ער אויך איצט מיט דער הילף פון אַן ענלעכן אַנאַליז צום אויספיר, אַז אין דער באַהאַנדלטער תקופה איז דער לעבנס־שטייגער פון די יידן אין דייטשלאַנד געשטאַנען אונטער דער השפעה פונעם ריטערטום. ריטער־ראָמאַנען און „זאַגעס" [לעגענדעס] זענען געווען די גייסטיקע שפּייז פון די יידן. אין די יידישע גאַסן פלעגט מען אַלץ נאָכמאַכן לויטן מוסטער פון די ריטערס. יידישע זיטן, פאַרווײַלונגען און אַפילו די באַציִונג צו פראַבלעמען פון לעבן טראָגן אַ חותם פון דער ריטערלעכער השפעה.

ביי רש"י, ביי די מפרשים און מוסרניקעס, געפינט שיפּער אַ באַשטעטי־קונג פאַר זיינע אויספירן. אַזוי, צום ביישפּיל, זאָגן די מוסרניקעס, אַז חתן און כלה דאַרפן זיך נישט זען פאַר דער חתונה און אַז דער איינציקער פאַקטאָר, וואָס דאַרף דעצידירן וועגן אַ שידוך, איז דער טאַטע. די דאָזיקע שטעלונג פון די מוסרניקעס שטייט אין אַ בפירושדיקער סתירה צו דעם, וואָס מיר וויסן פון דער תלמודישער ליטעראַטור. דאָרט זאָגט זיך, אַז אַ מיידל האָט דאָס רעכט אָנצוווייזן אויף אַ בחור, וועלכן זי וויל פאַר אַ חתן. זאָגט טאַקע שיפּער, אַז דאָס וואָס עס זאָגן די מוסרניקעס איז לעבעדיקערהייט אַרויס־גענומען פונעם ריטערלעכן זיטנבוך. ביים אַמאָליקן ריטערטום איז דאָס אָפּהיטן דעם יחוס געווען די סאַמע עיקרדיקסטע לעבנספראַגע און מיר, יידן, האָבן דעם גאַנצן יחוס־קאָמפּלעקס איבערגענומען פונעם ריטערטום. דעריבער דאַרף דער טאַטע דעצידירן וועגן שידוך, ווייל נאָר ער קען פאַרזיכערן די אָפּהיטונג פון דער יחוס־ריינקייט.

פּונקט ווי דער לעבנס־שטייגער פון די יידן איז באַאיינפלוסט פון ריי־טערטום, אַזוי איז אויך די עלטסטע יידישע ליטעראַטור אַ קאָפּיע פון דער ריטער־ליטעראַטור. דאָס רוב פון די שאַפונגען אויף יידיש־טייטש, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען פון יענע צייטן, זענען איבעראַרבעטונגען פון דער דייטשישער און פראַנצייזישער ריטער־ליטעראַטור.

עס איז גאַנץ קלאָר, אַז נישט אַלע פאַרשערס זענען מסכים געווען מיט שיפּערן. פון דעסטוועגן איז ער פון זיינע מיטצייטלערס געווען באַטראַכט ווי אַ גרויסער מומחה אויפן געביט פון יידיש און יידישער ליטעראַטור.

אַ באַווייז, אַז אין דער גרויסער „ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיִקאַ", וואָס איז אין יאָר 1932 אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בערלין פון פאַרלאַג „אשכּל", איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן די באַאַרבעטונג פון די דאָזיקע צוויי טעמעס. די טעמע „יידיש" האָט ער באַאַרבעט צוזאַמען מיט ד״ר שלמה בירנבוים, די טעמע „יידישע ליטעראַטור" — צוזאַמען מיט נחמן מייזיל.

איינער פון די פיל וואונדערס, וואָס זענען געשען מיט שיפּערן איז דער, אַז ער, וועלכער האָט זיך דערצויגן אין אַן אַסימילירטער סביבה, האָט מיט אייגענע כּוחות און אָן שום אויסערלעכער הילף באַוויזן צו דערגרייכן די שלימותדיקייט אין יידיש־וויסן, אַ שלימותדיקייט, וואָס האָט אים געשטעלט צווישן די חשובסטע קענער פון יידיש אינעם פאַרגאַנגענעם דור. אין שייכות מיט דעם אַנטפּלעקט זיך אויך די פראַגע פון זיין באַציִונג צו יידיש. קלאָרער געזאָגט: וואָס איז געווען נענטער צו זיין האַרץ, געשיכטע אָדער יידיש־פאָרשונג? די דאָזיקע פראַגע קאָן נאָר טיילווייז פאַרענטפערט ווערן. צו דער געשיכטע האָט שיפּער געהאַט אַ באַציִונג ווי אַ מאַן האָט צו אַ פרוי, וועלכע ער האָט דאָס ערשטע מאָל ליב באַקומען. זיין באַציִונג צו יידיש איז געווען ווי צום אָנדענק פון דער מוטער, אַ באַציִונג פון קדושה.

און נאָך איין פראַגע שטעלט זיך: אויף וועלכן געביט איז שיפּער גרעסער, אויפן געביט פון געשיכטע־פאָרשונג אָדער יידיש־פאָרשונג? אויך אויף דער פראַגע איז שווער צו געבן אַן ענטפער, אָבער מיר וועלן עס פרוּוון טאָן. לויט דער וואָג פון זיינע ווערק איז ער גרעסער אויפן געביט פון געשיכטע. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אים אַליין איז קיין מאָל נישט געגאַנגען אין לעבן צו ווערן אַ פּראָפעסאָר פון געשיכטע. דאַקעגן האָט ער געחלומט וועגן אַ קאַטעדרע פון יידיש אויף דעם ירושלימער אוניווערסיטעט. ער וואָלט אפשר דערגרייכט דעם דאָזיקן חלום, ווען עס וואָלטן נישט געקומען די שרעקלעכע געשעענישן, וואָס האָבן געבראַכט זיין אומקום צוזאַמען מיט די מיליאָנען אייראָפּעיִשע יידן.

ח

## די יאָרן פאַרן חורבן

די דרייסיקער יאָרן פונעם היינטיקן יאָרהונדערט האָבן געבראַכט שווערע נסיונות דעם פּוילישן יידנטום. אינעם שכנותדיקן דייטשלאַנד איז

געקומען צו דער מאַכט דער בלוטדורשטיקער רעזשים פון היטלערן. דער נצחון פון נאַציזם האָט אויף די פוילישע אַנטיסעמיטן געווירקט ווי אַ רויט געוואַנט אויף אַן אָקס. זיי זענען ווילד געוואָרן אין דעם געיעג נאָך יידן. אַנטיסעמיטישע עקסצעסן פון דער אַקאַדעמישער יוגנט זענען געוואָרן אַ טעגלעכע דערשיינונג. פון שטעט און שטעטלעך האָבן אָנגעהויבן קומען ידיעות וועגן אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען. די פוילישע רעגירונג, וועלכע האָט, באַזונדערס נאָך פּילסודסקיס טויט, אָנגענומען אַן אַנטיסעמיטישן קורס, האָט אַ שאָט געטאָן מיט גזרות אויף די יידישע קעפּ.

אין אָנבליק פון דער דאָזיקער לאַגע זענען די יידישע פירערס געווען הילפלאָז. זיי האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין שום הילף נישט קעגן דער שווערער פּאָליטישער לאַגע און נישט קעגן דער פאַראָרעמונג פון די יידישע מאַסן, וואָס איז מיט זיבנמייליקע שריט געגאַנגען פאָרויס. יידישע שרייבערס, וועלכע האָבן געשריבן אויף פויליש, האָבן זיך באַמיט אויפצוקלערן פאַר דער עפנטלעכקייט די עוולות, וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן יידן. עס האָט זיך געהאַנדלט אין געווינען די סימפּאַטיע פונעם בעסערן טייל פונעם פּוילישן פאָלק, פון די דעמאָקראַטיש־געשטימטע פוילישע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן געקאָנט האָבן אַן איינפלוס אויף די מאַסן.

אין יענער צייט האָט אויך ד״ר שיפּער אָנגעשריבן אייניקע ווערק, וואָס האָבן אין אַ געוויסער מאָס געהאָט דעם אויבן דערמאָנטן ציל. איינס פון די דאָזיקע ווערק איז „יידן פון קאָנגרעס־פּוילן אין דער תּקופה פונעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד״. דאָס דאָזיקע בוך איז אין יאָר 1931 געווען שוין פאַרטיק צום דרוק. דערשינען איז עס אין יאָר 1932 ווי איינס פון די ווערק אַרויסגעגעבן דורכן יודאַיסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

דאָס פּראָבלעם פונעם יידישן אָנטייל אין דעם פּוילישן נאָוועמבער־אויפשטאַנד פון 1830—1831 האָט שיפּערן אינטערעסירט נאָך אַ סך פריער. אַזוי האָט ער נאָך אין 1927 פאַרעפנטלעכט אינעם „מאָמענט״ אַן אַרטיקל וועגן יידישע קאָנטאָגיסטן און זייער ראָל אינעם דאָזיקן אויפשטאַנד. אין יאָר 1930 טרעפן מיר אין אַ גאַנצער ריי צייטונגען און זשורנאַלן שיפּערס אַרבעטן וועגן יידן און זייער אָנטייל אינעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד. זיי האָבן געהאַט אַ שייכות צום הונדערט־יאָריקן יובל פון נאָוועמבער־אויפשטאַנד, וואָס איז דעמאָלט געפייערט געוואָרן אין פּוילן. פון צווישן די דאָזיקע אַרבעטן דאַרף דערמאָנט ווערן די סעריע „יידישע געשטאַלטן פון דער צייט פון פּוילישן

אויפשטאַנד 1830—1831״, וואָס איז אין משך פון פינף וואָכן געדרוקט געוואָרן אין די שבתדיקע נומערן פונעם „מאָמענט״. שיפּער האָט דאָרט געצייכנט די געשטאַלטן פון דריי ייִדן: ש. הערניש, י. בערקאָוויטש (דער זון פון בערעק יאָסעלעוויטש, דער קעמפער אינעם קאָשטשושקאָ־אויפשטאַנד) און ל. י. לובלינער. די דאָזיקע דריי ייִדן זענען געווען אָפיצירן פון דער פּוילישער אַרמיי. זיי האָבן זיך באַרימט געמאַכט ווי העלדישע קעמפערס און זיי האָבן אָרגאַניזירט דעם ייִדישן פאָלק ביי דער פּוילישער אויפשטאַנד־אַרמיי. כאָטש די דריי ייִדן זיינען לויט זייערע השקפות און מעשׂים געשטאַנען זייער ווייט פונעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק, דאַרף אָבער אונטערגעשטראָכן ווערן אַז זיי זענען שטענדיק אַרויסגעטראָטן ווי ייִדן.

זייער אינטערעסאַנט איז אויך אַ צווייטע אַרבעט „פּאָרטרעטן פון דריי באַרימטע ייִדישע דאָקטוירים פון דער צייט פונעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד״, געדרוקט אינעם זשורנאַל „סאָציאַלע מעדיצין״ אין יאָר 1931. די דאָקטוירים זענען געווען: ד״ר וואָלף, ד״ר זאַמעלזאָן און ד״ר לעאָ, דריי פּירערס פון די אַסימילירטע וואַרשעווער משׂכּילים, וועלכע האָבן זיך אין יאָר 1830 געווענדט צו דער פּוילישער אויפשטאַנד־רעגירונג מיט אַ בקשה אַז „פּאָרגעשריטענע ייִדן, וועלכע באַנוצן זיך מיט דער פּוילישער שפּראַך און זענען ציוויליזירט״ זאָלן באַקומען גלייכע בירגעררעכט מיט די פּאָליאַקן (אין פּוילן האָבן אין יענער צייט ייִדן נישט געהאַט קיין גלייכבאַרעכטיקונג). נישט קוקנדיק אויף זייער בייגונג צו אַסימילאַציע פלעגן די דאָקטוירים זיך אינטערעסירן מיט ייִדישע ענינים און, האָבנדיק נאָענטע פריינד אין די הויכע פענצטער (זיי זיינען געווען לייב־דאָקטוירים פון די פּוילישע מלוכה־פּירערס), פלעגן זיי אָפט אַרויסטרעטן אין דער ראָל פון שתּדלנים.

אין דעם בוך „ייִדן פון קאָנגרעס־פּוילן אין דער תּקופה פונעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד״ דערציילט שיפּער, אַז ביי ייִדן איז געווען אַ שטאַרק געפיל פון פּאַטריאָטיזם לגבי פּוילן. זיי זיינען גרייט געווען צו ברענגען אַלע קרבנות לטובת דעם אויפשטאַנד, אָנהייבנדיק מיט געלט־ביישטייערונגען ביז אַריינטרעטן אין דער אַרמיי און קעמפן אויפן שלאַכטפעלד. ייִדן האָבן געבראַכט אַ סך אינדיווידועלע קרבנות, אָבער די דאָזיקע אַקציע האָט ביי ייִדן נישט אָנגענומען קיין מאַסן־כאַראַקטער. די פּוילישע אויפשטאַנד־רעגירונג איז — לויט שיפּערן — אַליין שולדיק געווען אין דעם וואָס די ייִדישע אַקציע האָט נישט אָנגענומען קיין מאַסן־כאַראַקטער. די רעגירונג האָט נישט געוואָלט

צוזאָגן די ייִדן קיין גלייכבאַרעכטיקונג און זי האָט דערמיט גורם געווען אַן אַנטוישונג צווישן דעם ברייטן עולם פון די אָרטאָדאָקסישע ייִדן.

שיפּער ציטירט אַ ריי שטעלעס פון ווערק, וואָס עס האָבן אין יענער צייט געשריבן פּוילישע פּאָרגעשריטענע פּאַטריאָטן. די דאָזיקע פּאָרגעשריטענע פּאָליאַקן האָבן טאָקע שטאַרק קריטיקירט די רעגירונג צוליב איר וואַקלדיקייט לגבי ייִדן, זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז די דאָזיקע וואַקלדיקייט האָט אָפּגעשטויסן די ייִדישע מאַסן פונעם פּוילישן אויפשטאַנד.

די כּוונה פון שיפּערס אויספירונגען איז אַ גאַנץ קלאָרע. דערציילנדיק וועגן דער פּאַרגאַנגענהייט — מיינט ער די קעגנוואַרט. די געשיכטע חזרט זיך שטענדיק איבער. והאָ ראיה, אין די יאָרן, ווען שיפּער האָט געשריבן זיין בוך, איז די לאַגע געווען כּמעט די זעלבע. שטענדיק זענען צווישן פּאָליאַקן געווען מענטשן מיט פּאָרגעשריטענע אידעען, מענטשן, וואָס האָבן געהאָט מוט צו וואַרפן זייער אמת דער עפנטלעכקייט אין פּנים אַריין. אָבער אויך שטענדיק פּלעגט צווישן זיי די איבערהאַנט באַקומען די רעאַקציע. אין שיפּערס צייטן איז די באַציִונג פון דער פּוילישער רעגירונג און פונעם רוב פונעם פּוילישן פאָלק צו ייִדן געווען פּונקט אַזעלכע ווי אין די צייטן פונעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד.

שיפּער האָט זיין בוך געשריבן אויפן יסוד פון מאַטעריאַלן פונעם וואַרשעווער קהילה־אַרכיוו. איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, אַז דאָס בוך שפּיגלט אָפּ די טעטיקייט און די פּאָליטיק פונעם וואַרשעווער דאָזאָר. בכלל ווערט אינעם בוך דערציילט דער עיקר וועגן וואַרשעווער ייִדן. פאַר די איבעריקע טיילן פון קאָנגרעס־פּוילן ווידמעט שיפּער זייער ווייניק פּלאַץ.

אַן ערך אין דער זעלבער צייט, ווען שיפּער האָט געשריבן דאָס בוך וועגן דעם נאָוועמבער־אויפשטאַנד, האָט ער אינטענסיוו שטודירט די געשיכטע פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין פּוילן. ווי עס איז שוין פריִער דערמאָנט געוואָרן, האָט ער אין יאָר 1913 פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע אַרבעט אויף דער דאָזיקער טעמע. דעמאָלט איז עס געווען די אָפּהאַנדלונג א״נ „בייטראַגן צו דער געשיכטע פון די פּראָווינציעלע ועדים אין פּוילן ביים איבערבראָך פונעם 17טן און 18טן י״ה ביז צו דער אויפלייזונג פונעם ייִדישן פאַרלאַמענטאַריזם״ (1764) — (מאָנאַטשריפט, 56סטער יאַרגאַנג, 1913 — דייטש). אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג האָט שיפּער געוויזן דעם וועג, אויף וועלכן ער פאַרמעסט זיך צו גיין אין זיין פאָרשונג פונעם אויטאָנאָמיע־געביט.

ער שטיצט זיך אויסשליסלעך אויף אַרכיוו־מקורים וואָס ער שעפּט נישט פון די אַרכיוון פון די קהילות, נאָר פון אַקטן פון פּוילישע מלוכה־אינסטאַנצן. אַ רייכע זאַמלונג פון די דאָזיקע אַקטן האָט שיפּער געפונען אין דעם אָסאָ־לינעאום־אינסטיטוט אין לעמבערג.

שיפּער האָט געפונען די טעקסטן פון די ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס די פּוילישע הערשערס האָבן אַרויסגעגעבן, כּדי צו שאַפן דעם רעכטלעכן יסוד פאַר די פּראָווינציעלע ועדים. ער באַווייזט אַז די פּוילישע רעגירונג האָט געהאַט אַ גאָר שטאַרקן אינטערעס אין די פּראָווינציעלע ועדים. די דאָזיקע ועדים האָבן אויסגעפירט די ראָל פון פּאַרמיטלערס צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג און דעם „ועד ארבע ארצות" און האָבן רעגולירט די שטייער־ענינים פון די קהילות מיט דער שאַץ־קאַמער.

אויפן יסוד פון די שוין דערמאָנטע פּריווילעגיעס און נאָך אַנדערע אַקטן איז דעמאָלט שיפּערן געלונגען אויסצומאָלן די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון די פּראָווינציעלע ועדים און אַנצווייזן אין וועלכע צייטן און אין וואָס פאַר אַ מאָס די פּוילישע מלוכה־אָרגאַנען האָבן אויף זיי אויסגעאיבט זייער דרוק. אָט די דאָזיקע שילדערונג, וואָס קומט פון אויסערלעכע מקורים און נישט פון אינערלעכע (קהילות), איז באַזונדערס אינטערעסאַנט, ווייל זי שפּיגלט אָפּ די רוקנזייט פונעם אויטאָנאָמיע־פּראָבלעם, וואָס איז ביז דאַן געווען באַקאַנט בלויז פון די קהלישע שילדערונגען.

ווען שיפּער איז שוין געווען אַ וואַרשעווער תּושב און האָט געהאַט אַ צוטריט צו אַלע פּוילישע אַרכיוון, האָט ער גענומען שטודירן די געשיכטע פונעם „ועד ארבע ארצות". פּונקט ווי ער האָט עס געטאָן פריִער, אַזוי האָט ער אויך איצט זיך געשטיצט דער עיקר אויף פּויליש־מלוכישע מקורים און ער האָט רעקאָנסטרויִרט דעם צוזאַמענשטעל פון די אָרגאַנען פונעם „ועד ארבע ארצות". די דאָזיקע אויפגאַבע האָט ער דורכגעפירט אין צוויי גרעסערע אָפּהאַנדלונגען, געדרוקט אין „היסטאָרישע שריפטן" (באַנד 1) פון ייִוואָ אין יאָר 1929. די ערשטע פון די דאָזיקע אַרבעטן איז: „דער צוזאַמענשטעל פונעם ,ועד ארבע ארצות'", אין וועלכן ער פאַרנעמט זיך מיט די אינערלעך־אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען פונעם ועד, די צווייטע: „פּוילישע רעגעסטן צו דער געשיכטע פונעם ,ועד ארבע ארצות'", אין וועלכער עס ווערט אָנגעצייכנט דער רעכטלעכער יסוד פונעם ועד. כאָטש די דאָזיקע צוויי אַרבעטן האָבן אַרויסגערופן אַ פּאָלעמיק, קאָן אָבער נישט אָפּגעפרעגט ווערן

דיער וויכטיקע באַדייטונג. שיפּער האָט דאָרט געבראַכט גאַנצע אוצרות פון אומבאַקאַנטע מאַטעריאַלן, וואָס וועלן אויף שטענדיק בלייבן דער יסוד פון אַלע פאָרשונגען אויפן געביט פון ייִדישער אויטאָנאָמיע אין פּוילן.

אין יאָר 1932 האָט שיפּער אָפּגעדרוקט אין די „עקאָנאָמישע שריפטן" (באַנד 2) פון ייִוואָ אַ ווייטערדיקע אַרבעט וועגן אויטאָנאָמיע, וואָס שטיצט זיך אויף די זעלבע מקורים וואָס די צוויי פריִערדיקע. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער געשילדערט די תּקופה פונעם פינאַנציעלן חורבן פון דער צענטראַלער און פּראָווינציעלער אויטאָנאָמיע פון ייִדן אין פּוילן, וואָס נעמט אַרום דעם צייטאָפּשניט פונעם יאָר 1650 ביז 1764.

אַ שילדערונג פונעם מצב פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין פּוילן נאָך דעם פינאַנציעלן חורבן האָט שיפּער געגעבן אין זיין אָפּהאַנדלונג אין דער פּוילישער שפּראַך, וואָס איז אין יאָר 1930 דערשינען אינעם ייִדיש־פּוילישן חודש־זשורנאַל „מיעסיענטשניק זשידאָווסקי". די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג הייסט: „די ייִדישע אויטאָנאָמיע אין פּוילן ביים איבערבראָך פונעם 18טן און 19טן י"ה (1764 ביז 1831)". שיפּער דערציילט דאָרט וועגן דעם געראַנגל פון די ייִדישע קהילות, וואָס זענען, דער עיקר צוליב דער שטייער־לאַסט, דערפירט געוואָרן צום אָפּגרונט און וואָס האָבן מיט אַלע כּוחות זיך באַמיט צו בלייבן ביים לעבן. דער דאָזיקער געראַנגל האָט געדויערט ביזן יאָר 1821, ווען די מאַכט האָט אַרויסגעגעבן דאָס באַוווּסטע געזעץ וועגן אָפּשאַפן די קהילות. אַנשטאָט די קהילות ווערן געשאַפן שול־דאָזאָרעס, וואָס האָבן די באַגרענעצטע אויפגאַבע צו זאָרגן פאַר רעליגיעזע הצטרכותן און צו זאַמלען שטייערן. די דאָזאָרעס האָבן נישט קיין שום געזעצגעבערישע רעכט, אויך נישט קיין רעכט פון מישפּט. דאָס אָפּשאַפן די אַלט־איינגע־וואָרצלטע קהילות איז דער סוף פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע.

אַ גאַנץ נייע טעמע באַרירט שיפּער אין זיין אַרבעט „וואַרשעווער קאָמיסיע", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אינעם זאַמלבוך פונעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט אין וואַרשע, לכּבוד ד"ר מרדכי ברוידע (1931 — פּויליש). שיפּער ווייזט דאָרט אָן, אַז אין אייניקע ייִדישע מקורים ווערט די דאָזיקע קאָמיסיע גערופן „ועד ורשא", וואָס וואָלט געמיינט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ געזעצגעבערישער פאָרשטייערשאַפט פון וואַרשעווער ייִדן. אין דער אמתן איז עס נישט אַזוי. די וואַרשעווער קאָמיסיע איז געווען נישט מער, ווי אַ דעלעגאַציע פון פאָרשטייערס פונעם „ועד ארבע ארצות", וואָס

פלעגט פון צייט צו צייט אַראָפּקומען קיין וואַרשע, כּדי דאָרט צו דערליידיקן געוויסע ענינים מיטן מלכות און זיך משתּדל צו זיין, אַז דער פּוילישער סיים זאָל נישט אָננעמען קיין געזעצן קעגן ייִדן. אויך די ליטווישע ייִדן האָבן געהאַט אַן ענלעכע „וואַרשעווער קאָמיסיע". אין די פּוילישע אַקטן האָט שיפּער געפונען שפּורן פון די דאָזיקע קאָמיסיעס פאַר דער צייט פון 1666 ביז 1757.

שיפּערס אַרבעטן וועגן דער אויטאָנאָמיע פון ייִדן אין פּוילן זיינען וואָגיק סיי צוליב זייער אינהאַלט און סיי צוליב זייער באַאַרבעטונג. עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז שיפּער האָט זיי געשריבן מיטן געדאַנק צוזאַמענ־צושטעלן אַ גאַנץ בוך וועגן אויטאָנאָמיע. אין זיין גרויס ווערק „די געשיכטע פונעם ייִדישן מיסחר אין פּוילן" (1937) דערמאָנט ער בפירוש דאָס „דורך אונדז צוגעגרייטע ווערק וועגן דער אויטאָנאָמיע פון ייִדן אין אַלטן־פּוילן" (זייט 191, הערה 71). עס זיינען אָבער נישט פאַראַן קיין שום שפּורן פון אַזאַ בוך. ווייזט אויס, אַז דאָס דאָזיקע בוך איז קיין מאָל נישט דערשינען.

ווי שטאַרק עס האָט שיפּערן אין יענע יאָרן אינטערעסירט די אויטאָ־נאָמיע־טעמע, ווייזט נאָך דער פאַקט, אַז דער רעפעראַט, וועלן ער האָט געהאַלטן אויפן צוזאַמענפאָר פונעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין יאָר 1935 איז געווען אויף דער טעמע „מקורים צו דער געשיכטע פון ,ועד ארבע ארצות'". אויף דעם דאָזיקן ייִוואָ־צוזאַמענפאָר איז דרך־אַגב כּדאַי זיך אָפּצושטעלן. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אין ווילנע אין די טעג פונעם 14טן ביזן 19טן אויגוסט 1935. ער איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכּבֿוד דעם צענטן יאָרטאָג פון דער גרינדונג פונעם ייִדישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט און ער האָט פאַרזאַמלט די עליטע פונעם ייִדישן קולטור־לעבן פון כּמעט אַלע לענדער פון דער וועלט. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַן אמתדיקער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס.

אויפן פּלענום פונעם צוזאַמענפאָר האָבן געהאַלטן רעפעראַטן אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי: פּראָפ' שמעון דובנאָוו, אַ. טשעריקאָווער, פּראָפ' מ. הלוי פון רומעניע, יעקב לעשטשינסקי, נח פּרילוצקי, ד"ר יעקב שאַצקי, ד"ר פיליפ פרידמאַן, דער קינסטלער מאַרק שאַגאַל און אַנדערע. ד"ר שיפּער האָט דעמאָלט געהאַלטן דעם אויבן־דערמאָנטן רעפעראַט. שיפּער איז געווען אַ זייער אַק־טיווער עסקן פון ייִוואָ. ער איז געווען מיטגליד פון דער צענטראַלער פאַר־וואַלטונג (אַ געוויסע צייט אויך מיטגליד פון פּרעזידיום), מיטגליד פון דער

היסטאָרישער סעקציע און אָנפירער פונעם היסטאָריקער־קרייז ביים ייִוואָ אין וואַרשע.

אין די קרייזן פונעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פלעגט מען זיך באַציִען צו אים מיט אָנערקענונג און דרך־ארץ. עס איז באַקאַנט אַז ביים סוף פון יאָר 1934, ווען מען האָט אין פוילן געפייערט שיפּערס 50־יאָריקן יובל, האָט אים דער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט באַערט מיט צוויי פאַראַנשטאַלטונגען. אין ווילנע איז פאָרגעקומען אַ וויסנשאַפטלעכע זיצונג פון ייִוואָ לכּבוד שיפּערן. מיט אָפּשאַצונגען וועגן שיפּערס וויסנשאַפט־לעכע דערגרייכונגען זענען דעמאָלט אַרויסגעטראָטן: יוסף טשערניכאָוו און זעליג קאַלמאַנאָוויטש. אין וואַרשע האָט דער היסטאָריקער־קרייז צוזאַמען מיט דער געזעלשאַפט „פריינד פון ייִוואָ" אָפּגעהאַלטן אַ פייערלעכע זיצונג לכּבוד שיפּערן. דעם פאָרזיץ האָט געפירט י. יאַשונסקי, גערעדט וועגן שיפּערן האָבן: ד"ר רפאל מאַהלער און ד"ר עמנואל רינגעלבלום.

שיפּערס אַקטיוויקייט אויפן ציוניסטישן געביט איז אין יענע יאָרן אויך געשטיגן. חוץ זיין אַמט פון פּרעזידיום־מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן, האָט ער אויף זיך גענומען די פליכטן פון דירעקטאָר פון „קרן היסוד" אין פוילן. אין יאָר 1935 האָט ער זיך באַטייליקט אינעם 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין לוצערן. ער איז דאָרט געווען אַ דעלעגאַט פונעם „וועלט־פאַראיין פון אַלגעמיינע ציוניסטן" (גרופּע א'), וועלכער האָט געשטיצט די פּאָליטיק פון פּרעזידענט ווייצמאַן.

אויך אינעם 20סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז אין יאָר 1937 פאָר־געקומען אין ציריך, האָט זיך שיפּער באַטייליקט. דאָס מאָל נישט ווי אַ דעלעגאַט, נאָר ווי אַ מיטגליד פונעם אַקציאָנס־קאָמיטעט, אין וועלכן ער איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער דעמאָלטדיקער פאָרזיצער פון דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן.

אין יענער צייט האָט שיפּער באַזוכט אויך ארץ־ישׂראל. פונעם דאָזיקן באַזוך איז ער צוריקגעקומען פול מיט ענטוזיאַזם און התלהבות. ער האָט דאָרט פאַרהאַנדלט וועגן דער ייִדיש־קאַטעדרע אויפן ירושלימער אוניווער־סיטעט און ער האָט געהאַט די האָפענונג, אַז בקרוב וועט ער אַהין צוריקפאָרן דאָרט זיך צו באַזעצן.

פון שיפּערס גרעסערע ווערק, וואָס זענען געשאַפן און אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן, דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס זאַמלווערק „ייִדן

אין אויפגעלעבטן פוילן״ (פויליש). די רעדאַקציע פונעם דאָזיקן זאַמלווערק איז באַשטאַנען פון ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר אַריה טאַרטאַקאָווער און אַלעק־סאַנדער האַפּטקאַ. דער כאַראַקטער און די צילן פונעם דאָזיקן ווערק ווערן פאָרמולירט פון דער רעדאַקציע אין דער הקדמה צום ערשטן באַנד. מיר וועלן פון דאָרט ציטירן עטלעכע שטעלן, וואָס וועלן אונדז קלאָר מאַכן דעם גאַנצן ענין:

„דאָס בילד פון דער נייער פּוילישער ווירקלעכקייט, וואָס האָט זיך געשאַפן צוליב דער ווידער־געוווּנענער אומאָפּהענגיקייט וועט נישט זיין קיין פולשטענדיקס, אויב עס וועט זיך דאָרט נישט געפינען די באַשרייבונג פון די קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע דערגרייכונגען פון די פוילישע יידן״;

„די דאָזיקע דערגרייכונגען אויסצופאָרשן און זיך מיט זיי צו באַקענען, צו געפינען זייערע אַנטוויקלונג־פּאַזעס אין דעם עָבר, צו ווייזן זייער איצטיקן פאַרנעם און פאַרצושטעלן זייער ווערט און חשיבות — אָט דאָס איז דער ציל פונעם דאָזיקן ווערק״.

דאָס ווערק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין צוויי גרויסע בענד. דער ערשטער באַנד איז געווידמעט דער געשיכטע פון יידן אין פוילן ביז צו דער נייסטער צייט. אינעם צווייטן באַנד ווערן באַרירט די וויכטיקסטע ווירטשאַפטלעכע, געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע פּראָבלעמען פון דער יידישער קעגנוואַרט אין פוילן. אין דעם ווערק האָבן זיך באַטייליקט די סאַמע חשובסטע יידישע וויסנשאַפטלערס, פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוערס, וואָס האָבן געלעבט אין פוילן. שיפּער אַליין האָט זיך באַ־טייליקט מיט אַן ערך 15 אַרבעטן. אָבער שיפּערס אָנטייל אינעם דאָזיקן זאַמלווערק דאַרף נישט בלויז געמאָסטן ווערן מיט זיינע אַרבעטן. ער איז געווען דער זייל פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע און זיין גייסט באַהויכט די גאַנצקייט פונעם דאָזיקן אימפּאַזאַנטן זאַמלווערק.

דאָס זאַמלווערק „יידן אין אויפגעבליטן פוילן״ פלעגט דערשיינען אין העפטן במשך פון אַ צייטאָפּשניט פון אַן ערך צוויי יאָר. דער ערשטער העפט טראָגט די דאַטע: 1932. אַן ערך 1935 איז די אויסגאַבע פונעם ווערק געווען פאַרענדיקט. דעם ערשטן העפט עפנט אַן אַרבעט פון ד״ר שיפּער א״נ „די אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אינעם אַלטן פוילן״ און זי אַנטהאַלט אַ קאָנדענסירטן סך הכל פון שיפּערס ביז־איצטיקע פאָר־שונגען וועגן דעם יידישן יישוב אין פוילן. אין דעם זעלבן העפט איז פאַראַן

שיפּערס אַ צווייטע אַרבעט וועגן דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון די יידן אינעם אַלטן פּוילן. אין דער דאָזיקער אַרבעט גיט שיפּער אַ קורצן סך־הכּל פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט אויפגעטאָן אויפן געביט פון דער אויטאָנאָמיע־פאָרשונג.

אין די ווייטערדיקע טיילן פונעם באַהאַנדלען זאַמלווערק זיינען פאַראַן שיפּערס אַרבעטן אויף פאָלגנדיקע טעמעס: די ווירטשאַפטלעכע געשיכטע פון יידן אין קרוינפּוילן און ליטע פאַר דער פונאַנדערטיילונג פון פּוילן; יידן אין דער אַלט־פּוילישער אינדוסטריע; די געשיכטע פון יידן אינעם וואַרשעווער פירשטנטום און פּוילישן קעניגרייך ביזן יאָר 1862; יידן אין די צפונדיקע און מיזרחדיקע קאַנטן; יידן אונטער דער פּרייסישער ממשלה; גאַליצישע יידן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה; יידן אין פּוילישן טראַנספּאָרט־וועזן; יידן אין פּוילישן באַנק־וועזן; גאַליצישע יידן אין דער אַגריקולטור; פּוילישע יידן אין דער קונסט; יידישע ליטעראַטור אין פּוילן ביזן יאָר 1918. חוץ דעם האָט שיפּער צוזאַמען מיט אַלעקסאַנדער האַפטקאַ באַאַרבעט די טעמע פונעם אַנטייל פון יידן אין פּוילנס קעגוואַר־טיקער אינדוסטריע.

ווי עס איז צו זען פונעם נאָר וואָס ציטירטן צעטל פון שיפּערס אַרבעטן זיינען זיינע אויפטועז אין דעם זאַמלווערק פון אַזאַ ריזיקן פאַרנעם און פאַרשיידנאַרטיקייט, אַז עס ווילט זיך פּשוט נישט גלייבן אַז איין מענטש האָט געקאָנט אַזוי פיל באַוויזן. יעדע אַרבעט זיינע איז אַ מוסטער פון ענציקלאָ־פּעדישער אויסגעהאַלטנקייט. קורץ, זאַכלעך און פול מיט אינפאָרמאַציע. מע קאָן אָן גוזמא זאָגן, אַז כּמעט אַ העלפט פונעם טעקסט פונעם זאַמלווערק קומט אַרויס פון אונטער שיפּערס פעדער. דעם איבעריקן טייל האָט ער באַאַרבעט און באַאיינפלוסט.

„יידן אין אויפגעלעבטן פּוילן" איז היינט אַ יקר־המציאות. בלויז גע־ציילטע עקזעמפּלאַרן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט. זיי געפינען זיך דאָס רובֿ אין די ביבליאָטעקן און דינען ווי אַ רייכער קוואַל פון ידיעות וועגן דעם פּוילישן יידנטום פאַר אונדזערע היינטצייטיקע היסטאָריקערס.

אַ ריי יאָרן האָט שיפּער געאַרבעט איבער דעם גרויסן ווערק „די גע־שיכטע פון יידישן מיסחר אין פּוילן". עס ווייזט אויס, אַז נאָך ביים אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן איז דער פּראָיעקט פונעם בוך געווען פאַרטיק. אין דער זעלבער צייט זענען שוין געווען קאַפּיטלען פונעם בוך געווען צוגע־

גרייט. אין דעם זאַמלווערק „ייִדן אין אויפֿגעלעבטן פּוילן" האָט שיפּער פֿאַר זײַנע אַרבעטן אויסגענוצט אַ היפּש ביסל מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט פֿאַר דער „האַנדלס־געשיכטע".

די „האַנדלס־געשיכטע" איז אַ גרויס ווערק פֿון קרוב 800 זײַטן. בעצם איז עס די געשיכטע פֿון דער גאַנצער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון ייִדן אין פּוילן, אָנהייבנדיק פֿון די עלטסטע צײַטן ביז צו דער קעגנוואַרט. אויך אין דעם ווערק קאָן מען (פּונקט ווי אין דעם פֿריִער שוין באַהאַנדלטן בוך „ייִדן אין קאָנגרעס־פּוילן אין דער צײַט פֿון נאָוועמבער־אויפֿשטאַנד") אַרויס־פֿילן געוויסע געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע כּוונות. דאָס בוך גיט, נעמלעך אַ בהרחבֿהדיקע אָפּשאַצונג פֿונעם ייִדישן אַנטייל אין דעם אויפֿבוי פֿון דער פּוילישער עקאָנאָמיק און עס דערווײַזט, אַז נישט קוקנדיק אויף די שטערונגען מצד דער קירך און דער קריסטלעכער שטאָט־באַפֿעלקערונג, האָבן ייִדן אויסגעפֿירט אַ פּיאָנערישע אַרבעט ווי בויערס פֿון פּוילנסווירטשאַפֿט. די געשיכטע חזרט זיך שטענדיק איבער. פּונקט ווי אין אַמאָליקע צײַטן, אַזוי זענען אין שיפּערס צײַטן די אַנטיסעמיטן מער באַהערשט פֿון געפֿילן פֿון קינאה ווי פֿון ליבע צום פֿאָטערלאַנד. עס אַרט זיי גאָרנישט וואָס די עקאָנאָמיק פֿונעם לאַנד לײַדט שאָדנס, אַבי נאָר די ייִדן זאָלן ווערן אומגעבראַכט.

באַהאַנדלענדיק דאָס ווערק אונטער דעם אויבן־געבראַכטן אַספּעקט קאָן אַרויסקומען, אַז שיפּער האָט צונויפֿגעשטעלט אַ באַשולדיקונג־אַקט קעגן די פּוילישע ייִדן־שונאים פֿון אַלע צײַטן און אַז ער האָט דערוויזן זייער קליינהאַרציקייט, באַגרענעצטקייט און נאַרישקייט. אין דער אמתן האָט אָבער שיפּער די אַלע זאַכן נישט געטאָן. ער האָט זיך אַפֿילו נישט דערלויבט מיט וועמען עס איז צו פּאָלעמיזירן. ער האָט בלויז מיט וויסנשאַפֿטלעכער זאַכ־לעכקייט אָנגעצייכנט דאָס ווירטשאַפֿט־היסטאָרישע בילד פֿון די ייִדן אין פּוילן. עס איז נישט נייטיק געווען צונויפֿצושטעלן קיין באַשולדיקונג־אַקט קעגן די ייִדן־העצערס. די טרוקענע היסטאָרישע פֿאַקטן, מיט וועלכע שיפּער אָפּערירט אינעם בוך, זײַנען אַליין פֿאַר זיך די שטאַרקסטע באַשול־דיקונג.

דאָס דאָזיקע ווערק האָט באַקומען זײַן באַזונדערע וואָג אין דער איצטיקער צײַט, נאָך דעם כּמעט פֿולשטענדיקן אומקום פֿונעם פּוילישן ייִדנטום. בעתן שרײַבן האָט שיפּער גאַנץ זיכער נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז די דאָזיקע „האַנדלס־געשיכטע" וועט ווערן דער ענדגילטיקער חשבון, דער אונטער־

געצויגענער סך־הכל פון טויזנט יאָר שכנותדיקן צוזאַמענלעבן פון ייִדן און פּאָליאַקן. עס פֿעלט בלויז דאָס לעצטע קאַפּיטל — אַ קאַפּיטל וואָס זאָל דערציילן ווי אַזוי די פּאָליאַקן האָבן געירשנט דעם גאַנצן מיסחר נאָך דער אויסראָטונג פון די ייִדן. ווען אַזאַ קאַפּיטל וואָלט צוגעגעבן געוואָרן צום בוך, וואָלט דאָס דאָזיקע ווערק גאַנץ דרייסט געקאָנט טראָגן דעם נאָמען „אונדזער אָפּשלוס־חשבון מיטן פּוילישן פֿאָלק". שיפּער האָט אָבער נישט געקאָנט אָנשרייבן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל, ווייל ער האָט אַליין געטיילט דעם גורל פון די פּאַרטיליקטע פּוילישע ייִדן.

אין די ערשטע קאַפּיטלען פונעם ווערק דערציילט שיפּער וועגן דעם עלטסטן ייִדישן מיסחר אין מיזרח־אייראָפּע. ער הייבט אָן פון די ראַדאַניסטן און שילדערט זייערע האַנדלס־נסיעות צום ווייטן מיזרח. ער דערציילט וועגן די שטעט: פּראָג, קיִעוו, טשערניכאָוו און פּזשעמישל, וואָס האָבן לויט זיין מיינונג געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דעם אויפבוי פונעם ייִדישן האַנדל מיטן ווייטן מיזרח.

די מקורים, אויף וועלכע שיפּער שטיצט זיך ביי דער באַאַרבעטונג פון די ערשטע קאַפּיטלען, זענען דאָס רוב טאַקע זיינע אייגענע ווערק פון די פריִערדיקע יאָרן. חוץ דער „אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם ביי די ייִדן אין מערב־אייראָפּע" און די „ווירטשאַפטלעכע געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן בעתן מיטל־עלטער" שעפּט שיפּער מיט אַ ברייטער האַנט פון זיין נישט גרויסער אָבער זייער וואָגיקער אַרבעט: „דער ייִדישער אָנטייל אינעם אייראָפּעיִשן גרויסהאַנדל מיטן אָריענט" (1912 — דייטש). דאָרט האָט שיפּער באַאַרבעט די רייזע־באַשרייבונג פון איבראַהים איבן יעקב, אַ ייִדישן סוחר פונעם 10טן י"ה, וועלכער האָט אויספירלעך באַשריבן דעם דעמאָלטיקן האַנדלס־פּאַרקער, וואָס ער האָט דורך די סלאַווישע לענדער געפירט אין דעם כּוזרים־לאַנד.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען ווערט אויספירלעך געשילדערט די אַ"ג גאָלדענע עפּאָכע פונעם ייִדישן מיסחר אין פּוילן אין דער צייט פון די ערשטע יאַגעלאָנער קעניגן. אין יענער צייט איז דער ייִדישער מיסחר געשטאַנען אונטערן שוץ פון די קעניגן און די פּריצים, וועלכע האָבן ליבערשט געשטיצט די ייִדן ווי די איינוואַנדערנדיקע דייטשישע סוחרים. די קריסטלעכע סוחרים־צעכן זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען גענוג שטאַרק און זיי האָבן נישט געקאָנט מיט דערפאָלג זיך אַנטקעגנשטעלן דער ייִדישער עקספּאַנסיע און איינוואַנדערונג. די קעניגן האָבן נישט געהאַט קיין פעסטגעשטעלטע פּאָלי־

טישע ליניע לגבי דעם מיסחר. זיי האָבן שטענדיק געדאַרפֿט געלט און זענען געווען אָפּהענגיק פֿון די ייִדישע באַנקירן, וועלכע פֿלעגן זיך ביי די קעניגן משתדל זיין און אַרויסבאַקומען פּריווילעגיעס פֿאַר ייִדן.

ייִדן האָבן אין יענער צייט געפֿירט איבער פּוילן אַ פֿאַרצווייגטן טראַנזיט־האַנדל מיט די לענדער פֿונעם לעוואַנט און פֿונעם ווייטן מיזרח. אין פּוילן גופֿא האָבן ייִדן חוץ מיסחר פֿאַרנומען זיך מיט עקספּלואַטאַציע פֿון זאַלץ־גרובנס און אויך מיט אַגריקולטור. ייִדישע קרעדיט־געשעפֿטן האָבן זיך באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקלט אין די מערבֿ־טיילן פֿון פּוילן. אין די מיזרח־דיקע געביטן האָבן ייִדן מער זיך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט.

די תּקופֿה צווישן 1485 און 1572 באַצייכנט שיפּער ווי די עפּאָכע פֿון קאַמף פֿאַר האַנדל־פּריווילעגיעס צווישן די קריסטלעכע און די ייִדישע סוחרים. דער דאָזיקער קאַמף איז געווען אַ פּועל־יוצא פֿון אַ ריי אומשטענדן, וואָס האָבן זיך פּונקט דעמאָלט געשאַפֿן. פֿונעם קאַמף זענען די ייִדן אַרויס ווי די זיגערס און זייער נצחון האָבן זיי געהאַט צו פֿאַרדאַנקען קודם־כּל דער דעמאָלט אָנגייענדיקער אײַנוואַנדערונג פֿון גרויסע ייִדישע סוחרים, וואָס פֿלעגן קומען פֿון מערבֿ, מיטברענגענדיק מיט זיך באַדייטנדיקע קאַפּי־טאַלן. אַ צווייטע סיבה פֿונעם ייִדישן נצחון איז געווען די, אַז פּונקט דעמאָלט האָבן די פּוילישע פּריצים געפֿירט אַ קאַמף קעגן די שטעט. בעתן דאָזיקן קאַמף האָבן די פּריצים פֿאַוואָריזירט די ייִדן.

שיפּער האַלט, אַז די עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט איז אין דעמאָלטיקן פּוילן געווען אַ גינסטיקע פֿאַר ייִדן. אַפֿילו דעמאָלט ווען עס זענען אַרויסגע־געבן געוואָרן גזירות קעגן ייִדן, האָט זיך די דאָזיקע ווירקלעכקייט כּמעט נישט געהאַט קיין ממשותדיקע ווירקונג אויפֿן גאַנג פֿונעם עקאָנאָמישן לעבן. שיפּער נעמט אָן פּראָפֿ׳ ריבאַרסקיס פֿונאַנדערטיילונג פֿונעם לאַנד אויף פֿאַרשיידענע עקאָנאָמישע זאָנעס (תּבֿואה־זאָנע, גערטנערײַ־זאָנע, וואַלד־זאָנע און סטעפּעס). נאָר בעת פּראָפֿ׳ ריבאַרסקי שאַצט נישט געהעריק אָפּ (אין זיין בוך וועגן האַנדל אין פּוילן בעתן 16טן י״ה) די ראָלע פֿון ייִדן, דערווייזט שיפּער אויפֿן סמך פֿון סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, אַז דער ייִדישער אויסער־לעכער און אינערלעכער האַנדל האָט פֿאַרן לאַנד געהאַט אַן אומגעהויער גרויסע באַדייטונג.

ביים סוף פֿונעם 16טן י״ה האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע קאָלאָ־ניזאַציע און עקספּלואַטאַציע פֿון די פּוילישע מיזרחדיקע פּראָווינצן, פֿון

אוקראַינע און ליטע. ייִדישע סוחרים און אַרענדאַרן האָבן אָפּגעשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין די דאָזיקע אונטערנעמונגען. זיי האָבן געלייגט די יסודות פֿון אַ גרויס־פֿאַרמאָסטענער וועלדער־עקספּלואַטאַציע, געשאַפֿן די האָלץ־אינדוסטריע, געפֿירט גרויסע מיסחרים מיט בהמות און פֿוטערוואַרג, געשאַפֿן און אַנטוויקלט פֿאַרשיידענע מלאכה־געביטן, אַקטיוו מיטגעווירקט ביי דער גרינדונג און אָנפֿירונג פֿון שטעט און דערפֿער. צוזאַמען מיט דער גרויסער איניציאַטיוו איז אויך דעמאָלט אַנטשטאַנען אַ באַדייטנדיק־גרויסער קלאַס פֿון ייִדישע אַרבעטער און קליינע האַנטווערקער.

אין שייכות מיטן אויפֿבלי פֿון ייִדישע אונטערנעמונגען אין די מיזרח־פּראָווינצן האָט זיך געביטן די לאַגע אויפֿן ייִדישן קרעדיטמאַרק. ייִדישע געשעפֿטסלייט האָבן געדאַרפֿט גרויסע קאַפּיטאַלן פֿאַר זייערע אונטערנעמונגען און אַזוי אַרום זענען ייִדן פֿון געלטגעבערס פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין געלטנעמערס. ייִדישע באַנקירן פֿלעגן אויפֿזאַמלען גרויסע געלט־סכומים פֿון פֿאַרשידענע מקורים, ווי למשל פֿון קלויסטערס, גלחים און אויך פֿון אָפּשפּאָרונגען פֿון פּשוטע מענטשן. די צאָל פֿון פּוילישע אַדללייט, וואָס זענען געווען פֿאַרשולדיקט ביי ייִדישע באַנקירן איז געפֿאַלן. אַנשטאָט דעם איז געוואַקסן די פֿאַרשולדיקונג פֿון די ייִדישע געשעפֿטסלייט. דער דאָזיקער פֿונאַנדערגעוואַקסענער בנין פֿון דער ייִדישער עקאָנאָמישער איניציאַטיוו האָט געפּלאַצט אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם 17טן י״ה צוליב אַ שטאַרקן קריזיס, וואָס איז פֿאַראורזאַכט געוואָרן דורך אַ קרעדיט־קריזיס אין מיטל־ און מערב־אייראָפּע. די גרויסע ייִדישע אונטערנעמונגען אין מיזרח־פּוילן האָבן גענומען באַנקראָטירן. אָפּט האָבן די באַנקראָטן געהאַט אַן אומערלעכן הינטערגרונט. דער „ועד ארבע ארצות“ און די אַנדערע קערפּערשאַפֿטן פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע האָבן געמוזט דעמאָלט אָנגעמען זייער שאַרפֿע מיטלען, כּדי צו פֿאַרהיטן פֿון אַזעלכע אומבאַגרינדעטע און אומערלעכע באַנקראָטן.

די גרויסע מלחמות, וואָס האָבן פֿאַרפּלייצט פּוילן אין דער צווייטער העלפֿט פֿונעם 17טן י״ה (קאָזאַקן, שוועדן, טערקן), האָבן צוזאַמען מיטן לאַנד חרוב געמאַכט די גאַנצע ייִדישע ווירטשאַפֿט. די קריסטלעכע שטאָט־באַפעלקערונג האָט זיך באַמיט צו ראַטעווען איר אייגענע עקאָנאָמישע מערכה דורך מאָנאָפּאָליזירן דעם האַנדל. די הויפּט־אַטאַקע פֿון די קריסטלעכע שטאָטלייט איז געווען געצילט אויף די גאַרעלניעס (בראָנפֿן־זידערייען), פֿון וועלכע זיי האָבן געוואָלט באַזייטיקן די ייִדן. אין דער דאָזיקער שווערער צייט

פלעגן ייִדן האָבן די שטיצע פון די פוילישע קעניגן און פון די אַדללייט. אויך די קאָנסטרוקטיווע פּאָליטיק פון די ייִדישע אויטאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס האָט זייער אַ סך צוגעהאָלפן.

דער קאַמף פון די פוילישע שטאָטלייט קעגן די ייִדן האָט זיך נאָך מער פאַרשאַרפט אין דער תּקופה פון 1700 ביז 1772. די ייִדן זענען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אַ סך געביטן פון מיסחר און אינדוסטריע. בלויז קרעדיטגעשעפטן מיט די פּריצים און דעם קלער (גלחים) זיינען געבליבן אַ מאָנאָפּאָל פון ייִדישן קהל. די דאָזיקע קהילה־בענק זענען מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּריוואַטע קליינלעך, וואָס האָבן געדינט די אינטערעסן פון די קהלישע רעגירערס, די גבירים. דאַקעגן איז אויפן אָרעמען פאָלק געלעגן דער רוב פון דער שטייערלאַסט. צוליב די אַלע טעמים איז אין דער צווייטער העלפט פונעם 18טן י״ה די פאַראָרעמונג פון די ייִדישע מאַסן דערפירט געוואָרן צו אַ קאַטאַסטראָפאַלן מעמד.

שיפּער ברענגט אַ זייער אינטערעסאַנטן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל, וואָס אילוסטרירט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די ייִדן אין יענער תּקופה. פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן דרינגט בפירוש אַרויס, אַז בעת די ייִדישע מאַסע האָט זיך אין איר פאַראָרעמונג געקייקלט אַלץ טיפער באַרג־אַראָפּ, פלעגן זיך פאַר די גבירים עפענען כּסדר נייע ווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן. עס האָט זיך געשאַפן אַ נייער קלאַס פון גרויסע ייִדישע סוחרים, וואָס האָבן געמאַכט פאַרמעגנס אויף צושטעלונגען פאַר דער מלוכה און באַזונדערס פאַרן מיליטער. אין יענער צייט איז אויך אַנטשטאַנען דער נייער קלאַס פון ייִדישע אינדוסטריאַלן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער שאַפונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, קליידער־אינדוסטריע, לעדער־אינדוסטריע א״אַ.

פאַר דער תּקופה פון נאָך פּוילנס פונאַנדערטיילונג (1772, 1793 און 1795) גיט שיפּער באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען פאַר די ניי־געשאַפענע דריי פּראָווינצן: די רוסישע, פּרייסישע און עסטרייכישע (גאַליציע). ער דערציילט וועגן דער באַזייטיקונג פון די ייִדישע קרעטשמערס אין דער פּרייסישער פּראָווינץ, וועגן דער עמיגראַציע פון גאַליציאַנער ייִדן קיין אַמעריקע, וועגן דער שאַפונג פון פוילישע און אוקראַיִנישע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיוון אין גאַליציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַן ערך 1880. די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע עקאָנאָמישע סיבות, האָבן דערפירט צו אַ ביטערן קריזיס אינעם ייִדישן האַנדל אין גאַליציע.

מיט אַ באַזונדערער בפּרטותדיקייט שילדערט שיפּער די עקאָנאָמישע לאַגע פון די ייִדן אין קאָנגרעס־פּוילן. ער דערציילט וועגן דער אומשיכטונג פון די דאָרטיקע ייִדן, וועגן זייער איבערזידלונג פון דערפער און שטעט, וועגן זייער איבערוואַנדערונג פון די מיזרחדיקע פּראָווינצן אין די מערב־דיקע. ער שילדערט די ראָל וואָס ייִדישע פינאַנציסטן און אינדוסטריאַלן האָבן אָפּגעשפּילט ביים אויפבוי פון דער אינדוסטריע אין קאָנגרעס־פּוילן. ער דערציילט וועגן דעם אויפבוי פון מיסחרים מיט טעקסטיל, קליידער, לעדער און גאַלאַנטעריע־סחורות און ווייזט אָן אויף דער וויכטיקער באַדייטונג פון די ייִדישע כאַלופּניקעס פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין לאַנד. די תּקופה צווישן 1862 און 1914 שטייט אין קאָנגרעס־פּוילן אונטערן צייכן פון אַ פּערמאַנענטן עקאָנאָמישן קאַמף פון די פּוילישע ווירטשאַפטלעכע קרייזן קעגן ייִדן. דער דאָזיקער קאַמף האָט אין די יאָרן 1912—1914 דערפירט צו אַן אָפּענעם באָיקאָט פון ייִדישע סחורות דורך די אַנטיסעמיטישע קרייזן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט.

אַ באַזונדערן קאַפּיטל ווידמעט שיפּער דער פראַגע פון צוזאַמענבראָך פון דער ייִדישער ווירטשאַפט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די תּקופה פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַשרייבט שיפּער אויפן יסוד פון פאַרשיידענע סטאַטיסטישע פּובליקאַציעס און עקאָנאָמישע זשור־נאַלן. ער שילדערט די ראָל פונעם ייִדישן קאַפּיטאַל אינעם אויפבוי פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין לאָדזש און ביאַליסטאָק, אינעם פּוילישן עקספּאָרט־האַנדל און אין דער אויסברייטערונג פונעם אויסלענדישן אָפּזאַצמאַרק. מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט באַהאַנדלט שיפּער די עקאָנאָמישע לאַגע פון ייִדן אין פּוילן אין דער צייט נאָכן יאָר 1924, ווען עס איז פאַרגעקומען די סטאַביליזירונג פון דער פּוילישער וואַליוטע.

דער אַנעקס פונעם בוך (אַן ערך 100 זייטן) איז געווידמעט דער געשיכטע פון דער צענטראַלע פונעם ייִדישן סוחרים־פאַראיין אין פּוילן פאַר דרייסיק יאָר פון זיין עקסיסטענץ (1906—1936). שיפּער שילדערט דאָרט אַ געזעל־שאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע פון אַ גרויסן פאַרנעם, אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז במשך פון 33 יאָר געשטאַנען אויף דער וואַך פון ייִדישע עקאָנאָמישע אינטע־רעסן אין פּוילן. אַ דאַנק דעם דאָזיקן אַנעקס און בכלל אַ דאַנק דעם גאַנצן ווערק (דאָס בוך איז טאַקע אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער צענטראַלע פונעם ייִדישן סוחרים־פאַראיין אין פּוילן) איז פאַר דער דאָזיקער, אַ מאָל

אַזוי וויכטיקער אָרגאַניזאַציע, געשאַפן געוואָרן אַ מאָנומענט, וואָס וועט האָבן אַן אייביקן קיום.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן מלחמה־אויסבראָך האָט שיפער אָנגעשריבן צוויי מאָנאָגראַפיעס וועגן יידישע קהילות אין פוילן. די ערשטע מאָנאָ־גראַפיע וועגן דער יידישע קהילה אין פלאָצק א״נ „זיבן הונדערט יאָר פון דער יידישער קהילה אין פלאָצק״. די דאָזיקע מאָנאָגראַפיע איז, ווי אַ ביכל פון עטלעכע דרייסיק זייטן, אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1938 פונעם פאַרלאַג „צופים״ אין לעמבערג (פויליש). אין יאָר 1946 איז זי פון ד״ר ל. זשיטניצקי איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש און איז אַריין אינעם אָנדענקבוך, אַרויסגעגעבן דורך די פלאָצקער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע.

די צווייטע פון די צוויי מאָנאָגראַפיעס איז וועגן דער קהילה אין דראָ־האָביטש. וואָס שייך דעם נאָמען פון דער דאָזיקער מאָנאָגראַפיע איז שיפער אַליין נאָך נישט געווען אַנטשלאָסן. אַזוי רופט ער אָן די דאָזיקע מאָנאָגראַפיע אויף איין אָרט: „בייטראָגן צו דער געשיכטע פון יידן אין דראָהאָביטש ביזן סוף פונעם 18טן י״ה״ (האַנדלס־געשיכטע, זייט 267, הערה 19). אויף אַ צווייטן אָרט רופט ער זי „די געשיכטע פון יידן אין דראָהאָביטש פון די עלטסטע צייטן ביזן יאָר 1772״ (האַנדלס־געשיכטע, זייט 267, הערה 19). פון דער דאָזיקער מאָנאָגראַפיע איז נישט געבליבן קיין זכר, ווייל זי איז נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

דער שרייבער פון דער דאָזיקער אַרבעט איז אפשר דער איינציקער לעבנגעבליבענער עדות, וואָס ווייסט צו דערציילן די פרטים וועגן דעם גורל פון דער דראָהאָביטשער מאָנאָגראַפיע. שיפער האָט די מאָנאָגראַפיע אָנגעשריבן אויף דער באַשטעלונג פון ד״ר לעאָן טאַנענבוים, דעם פאָרזיצער פון דער קהילה אין דראָהאָביטש. דער האָנאָראַר איז באַשטימט געווען אויף 400 זלאָטעס. ד״ר טאַנענבוים האָט זיך מתחייב געווען אַרויסצוגעבן די מאָנאָגראַפיע מיט פאָנדן פון דער קהילה.

ביים סוף פון 1936 האָט שיפער צוגעשטעלט דעם פאַרטיקן כתב־יד. די קהילה האָט אויסגעצאָלט דעם באַשטימטן האָנאָראַר. פאַר די הוצאות פון דרוק האָט לעת־עתה געפעלט געלט, ווייל די קהילה איז שטענדיק געווען באַלאַסט מיט צאָלונגען אויף פאַרשיידענע פילאַנטראָפישע צוועקן און די אָרעמקייט פון דער באַפעלקערונג האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. אַזוי האָט מען דאָס אַרויסגעבן פון דער מאָנאָגראַפיע אָפּגעשלעפּט פון יאָר צו יאָר,

ביז עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין 1939 און די מאָנאָגראַפיע איז אין כּתב־יד געבליבן ליגן אינעם קהילה־אַרכיוו.

ד״ר טאַנענבוים האָט, בעתן אַריינמאַרש פון די סאָוועטישע חיילות קיין דראָהאָביטש, אַרויסגעראַטעוועט פונעם קהילה־אַרכיוו עטלעכע וויכטיקערע דאָקומענטן, צווישן זיי שיפּערס מאַנוסקריפּט. אין יאַנואַר 1943 האָב איך זיך באַגעגנט מיט ד״ר טאַנענבוימען אין דער דראָהאָביטשער געטאָ. ער געווען דער פאַרוואַלטער פונעם יידישן שפּיטאָל און האָט געוווינט אין אַ קליין צימערל אין שפּיטאָל. ער האָט מיט זיך געהאַט זיין קליינעם אַרכיוו מיט שיפּערס כּתב־יד. ד״ר טאַנענבוים האָט מיר געגעבן זיין אַרכיוו איבער־צוקוקן. איך האָב טאַקע דעמאָלט געהאַט די זכיה צו לייענען שיפּערס מאָ־נאָגראַפיע וועגן דראָהאָביטש. וואָס עס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון איז אָט וואָס:

דאָס לייענען פון דער גאַנצער מאָנאָגראַפיע האָט ביי מיר גענומען נישט מער ווי אַ שעה. זי האָט פאַרנומען עטלעכע און זעכציק זייטלעך (פון אַ קלענערן פאָרמאַט) מאַשינשריפט אויף פּויליש. שיפּער האָט דאָרט געשריבן וועגן וואָלטשקאָ און זיין קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיקייט אין רויטרייסן, אַ דאַנק וועלכער דראָהאָביטש איז געגרינדעט געוואָרן. ער האָט אויך געשריבן וועגן די צוויי יידישע צאָלנערס דעטקאָ און זעלמאַן, וועלכע האָבן געהאַלטן די אַרענדע פון די דראָהאָביטשער זשופּן (זאַלצערייען). עס איז אויך דאָרט געווען די געשיכטע פון די „לאַנעס״, דער יידנגאַס אין דראָהאָביטש און אַ סטאַטיסטיק פון דער יידישער באַפעלקערונג פון דער שטאָט אין פאַר־שיידענע צייטן. ווייטער גרייכט שוין נישט דער זכרון.

דער ענדגילטיקער גורל פון ד״ר טאַנענבוימס אַרכיוו און שיפּערס כּתב־יד איז מיר נישט גענוי באַקאַנט. עס איז מעגלעך אַז ד״ר טאַנענבוים האָט אים געגעבן צו באַהאַלטן צו קריסטן, עס קאָן אויך זיין, אַז ער האָט אים באַגראָבן ערגעץ ווו אויפן הויף פונעם יידישן שפּיטאָל. אָבער לויט מיין השערה איז צום וואַרשיינלעכסטן, אַז ער האָט דעם אַרכיוו ביז דער לעצטער מינוט געהאַלטן ביי זיך, ווייל ד״ר טאַנענבוים האָט געגלייבט באמונה שלמה, אַז ער וועט האָבן די זכיה איבערצולעבן די שריפה. ד״ר טאַנענבוים איז אומגעקומען אין יוני 1943. וועגן זיין אַרכיוו האָט קיינער מער נישט געהערט.

פון שיפּערס אַרבעטן, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער סאַמע

לעצטער צייט ערב דער מלחמה, דאַרפן דערמאָנט ווערן: זיין עסיי „היינריך גרעץ און זיין מאָנומענטאַל ווערק", וואָס איז דערשינען ווי אַ הקדמה צו דער לעצטער פוילישער אויסגאַבע (איבערזעצונג פון ל. שענהאַק) פון גרעצס „פאָלקסטימלעכע געשיכטע פון יידישן פאָלק" (1939) און אַ סינטעטישער איבערבליק פון דער געשיכטע פון יידן אין פוילן וואָס איז דערשינען אין „יידישער געזעלשאַפטלעכער לעקסיקאָן" פון ד"ר ראובן פעלדשוה (1939). אויך די וווּנדערלעכע שטודיע וועגן דעם בעל־שם־טוב „ווי איך האָב געזען דעם בעל־שם־טוב", אָפּגעדרוקט אינעם יובל־בוך פון „היינט" (1938), טאָר נישט פאַרגעסן ווערן.

עס איז באַוווּסט, אַז במשך פון די עטלעכע לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה (און אויך אין דער צייט פון דער מלחמה) איז שיפּער געווען פאַרנומען מיט שטודיעס וועגן אַלט־וואַרשע. אַ ריי פון זיינע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן, אַזעלכע ווי דאָס בוך „יידן אין קאָנגרעס־פוילן אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָנער־אויפשטאַנד" אָדער זיין וויכטיקע דעמאָגראַפישע אַרבעט „די יידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע אין 19טן י"ה" (לאָנדקענטעניש, 1935, פויליש) באַשטעטיקן זיין ספּעציעלן אינטערעס פאַר דער דאָזיקער טעמאַטיק. עס זענען אויך באַקאַנט עטלעכע אַרבעטן פון שיפּערן וועגן משפחות פון וואַרשעווער יידישע פּאַטריציערס, אַזעלכע ווי: „די פאַמיליע בערגסאָן" („נאָווע סלאָוואָ", 1932, פויליש) אָדער „די משפחה טעפּליץ" („היינט", 1934).

זיינע שטודיעס וועגן יידישער אַלט־וואַרשע האָט שיפּער פאַרטיפט אין די ערב מלחמה־יאָרן. ער האָט אינטענסיוו געפאָרשט די דאָקומענטן פונעם וואַרשעווער קהילה־אַרכיוו. ער האָט אויך געהאַט אַ צוטריט צו פּריוואַטע משפחה־אַרכיוון. אויף די צוויי וואַרשעווער בית־עלמינס, אויפן גענשער און פּראַגער, איז שיפּער געווען אַן אָפטער באַזוכער. ער פלעגט דאָרט אויסזוכן געוויסע מצבות און קאָפּירן די אויפשריפטן וואָס האָבן זיך אויף זיי געפונען. אויף אַזאַ אופן האָט ער געזאַמלט דעם מאַטעריאַל פאַר זיינע מאָנאָגראַפיעס וועגן וואַרשעווער יידישע פּאַטריציער־משפחות, וואָס ער האָט זיך געגרייט אַרויסצוגעבן ווי אַ גרעסער ווערק.

לויט געוויסע ידיעות האָט ער געזאָלט דאָס ערשטע בוך וועגן אַלט־יידיש־וואַרשע אַרויסגעבן אין יולי 1939, דאָס הייסט צוויי חדשים פאַרן אויסבראָך פון דער וועלט־שריפה. עס זיינען אָבער נישט פאַראַן קיין שום עצמדיקע שפּורן פונעם דאָזיקן בוך.

דער אויסבראָך פון היטלערס מלחמה קעגן פוילן האָט אַ סוף געמאַכט צום גאַנצן שאַפערישן קולטור־לעבן פון ייִדן אין פוילן. דער טרויעריקער טאָג פונעם מלחמה־אויסבראָך דערפירט צום שטילשווייגן אויך שיפערס גאָלדענע פען, וואָס האָט אין משך פון עטלעכע און דרייסיק יאָר באַרייכערט די ייִדישע וויסנשאַפט. גאַנץ זיכער האָט שיפער פאָרגעזעצט זיין אַרבעט אין די שרעקלעכע טעג פון אומקום. פון דער דאָזיקער אַרבעט איז אָבער צו אונדז גאָרנישט נישט דערגאַנגען.

ט

## אין די טעג פון אומקום

אין דער צייט, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה פון יאָר 1939 איז שיפער געווען אַ חולה מסוכן. די סימפּטאָמען פון אַ שווערער האַרץ־קראַנקייט האָבן זיך ביי אים געלאָזט מערקן נאָך אַ לענגערע צייט פריִער. ער האָט זיך פּלוצעם פאַרעלטערט, זיין שטענדיק אויסגעדאַרטער גוף איז נאָך דאַרער געוואָרן, די באַקן איינגעפאַלן און אַרומגערונצלט מיט קנייטשן, דער האַלדז אויסגעצויגן און די אויגן אויסגעלאָשן. שפּעטער האָט ער שוין געמוזט ליגן אין בעט און די דאָקטוירים האָבן געגעבן זייער קליינע האָפע־נונגען אַז ער וועט בלייבן לעבן. זיין האַרץ, וואָס איז אין משך פון אַ סך יאָרן כּסדר געווען אָנגעשטרענגט צוליב דער איבערמענטשלעכער אַרבעט, האָט מודיע געווען אַז עס איז שוין גענוג. עס האָט אין יענער צייט, ערב דעם מלחמה־אויסבראָך, אויסגעזען אַז אָט־אָט קומט שיפערס צעשיידונג מיטן לעבן.

דערנאָך איז אויסגעבראָכן די מלחמה. אויף די קעפּ פון די ייִדן אין וואַרשע האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף איין מאָל גאַנצע עמערס אומגליקן. באַלאַגערונג, באָמבאַרדירונג, אַריינמאַרש פון די רוצחים אין שטאָט. ווער, חוץ דער נאָענטסטער משפּחה, האָט געטראַכט וועגן שיפערן? על־פּי שׂכל וואָלטן די דאָזיקע מוראדיקע געשעענישן געדאַרפט האָבן אַ קאַטאַסטראָפאַלע ווירקונג אויף שיפערס צושטאַנד. אָבער דאָ איז געשען אַ וווּנדער. אפשר איז עס געווען שיפערס אינערלעכע ענערגיע, וואָס האָט אים דעמאָלט אַרויסגעריסן פון דעם מלאך המותס נעגל און אפשר איז אמת, וואָס דאָס פאָלק זאָגט אַז אין אַ צייט פון אַן אַלגעמיינער גרויסער צרה ווערן קראַנקע

אַליין פון זיך געזונט. מיט שיפּערן איז אַזוי געשען: ער איז פּלוצעם אַליין פון זיך געזונט געוואָרן.

עדות, וועלכע האָבן באַגעגנט שיפּערן אין וואַרשע אין יאָר 1940, פאַר דעם פאַרשפּאַרן די יידן אין געטאָ, דערציילן אַז ער האָט אויסגעזען זייער שלעכט און ער האָט זיך געשלעפּט אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. אָבער ער איז געגאַנגען. ער איז געגאַנגען דאָרט, ווו די נויט איז געווען די גרעסטע, געטראָגן הילף און טרייסט.

אין יענער צייט האָט זיך שיפּער אין גאַנצן געווידמעט דער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. ער איז געוואָרן איינער פון די טעטיקסטע עסקנים פון דזשאָינט און פון דער יידישער אַליינהילף, וואָס האָט זיך באַלד ביים אָנהייב פון דער דייטשישער אָקופּאַציע געשאַפן אין וואַרשע און האָט, דער עיקר מיט פאָנדן פון „דזשאָינט", געטראָגן הילף דער שווער־געטראָפענער יידישער באַפעלקערונג. אַן ערך אין יענער צייט האָט שיפּער אָרגאַניזירט אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר יידישע שרייבערס און קולטור־טוערס. די לאַגע פון די קולטור־טוערס איז געווען אַ באַזונדערס שלעכטע, אין די נייע אומשטענדן, וואָס די מלחמה האָט געשאַפן, האָבן די דאָזיקע מענטשן פאַרלוירן יעדע מעגלעכקייט פון עקסיסטענץ. עס איז אַ פאַקט אַז אַ סך שרייבערס און קולטור־טוערס האָבן געהערט צו די ערשטע קרבנות פונעם צווייטן יידישן שונא — דעם הונגער. שיפּער האָט מיט אַלע מיטלען, מיט שתדלנות, בקשות און זיין איינפלוס באַמיט זיך צו באַקומען הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע שרייבערס און קולטור־טוערס.

אַ צווייטער מין נויטבאַדערפטיקע, מיט וועלכע שיפּער האָט זיך באַ־זונדערס אינטערעסירט, זענען געווען די אַ"ג לאַגערניקעס. גלייך ביים אָנהייב פון דער אָקופּאַציע האָבן דייטשן געכאַפּט אַ גרעסערע צאָל יידישע יונגע־לייט און געשיקט זיי אין אַרבעטס־לאַגערן מחוץ וואַרשע צו אַן אוממענטשלעך־שווערער אַרבעט. די דאָזיקע יונגע־לייט האָט געדראָט אַ זיכערער טויט צוליב אויסגעמאַטערטקייט און הונגער. שיפּער האָט אָרגאַניזירט הילף פאַר די דאָזיקע לאַגערניקעס. די הילף איז באַשטאַנען אין שפּייזפּעקלעך און וואַרעמע קליידער. עס איז אויך באַקאַנט שיפּערס אַ פּראָיעקט צו שאַפן אַ מין אָפּרו־היים פאַר יענע לאַגערניקעס, וואָס קערן זיך אום פון די לאַגערן. דעם פּראָיעקט האָט שיפּער פאַרגעשלאָגן דעם יודענראַט, אָבער דער ראַט האָט אים קיין מאָל נישט רעאַליזירט.

אן ערך אין דער צייט, ווען די דייטשן האָבן געמאַכט זייערע צוגריי־טונגען צום אָפּשליסן די געטאָ, האָבן זיך צווישן ייִדן צעשפּרייט קלאַנגען וועגן מיסברויכן אין יודענראַט. די קלאַנגען זיינען נישט געווען אומבאַ־רעכטיקטע. אַ טייל מיטגלידער פונעם יודענראַט האָבן געזוכט זיך צו באַ־רייכערן אויף דער ייִדישער נויט. דער פּאַרזיצער פונעם יודענראַט, אַדאַם טשערניאַקאָוו, האָט געוואָלט אָפּרייניקן די אַטמאָספער. צוליב דעם האָט ער געשאַפן אַ קאָנטראָל־קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אויספאָרשן די לאַגע און אין דער צוקונפט שטיין אויף דער וואַך פון געזעלשאַפטלעכער ערלעכ־קייט פון די יודענראַט־אָרגאַנען. צו דער דאָזיקער קאָנטראָל־קאָמיסיע האָט טשערניאַקאָוו איינגעלאַדן שיפּערן, וועלכער איז געוואָרן איינער פון אירע פירנדיקע מיטגלידער.

ווען ייִדן זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין געטאָ, האָט שיפּער גענומען אויף זיך נאָך אַ צווייטן עול. ער איז געוואָרן דער טרעגער פון טרייסט און דער דערמוטיקער פון די דערשלאָגענע געטאָ־ייִדן. אַ שטענדיקער אָפּטימיסט — האָט שיפּער אין אַלע געשעענישן אויף דער פּאָליטישער וועלט־אַרענע און אויף די מלחמה־פראָנטן געזען אַן אָנזאָג פון היטלערס באַלדיקער מפּלה. אַפילו אַזעלכע אומעטיקע ידיעות, ווי די ידיעה וועגן פראַנקרייכס קאַפּיטולאַציע, אָדער וועגן היטלערס דעסאַנט אין נאָרוועגיע האָט ער מיטן כּוח פון זיין טעמפּעראַמענט און רעטאָריק באַמיט זיך אויס־צוטייטשן אויף אַזאַ אופן, אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין ידיעות וועגן היטלערס נצחונות. לויט שיפּערס פּאַרטייטשונג פלעגן די דאָזיקע טראַגישע געשעענישן זיין אַ סימן פון היטלערס שוואַכקייט און פון זיין נאָענטן סוף.

אויף אַ גרויסער צאָל פאַרזאַמלונגען אין געטאָ האָט שיפּער גענומען אַ וואָרט און האָט, אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן, באַמיט זיך אַריינצוגיסן מוט און האָפענונג אין די ייִדישע הערצער. אַזוי, למשל, האָט ער אויף אַ חמשה־עשר־בשבט־פייערונג אין יאָר 1942 געזאָלט זיך אויסדריקן אַז דיביימער, וועמענס יום־טוב מע פייערט איצט, קריגן זיך שוין וועגן דעם, אויף וועלכן פון זיי מע וועט אויפהענגען היטלערן. אויף אַ כ׳ תמוז־פייערונג (יאָרצייט פון ד״ר הערצל) אין דעם זעלבן יאָר האָט ער אָנגעצונדן דעם עולם מיט דער האָפענונג אַז עס איז נאָענט די שעה, ווען די ייִדן וועלן אויסגעלייזט ווערן אין זייער אייגן לאַנד, אין ארץ־ישׂראל. בכלל האָט ער אין יענער, פאַר ייִדן אַזוי שווערער, צייט שטאַרק פראָפּאַגירט דעם ציוניזם

און האָט פאַרויסגעזאָגט אַז באַלד נאָכן סוף פון דער מלחמה וועט אַנטשטיין די ייִדישע מדינה.

זיינע אָנשויונגען און טעאָריעס פלעגן נישט זעלטן אַרויסרופן אַ קעגנערשאַפט מצד די „רעאַליסטן", וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מע דאַרף דערציילן דעם אמת און נישט איינוויגן דאָס פאָלק מיט אילוזיעס. אַז ד"ר עמנואל רינגעלבלום איז נישט אַלע מאָל מסכים געווען מיט שיפּערן באַווייזט די האַלב־איראָנישע באַמערקונג, וואָס מיר געפינען אין זיינע „נאָטיצן פון וואַרשעווער געטאָ" אונטער דער דאַטע פון 26סטן אַפּריל 1941. ד"ר רינגעלבלום שרייבט דאָרט אַזוי: „געהערט פאָלגנדיקע אינטערעסאַנטע טעאָריע, וואָס דאַרף באַרעכטיקן דאָס מאַרטירערטום פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. ייִדן זענען אַ קריגפירנדיקער צד, דעריבער מוזן זיי ברענגען קרבנות (די מיינונג פון הער איגנאַצי)". הער איגנאַצי איז ד"ר שיפּער.

אָבער פון דעסטוועגן קאָן מען נישט זאָגן, אַז שיפּער איז שטענדיק געווען איינגעטונקען אין אילוזיעס און האָט נישט געזען די ווירקלעכקייט. אָט ווערט דערציילט וועגן זיין רעדע געהאַלטן אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואָס טשערניאַקאָוו האָט גערופן מיטן ציל צו באַקעמפן דעם לוקסוס, וואָס עס האָט געהערשט צווישן די אויפגעקומענע גבירים פון געטאָ. שיפּער האָט דאָרט מיט האַרבע ווערטער געשטראָפט די דאָזיקע גבירים און געפאָדערט פון זיי, אַז זיי זאָלן אויפהערן זייערע הוליאַנקעס און אַנשטאָט דעם העלפן די הונגעריקע דורכצוהאַלטן די שווערע צייט.

ווען עס איז געקומען די אויסראָטונג־אַקציע אין וואַרשעווער געטאָ (זומער 1942), האָט שיפּער בפירוש געזען, אַז זיינע ביז־איצטיקע טעאָריעס זענען נישט קיין ריכטיקע. הונדערטער טויזנטער מענטשן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צום אומקום. דאָס איז שוין נישט געווען קיין סוד און קיין שום אילוזיעס האָבן נישט געקאָנט מער צודעקן דעם אמת. אַלע ייִדן האָבן זיך געפונען אין דער כסדרדיקער סכנה געכאַפּט צו ווערן פון די דייטשן און פאַרשלעפּט צו ווערן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. שיפּערס לאַגע איז געווען פונקט די זעלביקע וואָס די לאַגע פון אַלע אַנדערע געטאָ־איינוווינערס. די ביז־איצטיקע פּאַפּירן, וואָס שיפּער האָט געהאַט פון דער ייִדישער אַליינהילף, זענען שוין נישט געווען גילטיק. כּדי צו קאָנען בלייבן לעבן האָט מען געמוזט באַקומען אַ „לעבנס־נומער", געחתמעט פון דער געשטאַפּאָ. אַזעלכע נומערן האָבן באַקומען די אַרבעטער פון די שעפּער. אויך דער יודענראַט

האָט געהאַט אין זיין רשות אַ געוויסע צאָל פון די דאָזיקע לעבנס־נומערן, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר זיינע אָנגעשטעלטע. שיפּערן איז צוגעטיילט געוואָרן אַזאַ נומער מצד דעם יודענראַט, און כדי ער זאָל נאָך בעסער זיין געדעקט, האָט ער באַקומען אַ פּיקטיווע שטעלע אין דעם קהילה־אַרכיוו.

אַזעלכע נומערן און פּיקטיווע שטעלעס אינעם אַרכיוו האָבן באַקומען נאָך אַנדערע געלערנטע און רבנים, די וועלכע האָבן געהאַט מזל און זענען נישט אַריינגעפאַלן גלייך אין די ערשטע טעג פון דער אַקציע. אַזוי אַרום האָט זיך שיפּער ביי זיין כלומרשטער אַרבעט געטראָפן מיט ד״ר מאיר באַלאַבאַן, ד״ר עדמונד שטיין, הרב שטאָקהאַמער, יהודה לייב אָרלעאַן און אַנדערע. ד״ר הלל זיידמאַן, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער פירער פונעם קהילה־אַרכיוו און פלעגט זיך יעדן טאָג באַגעגענען מיט שיפּערן און די איבעריקע ייִדישע געלערנטע, דערציילט אַז שיפּערן איז גאָרנישט אָנגעגאַנגען דער היינטיקער טאָג. ער האָט געלעבט אויסשליסלעך מיט דער געשיכטע. זיצנדיק אינעם אַרכיוו, האָט ער געשמאַק שטודירט אַלטע דאָקו־מענטן וואָס זענען דאָרט געווען אָנגעזאַמלט. לויט ד״ר זיידמאַנס באַריכט האָט שיפּער שטודירט די געשיכטע פון די וואַרשעווער רבנים און ער האָט געהאַלטן אין שרייבן אַ ניי בוך אויף דער דאָזיקער טעמע.

שיפּער האָט געלעבט מיט דער פאַרגאַנגענהייט און מיט זיינע חלומות וועגן אַ בעסערער צוקונפט. די קעגנוואַרט, פלעגט ער זאָגן, איז בלויז פאַר אַ קורצער ווילע. אַפילו אין די טעג פון דער אַקציע האָט ער נישט נאָכגע־לאָזט פון זיין אָפּטימיזם. ער האָט געגלייבט אַז יעדע מינוט קאָן ברענגען די ישועה. היטלער האָט אומגעבראַכט דעם רוב ייִדן, פלעגט ער צוגעבן, אָבער די שארית־הפליטה וועט זיך גאַנץ זיכער אָפּראַטעווען. נישטאָ וועגן דעם דער מינדעסטער ספק. אַפילו די מוראדיקע סעלעקציע, וועלכע שיפּער אַליין איז דורכגעגאַנגען דעם 25סטן אויגוסט 1942 און בעת וועלכער ער איז געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיטן טויט, האָט נישט געבראָכן זיין בטחון.

עס וואָלט אָבער נישט ריכטיק געווען צו טראַכטן, אַז שיפּער איז אין גאַנצן דערווייטערט געווען פון דער ווירקלעכקייט. לויט מיין השערה איז שיפּערס אָפּטימיזם געווען אין אַ גרויסער מאָס דיקטירט דורך געוויסע טאַקטישע טעמים. די ליבע צום פאָלק, וואָס האָט שטענדיק געברענט אין זיין האַרצן, דאָס רחמנות־געפיל צו די מענטשן, וואָס ליידן אַזוי שרעקלעך אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען, האָבן אים דיקטירט די דאָזיקע טאַקטיק.

ער האָט געטראָגן אין זיך דעם באַגער צו לינדערן לפּחות אַ ביסל דעם גרויסן ווייטיק. אויב ער איז נישט בכּוח צו טאָן עס מיט אַנדערע מיטלען, טוט ער עס מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ טרייסט, מיט אַ דערמוטיקונג. בטחון איז אַ ייִדישע מידה. האָבן בטחון אַפֿילו אין דער שרעקלעכסטער עת־צרה קאָן נאָר אַ ייִד. שיפּערס טאַקטיק ביים דערמוטיקן די געטאָ־ייִדן קאָן קריטיקירט ווערן, קאָן איצט אַפֿילו אויפֿגענומען ווערן מיט אַ שמייכל פֿון ביטול, אָבער עס קאָן אין קיין שום פֿאַל נישט אָפּגעלייקנט ווערן, אַז זי איז דיקטירט געוועזן פֿון האַרץ און אַז אין תּוך איז זי געוועזן אַ טיף־ייִדישע.

נאָך דער אַקציע, ווען עס האָט זיך אין געטאָ ווידער „באַרויִקט", האָט שיפּער געמוזט זוכן אַ ניי מקום־מקלט פֿאַר זיך און פֿאַר זיין משפּחה. ער האָט זיך אַריינגעצויגן אויף קופּיעצקע־גאַס 16. ער האָט גענומען אינטענסיוו מיטאַרבעטן אינעם אונטערערדישן ייִדישן נאַציאָנאַל־קאָמיטעט. אין דער וווינונג פֿון מנחם קירשענבוים אין טעבענס שאָפּ (אויף לעשנאָ־גאַס) פֿלעגן זיך שטענדיק טרעפֿן די אָנפֿירערס פֿונעם ווידערשטאַנד, די אָרגאַניזאַטאָרן און צוגרייטערס פֿונעם געטאָ־אויפֿשטאַנד. דאָרט פֿלעגט אויך שיפּער זיין אַן אָפּטער אַריינגייער, הגם ער איז נישט אַלע מאָל מסכּים געוועזן מיט דער פּאָליטיק און טאַקטיק פֿון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע.

שיפּער איז ווייטער געוועזן דער זעלבער אָפּטימיסט וואָס פֿריִער. ער איז געוועזן דער פֿלייסיקער פֿאַרשפּרייטער פֿון די כּלערליי גוטע בשׂורות וועגן דעם סוף פֿון די ייִדישע ליידן, וואָס פֿלעגן אָפֿט אַרומגיין אין געטאָ.

אויך אין דער קולטור־אַרבעט האָט זיך שיפּער באַטייליקט. קיין אינטענסיווע קולטור־אַרבעט איז שוין, פֿאַרשטייט זיך, נישט געוועזן נאָך דער אויסראָטונג־אַקציע. אָבער עס איז באַוווּסט פֿון יאָנאָס טורקאָווס באַריכט (אין זיין בוך „אַזוי איז עס געוועזן"), אַז ווינטער־צייט 1943/1942 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ פּאַטראָנאַט צו פֿייערן דעם פֿערציק־יאָריקן שרייבער־יובל פֿונעם דראַמאַטורג און רעזשיסאָר מאַרק אַרנשטיין. שיפּער האָט זיך באַטייליקט אינעם פּאַטראָנאַט פֿון דער פֿייערונג, וואָס איז, אַגב, פֿאַרשטערט געוואָרן דורך אַ פֿרישן מאָרד־אויפֿטו פֿון די געשטאַפּאָווצעס.

בשעת דעם געטאָ־אויפֿשטאַנד און דער ליקווידירונג־אַקציע אין אַפּריל 1943 איז שיפּער, אַ קראַנקער און אַ צעבראָכענער, מיט זיין פֿרוי און יינגערער טאָכטער, געוועזן באַהאַלטן אין אַ בונקער אויף קופּיעצקע 16. פֿון דאָרט האָבן אים די רוצחים אַרויסגעשלעפּט און פֿאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־

לאַגער מאַידאַנעק, ביי לובלין. אינעם לאַגער האָט ער זיך געטראָפן מיט זיין אידעם, דעם מאַן פון זיין עלטערער טאָכטער. דער אידעם איז געווען אַ יונגער און זייער פעיִקער נערוון־דאָקטאָר. אין מאַידאַנעק איז שיפּער שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן און ער האָט נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. דורך פאַרשיידענע באַמיִונגען איז געלונגען איינצואָרדענען אים ביי אַ לייכטער אַרבעט אין קיך, ביים שיילן קאַרטאָפל. מען האָט אים געמוזט יעדן טאָג טראָגן צום אַפּעל און צו דער אַרבעט.

ביי דער דאָזיקער מערכה האָט שיפּער נישט פאַרלוירן זיין אָפּטימיזם. דורך אומבאַקאַנטע וועגן פלעגט ער אָפּט באַקומען אַ צייטונג. די צייטונג, אַפילו די דייטשישע, איז שוין אין יענע טעג געווען פול מיט ידיעות וועגן היטלערס מפלות. שיפּער פלעגט די גוטע נייעס איבערגעבן זיינע שכנים, און די פלעגן עס פונאַנדערטראָגן איבערן גאַנצן לאַגער. דער לאַגער האָט געלעבט מיט דער האָפענונג פון אַ נאָענטער ישועה. די ישועה איז טאַקע געווען נאָענט, אָבער פיל נענטער איז געווען דער אומקום, וואָס די רוצחים האָבן געגרייט פאַר דער ייִדישער שארית־הפליטה.

שיפּער האָט געהאָט דאָס מזל נישט אומצוקומען פון די הענט פון די רוצחים. ער איז אַליין אויסגעגאַנגען. אין אַ פינצטערן באַראַק אויף אַ שמוציקער פּריטשע האָט ער אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם. זיין גרויסע נשמה האָט זיך אָפּגעטיילט פונעם איינגעשרומפּטן און צעקאַליעטשעטן גוף. לויט פאַראַנענע ידיעות איז עס געווען אַן ערך אין אָנהייב זומער 1943.

דאָס לעצטע געשריבענע וואָרט, מיט וואָס ד״ר יצחק שיפּער האָט מזכּה געווען די ייִדישע עפנטלעכקייט, איז נישט קיין היסטאָריאָגראַפישע אָפּהאַנד־לונג און אויך נישט קיין פאָרשונג־אַרבעט וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז אַ וויי־אויסגעשריי פון אַ געפייניקט פאָלק ביים ראַנד פון אָפּגרונט. דעם 21סטן אַפּריל 1943 איז צו ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט קיין לאָנדאָן אָנגע־קומען אַ טעלעגראַמע פונעם פאַראייניקטן ציוניסטישן קאָמיטעט אין וואַרשע, אין וועלכער עס איז אויסגעדריקט געווען די פאָדערונג פון דרינגענדיקער הילף. ווי דער ערשטער האָט די טעלעגראַמע געחתמעט ד״ר יצחק שיפּער. אויך מלך ניישטאַדט דערציילט אין „חורבן און אויפשטאַנד פון די ייִדן אין וואַרשע״ אַז שיפּער איז געווען צווישן די אונטערגעשריבענע אויף דער ערשטער טעלעגראַמע פון וואַרשע קיין ארץ־ישׂראל וועגן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

# רשימה פון אַרבעטן, וואָס זײַנען אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער מאָנאָגראַפיע


**יִדיש:**

**זיידמאַן, הלל ד״ר:** טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ, בוענאָס איירעס, 1947.

**זיידמאַן, הלל ד״ר:** די פירער פון וואַרשעווער געטאָ — ד״ר יצחק שיפּער, „מאָרגן־זשורנאַל״, ניו־יאָרק, 27סטער אַפּריל 1947, 4טער מײַ 1947.

**טורקאָוו, יאָנאַס:** די לעצטע טעג פון ד״ר יצחק שיפּער, „ציוניסטישע שטימע״, מינכען, 1946, נומ׳ 3—4.

**טורקאָוו, יאָנאַס:** אַזוי איז עס געווען, בוענאָס איירעס, 1948.

**טורקאָוו, יאָנאַס:** פאַרלאָשענע שטערן, בוענאָס איירעס, 1953.

**טורקאָוו, זיגמונד:** פראַגמענטן פון מײַן לעבן, בוענאָס איירעס, 1951.

**לענסקי, מ. ד״ר:** ד״ר שיפּער אין וואַרשעווער געטאָ, „קיום״, פּאַריז, נומ׳ 13.

**מאַהלער, רפאל ד״ר:** ד״ר יצחק שיפּער, „ייִוואָ־בלעטער״, 1955.

**מייזיל נחמן:** צום ליכטיקן אָנדענק פון ד״ר יצחק שיפּער, „ייִדישע קולטור״, ניו־יאָרק, 1944, נומ׳ 8–9.

**ניישטאַט, מ.:** חורבן און אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, תּל־אָביב, 1948.

**סאָקאָל, ש.:** יצחק שיפּער, אידישער קעמפּער, ניו־יאָרק, 6סטער נאָוועמבער 1943.

**צינעמאַן, יעקב ד״ר:** ד״ר יצחק שיפּער, „קיום״, פּאַריז, יוני–יולי 1950.

**קענער, יעקב:** „קווערשניט״, ניו־יאָרק, 1947.

**שאַצקי, יעקב ד״ר:** די ערשטע געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער — צו ד״ר שיפּערס ווערק — „פילאָלאָגישע שריפטן פון ייִוואָ״, באַנד 2, ווילנע, 1928.

**שאַצקי, יעקב ד״ר:** ד״ר יצחק שיפּער (1884—1943), „זאַמלביכער״, ניו־יאָרק, נומ׳ 4, 1946.

**שטריגלער, מרדכי:** „מאַידאַנעק״, בוענאָס איירעס, 1947.

**אַנדערע שפּראַכן:**

Balaban, Majer Dr.: **Bibliografia historji Żydów w Polsce**, Warszawa, 1939.

Blumenthal, Nachman: **Dokumenty i Materiały, Obozy**, Cent. Żydowska Komisja Historyczna, Łódź, 1946.

Friedman, Filip Dr.: **Pionier nowej historiografii żydowskiej**, "Opinia" 1934. No. 46.

Friedman, Filip Dr.: **Dzieło na czasie**, Miesięcznik Żydowski 1931. No. 6.

Friedman, Filip Dr.: **Martyrs and Fighters, New York, 1954.**

Friedman, Filip Dr.: **The History of Jewish Commerce in the Polish Lands,** Jewish Social Studies, New York, 1940.

Ringelblum, Emanuel Dr.: **Biuletyn,** Żydowski Instytut Historyczny, Warszawa, 1951.

Wischnitzer, M. Dr.: **Ignacy Schipper in Historia Judaica,** Vol. VI. No. 1. April 1944.

Żydzi Polscy a sztuki piękne, Muzyka i śpiew — Teatr — Malarstwo, grafika, rzeźba — przemysł artystyczny, "**Żydzi w Polsce Odrodzonej,**" Warszawa, 1932–1935, t.II.

Żydzi w bankowości i kredycie (Wielkopolska, Małopolska, Wilenszczyzna i Kresy Wschodnie), "**Żydzi w Polsce Odrodzonej,**" Warszawa, 1932–1935, t.II.

Żydzi w Przemyśle Polskim, "**Żydzi w Polsce Odrodzonej,**" Warszawa, 1932–1935, t.I, pp. 492–493.

Aleksander Haftka: צוזאַמען מיט : Żydzi w Przemyśle Polskim, "**Żydzi w Polsce Odrodzonej,**" Warszawa, 1932–1935, t.II.

Żydzi w Rolnictwie na terenie Małopolski, "**Żydzi w Polsce Odrodzonej,**" Warszawa, 1932–1935, t.II.

Ludność żydowska w Warszawie w ciągu 19-go stulecia (Szkic demograficzno-gospodarczy), "**Krajoznawstwo,**" Nr. 2/20 Czerwiec, 1935; Nr. 1/21, Styczeń, 1936.

**Przyczynki do dziejów Żydów w Drohobyczu do końca XVIII wieku**
אָדער :

**Dzieje Żydów w Drohobyczu od czasów najdawniejszych do r. 1772.**
אָנגעשריבן אין יאָר 1936, געבליבן אין כּתב־יד.

**Dzieje handlu żydowskiego na ziemiach polskich,** Nakładem Centrali Związku Kupców, Warszawa, 1937, 791 pp.

**Siedemset lat gminy żydowskiej w Płocku,** Wydawnictwo "Cofim," Lwów, 1938, 35 pp.

יידישע איבערזעצונג: ד"ר ל. זשיטניצקי, אין אָנדענק־בוך פון פּלאָצקער לאַנדסלײַט, בוענאָס־איירעס, 1946.

H. Graetz i jego monumentalne dzieło. Henryk Graetz, Historja Żydów, tłum. L. Szenhaka, Gitlin, Warszawa, 1939.

## דריטער טייל

# עסייען און שטודיעס

## קאַריפייען פונעם קולטור־ציוניזם אין גאַליציע

יוסף קאָבאַק (1913–1828); שלמה שילער (1926–1863); יהושע טהאָן (1936–1870)

דער קולטור־עלעמענט האָט אָן ספק געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע ביים אויפקום פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. הגם פון איר וויגעלע אָן איז די באַוועגונג באַשטימט געווען צו דינען אַ דורכויס־פּראַקטישן ציל — דעם ציל פון יישוב ארץ־ישראל — איז אָבער גלייכצייטיק אויך קלאָר געווען, אַז אירע ערשטע טריט וועט זי מוזן שטעלן אויפן שטח פון קולטור. אַזוי האָט אַפילו געפּסקנט ד״ר טעאָדאָר הערצל, דער שאַפער פונעם פּאָליטישן ציוניזם (וואָס מיינט: דער סאַמע פּראַקטישסטער), בעת ער האָט געוואָרפן די לאָזונג פון „אומקער צום יידנטום פאַרן אומקער צום יידנשטאַט״.

אָבער אין פאַרשיידענע לענדער פון דער יידישער צעשפּרייטונג איז די פּראָצענט־פאַרטיילונג צווישן פּראַקטישן און קולטורעלן עלעמענט — אין די דעמאָלט ניי־אויפגעקומענע אָרגאַניזאַציעס פון די חובבי־ציון — געווען פאַרשיידנאַרטיק. באַזונדערס הויך איז געווען דער קולטור־עלעמענט ביי די חובבי־ציון אין גאַליציע. דאָרט האָט די באַוועגונג, אין דער ערשטער ריי, געמוזט באַפרייען פון דער פּוילישער אַסימילאַציע דעם שוין עמאַנציפּירטן טייל פון דער יידישער יוגנט, ווייל די אַסימילאַציע האָט, ווי אַ ברענענדיק פייער אַרומגעכאַפּט די ברייטסטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַדאָלף שטאַנד — וועלכע האָט זיין ראָלע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון גאַליציע באַטראַכט ווי אַ דורכויס־פּראַקטישע — האָט געהאַלטן, אַז אין גאַליציע איז פאַראַן אַ גייסטיק געטאָ, וואָס הגם מען קאָן עס נישט זען מיטן אויג, פילט עס יעדער טיף אין האַרצן. שטאַנד האָט

דעמאָלט געשריבן, אַז דאָס גאַליצישע יידנטום „נייטיקט זיך קודם־כל אין אַ פסיכיאַטער, וואָס זאָל אָנהייבן צו היילן די קראַנקע נשמה פון אונדזער פאָלק".

*

ס'איז בכן נישט קיין חידוש, וואָס דער ערשטער ציוניסטישער פאַראיין, דער „מקרא קודש" (אין לעמבערג), האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קיין פּראַקטישע ציוניסטישע אַקטיוויטעטן, ווי זאַמלען געלט פאַר א"י וכדומה. ער האָט זיך בעיקר געשטעלט אַ קולטורעלע (אָדער נאָך ריכטיקער: אַ דער־ציִערישע) אויפגאַבע. דער גרינדער פונעם דאָזיקן פאַראיין, ראַבינער ד"ר יוסף קאָבאַק, האָט געהאַט די כוונה צו העלפן יידישע יונגע־לייט, ישיבה־בחורים און תורה־לערנערס, וואָס האָבן זיך געגרייט אָדורכצומאַכן גימנאַזי־יאַלע קורסע ווי עקסטערנען. אין „מקרא קודש" האָבן לערערס און עלטערע אוניווערסיטעט־סטודענטן געלערנט מיט די אינטערנען אַלע לימודים, וואָס זיינען נייטיק געווען פאַר די עקזאַמענס. פון דער צווייטער זייט האָט דער פאַראיין אויך געהאַט גרייטע קלאַסן פאַר גימנאַזיסטן, וועלכע זיינען צוריק־געשטאַנען אין זייערע יידישע לימודים. אין „מקרא קודש" האָבן זיי געלערנט העברעיִש און יידישע געשיכטע. אַ דאַנק דער הילף פונעם פאַראיין האָבן אַ סך יידישע יונגע־לייט באַקומען זייער וועלטלעכע בילדונג, צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס זייערע נעמען זיינען אַריין אין היכל פון דער יידישער גע־שיכטע: ד"ר מרדכי ערנפּרייז, ד"ר יהושע טהאָן, ד"ר שמואל וואָלף גוטמאַן (הויפּט־ראַבינער פון לעמבערג) און אַנדערע.

חוץ זיינע דערציִערישע אויפגאַבעס האָט „מקרא קודש" געהאַט אַ ברייטן נאַציאָנאַלן פּראָגראַם. צו זיינע פירערס האָבן — חוץ ד"ר קאָבאַק — אויך געהערט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי דער מעדיצינער ד"ר ראובן בירער, דער משכיל עוזר ראַהאַטימער און דער העברעיִשער שרייבער ראובן אשר ברוידעס. אינעם דאָזיקן פאַראיין האָבן אַלע וויכטיקע נאַציאָנאַלע געשעענישן באַקומען זייער געהעריקע אויפמערקזאַמקייט. דער פאַראיין האָט אויסגע־ברייטערט זיין השפעה אויף דער יידישער גאַס.

ד"ר יוסף קאָבאַק איז געווען אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. ער איז געבוירן געוואָרן אין לעמבערג; און צוזאַמען מיט ר' אורי וואָלף סאַלאַטן — דעם שפּעטערדיקן דיין פונעם לעמבערגער בית־דין — איז ער געווען אַ תלמיד פון די באַוווּסטע רבנים־גאונים: ר' הירש אָרענשטיין,

הרב עלענבערג און הרב נאַטאַנזאָן. ער האָט שטודירט אָריענטאַליסטיק און אין 1860 האָט ער — אויפן אוניווערסיטעט אין ברעסלוי — באַקומען דעם דאָקטאָראַט פון פילאָסאָפיע. אַ לענגערע צייט איז ער געווען רב אין באַמבערג (דייטשלאַנד) און אין די יאָרן 1883–1892 האָט ער געלעבט אין לעמבערג, וווּ ער איז געווען לערער פון רעליגיע אין דער פערטער גימנאַזיע. אַ געוויסע צייט האָט ער אויך פאַרטראָטן דעם קראַנקן ראַבינער פונעם לעמבערגער פראָגרעסיוון טעמפּל, ד״ר לעווענשטיין (1883–1890). אין אָט־די יאָרן האָט ד״ר קאָבאַק פאָרזיצט אין לעמבערג דעם זאַמען פונעם ציוניסטישן געדאַנק, וואָס איז זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן פונאַנדערגעוואַקסן ווי אַ ריזיקע פאָלקס־באַוועגונג און איז געוואָרן די טאָן־געבערין אינעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון גאַליציע.

ד״ר קאָבאַק איז געווען נישט בלויז אַ למדן און אַ געלערנטער, נאָר אויך אַ גוטער און פיינפילנדיקער שרייבער. אין די יאָרן 1856–1858 האָט ער אַרויסגעגעבן אין לעמבערג דריי ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע זאַמל־ביכער אין העברעיִש און דייטש א״נ „ישורון״. צווישן די מיטאַרבעטערס זיינען געווען מ. שטיינשניידער, יצחק מיזעס און אַנדערע. ד״ר קאָבאַק אַליין האָט דאָרט געשריבן אַ צאָל מאמרים און פאָרשונג־אַרבעטן וועגן ייִדישער געשיכטע און העברעיִשער ליטעראַטור. אין משך פון די וויטערדיקע יאָרן האָט ער אַרויסגעגעבן נאָך צוויי זאַמלביכער.

אין לעמבערג האָט ער געהאַט אַ געוואַלטיקע השפּעה אויף דער שטו־דירנדיקער יוגנט. לויט דער אָפּשאַצונג פון ד״ר מאיר באַלאַבאַן איז ער געווען דער פּאַקטישער מדריך פונעם ערשטן דור ציוניסטישע מנהיגים אין לעמבערג. אָבער די ליכטיקע און קרישטאָל־ריינע פּערזענלעכקייט איז געווען אומגליקלעך אין פּריוואַטן לעבן. אין 1892 האָט זיך „מקרא קודש״ פאַרוואַנדלט אין דעם „ציון־פאַראיין״. ד״ר קאָבאַק איז שוין דעמאָלט נישט געווען אין לעמבערג. נאָך ד״ר לעווענשטיינס טויט איז ער נישט אָנגעשטעלט געוואָרן ווי דער ראַבינער פונעם לעמבערגער טעמפּל. ווי ס׳גיט איבער ד״ר מאיר באַלאַבאַן, איז די הויפּט־מניעה געווען קאָבאַקס פּרוי, וואָס פלעגט אים אָפּט מאַכן עפנטלעכע סקאַנדאַלן. ס׳קאָן אָבער אויך זיין, אַז אַ געוויסע ראָל האָט אויך געשפּילט דער פּאַקט, אַז ד״ר קאָבאַק איז שוין דעמאָלט געווען אַ חובב־ציון, בעת די הערשערס פון דער קהילה זיינען געווען אַסי־מילאַטאָרן. ד״ר קאָבאַק איז דעריבער אַוועקגעפאָרן קיין אינסברוק און האָט

דאָרט איבערגענומען די שטעלע פון ראַבינער. אָבער ער האָט זיך דאָרט נישט געקאָנט דערהאַלטן. נאָך אַ צייט האָט ער זיך, אַ צעבראָכענער, אומ־געקערט קיין לעמבערג און איז שוין מער נישט בכוח געווען צו נעמען זיך צו קאָנקרעטער אַרבעט.

דאָך האָט ער זיך, ביזן סוף פון זיין לאַנגן לעבן, נישט אָפּגעזאָגט פון אָנהאַלטן אַ וואַרעמען קאָנטאַקט מיט דער שטודירנדיקער יוגנט. ד״ר באַלאַ־באַן דערציילט ערגעץ ווו אין זיינע דרך־אַגבדיקע זכרונות, אַז דעם אַלטיטשקן ד״ר יוסף קאָבאַק האָט מען יעדן טאָג געקאָנט טרעפן אין דער לעמבערגער קהילה־ביבליאָטעק. ער פלעגט דאָרט זיצן ביי אַ טיש מיט גרופּעס סטודענטן, וואָס האָבן ביי אים געפרעגט עצות אין פאַרשיידענע אינטעלעקטועלע ענינים. דער עיקר האָט זיי ד״ר קאָבאַק געגעבן אָנווייזונגען וועגן ביכער, וואָס יעדער פון זיי דאַרף לייענען און וועגן טעמעס, איבער וועלכע ער דאַרף אַרבעטן. ד״ר קאָבאַק איז געשטאָרבן אין 1913.

*

שלמה שילער איז געווען איינער פון די עקסטערנען, וואָס האָבן געפונען זייער וועג צו וועלטלעכער בילדונג מיט דער הילף פון „מקרא קודש״. זיין אמתדיקער פאַמיליע־נאָמען איז געווען בלאַנקענדאָרף. ער איז געבוירן געוואָרן אין מיכאַילאָווקע לעבן ביאַליסטאָק. זיין פאָטער, זעליק בלאַנקענ־דאָרף, איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע קאָצקער חסידים. שלמה איז אַרום 1883 אַנטלאָפן קיין גאַליציע, וויל ער האָט נישט געוואָלט דינען אין דער צאַרישער אַרמיי. אין לעמבערג האָט ער אָנגענומען זיין נייעם נאָמען שילער. אין דער היים האָט ער געלערנט גמרא, רבנישע ליטעראַטור, העברעיִשע ליטעראַטור, העברעיִש און רוסיש. אין לעמבערג האָט ער זיך דערנענטערט צו דער מערבדיקער קולטור, וועלכע האָט אים שטאַרק באַ־איינדרוקט. אברהם קאָרקיס, דעמאָלט נאָך אַ סטודענט, האָט צוגעגרייט שילערן צום עקזאַמען. שילער איז אָנגענומען געוואָרן אינעם זיבעטן קלאַס פון דער דייטשישער גימנאַזיע. אין משך פון די ווייטערדיקע יאָרן האָט ער באַקומען מאַטורע און איז אַריינגעטראָטן אינעם פילאָסאָפישן פאַקולטעט פונעם לעמבערגער אוניווערסיטעט, וווּ ער האָט שטודירט פּסיכאָלאָגיע און געשיכטע. אין 1898 האָט ער אַבסאָלווירט דעם אוניווערסיטעט און איז געוואָרן לערער פון גימנאַזיע. קיין דאָקטאָר־טיטל האָט ער קיין מאָל נישט באַקומען. ער איז אין דעם נישט געווען פאַראינטערעסירט.

אויפן אָנהייב פון שלמה שילערס שרייבערישער טעטיקייט האָט געהאַט אַ השפעה אַדאָלף שטאַנד, וועלכער איז זינט דעם יאָר 1896 געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ציוניסטישער צייטונג „פּזשישלאָשטש" (צוקונפט). שטאַנד פלעגט זיך צוהערן צו שילערס רעפעראַטן אינעם „ציון־פאַראיין". בעצם זיינען די דאָזיקע רעפעראַטן געווען אַ טיפער היסטאָריש־פּאָליטישער אַנאַליז פון דער יידישער ווירקלעכקייט. שטאַנד האָט געפאָדערט פון שילערן אָנ־צושרייבן די דאָזיקע רעפעראַטן אין דער פאָרעם פון אַרטיקלען. דאָס איז לכתחילה געווען אַ גאַנץ שווערע אויפגאַבע, ווייל שילער האָט בטבע נישט פאַרמאָגט קיין לייכטקייט אין אויסדריקן זיך. פון דעסטוועגן האָט ער גובר געווען די שוועריקייטן און במשך פון יאָר 1896 האָט ער אין „פּזשישלאָשטש" פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרבעטן, וועלכע זיינען — נאָך אין דעם זעלבן יאָר — אַרויסגעגעבן געוואָרן ווי אַ באַזונדערע בראָשור א"נ: ".Byt Na rodowy Żydów" (נאַציאָנאַלער קיום פון די יידן). אין 1897 האָט שילער אָפּגעדרוקט נאָך אַ ריי אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט ווייטער אַנטוויקלט דעם קערן פון זיין נאַציאָנאַלן געדאַנק, ס'איז באַוווּסט, אַז אַ דענקערישע אַרבעט פון אַן אמתדיקע קוואַליטעט פאַרלירט קיין מאָל נישט איר אַקטו־אַליטעט. שלמה שילערס געדאַנקען זיינען צייטיק עד־היום, אַן ערך 80 יאָר נאָך דעם, ווי זיי זיינען אָנגעשריבן געוואָרן.

שלמה שילערס היסטאָריאָזאָפישע שטודיעס האָבן אַ שייכות צום עבר און צו דער קעגנוואָרט פונעם יידישן פאָלק. לויט אים שאַפט די תכליתדיקע אַנטוויקלונג פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק דעם יסוד פון דער יידישער געשיכטע. וואָס שייך דער שטרעבונג צו אַן אייגענער מלוכישער עקסיסטענץ, איז די דאָזיקע שטרעבונג ביי יידן אַ סך עלטער ווי ביי די אַנדערע אייראָפּעישע פעלקער. ביי זיי האָט זיך די דאָזיקע שטרעבונג אָנגעהויבן אין דער צייט פון דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע (סוף פון 18טן י"ה), בעת ביי יידן איז זי אויפגעקומען גלייך נאָך חורבן־ירושלים. במשך פון קרוב צוויי טויזנט יאָר האָבן יידן דערהאַלטן זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער; און צוגעהאָלפן דערצו האָבן אַ סך פאַקטאָרן, סיי פּאָזיטיווע און סיי נעגאַטיווע.

דער פאַקט וואָס יידן האָבן נישט געלעבט אין זייער אייגענער מלוכה, האָט דערפירט צו דער פאַרשטאַרקונג פונעם יידישן גוף און צו דער אָפּהיטונג פון זיין ריינקייט; ער האָט שטאַרק צוגעהאָלפן צום צוזאַמענקלייבן אַלע כוחות, וואָס זיינען נייטיק פאַר דער זעלבסבאַשיצונג פונעם יידישן פאָלק.

די אַנטי־יידישע רדיפות צוליב יהדות מצד די אייראָפּעיִשע פעלקער האָבן דערפירט צו דעם, אַז יידן האָבן זיך פאַרטיפט אין זייער נאַציאָנאַלן מהות און האָבן אָנגעהאַלטן זייער פאָלקישע און יחידישע אינדיווידואַליטעט. דאָס מיטלאַלטערלעכע געטאָ, די קהילה און דאָס בית־הכנסת זיינען געווען אַ שטאַרקונג פאַרן יידישן קיום. דאָס געטאָ, וואָס די הערשערס פון אייראָפּע האָבן פאַרטראַכט, כּדי אָפּצוזונדערן די יידן פון אַנדערע פעלקער, איז אין יענע פּעריאָדן באַדינגונגען געוואָרן אַ באַשיצונג־רינג פאַר די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און פאַר זייער קולטורעלן באַזיץ.

דער קאַמף פון יידן פאַר זייער קיום האָט זיך אַלע מאָל אָנגעהויבן אויפן עקאָנאָמיש־סאָציאַלן געביט. דער מיסחר, וואָס איז געווען דער הויפּט־מקור פון פּרנסה ביי יידן, האָט ביי זיי געשאַפן אַ מין עקאָנאָמישן מאָניזם, וועלכער האָט שטאַרק צוגעהאָלפן ביים אָפּהיטן פון אינערלעכע שפּאַלטונגען. דער עקאָנאָמישער מאָניזם האָט אויך געדינט ווי אַ פעסטונג קעגן דער אַסימי־לאַציע. אַ דאַנק דעם מיסחר איז דער ייד געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג און האָט באַקומען דאָס געפיל פון אומ־אָפּהענגיקייט, וואָס האָט ביי אים פאַרשטאַרקט דאָס נאַציאָנאַל־סאָציאַלע באַוווּסטזיין.

די יידישע רעליגיע, וואָס איז אין איר מהות אַ דורכויס נאַציאָנאַלע, שטרייכט אונטער ביי יעדער געלעגנהייט אונדזער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אַ דאַנק דעם האָט די רעליגיע באַוויזן נישט בלויז צו אַנטוויקלען אונדזער קולטור, נאָר אויך צו באַווירקן מיט אַ באַזונדערער ענערגיע דאָס גייסטיקע לעבן פונעם פאָלק אין משך פון אַלע תּקופות פון אונדזער עקסיסטענץ. אויך דאָס משפּחה־לעבן, וועמענס יסודות עס שטיצן זיך בעיקר אויף רעליגיע, האָט צוגעטראָגן אַ ביז גאָר באַדייטנדיקן חלק צו דער דערהאַלטונג פונעם יידישן קיום.

די מסקנות, וועלכע שילער ציט פון זיינע חקירות, שליסן זיך איין אין דעם געדאַנק, אַז אַלע שטרויכלונגען אין דעם לעבן פונעם פאָלק אין גלות האָבן געשטאַרקט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און דערוועקט דאָס נאַציאָנאַלע באַוווּסטזיין. פון דעסטוועגן, נישט קוקנדיק אויף די אַלע פּאָזיטיווע ווערטן, וואָס דער גלות האָט געשאַפן, איז דער גלות גופא — קיין מאָל נישט געוואָרן קיין פאָטערלאַנד פאַר די יידן. דער מאַנגל פון אַ פאָטערלאַנד האָט ביי יידן אַרויסגערופן אַ באַהעפטונג מיטן אַמאָליקן פאָטערלאַנד, מיט ארץ־ישראל.

די שיטה פון שלמה שילער האָט לכתחילה נישט אַרויסגערופן קיין באַזונדערע התפעלות אין די רייען פון די חובבי ציון. טייל האָבן אין זיין צוגאַנג געזען אַ פּרוּוו פון שטעלן דעם גלות העכער, איבער ארץ־ישראל. אָבער די ציוניסטישע יוגנט פון גאַליציע האָט אין שילערס פילאָסאָפיע געזען אַ פרווו פון אַ וויסנשאַפטלעכער באַגרינדונג פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק. זי האָט אין שילערן געפונען איר גייסטיקן און אידעאָלאָגישן מדריך. שילער איז פאַר דער ציוניסטישער יוגנט אין גאַליציע פאַרבליבן דער גייסטיקער מדריך אין משך פון עטלעכע דורות, אַפילו שוין לאַנג נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרלאָזט גאַליציע און זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל.

עס זיינען געווען שרייבערס, וואָס האָבן זיך באַמיט אָנצווייזן אויף אַ השפעה פון אחד־העמען אויף שילערן. אין דער אמתן האָט אָבער אַזאַ השפעה קיין מאָל נישט עקסיסטירט. שלמה שילער איז מיט זיין שיטה געווען שטאַרק דערווייטערט פון אחד־העמען. ער האַלט, למשל, אַז בעת די יידן זיינען געווען קאָנצענטרירט אין זייער אייגן לאַנד — אָבער דאָס לאַנד איז געווען קליין און האָט נישט געהאַט קיין פאַרבינדונגען מיט דער גרויסער וועלט — זיינען יידן נישט געווען בכוח צו שאַפן קיין שום קולטורווערטן. צוליב אָט דער סיבה, זאָגט שלמה שילער, איז אין דער תקופה זינט דעם אומקער פון גלות בבל ביזן צווייטן חורבן ביי אונדז נישט אויפגעקומען קיין גרויסע קולטור. דער תלמוד, וואָס איז אַ גיגאַנטישע קולטורשאַפונג, האָט אָנגעהויבן אַרויסצושפּראָצן ערשט נאָכן חורבן פון דער יידישער מדינה. ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז אַזאַ מין השקפה שטייט אין דער סאַמע בולטסטער סתירה צו די יסודות פון אחד־העמס טעאָריע וועגן דעם גייסטיקן צענטער פון יידנטום, וואָס דאַרף געשאַפן ווערן אין א״י.

אויב זוכן ביי שילערן השפעות פון אַנדערע שרייבערס, קאָן מען זיי לייכט געפינען אויף אַן אַנדער אָרט. שלמה שילערס אָפּשאַצונג פון די גייסטיקע ווערטן, וואָס דער גלות האָט געגעבן דעם יידנטום, שטיצט זיך אין אַ גרויסער מאָס אויף די השקפות פון משה העס און פרץ סמאָלענסקין.

פון דער צווייטער זייט איז אויך לייכט צו אידענטיפיצירן געוויסע השפעות פון שלמה שילערס פילאָסאָפיע מיט שרייבערס פון יינגערן דור. ס'איז נישטאָ קיין ספק, אַז די נאַציאָנאַל־געשטימטע שאַפערס פון דער היסטאָריאָגראַפיע פון יידן אין פוילן, זיינען באַווירקט געווען פון שילערס געדאַנקען. ווי אַ משל וועל איך בלויז אָנווייזן, אַז ביי דער אָפּשאַצונג פונעם

מיטל־עלטערלעכן געטאָ האָט ד״ר מאיר באַלאַבאַן אָנגעווענדט שלמה שילערס אַלע טעאָריעס. אויך זעט זיך אָן שלמה שילערס השפעה ביי ד״ר יצחק שיפּערן, בעת דער לעצטער פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט פון אָנהאַלטן דעם המשך פון דער צוויטוויזט־יאַריקער קולטור־טראַדיציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין גלות.

שלמה שילער אַליין האָט זיך נישט געפילט צו פיל גליקלעך אין דער אַטמאָספער פונעם גאַליציִשן ציוניזם. ער האָט זיך באַטייליקט אינעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס און זיך אומגעקערט פון דאָרט אַן אַנטוישטער און אומ־צופרידענער. אין 1910 האָט ער פאַרלאָזט לעמבערג און איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים, ווו ער איז לכתחילה געווען לערער און שפּעטער דירעקטאָר פון דער העברעיִשער גימנאַזיע. ער האָט געוואָלט מיטווירקן אין די רייען פונעם בויענדיקן ציוניזם. דערפאַר האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין „הפּועל הצעיר״ און איז געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע פירשפּרעכערס פונעם „אַרבעטנדיקן ארץ־ישׂראל״.

שלמה שילער איז געשטאָרבן אין יאָר 1926. זיינע חברים און תּלמידים האָבן געשאַפן דעם קיבוץ „קבוצת שילער״, וואָס וועט אויף אייביק פאַר־הערלעכן דעם נאָמען פונעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן פילאָסאָף פון יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק.

*

ווען ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט זיך באַוויזן אויפן יידישן האָריזאָנט און האָט פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט דעם ווילן פונעם יידישן פאָלק צוריק־צוגעווינען זיין נאַציאָנאַלע פרייהייט, איז שוין יהושע טהאָן אין משך פון עטלעכע יאָר געווען אַקטיוו אין די רייען פון די חובבי ציון. וועגן ד״ר טהאָנען קאָן מען זאָגן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן צו זיין דער מחנך פונעם פאָלק, צו געבן דעם ריכטיקן ענטפער אויף זיינע גייסטיקע פראַגן און צו פירן אים צו דער באַהעפטונג מיט דער אַלט־נייער יידישער קולטור. במשך פון זיין גאַנצן לעבן האָט ער — פון זיין טעמפּל־טריבונע — געקנעלט מיט זיין אַסימילירטער מתפללים־עדה דעם תּמצית פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק. ער האָט אין זיי געוועקט דעם פונק פון אַ יידיש־נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין.

אָבער די אַסימילאַטאָרן האָבן זיך פאַרשטאָפּט די אויערן און האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כּוחות נישט צו פאַרשטיין די רייד פון זייער ציוניסטישן מורה־דרך. שפּעטער, ווען עס זיינען געקומען די בלוטיקע טעג פונעם לאַנגן

מעסער, האָבן זיך ביי די דאָזיקע אַסימילאַטאָרן געעפנט די אויגן און אויערן. אָבער דעמאָלט איז שוין געווען צו שפּעט, כּדי צו פאַרגיטיקן יענע גרויסע אַנטוישונג, וואָס ד״ר יהושע טהאָן האָט געליטן צוליבן אָפּאָרטוניזם פון די אַסימילאַטאָרן.

ס'איז געווען נאָך איין גרויסע אַנטוישונג, וואָס דאָס לעבן האָט ד״ר טהאָנען אונטערגעטראָגן במתּנה. כאָטש אין זיין גאַנצן מהות איז ער געווען כּולו רוחניות, האָט ער במשך פון די לעצטע אַכצן יאָר פון זיין לעבן זיך געמוזט פאַרנעמען כּמעט אויסשליסלעך מיט גשמיות. די לעבנס-באַדינגונגען פון יידן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט-מלחמות זיינען געווען אַזעלכע, אַז זייערע שליחי-ציבור האָבן טאָגטעגלעך געמוזט קעמפן פאַרן דערהאַלטן די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון די יידן. אין פּשוטע ווערטער: זיי האָבן געקעמפט פאַרן טרוקענעם שטיקל ברויט, וואָס די יידן האָבן געדאַרפט עסן.

די דאָזיקע אַרבעט פונעם שליח-ציבור, פונעם דריי־מיליאָניקן יידישן יישוב אין פּוילן, האָט ד״ר טהאָן געטאָן טאָג־איין, טאָג־אויס. ער האָט זיך קיין מאָל נישט באַקלאָגט, הגם אַזאַ אַרבעט איז לגמרי נישט געווען צוגעפּאַסט צו זיין גייסטיקער קאָנסטרוקציע און כאָטש זיין געזונט־צושטאַנד איז אַלע מאָל געווען אַ שוואַכער. בלויז אין זיינע כּתבים, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין יענע יאָרן, קאָן מען — אין איינציקע ערטער — געפינען רמזים אויף זיין אַנטוישונג.

נאָך איצט זע איך אים אין מיין דמיון אַזוי קלאָר, ווי ס'וואָלט געווען ערשט נעכטן. אויף דער רעדנער־טריבונע האָט זיך זיין מיטלוווקסיקע געשטאַלט אויסגעטיילט צוליב דעם פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען. זיין בלייך פּנים איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ שוואַרצער און שוין היפּש גרוילעכער באָרד. פון אונטערן ווייסן שטערן האָבן געקוקט צווי גוטע, דורכדרינגענדיקע אויגן הינטער דינע ברילן. מיט די דאָזיקע אויגן, האָט זיך געדאַכט, האָט ער געקאָנט טיף אַריינקוקן אין דער מענטשלעכער נשמה. אויך די שטימע זיינע, אַ רויִקע, מיט אַ סך האַרציקייט און פאַרשטענדעניש פאַרן גורל פונעם פּשוטן יידישן מענטש. ער האָט געהאַט די מערב־אייראָפּעיִשע רעדנער־שולע. ביי זיין זאַכלעכקייט און פּשטות איז ער געווען פאַררעכנט צווישן די בעסטע יידישע רעדנערס. רויִקערהייט און נישט־זעלטן מיט אַ וויץ איז ער געווען בכּוח צו באַגייסטערן און מיטצורייסן אַ מאַסע צוהערערס. אויך אַ שרייבער איז ער געווען אַ גאָט־געבענטשטער. געווען אָנגעזאַפּט מיט טיפן יידישן

וויסן און געהאַט אַ קלאָרן און רעאַלן קוק אויף די פּראָבלעמען פון דער וועלט און פונעם ייִדישן פאָלק. געווען אויך באַהאַוונט מיט פילאָסאָפישער פאָרשונג און מיט ליטעראַטור אין אַ סך שפּראַכן. ער איז געווען דאָס שיינדל פונעם גאַליצישן און פּוילישן ייִדנטום.

ד״ר יהושע טהאָן איז געבוירן געוואָרן אין לעמבערג אינעם יאָר 1870 ביי אַ באַלעבאַטישער אָבער אָרעמער משפּחה. זיין פאָטער, ר׳ משה טהאָן, האָט נישט געהאַט קיין מזל אין מיסחר. ער איז אָבער געווען אַ ייִד אַ תּלמיד־חכם, וואָס האָט זיך געקאָנט באַליבט מאַכן צווישן דעם עולם סוחרים. האָט ער זיך פאַרנומען צו ביסלעך מיט מעקלעריי; און ווען ס׳האָט זיך געמאַכט אַ בוררות, פלעגט מען אים פאַרבעטן צו זיין דער בורר. פון די אַלע געשעפטן איז אָבער זייער שווער געווען אויסצוהאַלטן אַ פרוי מיט פיר קינדער. איז טאַקע דאָס דחקות אין שטוב געווען זייער גרויס.

יהושע האָט געהאַט צוויי עלטערע שוועסטער, וואָס זיינען אין דער פריִער יוגנט געגאַנגען צו דער אַרבעט, כּדי אַרויסצוהעלפן דעם פאָטער אין דער פּרנסה. טאַקע זיי האָבן יהושען געהאָלפן אין די יאָרן פון זיין שטודירן. דער ייִנגסטער אין שטוב איז געווען דער ברודער, יעקב, (מיט 10 יאָר ייִנגער פון יהושען), וואָס האָט זיך שפּעטער באַרימט געמאַכט ווי אַ וויכטיקער פאָרשער אויפן געביט פון ייִדישער סאָציאָלאָגיע. ד״ר יעקב טהאָן האָט געלעבט אין ישׂראל. ער איז געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון ד״ר אַרטור רופּין און איז דער מחבר פון אַ ריי וואָגיקע ווערק וועגן די ייִדן אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד.

יהושע האָט געלערנט אין חדר און שפּעטער ביי פאַרשיידענע מלמדים. ער האָט באַקומען אַ שם פון אַן עילוי און ס׳האָט זיך מיט אים פאַראינטערעסירט ר׳ אורי וואָלף סאַלאַט, וואָס איז דעמאָלט געווען דיין פון לעמבערגער בית־דין. ער האָט יהושען פאַרבעטן צו זיך און מיט אים געלערנט גמרא מיט תּוספות. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט ד״ר טהאָן דערמאָנען מיט דרך־ארץ און ליבשאַפט דעם נאָמען פון זיין לערער און מורה־דרך. ער האָט געזאָגט, אַז ביי ר׳ אורי־וואָלפן אַליין האָט ער מער געלערנט, ווי ביי אַלע פּראָפעסאָרן פונעם ראַבינער־סעמינאַר צוזאַמען.

יהושעס נאָענטסטער חבר איז געווען מרדכי ערנפּרייז, וואָס איז אויך געווען זיין גליד־שוועסטערקינד. טהאָן און ערנפּרייז (ער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אין דער ייִדישער וועלט, ווי דער הויפּטראַבינער פון שוועדן)

האָבן צוזאַמען דורכגעמאַכט דעם וועג צו וועלטלעכער בילדונג, וואָס איז אין יענע צייטן — פאַר אַזעלכע יונגע־לייט — נישט געווען קיין לייכטער. קיין מאַטעריעלע מיטלען האָבן זיי נישט געהאַט. ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צו לערנען, זיינען זיי שוין געווען 15־יאָריקע בחורים און וועגן אָנקומען אין גימנאַזיע האָבן זיי נישט געקאָנט אַפילו חלומען.

זיי האָבן גענומען לערנען ווי עקסטערנען און צו הילף איז זיי געקומען ד״ר יוסף קאָבאַק און דער פאַראיין „מקרא קודש״.

נאָך 3 יאָר לערנען ווי אַן עקסטערן איז טהאָן געווען צוגעגרייט צום עקזאַמען. אין יאָר 1888 איז ער אָנגענומען געוואָרן אין אַכטן קלאַס פון דער דייטשישער גימנאַזיע אין לעמבערג און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט ער אָפּגעגעבן די מאַטורע. באַלד נאָך דעם איז ער אַוועקגעפאָרן קיין בערלין. דאָרט האָט ער שטודירט פילאָסאָפיע אויפן אוניווערסיטעט און יידישע לימודים אינעם ראַבינער־סעמינאַר. אין יאָר 1895 האָט ער באַקומען דעם דאָקטאָראַט אויפן סמך פון זיין דיסערטאַציע „די גרונטלאַגן פון דער קאַנ־טישער מאָראַל־פילאָסאָפיע״. במשך פון די ווייטערדיקע צוויי יאָר האָט ד״ר טהאָן געאַרבעט אויפן אוניווערסיטעט. ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו דערגרייכן די פּאָזיציע פון אַ פּראָפעסאָר, נאָר אים האָט געצויגן צוריק צו זיין היימלאַנד. ער האָט געוואָלט לעבן אוןווירקן צווישן זיינע גאַליציישע יידן.

אין יאָר 1897 האָט ער אָנגענומען די שטעלע פונעם ראַבינער אין דעם קראָקאָווער פּראָגרעסיוון טעמפּל. זיינע פאָרגייערס אויף דער דאָזיקער ראַבינער־שטעלע זיינען געווען אַזעלכע תלמידי־חכמים ווי יצחק מיזעס, ד״ר דאַנקאָוויטש און ד״ר מרדכי דושאַק. אָבער ד״ר טהאָן האָט אין די ד׳ אמות פונעם טעמפּל אָנגעצונדן אַ גאַנץ ניי ליכט, וואָס האָט העל געלויכטן במשך פון די קנאַפּע פערציק יאָר, וואָס ער איז דאָרט געווען דער לערער און דער גייסטיקער וועגווייזער.

אין דעם זעלבן יאָר האָט ער חתונה געהאַט. זיין פרוי האָט געשטאַמט פון גרויסן לעמבערגער יחוס, פון דער משפחה באַך־פּרנס. ווי עס שרייבט מיר איצט ד״ר טהאָנס איינציקע טאָכטער — פרוי נעללי ראָסט־האָלענדער, וועלכע וווינט היינט אין מאָנטעווידעאָ (אורוגוואַי) — האָט „די מוטער זיך פאַרליבט אין מיין פאָטער נאָך אין די סטודענטישע צייטן. זי האָט זייער לאַנג געמוזט קעמפן מיט אירע עלטערן, ביז זיי האָבן מסכים געווען צום דאָזיקן שידוך, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ נישט גלייכן״.

*

אין מערב־אייראָפּע איז דער אויפקום פונעם ציוניזם געווען אַ פּועל־יוצא פונעם פאַרשאַרפטן אַנטיסעמיטיזם. אין מיזרח־אייראָפּע, ווו די קלעפּ פון די אַנטיסעמיטן האָבן זיך צום שטאַרקסטן געלאָזט פילן, האָבן גאַנץ אַנדערע פאַקטאָרן געווירקט לטובת דעם אויפבלי פונעם ציוניסטישן רעיון. די מיזרח־אייראָפּעיִשע ציוניסטן האָבן אין זייער אַלט־נייעם אידעאַל געזען, דער עיקר, אַ מיטל צו ראַטעווען דאָס פאָלק פון דער אַסימילאַציע און די אייביקע ווערטן פון דער יידישער קולטור פון אומקום.

אין דעם ערשטן לעמבערגער „ציון־פאַראיין" זיינען די עלטסטע חברים (מען קאָן זאָגן — די מדריכים) געווען: ראובן בירער, אַדאָלף שטאַנד, זיין ברודער קאַראָל און אַברהם דוד קאַרקיס. אַן ערך אין איין עלטער מיט יהושע טהאָן זיינען, חוץ ערנפּרייזן, געווען: גרשון ציפּער, דוד ניימאַרק און שלמה שילער. שפּעטער איז נאָך צוגעקומען גרשם באַדער. אין דער העברעיִשער און ציוניסטישער פּובליציסטיק איז טהאָן אַריין, צוזאַמען מיט ערענפּרייזן און ניימאַרקן, אין די ניינציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. גרשם באַדער האָט זיך אָנגעהויבן צו דרוקן מיט עטלעכע יאָר פריִער.

ס׳איז געווען די צייט, ווען אחד־העם האָט אָנגעצייכנט די שטריכן פון זיין פּראָגראַם, לויט וועלכן די גאולה פון יידישקייט (יהדות) האָט געדאַרפט קומען פאַר דער גאולה פון די יידן. ער האָט זיך געוואָלט שטיצן אויף אַ מין גייסטיקער עליטע, וואָס האָט געדאַרפט פרעזערווירן די קולטורווערטן פונעם יידנטום און ברענגען זיי צו אַ זיכערן אַנטרינונג־אָרט אין אַ ניי־געשאַפענעם קולטור־צענטער, אין ארץ־ישראל. פון דאָרט האָט די יידישע קולטור געדאַרפט אַרויסשטראַלן איבער די תפוצות. ערשט בעת דער קיום פון יידישקייט וועט שוין זיין אַ געזיכערטער, וועט מען זיך דעמאָלט קאָנען נעמען צו דער אויסלייזונג פון די יידישע מאַסן פון זייער גלות.

מיכה יוסף בערדיטשעווסקי איז אַרויס מיט אַ פּאָלעמיק קעגן אחד־העמען. לויט בערדיטשעווסקין האָט דעם קריזיס אינעם יידנטום אַרויסגערופן נישט אַזוי דער מאַנגל אין קולטורווערטן, ווי די פיזישע דעגראַדאַציע פון די יידן. בערדיטשעווסקי האָט גערופן צו פיזישער רעהאַביליטאַציע, צו אַנטוויקלען גבורה און פּראָדוקטיווע אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל. ער האָט געהאַלטן, אַז אויב דאָס פאָלק וועט זיך אויסהיילן פון דער פיזישער

אומגאַרמאָלקייט, וועט במילא אויך שטייגן זיין פּאַטענץ אין דער קולטור־שאַפערישקייט.

ביי טהאָנען איז, פונקט ווי ביי אחד־העמען, דער ציוניזם אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער אינערלעכער זאָרג פאַרן קיום פון פאָלק, וואָס געפינט זיך אין אַ מעמד פון סכּנה צוליב דער פּראָגרעסירנדיקער אַסימילאַציע. דעריבער האָט טהאָן געהאַלטן אחד־העמס טעאָריע פאַר ריכטיק. אָבער בלויז אין איר תּמצית. מיט די וויטערדיקע אויספירונגען און מיט די אַלערליי פּראָיעקטן, מיט וועלכע אחד־העם האָט געוואָלט רעאַליזירן זיין פּראָגראַם, האָט טהאָן נישט מסכּים געווען. ער האָט אין זיי נישט געגלייבט. „דער געדאַנק פונעם ,מרכּז רוחני׳ (אחד־העמס פּראָיעקטירטער קולטור־צענטער) — האָט טהאָן געשריבן — עפנט אַ ברייטן אַרויסקוק, אָבער ער אַליין איז נישט גענוג, כּדי צו ווערן דער קראַפטפולער מאָטאָר״.

אָבער וועגן דעם, אַז דער קולטור־פּראָגראַם דאַרף זיין דער יסוד פון ציוניזם, האָט טהאָן נישט געהאַט קיין שום ספק. ער האָט אין דעם געגלייבט באמונה שלמה ביז זיין לעצטן אָטעם. ער האָט געשריבן, אַז דער ציוניזם וועט לייזן דאָס אָנגעווייטיקטע יידישע קולטור־פּראָבלעם, „ער וועט דער־מעגלעכן דעם מאָדערנעם ייד צו שאַפן פאַר זיך דעם סינטעז פון דער אַלגעמיינער אייראָפּעישער קולטור מיט דער יידישער״.

אין דער צייט פון זיינע פילאָסאָפישע שטודיעס איז טהאָן שטאַרק באַ־ווירקט געוואָרן דורך די לערעס פון קאַנט און שפּענגלער (אַגב, די השפּעה פון קאַנטן לאָזט זיך ביי אים שטאַרק באַמערקן אויך אין די שפּעטערדיקע צייטן). ער האָט זיך באַמיט צו געפינען פאַר זיך אַליין ענטפערס אויף אַ סך נישט־פאַרענטפערטע פּראָבלעמען פונעם ציוניסטישן געדאַנק. ער האָט זיך געגרייט אָנצושרייבן אַ ווערק, וואָס זאָל געבן אַ געשיכטס־פילאָסאָפישע באַגרינדונג פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. ער האָט געלערנט געשיכטע און סאָציאָלאָגיע, פאַרנומען זיך מיט סטאַטיסטיקעס און געזאַמלט מאַטער־יאַלן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט.

אָבער אויף דער דאָזיקער טעמע האָט ער אָנגעשריבן נישט מער ווי איין עסיי, וואָס ער האָט אין יאָר 1896 פאַרעפנטלעכט אינעם בערלינער זשורנאַל „ציון״. די דאָזיקע עסיי, וואָס הייסט „צו דער געשיכטס־פילאָסאָ־פישער באַגרינדונג פונעם ציוניזם״, איז נישט מער ווי אַן אַריינפיר צו אַ גרעסערער אַרבעט. וועגן דער סיבה, וואָס האָט אים געשטויסן זי צו שרייבן

זאָגט דאָרט טהאָן אַזוי: „ווער ס'האָט זיך באַמיט צו רעדן וועגן ציוניזם, דער האָט געשטאַמלט אָדער דעקלאַמירט. בלויז וויניקע האָבן געפונען אַ פאַרשטענדלעכע שפּראַך פאַר באַגרינדטע געדאַנקען. איך האָב געוואָלט געהערן צו די דאָזיקע וויניקע".

אינעם דאָזיקן עסיי געפינען זיך עטלעכע שיין־פאָרמולירטע געדאַנקען, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף טהאָנס אידעאָלאָגישן באַנעם. למשל: „נישט דער אַנטיסעמיטיזם האָט באַשאַפן דעם ציוניזם. דער ציוניזם איז היסטאָריש אַ המשך פונעם משיחיזם". כּדאי צו באַמערקן, אַז דער דאָזיקער געדאַנק שטייט אין סתירה צו הערצלס אויפפאַסונג. אָבער אַ ביסל ווייטער זאָגט טהאָן, אַז די עמאַנציפּאַציע האָט ביי ייִדן אַרויסגערופן דאָס באַדערפעניש פון אַן אייגענער מלוכה; און אויב עס איז דאָ אַ באַדערפעניש, וועט זיך במילא אויך אַנטוויקלען די פעיִקייט אָנצופירן מיט איר. דער געדאַנק איז שוין אין אַ פולן הסכּם מיט דער השקפה פון ד"ר הערצל. דאָ דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז בעת ד"ר טהאָן האָט געשריבן זיין אַרבעט „צו דער געשיכטס־פילאָסאָפישער באַגרינדונג פונעם ציוניזם" איז נאָך הערצל נישט דערשינען אויפן ציוניסטישן האָריזאָנט. זיין „ייִדנשטאַט" איז נאָך דעמאָלט טהאָנען געווען אומבאַקאַנט.

די נאָר־וואָס דערמאָנטע אַרבעט פון ד"ר טהאָן, וואָס איז זיין ערשטע וויכטיקערע אַרבעט אויפן געביט פון ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, צייכנט זיך אויס מיט אַ סך (פאַר יענער צייט) נייע פאָרמולירונגען, מיט אַ קלאָרקייט פון סטיל און מיט אַ זעלטענעם כּוח פון אַרגומענטאַציע. פון דעסטוועגן איז אין איר נישט פאַראַן קיין איין רמז אויף אַ „געשיכטס־פילאָסאָפישער באַגרינ־דונג" פון ציוניזם. דעריבער האָבן מיר אַ גרונט צו באַהויפּטן, אַז זי איז נישט מער ווי אַן אַריינפיר צו אַזאַ ווערק. צום באַדויערן האָט ד"ר טהאָן דאָס דאָזיקע ווערק קיין מאָל נישט אָנגעשריבן. מיט 35 יאָר שפּעטער האָט ער זיך צוליב דעם פאַרענטפערט אין דער הקדמה צו זיין בוך „עסייען צו דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע" (בערלין, 1930) בזה הלשון: „לכתחילה האָב איך געוואָלט שאַפן אַ געשלאָסן און שלימותדיק געדאַנקען־ווערק. אָבער מיין דור האָט פון דער געשיכטע באַקומען צוגעוויזן אַן אַנדערע, אַ שווערערע און מער אַחריותדיקע אויפגאַבע. מיר האָבן געדאַרפט אַריינדרינגען אין מיטן פונעם פאָלק מיטן כּוח פון אַ שטורעמווינט. דאָרט זיין די אויפטרייסלערס, די וועקערס, די לערנערס און די פירערס".

*

דאָס דערשיינען פון הערצלס „יודנשטאַט" האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפטרייסלונג צווישן די חובבי־ציון. דער איבערוויגנדיקער רוב פון זיי האָט זיך גלייך געשטעלט אונטער דער פאָן פונעם פּאָליטישן ציוניזם. אָבער נישט אחד־העם. אמת, זיין באַציִונג צום געדאַנק פון יודנשטאַט איז געווען אַ פּאָזיטיווע, און נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט ער געהאַט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט געגעבן אַ פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג פונעם קאָנגרעס. אָבער אחד־העם האָט נישט געגלייבט, אַז מיט פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע וועט קאָנען געלייזט ווערן די יידן־פּראָגע. פאַר אים איז זי בעיקר געווען אַ קולטור־פּראָבלעם. האָט ער במשך פון די ווייטערדיקע יאָרן פון זיין לעבן מיטגעאַרבעט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער ווי אַן אָפיציעלער מיטגליד האָט ער זיך אין איר קיין מאָל נישט אָנגעשלאָסן.

פאַר ד"ר טהאָנען איז דער קולטור־עלעמענט געווען נישט ווייניקער וויכטיק ווי פאַר אחד־העמען. פון דעסטוועגן האָט זיך ד"ר טהאָן תיכף אָנגעשלאָסן אין דער מחנה פון הערצלס נאָכפאָלגערס. אין זיין אַרבעט „ד"ר טעאָדאָר הערצל", וואָס טהאָן האָט אַרויסגעגעבן צום צענטן יאָרצייט פון הערצלס פּטירה, האָט ער וועגן דעם „יודנשטאַט" אַזוי געשריבן: „דער היינטיקער ציוניסטישער דור קאָן זיך נישט שאַפן קיין באַגריף וועגן דעם ריזיקן איינדרוק, וואָס דאָס דאָזיקע בוך האָט דעמאָלט געמאַכט אויף אונדז, די אַקטיווויסטן, וואָס זיינען געשטאַנען אין מיטן פון דער ציוניסטישער אַרבעט. עס איז פאַר אונדז געווען ווי אַ שטאַרק וואָרט פון צושטימונג, דערמוטיקונג און באַקרעפטיקונג, וואָס איז צו אונדז געקומען פון עפּעס אַ גרויסער הויכקייט, אפשר גאָר פון דער סאַמע הימלישער הויכקייט".

ד"ר טהאָן, דער יונגער טעאָלאָג, איז געוואָרן איינער פון הערצלס נאָענטסטע מיטאַרבעטערס. אין מערץ 1897 האָט זיך טהאָן באַטייליקט אין דער ספּעציעלער קאָנפערענץ, וואָס הערצל האָט גערופן פאַר דער צוגרייטונג פונעם ציוניסטישן קאָנגרעס. צווישן די אָנטיילנעמערס פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ פיגורירן אַזעלכע נעמען, ווי: יוחנן קרעמענעצקי, אַברהם זאַלץ, היינריך יאָרק־שטיינער, לעאָן קעלנער און קאָקעש — מענטשן, וואָס האָבן געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

ד"ר טהאָן איז געווען אַ מיטגרינדער פון הערצלס זשורנאַל „די וועלט". ער איז געווען אַ געטרייער מיטאַרבעטער פון דער דאָזיקער צייטשריפט

במשך אַלע יאָרן פון איר עקסיסטענץ. ער איז געווען איינער פון די חשובסטע דעלעגאַטן פונעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס און פון אַלע ווייטערדיקע קאָנגרעסן ביז זיין פטירה. ער איז געווען אַ ווירילּיסט (פּערמאַנענטער מיט־גליד) פונעם אַקציאָנס־קאָמיטעט במשך פון אַ סך יאָרן.

ווען ד״ר טהאָן איז אָנגעקומען קיין קראָקע אויף זיין ראַבינער־שטעלע אינעם פּראָגרעסיוון טעמפּל, איז שוין דאָרט געווען אַן אַקטיווע גרופּע פון ציוניסטישע טוערס. זיי האָבן זיך בעיקר רעקרוטירט פון סטודענטן פונעם קראָקאָווער אוניווערסיטעט און שילערס פון די העכערע קלאַסן פון די מלוכישע גימנאַזיעס. געווען צווישן זיי אַ קליינע צאָל יונגע, נאָר־וואָס־אויסשטודירטע דאָקטוירים און סתם באַלעבעסלעך. אָט דער עלעמענט האָט געשאַפן דעם קערן פונעם פאַראיין „פּזשעדשוויט–השחר״, וואָס איז דערנאָך אין משך פון צענדליקער יאָרן געווען דער רוקנביין פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מערב־גאַליציע.

ד״ר טהאָן האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער דאָזיקער גרופּע. אונטער זיין השפּעה איז זיך די גרופּע מיט דער צייט פונאַנדערגעוואַקסן און האָט גענומען שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אויף דער יידישער גאַס. נישט געקוקט אויף דעם, איז אָבער ד״ר טהאָנס פּערזענלעכע מערכה — אין זיינע ערשטע קראָקעווער יאָרן — נישט געווען קיין לייכטע. ער איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ ראַבינער אין אַ קהילה, וואָס איז באַהערשט געווען דורך אַסימילאַטאָרן, און געקומען איז ער אַהין ווי אַן אויסגעשפּראָכענער ציוניסט, מיט אַן אייגענער אידעאָלאָגישער שיטה און מיט אַ סטאַזש פון ציוניסטישער אַרבעט. אויב מען זאָל נאָך צוגעבן, אַז דער רעוואָלוציאָנערער אימפּעט פונעם ציוניזם האָט זיך אין יענער צייט בעיקר אויסגעדריקט אין דער פאַרביטערטער מלחמה קעגן דער אַסימילאַציע — ווערט קלאָר, אַז ער האָט געמוזט האָבן אַ גרויסע מאָס פּערזענלעכן טאַקט און ישוב הדעת, כּדי זיך צו דערהאַלטן אויף דער דאָזיקער שטעלע.

אין דער אמתן האָט זיך אין קראָקע געשאַפן אַ לאַגע פון אַ מין קאָ־עקסיסטענץ צווישן אַסימילאַטאָרן און ציוניסטן. דאָס איז נישט געווען קיין קאָ־עקסיסטענץ אין שלום־באַדינגונגען, נאָר עפּעס אַזוי ווי אויפן האַלבן וועג. אַ ביסל שלום און אַ ביסל מלחמה. ד״ר טהאָן האָט אינעם אַסימילאַטאָרישן טעמפּל געהאַלטן האַלב־ציוניסטישע דרשות. מיט באַהאַלטענע רייד האָט ער אַטאַקירט די אַסימילאַטאָרן און זייערע דרכים, נישט דערמאָנענדיק דערביי

דעם נאָמען פון די, וואָס ער האָט אַטאַקירט. ער האָט גערופן די יוגנט צום נאַציאָנאַלן אויפשוואונג, געפלאַנצט אין איר דעם קערן פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ און סטימולירט צו באַהעפטן זיך מיט דער העברעיִשער קולטור.

בעת ער האָט געדרשנט, איז דער טעמפּל געווען פול־געפּאַקט. נישט נאָר יוגנט האָט אים געוואָלט הערן, נאָר אויך מיטליאָריקע און עלטערע ייִדן, וואָס האָבן זיך שוין אין גאַנצן אָדער טיילווייז געהאַט באַפרייט פון דער אָרטאָדאָקסישער השפּעה. די אַסימילאַטאָרישע באַלעבאַטים האָבן טאָלערירט טהאָנען און זיינע רעדעס, ווייל אויך זיי האָבן אָפּגעשאַצט זייער טיפקייט און גייסטיקע עשירות. כאָטש זייערע פּאָליטישע דרכים האָבן זיי געפירט דורך דער הינטערשטער טיר פונעם פוילישן פריצס פּאַלאַץ, דאָך האָט ביי אַ טייל פון זיי נאָך געקלאַפּט אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ.

דאָס ייִדישע קראָקע איז — פונקט אַזוי ווי דאָס פּוילישע קראָקע, די אַלטע און פאַרהייליקטע שטאָט פון די פּוילישע מלכים — אין אַלע צייטן געבליבן קאָנסערוואַטיוו און קעגנעריש צו אַלע נייע אידייען און פרייע געדאַנקען. די מערהייט האָט דאָרט אַלע מאָל געהאַט די אָרטאָדאָקסיע, וואָס האָט שטרענג אָפּגעהיט די טראַדיציעס פונעם אַמאָליקן קראָקאָווער רב, ר׳ שמעון שרייבער (סופר), דעם גייסטיקן פאָטער פון דער אָרגאַניזירטער אָרטאָדאָקסיע. צוליב פּאָליטיש־טאַקטישע צוועקן האָט זיך די אָרטאָדאָקסיע פאַרשטענדיקט מיט די אַסימילאַטאָרן און זיי האָבן צוזאַמען געשאַפן דעם קאָנסערוואַטיוו־רעאַקציאָנערן פראָנט קעגן די נייַ־אויפגעקומענע באַוועגונגען: דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליזם.

דער גייסט פון קאָנסערוואַטיזם, וואָס האָט מיט אַזאַ כוח געשוועבט איבער דער דאָזיקער מערקווערדיקער און אינטערעסאַנטער שטאָט, האָט אויך נישט ווייניק באַווירקט די דאָרטיקע ציוניסטן. זיי זיינען לכתחילה אַרויס אין אַ רעוואָלט קעגן די אָרטאָדאָקסישע און אַסימילאַטאָרישע שתּדלנים, וואָס האָבן דאָרט געהאַט באַהערשט דאָס פּאָליטישע לעבן פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. וואָלט מען זיך געדאַרפט ריכטן, אַז אַזאַ רעוואָלטירנדיקע גרופּע וועט האָבן אַ גרויסן מוט און, דער עיקר, אַ שטאַרקן גלויבן אין די אייגענע כוחות. פאַר אַ רעוואָלטירנדיקע גרופּע איז דער גלויבן אין זיך אַליין דער ערשטער באַדינג פון אַ נצחון.

ווייזט אָבער אויס, אַז ביי די קראָקאָווער ציוניסטן איז דער גלויבן אין זיך אַליין נישט געווען קיין צו שטאַרקער. מעגלעך, אַז טיף אין זייער אונטער־

באַוואָסטאָזיין איז געלעגן באַהאַלטן דער אומווילן צו דראַסטישע ענדערונגען;
אַן אומווילן, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר קאָנסערוואַטיוו־געשטימטע מענטשן. איך האַלט, אַז בלויז דערמיט קאָן פאַרענטפערט ווערן אַ משונהדיק געשעעניש, וואָס איז פאַרגעקומען באַלד נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און וועגן וועלכן עס דערציילט דער פאַרשטאַרבענער ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט אין זיין בוך „צווישןביידע וועלט־מלחמות״:

ביים סוף פון יאָר 1918, נאָך דעם פונאַנדערפאַל פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע, האָבן זיך אין קראָקע גענומען שאַפן די נייע רעגירונג־אינסטאַנצן פונעם אומאָפּהענגיקן פוילן. די רויִקע שטאָט איז פלוצעם אַריינגעפאַלן אין אַן אַטמאָספער פון רעוואָלוציע. די דאָזיקע אַטמאָספער האָט אויך אַרומ־גענומען די יידישע באַפעלקערונג. די נאַציאָנאַל־געשטימטע קראָקאָווער יידן האָבן זיך — אויפן רוף פונעם ציוניסטישן לאַנד־פאַרבאַנד — פאַר־זאַמלט אין די טויזנטער אַרום דעם בנין פון דער קהילה. מען איז געגאַנגען מקיים זיין דאָס געבאָט, וואָס ד״ר הערצל האָט געגעבן דער ציוניסטישער באַוועגונג: „דעראָבערט די קולטוס־געמיינדן״.

דער ראָש־הקהל אין קראָקע איז געווען ד״ר שמואל טילעס, אַ בכבודיקער און השפעה־רייכער אַסימילאַטאָר. זיין פאַרטרעטער — ד״ר רפאל לאַנדוי, אויך אַן אַסימילאַטאָר, כאָטש אַ ביסל אַ געמעסיקטער. אַ ציוניסטישע דעלע־גאַציע איז אַרויף אין קהילה־ביורא. אויפגענומען האָט זי ד״ר לאַנדוי. די דעלעגאַציע האָט אים גלייך איבערגעגעבן די אולטימאַטיווע פאָדערונג פון דער באַפעלקערונג, אַז ד״ר טילעס זאָל רעזיגנירן במשך פון צען מינוט. גרויס איז געווען די פּאַניק אינעם קהילה־פּרעזידיום. ד״ר לאַנדוי איז אַוועק צו טילעסן און באַלד האָט ער זיך אומגעקערט מיטן ענטפער, אַז ד״ר טילעס האָט רעזיגנירט. און דעמאָלט איז פאַרגעקומען דאָס משונהדיקסטע אינעם גאַנצן געשעעניש. די ציוניסטן האָבן געבעטן ד״ר לאַנדוין, אַז ער זאָל ווערן דער פּרעזידענט פון דער קהילה.

דער סוף איז געווען, אַז נאָך דעם ווי די שטאָט האָט זיך באַרויִקט, האָט ד״ר לאַנדוי ווידער געוווּנען די שטיצע פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. ער איז געבליבן ראָש הקהל פון קראָקע ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אויך אין דער קראָקאָווער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָבן די ציוניסטן נישט געוווּנען קיין עצמדיקע השפעה. במשך פון אַ ריי יאָרן האָבן דאָרט אויסגעשפּראָכענע אַסימילאַטאָרן געהאַלטן דעם אַמט פון וויצע־פּרעזידענט

פון דער שטאָט. דאָס אַלץ איז געשען אין אַ צייט, ווען אין די אַנדערע טיילן פון פוילן — אין מיזרח־גאַליציע און אין קאָנגרעס־פוילן — זיינען די אַמאָליקע אַסימילאַטאָרישע שתדלנים כמעט אין גאַנצן פאַרשווּנדן פון דער פּאָליטישער אויבערפלאַך.

פון דעסטוועגן איז שוין אינעם לעצטן צענדליק יאָרן פאַרן אויסבראַך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, קראָקע געווען אַ שטאַרקע פעסטונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. חוץ דעם לאַנדפאַרבאַנד, וואָס מיינט די סתם־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, זיינען דאָרט אַקטיוו געווען די פראַקציעס פון פועלי־ציון און מיזרחי. דער הויפּטטראָפּ פון דער טעטיקייט פונעם לאַנד־פאַרבאַנד איז געשטעלט געוואָרן אויף קולטור־אַרבעט און דעם דערציִונגס־וועזן. אין דעם האָט זיך בולט געפילט די השפּעה פון ד״ר טהאָן. ער האָט געהאַלטן פאַר זיין וויכטיקסטער אויפגאַבע צו גרינדן אַ נעץ פון העברעיִשע שולן אין קראָקע גופא און אין די שטעט פון דער קראָקעווער פראָווינץ.

צו ד״ר טהאָנס נאָענטסטע מיטאַרבעטערס פון יענער צייט געהערן אַזעלכע פיינע ייִדישע אינטעליגענטן, ווי ד״ר שמעון פעלדבלום, אַן אַדוואָקאַט, ד״ר חיים הילפשטיין, אַ מעדיצינער און אַ סך אַנדערע, וואָס זיינען לכתחילה געווען אַקטיוו אינעם אַקאַדעמישן פאַראיין „פּזשעדשוויט–השחר״ און זיינען מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון מנהיגים אין דער באַוועגונג. אַזעלכע עסקנים, וואָס זיינען מיט זייער לעבן און נשמה געווען איבערגעגעבן צו זייער אידעאַל האָט דאָס פוילישע ייִדנטום פאַרמאָגט אין די צענדליקער טויזנטער און זיי האָבן געשאַפן די קאַדרען פון די אַקטיוויסטן פונעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

*

די גרויליקע געשעענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן צע־שטערט די יסודות פונעם איינגעפונדעוועטן גאַליצישן ייִדנטום. גלייך אין די ערשטע מלחמה־טעג איז גאַליציע געוואָרן דער שלאַכטפעלד צווישן די עסטרייכישע און רוסישע חיילות. אין משך פון די וויטערדיקע 2 ביז 3 יאָר האָט זיך דער מלחמה־פראָנט געהאַלטן אין פאַרשיידענע ראַיאָנען פון דער גאַליצישער פּראָווינץ. די גאַליצישע ייִדן זיינען געווען אויסגע־שטעלט אויף רדיפות און נגישות. די אָקופּירנדיקע רוסישע חיילות, וואָס האָבן צו די איבעריקע טיילן פון דער באַפעלקערונג געהאַט אין אַלגעמיין

אַ קאָרעקטע באַציִונג, האָבן די ייִדישע באַפעלקערונג אָװעקגעשטעלט אין אַ מעמד פון הפקרות. די אָרטיקע באַפעלקערונגען, די פּאָליאַקן אין מערב־גאַליציע און די רוטענער און פּאָליאַקן אין מיזרח־גאַליציע, האָבן באַלד דערפילט די נייע לאַגע, אין װעלכער ייִדן האָבן זיך געפונען, נאָך דעם װי זיי האָבן פאַרלאָרן די שוץ פון דער עסטרייכישער ליבעראַלער מאַכט. דער פּוילישער און רוטענישער ערב־רב איז צוגעשטאַנען צו די קאָזאַקן ביים רויבן און ברענען די ייִדישע באַפעלקערונג.

שפּעטער זיינען געקומען ידיעות װעגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. עס האָבן אויפגעלעבט די דרימלענדיקע האָפענונגען זינט דורות אין די ייִדישע הערצער. משיחס צייטן דערנענטערן זיך. נאָכן סוף פון דער מלחמה און אויפקום פונעם אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן צװיי נייע מינים פון געשעענישן גענומען באַװירקן די ייִדישע נשמות. פון איין זייט איז געקומען דער רוף פונעם אַמעריקאַנישן פּרעזידענט, װילסאָן, װאָס האָט געטראָגן דעם גרויסן חלום פון פרייהייט פאַר אַלע פעלקער און ייִדן בתוכם. פון דער צװייטער זייט — די שרעקלעכע כװאַליע פון פּאָגראָמען, װאָס די פּוילישע כוליגאַנעס און די באַפרייונג־אַרמיי פון גענעראַל האַלער האָבן געמאַכט אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אונטערן איינדרוק פון אָט־די געשעענישן האָט דער ייִדישער מענטש געזוכט פאַר זיך אַן אויסװעג פון זיין נשמהדיקער צעריסנקייט. אַ גרויסער טייל פון ייִדן האָט אים געפונען אינעם באַהעפטן זיך מיטן ייִדיש־נאַציאָנאַלן אידעאַל. די פאַרמלחמהדיקע אַסימילאַציע האָט פאַרלאָרן איר השפּעה אויף דער ייִדישער גאַס.

אין קראָקע האָט זיך, אין נאָװעמבער 1918, געשאַפן דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פאַר מערב־גאַליציע אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר יהושע טהאָן. דער קאָמיטעט האָט געדאַרפט דערפילן צװיי דרינגענדיקע אויפגאַבעס: ערשטנס, פאַרטיידיקן די פּאָליטישע רעכט פון די ייִדן; צװייטנס, שאַפן אַ זעלבשוץ צו באַשיצן דאָס ייִדישע לעבן קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט, אויף אַ ריי זיצונגען, אויך אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון די פאָדערונגען פון דער ייִדישער מינדערהייט אין פּוילן. מיטן דאָזיקן פּראָיעקט איז ד״ר טהאָן געפאָרן קיין פּאַריז, װוּ עס זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען די פאַרהאַנדלונגען פון דער שלום־קאָנפערענץ און װוּ ייִדישע פאָרשטייערס פון גאַנץ אייראָפּע האָבן זיך פאַרזאַמלט, כּדי אויסצוװירקן

ביי די אַליִיִרטע מאַכטן, אַז די בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פון די ייִדן אין די איראָפּעיִשע לענדער זאָלן גאַראַנטירט ווערן.

אין פּאַריז האָט זיך געשאַפן דער קאָמיטעט פון ייִדישע דעלעגאַציעס, אין וועלכן ס׳האָבן זיך אַנגעשלאָסן די פאַרשטייערס פון נאַציאָנאַלע ייִדן אין איראָפּע, ווי אויך די אַמעריקאַנישע דעלעגאַציעס מיט לוי מאַרשאַל און ריכטער דזשוליען מעק בראָש. ד״ר טהאָן האָט זיך באַטייליקט אין די אַרבעטן פונעם דאָזיקן קאָמיטעט. ד״ר יוסף טענענבוים דערציילט אין זיין בוך „צווישן מלחמה און שלום״, וואָס פאַר אַ גרויסן איינדרוק זיינע אַרויס־טרעטונגען האָבן דאָרט געמאַכט. אין הסכּם מיטן אַנגעצייכנטן פּראָיעקט, וואָס ד״ר טהאָן האָט מיט זיך געפירט פון קראָקע, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז דער קאָמיטעט פון די ייִדישע דעלעגאַציעס זאָל פאָדערן פון די אַליִיִרטע מאַכטן דאָס אָנערקענען פון די מאַקסימאַלע רעכט פאַר די ייִדישע מינדער־הייטן אין די מיזרח־איראָפּעיִשע לענדער.

די טעטיקייט פונעם דאָזיקן קאָמיטעט דאַרף אָפּגעשאַצט ווערן פּאָזיטיוו. ערשטנס, האָבן ייִדן טאַקע דעמאָלט דערגרייכט די אָנערקענונג פון אַ סך וויכטיקע רעכט. אויב אַזעלכע מלוכות ווי רומעניע און פּוילן האָבן נישט געהאַלטן זייערע התחייבותן, איז דאָס אַ באַזונדערער ענין, וואָס האָט נישט קיין שייכות צום קאָמיטעט פון די ייִדישע דעלעגאַציעס. צווייטנס, איז דער דאָזיקער קאָמיטעט געווען דער זאָמען, פון וועלכן ס׳איז שפּעטער אויסגע־וואַקסן דער ייִדישער וועלטקאָנגרעס, וואָס האָט דערנאָך געשפּילט אַ גאַר־פּאָזיטיווע ראָלע אינעם לעבן פון די ייִדישע קהילות אויף דער גאָרער וועלט.

אָן ערך אין דער זעלבער צייט — אָנהייב פון יאָר 1919 — איז ד״ר טהאָן אויסגעוויילט געוואָרן ווי אַ דעפּוטאַט צום ערשטן פּוילישן פּאַרלאַמענט (סיים). ער האָט קאַנדידירט אויף דער ליסטע פונעם צייטווייליקן ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט אין פּוילן און האָט אין זיין וואַלקרייז (קראָקע) אָנגעצויגן אַ גרויסע צאָל שטימען. דער דאָזיקער פאַקט איז דער ערשטער באַווייז אויף דעם, אַז זינט דעם אָנהייב פון דער מלחמה האָבן זיך די צייטן שטאַרק געביטן. ייִדישע שטימען זיינען שוין מער נישט אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר פּאָליאַקן, אָדער אין בעסטן פאַל אויף זייערע משרתים, די אַסימילאַנטן. מיט ייִדישע שטימען זיינען פון דעמאָלט אָן געוויילט געוואָרן נאַציאָנאַלע פאַרשטייערס, וואָס האָבן געהאַט דעם מוט צו קעמפן פאַר די רעכט פונעם ייִדישן פאָלק.

די תקופה, וועגן וועלכער מיר דערציילן איצט, איז פול מיט שאַפערישן אימפעט אין דער טעטיקייט פונעם אָרגאַניזירטן פוילישן ייִדנטום. אין מערב־גאַליציע און אין קראָקע איז ד״ר טהאָן די טרייבקראַפט, וואָס סטימולירט אַנדערע צו טאָטן און פירט דורך אַליין דאָס רוב פון די וויכטיקסטע אַרבעטן. ער שאַפט די טאָגצייטונג „נאָווי דזיענניק", די עלטסטע ייִדישע טאָגצייטונג אין פוילן אין דער פוילישער שפּראַך. (די לעמבערגער „כווילאַ" און דער וואַרשעווער „נאַש פּזשעגלאָנד" האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען אַ ביסל שפּעטער).

אין משך פון די 20 יאָר, וואָס דער „נאָווי דזיענניק" איז דערשינען, האָט ער זיך געשאַפן דעם נאָמען פון אַן ערנסטער צייטונג. ער איז געשטאַנען סיי זשורנאַליסטיש און סיי ליטעראַריש אויף אַ הויכער מדרגה און האָט געהאַט אַ ברייטן לייענער־קרייז, טיילווייז אַפילו צווישן דער פוילישער אינטעליגענץ.

ד״ר טהאָן האָט ביזן סוף פון זיין לעבן געהערט צו אירע וויכטיקסטע מיטאַרבעטערס, ער האָט, דאָס רוב, געשריבן אַרטיקלען אויף טעמעס פון דער אַלגעמיין־ייִדישער פּאָליטיק אין פוילן. בעצם איז ער במשך פון די אַלע יאָרן געווען אין דער צייטונג דער דעה־זאָגער איבער פּאָליטישע ענינים. אָבער, ווי שוין דערמאָנט, איז ד״ר טהאָן אין זיינע טיף־פּערזענלעכע פאַראינטערעסירונגען געווען מער געצויגן צו דער קולטור־היסטאָרישער פּראָבלעמאַטיק פונעם ייִדישן לעבן. דערפאַר פלעגן נישט־זעלטן דערשיינען זיינע אַרטיקלען אויף אַזעלכע טעמעס. אַלע זיינע מאַמרים זיינען געווען טיפזיניקע און חריפותדיקע, מיט אַ סך ציטאַטן פון די אַלט־ייִדישע מקורות.

ווי זיין וויכטיקסטע אויפגאַבע האָט ד״ר טהאָן געהאַלטן די אַרבעט פאַר דער דערציִונג פונעם יונגן דור. אויף זיין איניציאַטיוו און מיט זיין שטאַרקער מיטאַרבעט איז אין קראָקע געשאַפן געוואָרן די העברעיִשע גימ־נאַזיע, ווי אויך אַ נעץ פון עלעמענטאַרע העברעיִשע טאָגשולן סיי אין קראָקע און סיי אויף דער פּראָווינץ. ער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פונעם „תרבות" אין פוילן, אויך איינער פון זיינע חשובסטע און טעטיקסטע מנהיגים במשך אַלע יאָרן פון זיין לעבן. אין יאָר 1924 איז ער געפאָרן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, אין שליחות פון „תרבות", צו זאַמלען פאָנדן, וואָס זיינען נייטיק געווען פאַרן אויפבוי פון נייע שולן אין פוילן.

*

אין יאָר 1919 איז ד״ר טהאָן דאָס ערשטע מאָל אָנגעקומען קיין וואַרשע צו באַטייליקן זיך ווי אַ דעפּוטאַט אין די סעסיעס פונעם פּוילישן סיים. דאָ האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זיינע קאָלעגן, די ייִדישע און ציוניסטישע דעפּוטאַטן פון קאָנגרעס־פּוילן, מיטן טומלדיקן ייִדישן לעבן אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט און מיט אירע שטאַרק־צעוואַקסענע און אַקטיווע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

אין די ציוניסטישע קרייזן אין וואַרשע איז ד״ר טהאָן אויפגענומען געוואָרן מיט אַ סך האַרציקייט און כּבוד. ער איז גלייך פאַרבעטן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער ציוניסטישער טאָגצייטונג „דאָס אידישע פאָלק״ און שפּעטער, אין „היינט״, נאָך דעם ווי ביידע צייטונגען האָבן זיך פאַראייניקט. ד״ר טהאָן איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פונעם „היינט״ ביזן סוף פון זיינע טעג. ער האָט געהאַט אַ ברייטן און געטרייען לייענער־קרייז נישט בלויז צווישן די גאַליצישע ייִדן, נאָר אויך אין קאָנגרעס־פּוילן.

ער האָט גוט באַהערשט די ייִדישע שפּראַך, נישט ערגער פון אַלע אַנדערע ייִדישע צייטונג־שרייבערס אין פּוילן, כאָטש זיין אידעיִשע באַציִונג צו ייִדיש איז נישט געווען קיין פּאָזיטיווע. ער האָט געהערט צו יענעם קרייז העברעער־פאַנאַטיקערס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז ייִדן דאַרפן אין גאַנצן אַריבערגיין צו דער העברעיִשער שפּראַך. אויב זיי באַהערשן נאָך נישט גענוג גוט העברעיִש, דאַרפן זיי דערווייל רעדן און שרייבן פּויליש. נאָך אין יאָר 1908 האָט ער אין „די וועלט״ פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „זשאַרגאָן און העברעיִש״, ווו ער האָט שאַרף קריטיקירט די איניציאַטאָרן פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, בפרט ד״ר נתן בירנבוימען. ער האָט זיי פאָרגעוואָרפן, אַז זייער ציל איז צו עטאַבלירן דעם „זשאַרגאָן״ ווי די אָפיציעלע שפּראַך פונעם ייִדישן פאָלק און אַרויסשטויסן העברעיִש פונעם סעקולאַרן, ייִדישן לעבן.

ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז די העברעיִשע ליטעראַטור איז רייכער און עלטער פון דער ייִדישער און ער האָט געפרעגט: וואָס דאַרף מען די דאָפּלט־ליטעראַטור? לויט זיין מיינונג האָבן ייִדן געדאַרפט שאַפן זייער ליטעראַטור אויסשליסלעך אין דער העברעיִשער שפּראַך. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון איינעם פון די פירנדיקע זשורנאַליסטן אין דער פּרעסע אויף ייִדיש. צי האָט ער דאַן

געביטן זיין שטעלונג צו יידיש ? שווער צו געבן דערויף אַן ענטפער. אין יענע שפּעטערדיקע צייטן האָט ער דעם דאָזיקן פּראָבלעם נישט באַרירט. בלייבן אונדז בלויז די פאַקטן: ער האָט גערעדט יידיש אויף פאָלקס־פאַרזאַמלונגען און געשריבן אין די יידישע צייטונגען. אָבער גלייכצייטיק האָט ער אומ־דערמידלעך געאַרבעט לטובת העברעיש, אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן זיך באַנוצט דאָס רוב מיט פּויליש און געשריבן אויף פּויליש און טייל מאָל אויף דייטש.

*

די אויפגאַבע פון די נאַציאָנאַל־יידישע רעפּרעזענטאַנטן אינעם פּוילישן פּאַרלאַמענט, אין די יאָרן 1919—1938, איז נישט געווען קיין לייכטע. כדי צו האָבן וועגן דעם אַ באַגריף דאַרף מען זיך קלאָר מאַכן עטלעכע פּרטים, וועלכע געהערן שוין היינט צו דער געשיכטע. אָבער אין יענער צייט זיינען זיי געווען אַ טאָג־טעגלעכעווירקלעכקייט, וואָס האָט פאַרסמט דאָס לעבן פון דער יידישער מינדערהייט אין פּוילן.

די אויפגאַבעס פון די יידיש־פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרשטייערס האָבן אַרומגענומען צוויי עיקרדיקע פּונקטן: דעם קאַמף פאַר אַ פולער גלייכ־באַרעכטיקונג פונעם יידישן בירגער און דעם קאַמף פאַר אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. די פאַליאַקן האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען די דאָזיקע פרינציפּיעלע רעכט. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די פּוילישע מלוכה־פירערס האָבן געהאַט אונטערגעשריבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע התחייבות, אַז זיי וועלן פאַרזיכערן די דאָזיקע פרינציפּיעלע רעכט פאַר אַלע מינדערהייטן, האָבן אַלע רעגירונגען וואָס זיינען געווען אין פּוילן במשך פון די קנאַפּע 22 יאָר געזוכט אַלע מעגלעכע אויסוועגן, כדי זיך אַרויסצודרייען פון דער דאָזיקער פאַרפליכטונג.

די פאַליאַקן האָבן קיין מאָל נישט שלום־געמאַכט מיטן פאַקט, אַז זייער מלוכה איז נישט קיין נאַציאָנאַלע, ווי למשל דייטשלאַנד, פראַנקרייך, אָדער איטאַליע — ווו עס האָט געלעבט איין נאַציאָנאַליטעט — נאָר זי איז אַ נאַציאָנאַליטעטן־שטאַט, ווו די מינדערהייטן האָבן באַטראָפן אַן ערך 30% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי האָבן געפירט אַ פּאָליטיק פון אונ־טעראָרדענען די מינדערהייטן צו די אינטערעסן פונעם הערשנדיקן פאָלק. אין דער פּוילישער קאָנסטיטוציע פונעם יאָר 1921 האָבן זיי אַפילו יאָ אַריינגעשטעלט אַ טייל פון די פּונקטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער שוץ

פון די מינדערהייטן. אָבער אין דער פּראַקטיק זיינען די דאָזיקע פּונקטן לרוב געבליבן אויפן פּאַפּיר. אויב דאָס אַמאָליקע קייזערלעכע דייטשלאַנד אָדער דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט עפנטלעך געפירט אַ פּאָליטיק פון דע־נאַציאָנאַליזירן די מינדערהייטן, האָבן די פּאָליאַקן געמיינט דאָס זעלבע, הגם זיי זיינען געגאַנגען צום ציל מיט פאַרשיידענע הינטערוועגן און פאַר־מאַסקירטע מאַכינאַציעס.

דער סוף איז געווען, אַז אינעם זעלבשטענדיקן פּוילן זיינען די באַציִונגען צווישן דער הערשנדיקער מערהייט און די מינדערהייטן אַלע מאָל געווען אָנגעשטרענגטע. די לאַגע פון די ייִדן איז אינעם דאָזיקן פּרט געווען די ערגסטע. זיי זיינען געווען אַ נישט־טעריטאָריעלע מינדערהייט. זיי האָבן געלעבט צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע פּראָווינצן פון דער מלוכה. האָבן זיך די פּוילישע רעגירונגען גערעכנט צום וויניקסטן מיט די ייִדן.

אין אַ געוויסער צייט איז שוין אין רעגירונג געווען גרייט צו געבן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיעס (אונטער געוויסע באַדינגונגען) די טעריטאָריאַלע מינדערהייטן, ווי אוקראַיִנער און ווייסרוסן. אָבער ייִדן זיינען אין יענעם פּלאַן נישט אַריינגערעכנט געוואָרן.

זינט דורות האָבן זיך פּאָליאַקן איינגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז ייִדן זיינען מענטשן פון אַ נידעריקערער מדרגה. אַפילו די ליבעראַלסטע און פיינסטע פּאָליאַקן אין דער געשיכטע פונעם פּוילישן פאָלק — בעת זיי האָבן פּאַרטיי־דיקט די רעכט פון ייִדן — האָבן אַלע מאָל אונטערגעשטראָכן, אַז די אָנער־קענונג פון די ייִדישע רעכט דאַרף דערפירן צו דעם, אַז ייִדן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער אַנדערשקייט און זאָלן זיך אין גאַנצן אַסימילירן מיטן פּוילישן פאָלק. די דאָזיקע ליבעראַלן האָבן אַזוי אַרום געמיינט צו געבן די ייִדן בירגערלעכע רעכט נישט בחינם, נאָר בכדי די ייִדן זאָלן אָפּדאַנקען זייערע בעלי־טובות דערמיט, וואָס זיי וועלן אָננעמען די פּוילישע נאַציאָ־נאַליטעט. די ליבעראַלן זיינען אַפילו גרייט געווען צו טאָלערירן די באַ־זונדערקייט פון דער רעליגיע און האָבן פון די ייִדן נישט פאַרלאַנגט קיין שמד. אָבער אין קיין שום פאַל וואָלטן זיי נישט טאָלערירט די עקסיסטענץ פון אַ באַזונדערער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט אין פּוילן.

דאָס אַלץ איז געזאָגט וועגן די ליבעראַלן, וואָס זייער צאָל איז געווען אַ קליינע. דער רוב פּוילישע פּאָליטיקערס האָט צו ייִדן געהאַט אַן אַנדערע באַציִונג. זיי האָבן פאַר ייִדן מורא געהאַט. אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר

יידן איז אין זייערע אויגן געווען אַ מלוכה אין אַ מלוכה. צו טאָלערירן אַזאַ מעמד וואָלט געווען אונטערן כּבוד פונעם פּוילישן פאָלק. וואָס שייך דעם עקאָנאָמישן געביט, האָבן די פּוילישע פּאָליטיקערס אָנגעוויזן אויף דער סכּנה, וואָס דראָט מצד די יידן. זיי האָבן אַלאַרמירט אַז מיט דער צייט וועלן יידן אין גאַנצן אַרויסשטויסן די פּאָליאַקן פון דער אינדוסטריע און מלאָכה, פונעם מיסחר און פון די אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס.

דער עקאָנאָמישער באָיקאָט קעגן יידן איז אַזוי אַרום אין די אויגן פון די פּוילישע פּאָליטיקערס געווען בלויז אַן אַקט פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג. דאָס זעלבע האָט פאַר זיי באַדיט די קוואָטע אויף די אוניווערסיטעטן און דאָס פאַרשליסן פאַר יידן דעם צוטריט צו די מלוכישע שולן. צום סוף איז נאָך כּדאַי צוצוגעבן, אַז דער דאָזיקער עקאָנאָמישער קאַמף קעגן יידן איז נישט געווען קיין נייע דערשיינונג. ער איז כּסדר אָנגעגאַנגען אין אַלע פּוילישע שטעט, געפירט דורך די מאַגיסטראַטן (שטאָט־פאַרוואַלטונגען) און פאַרשיידענע פּויליש־בירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס במשך פון יאָרהונ־דערטער, אָנהייבנדיק לכל הפּחות פונעם 15טן יאָרהונדערט.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט דאָס צואָמענטרעפן זיך פון יידישע פּאַרלאַמענטאַריערס מיט די פּוילישע פאַרטרעטערס אויף דער פּלאַטפאָרם פון די העכסטע געזעצגעבערישע אָרגאַנען געמוזט ווערן אַ קייט פון ראַנגלע־נישן און צוזאַמענשטויסן, אַן אומגלייכער געראַנגל, וואָס יידן, ווי דער שוואַכערער צד, האָבן געמוזט פאַרלירן. אין אַזאַ מין לאַגע איז וויניק וויכטיק צי דער יידישער פאַרשטייער איז געווען מיליטאַנטיש אָדער שלומדיק. מיט וואָס פאַר אַ מעטאָד ער זאָל זיך נישט געווען באַנוצן, האָט דער רעזולטאַט געמוזט זיין דער זעלבער.

יצחק גרינבוים זאָגט אין זיינע זכרונות („פון מיין דור״, תּל־אָביב, 1959) וועגן טהאָנען, אַז ער איז נישט געווען קיין מענטש פון מלחמה; אַז זיין שיטה איז געווען איבערצוציי̈גן דעם קעגנער און געווינען אים פאַר זיך דורך פאַרהאַנדלונגען און דיסקוסיעס. דאָס איז אמת. אָבער ד״ר טהאָן איז נישט געווען דער איינציקער צווישן די יידישע פּאַרלאַמענטאַריערס מיט אַזאַ מין שיטה. אַלע גאַליציאַנער פירערס — איינער אין אַ גרעסערער מאָס און דער צווייטער אין אַ קלענערער — האָבן אינעם יידישן סיים־קאָלאָ רעפּרעזענטירט אָט די נישט מיליטאַנטישע שיטה. דאָס איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דער פּאָליטישער דערציִונג, וואָס זיי האָבן באַקומען אינעם אַמאָליקן

עסטרייך. דערמיט מיין איך נישט צו זאָגן, אַז אין דעם אַמאָליקן עסטרייך און אין גאַליציע זיינען נישט פאָרגעקומען קיין פּאָליטישע ראַנגלענישן און קאַמפן. זיי זיינען דאָרט געווען אין אַ גרויסער שפע, נאָר די מעטאָדן, מיט וועלכע מען האָט געפירט די דאָזיקע קאַמפן זיינען געווען מילדערע און דיפּלאָמאַטיש באַפּוצטע, בעת אינעם צאַרישן רוסלאַנד איז מען געוווינט געווען צו באַנוצן זיך מיט די סאַמע־שאַרפסטע מיטלען.

ס'וואָלט נישט ריכטיק געווען צו טראַכטן, אַז די יידן אין גאַליציע זיינען געווען אָנהענגערס פון אַ מילדער אָדער פשרהדיקער פּאָליטיק לגבי די פּאָליאַקן, בעת די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן געוואָלט האָבן אַ שאַרפע פּאָליטיק. עס איז אַ באַוווּסטער פאַקט, אַז די שיטה פון די גאַליצישע פירערס האָט געהאַט אַ גרויסע אָנהענגערשאַפט אין קאָנגרעס־פּוילן; און אין גאַליציע גופא איז די מערהייט פון דער ציוניסטישער יוגנט געווען קעגן דער פּאָליטיק פון ד״ר לעאָן רייך. אויך דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט אין יענע צייטן שאַרף באַקעמפט די דאָזיקע פּאָליטיק פון נאָכגיביקייט און ער איז געשטאַנען אויף דער זייט פון יצחק גרינבוים.

אָבער היינט, ווען ס'טיילט אונדז אָפּ אַ צייט־מרחק פון פערציק יאָר פון יענע געשעענישן, איז אונדזער קוק אַ מער־רעאַליסטישער און אונדזער מישפט אַ רייפערער. וואָס האָט יצחק גרינבוים געוווּנען מיט זיין שאַרפן קאַמף? ער האָט מוטיק פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד, אָבער חוץ דעם גאָרנישט מער. זיינע שאַרפע אַרויסטרעטונגען האָבן דערפירט צו דעם, אַז די פּוילישע דעפּוטאַטן האָבן אים נישט געוואָלט אויסהערן. גלייך ביים סאַמע אָנהייב פון פּוילנס עקסיסטענץ האָט זיך אינעם סיים געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז ווי נאָר גרינבוים האָט זיך באַוויזן אויף דער טריבונע פלעגן די אַנטיסעמיטן מאַכן אַ טומל און גרינבוימען איז לגמרי נישט מעגלעך געווען אָנצוהייבן זיין רעדע.

טהאָנען האָט מען לכל הפחות אויסגעהערט אין שטילקייט און מיט אַ ביסל יראת־הכבוד. דעם 30טן יוני 1919 האָט ד״ר טהאָן אָפּגעגעבן זיין ערשטע דעקלאַראַציע אינעם פּוילישן סיים. ער האָט געזאָגט: „איך בעטל נישט קיין רחמים. איך בעט נישט קיין חסד, איך פאַרלאַנג גלייכבאַרעכטיקונג פאַר מיין פאָלק אין פּוילן״. באַלד נאָך דעם האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צום פּוילישן פאָלק. ער האָט דערקלערט, אַז ער גלייבט אין פּוילן און ער איז זיכער, אַז די מערהייט פונעם פּוילישן פאָלק וועט זיך נישט צוהערן

צו די, וואָס טראַכטן, אַז מען קאָן אויפבויען אַ פּוילישע מלוכה דורך אַוועק־שטויסן אין אַ זייט די דריי מיליאָן ייִדן. די אויסגעשטרעקטע האַנט פון ד״ר טהאָנען און די אַנדערע ייִדישע פאַרטרעטערס איז דורכן פּוילישן פאָלק נישט אָנגענומען געוואָרן.

במשך די ווייטערדיקע יאָרן פון זיין טעטיקייט ווי אַ דעפּוטאַט האָט ד״ר טהאָן מיטגעאַרבעט אין פאַרשיידענע קאָמיסיעס. צווישן אַנדערן אין דער אויסערן־קאָמיסיע און אין דער קאָמיסיע פאַר בילדונג און רעליגיעס. צו דער לעצטער איז ער דעלעגירט געוואָרן דורך דער ייִדישער פּאַרלאַמענט־פראַקציע אין יענער צייט, ווען אויפן סדר היום איז געשטאַנען די פראַגע פון „נומערוס קלאַוזוס״ אויף די אוניווערסיטעטן. די אַנטיסעמיטן זיינען אַרויס מיט אַ פאַרשלאָג צו באַגרענעצן די צאָל ייִדישע סטודענטן. ד״ר טהאָן האָט געהאַט די אויפגאַבע צו קעמפן קעגן דעם דאָזיקן פּראָיעקט אין דער קאָמיסיע. כאָטש ער האָט געהאַט די שטיצע פון די סאָציאַליסטן און די אַנדערע מינדערהייטן, איז דער פּראָיעקט דורכגעגאַנגען. ער וואָלט אויך גאַנץ זיכער אָפּגעשטימט געוואָרן אויפן פּלענום פונעם סיים, ווען עס וואָלט נישט געשען דאָס ווייטערדיקע: ד״ר לעאָן מאָצקין, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט פון ייִדישע דעלעגאַציעס אין פּאַריז, האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג אין פראַנקרייך; און דער פראַנצייזישער פּרעזידענט, פּואַנקאַרע, האָט צוגעשיקט אַ בריוו צום פּוילישן פּרעזידענט, אין וועלכן ער האָט געוואָרנט, אַז דאָס אָננעמען דעם געזעץ פון „נומערוס קלאַוזוס״ וועט זיין אַ פאַרגוואַלטיקונג פון די בירגערלעכע רעכטן פון די ייִדן. נאָכן דאָזיקן בריוו איז דער פּראָיעקט אַראָפּגענומען געוואָרן פונעם סדר־היום פונעם סיים. אָבער דער „נומערוס קלאַוזוס״ איז סיי ווי אַריין אין לעבן. נישט דורך אַ געזעץ, נאָר דורך אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדענונגען און דורך ספּעציעלע באַשלוסן פון די אוניווערסיטעט־סענאַטן.

הגם מיר ווייסן נישט גענוי, ווי גרויס עס איז געווען ד״ר טהאָנס אַנטייל אין דער דורכפירונג פון דער אָ״ג פּויליש־ייִדישער „אוגאָדע״ פונעם יאָר 1925, איז אָבער אַ פאַקט, אַז ער האָט דעם דאָזיקן אָפּמאַך אונטערגעשריבן אינעם נאָמען פונעם ייִדישן צד צוזאַמען מיט ד״ר רייכן און ד״ר ראָזמאַרינען. פאַראַן אַ באַגרינדעטע השערה, אַז נישט ער און נישט ד״ר רייך זיינען געווען די מחברים פונעם אָפּמאַך, נאָר ד״ר ראָזמאַרין, וועלכער איז געווען דער רירעוודיקסטער צווישן די ייִדישע פירערס און האָט געהאַט די בעסטע

פאַרבינדונגען אין די רעגירונג־קרייזן. אויב ד״ר טהאָן און ד״ר רייך זיינען צוגעטראָטן צום דאָזיקן משא ומתן, האָבן זיי עס געטאָן אויסשליסלעך צוליב דער האָפענונג, אַז דאָך וועט אַ דאַנק דעם אָפּמאַך פאַרלייכטערט ווערן דער ייִדישער גורל אין יענער שווערער צייט פונעם גראַבסקי־רעזשים.

דער דאָזיקער אָפּמאַך, לויט וועלכן די ייִדישע פאָרשטייערס האָבן זיך מתחייב געווען צו שטיצן די רעגירונג און די רעגירונג האָט זיי דערפאַר צוגעזאָגט אָפּצוהיטן די רעכט פון די ייִדן, איז סיי פונעם לעגאַלן און סיי פונעם פּאָליטישן שטאַנדפּונקט געווען אַן אומזין. די רעכט פון די ייִדן — וואָס די רעגירונג האָט געהאַט צוגעזאָגט אָפּצוהיטן — זיינען געווען גאַראַנטירט אין דער קאָנסטיטוציע, טאָ מיט וואָס איז אַן אָפּמאַך מיט ייִדישע פאָרשטייערס מער יחסן ווי די קאָנסטיטוציע? פון דער צווייטער זייט — אויב די רעגירונג האָט זיך שטאַרק געניייטיקט אין דער שטיצע פון די ייִדישע פאַרלאַמענט־פאַרטרעטערס, האָט זי געוווּסט, אַז ווי באַלד זי וועט נישט האַלטן אירע התחייבותן, וועלן די ייִדן אויפהערן זי צו שטיצן? די רעגירונג האָט טאַקע באַלד נישט בדעה געהאַט צו האַלטן אירע התחייבותן. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז די ייִדישע פירערס זיינען גאַנץ פשוט אָפּגענאַרט געוואָרן.

יצחק גרינבוים זאָגט, אַז די רעגירונג האָט דעמאָלט געדאַרפט האָבן די ייִדישע לאָיאַליטעט־דעקלאַראַציע, כּדי דורכצופירן עפּעס אַן הלוואה אין אויסלאַנד. מיר דוכט זיך אָבער, אַז זי האָט זיך אַפילו אין דער דאָזיקער דעקלאַראַציע נישט געניייטיקט. זי האָט פשוט געדאַרפט האָבן דעם טומל אַרום דער „אוגאָדע״, כּדי מען זאָל קאָנען אויסשרייען פאַר דער וועלט: מזל־טוב! פּאָליאַקן און ייִדן האָבן שוין געמאַכט שלום. אַזאַ מזל־טוב האָט דער קבצנישער פּוילישער רעגירונג שטאַרק געהאָלפן ביים באַקומען געלט אין אַמעריקע און ענגלאַנד.

ד״ר טהאָן איז געווען דער פירער פון דער ייִדישער פאַרלאַמענטאַרישער פראַקציע אינעם פערטן פאַרלאַמענט, אין די יאָרן 1930—1935. דאָס איז געווען אַ צייט פון אַ שטאַרקער קאָנסאָלידירונג פון פּילסודסקיס רעגירונגס־פּאַרטיי. סיי אין קאָנגרעס־פּוילן און סיי אין גאַליציע האָט די רעגירונגס־פּאַרטיי אָפּגעצויגן אַ סך ייִדישע שטימען. אין קאָנגרעס־פּוילן מער ווי אין גאַליציע, ווייל דאָרט זיינען שוין ייִדן מיד געוואָרן פון גרינבוימס קאַמף־פּאָליטיק. אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן די ציוניסטן בסך־הכּל באַקומען צוויי מאַנדאַטן. אין גאַליציע (מיזרח און מערב צוזאַמען) פיר מאַנדאַטן.

אין משך פון דער דאָזיקער פּאַרלאַמענט־קאַדענץ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו פאָרמירן יענע גורלדיקע געשעענישן, וואָס באַצייכענען די ערב־חורבן־תּקופה פונעם פּוילישן ייִדנטום. אין יאָר 1933 איז היטלער געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. ער האָט זיין הערשאַפט אָנגעהויבן מיט אַ כוואַליע פון רדיפות קעגן ייִדן. די ייִדיש־פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציע איז דעמאָלט אַרויסגעקומען מיט אַן אויפרוף צו די ייִדן אין פּוילן זיי זאָלן זיך סאָלידאַריזירן מיט די דייטשישע ייִדן אין יענער אַזוי־גורלדיקער שעה.

אין פּוילן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אַנטי־היטלערישער קאָמיטעט און עס איז אויסגערופן געוואָרן אַ באָיקאָט אויף דייטשישע סחורות. באַלד זיינען געקומען ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען, וואָס האָבן שוין דירעקט געטראָפן די פּוילישע ייִדן. היטלער האָט אויף אַן אַכזריותדיקן אופן פאַרטריבן פון דייטשלאַנד טויזנטער ייִדן, איינגעוואַנדערטע פון פּוילן, צווישן זיי אַ סך געבוירענע אין דייטשלאַנד, נאָר קינדער פון פּוילישע עמיגראַנטן. די דאָזיקע ייִדן זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אין דער שטאָט זבאָנשין און די פּוילישע רעגירונג האָט באַלד געמאָלדן, אַז זי נעמט אונטער איר שוץ אַלע פּוילישע בירגער, וואָס זיינען דאָרט פאַראַן. די דאָזיקע ייִדן, פּוילישע בירגער, האָבן באַקומען דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אויף דער פּוילישער טעריטאָריע.

ד״ר טהאָן האָט פון דער סיים־טריבונע געדאַנקט דער רעגירונג פאַר איר מענטשלעכער באַציִונג צו די היטלער־קרבנות און פאַר איר מוט אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם נייעם נאַציִשן רעזשים. צום באַדויערן האָט אָבער די דאָזיקע אידילישע באַציִונג פון דער רעגירונג געדויערט זייער קורץ. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן פריינדלעכע פאַרהאַנדלונגען צווישן נאַצי־דייטשלאַנד און פּוילן. נאַצי־פירערס האָבן גענומען קומען קיין פּוילן אויף באַזוכן און פאַרווייליונגען. די פּוילישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן דעם באָיקאָט קעגן דייטשלאַנד ; אין דאָס באַליידיקן היטלערן איז געוואָרן אין פּוילן אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן מען איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געריכט.

אין פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן דער האַלב־פאַשיסטישער רעזשים, וועלכער האָט אָנגענומען נאָך שאַרפערע פאָרמען נאָכן טויט פון פּילסודסקין. דער פּאַרלאַמענט האָט פאַרלוירן זיין השפּעה אויף דער מלוכה־פירונג. ער פלעגט זיך צוזאַמענקומען נאָר דעמאָלט, ווען די רעגירונג האָט אים גערופן. געבליבן איז אים בלויז אַ שטיקל דעה איבערן מלוכישן בודזשעט און חוץ דעם כּמעט גאָרנישט.

דאָס איז געווען די צייט, ווען יצחק גרינבוים איז געקומען צום אויספיר, אַז זיין ראָל פונעם פירער פונעם פוילישן ייִדנטום האָט זיך געענדיקט. ער האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד. דער ייִדישער נאַציאָנאַל־ראַט האָט באַשלאָסן נישט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן צום קומענדיקן פאַרלאַמענט. ד״ר טהאָן האָט זיך סאָלידאַריזירט מיטן דאָזיקן באַשלוס, כאָטש די מיזרח־גאַליצישע ציוניסטן זיינען יאָ געגאַנגען צו די דאָזיקע וואַלן. ד״ר טהאָן האָט נישט קאַנדידירט און אין קראָקע האָט אַן אַסימילאַנט געפּרוּווט באַקומען דעם ייִדישן מאַנדאַט. ער איז דורכגעפאַלן, ווייל קראָקעווער ייִדן האָבן שוין דעמאָלט זיך געהאַט דערוואָרבן אַ נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, וואָס האָט זיי אָפּגעהאַלטן פון שטימען פאַר אַן אַסימילאַנט. והאַ ראַיה: ווען עס האָט מיט דריי יאָר שפּעטער קאַנדידירט אין קראָקע אַן אַנדערער ציוניסט, ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן ווי אַ דעפּוטאַט.

אין יאָר 1935 האָט זיך געענדיקט ד״ר יהושע טהאָנס טעטיקייט ווי דער שליח ציבור פונעם פוילישן ייִדנטום אינעם פוילישן סיים. געווען איז עס אַ טעטיקייט פול מיט מסירת נפש און אַ קאַמף אַן איבעררייס במשך פון גאַנצע 16 יאָר. די דאָזיקע טעטיקייט האָט צוגערויבט זיינע שוואַכע פיזישע כּוחות, אַוועקגעריסן אים אויף גאַנצע חדשים פון זיין משפּחה און פון זיין באַליבטער אַרבעט לטובת דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער ווידער־אויפלעבונג פונעם ייִדישן פאָלק. זי האָט אים געבראַכט אַ סך פאַרדינסטן און פּערזענלעכן דערפאָלג, אָבער אין דער זעלבער צייט אַזוי פיל וויטיקלעכע דורכפאַלן פאַרן כּלל, וועלכן ער האָט רעפּרעזענטירט. זיין גאַנצע טעטיקייט אינעם סיים איז געווען איין לאַנגע קייט פון ביטערע שלאַכטן. ס׳איז געווען אַ קאַמף, וואָס ער האָט געפירט פון אַ פאַרלוירענער פּאָזיציע, וועלכע איז גלייך ביים אָנהייב געווען פאַרמישפּט צום אומקום. עס האָט זיך געניטיקט יענער געוואַלטיקער אָפּטימיזם, וואָס ד״ר טהאָן האָט פאַרמאָגט און זיין אומדער־שיטערטער גלויבן אינעם נצח פונעם ייִדישן קיום, כּדי דאָרט אַזוי לאַנג אויסצוהאַלטן.

✶

אין משך פון אַלע יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז ד״ר טהאָן כּמעט אָן איבעררייס געווען דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע אין מערב־גאַליציע. נישט קיין ערן־פּרעזידענט, נאָר טאַקע דער פאַראַנטוואָרטלעכער מנהיג פון דער באַוועגונג. אמת, די אָרגאַניזאַציע

האָט געהאַט אַן עקזעקוטיווע און איר פּאַרזיצער האָט אָנגעפירט מיט דער טאָג־טעגלעכער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. אָבער אין אַלע וויכטיקסטע ענינים פון דער פּאַרטיי האָט ד״ר טהאָן דעצידירט אַליין. איז טאַקע צו באַוווּנדערן, פון וואַנען עס האָבן זיך אין זיין שוואַכן גוף געגומען אַזוי פיל כוחות, בכדי נאָכצוקומען אַזאַ גרויסן פיזישן אָנשטרענג.

די ציוניסטישע וועלט־באַוועגונג איז זיך, צווישןביידע וועלט־מלחמות, פונאַנדערגעוואַקסן צו אַ פּאַרנעם פון אַ מלוכה־אונטערוועגס. זי האָט אַרומגענומען פּאַרטייען און פּאָליטישע שאַטירונגען פון עקסטרעם רעכט ביז עקסטרעם לינק. דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז אין יענע צייטן פּאַקטיש געווען אַ פּאַרלאַמענט פון דער מלוכה אונטערוועגס. אויף זיין פּלאַטפאָרם האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַלע קאַמפן, וואָס קומען פאָר אין אַ מאָדערנער געזעלשאַפט. בעיקר: דער פּאָליטישער קאַמף פאַר מאַכט און דער סאָציאַלער קאַמף צווישן ריכטונגען פון פאַרשיידענע סאָציאַלע אָריענטאַציעס.

די אַלגעמיינע ציוניסטן, וואָס האָבן געשאַפן דעם רוקנביין פונעם ציוניזם, האָבן אָנגעהויבן צעשוווּמען ווערן אינעם ים פון די אַלע ריכטונגען. בהדרגה־דיק האָבן זיי פאַרלוירן די פירנדיקע פּאָזיציע אין דער באַוועגונג און זייער השפעה איז וואָס אַ מאָל געוואָרן אַלץ שוואַכער. אַ ריי פּערזענלעכקייטן צווישן די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן זיך באַמיט עפּעס צו טאָן, כדי זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם דאָזיקן שטראָם פון זעלבסט־ליקווידאַציע, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין דער מחנה פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. דער אַקטיווסטער צווישן די דאָזיקע פּערזענלעכקייטן איז געווען ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט, איינער פון די טיכטיקסטע ציוניסטישע פירערס אין קראָקע. אַ דאַנק זיינע באַמיִונגען איז אין יאָר 1931 אָרגאַניזירט געוואָרן דער וועלטפאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו פאַראייניקן אָרגאַניזאַציאָנעל די אַלגעמיינע ציוניסטן פון דער גאַנצער וועלט און גלייכצייטיק אויך צו שאַפן אַן איינהייטלעכע אידעיִשע פּלאַטפאָרם פאַרן אַלגעמיינעם ציוניזם. די צווייטע אויפגאַבע איז טאַקע געווען די שווערסטע און זי איז קיין מאָל נישט רעאַליזירט געוואָרן.

ד״ר שוואַרצבאַרטן האָבן שטאַרק צוגעהאָלפן אין זיינע באַמיִונגען די קראָקעווער פירנדיקע חברים, ווי ד״ר גאָלדבלום, ד״ר הילפשטיין, לעאָן סאַלפעטער. נאָך דעם ווי דער וועלטפאַרבאַנד איז צו שטאַנד געקומען איז ד״ר שוואַרצבאַרט באַשטימט געוואָרן ווי דער פאַרזיצער פון דער לייטונג.

אינעם פּרעזידיום פֿון דער לייטונג איז אויך אַריין ד״ר יהושע טהאָן. דאַכט זיך אַז זיין אַריינטריט אינעם פּרעזידיום איז גיכער דיקטירט געווען פֿון זיין ווילן צוצוהעלפֿן זיינע נאָענטסטע חברים, איידער פֿון זיין אינערלעכער איבערצייגונג. די דאָזיקע השערה מיינע שטיצט זיך אויף פֿאָלגנדיקע פֿאַקטן:

ד״ר טהאָן איז אויפֿגעוואַקסן אין אַ ציוניסטישער אַטמאָספֿער, ווו דער אַלגעמיינער ציוניזם איז באַנומען געוואָרן פֿון דער סאַמע ברייטסטער פּער־ספּעקטיוו. דער אַלגעמיינער ציוניזם איז פֿאַר אים געווען דער ציוניזם און דער ציוניזם — דאָס יידישע פֿאָלק. איבּ מען באַטראַכט דעם ענין פֿון אַזאַ פּערספּעקטיוו, באַדייט די שאַפֿונג פֿונעם וועלטפֿאַרבאַנד דאָס אויסבייטן דעם אַלגעמיינעם ציוניזם אויף קליינגעלט; ווייל סוף־כּל־סוף איז דער פֿאַר־באַנד נישט געווען מער ווי אַ ציוניסטישע פֿראַקציע, איינע פֿון די צאָלרייכע ציוניסטישע פֿראַקציעס מיט ענג־פּאַרטייִשע השׂגות, און דערצו אַ נישט צו שטאַרקע.

לייגט זיך פּשוט נישט אויפֿן שׂכל, אַז ביי ד״ר טהאָנען האָט געקאָנט זיין אַן אינערלעכער באַגער אַריינצופּרעסן זיך אין אַזאַ ענגער ראַם. ער האָט געהאַלטן, אַז די תּורה פֿון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם איז פֿרעמד דעם יידישן גייסט. אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן האָט ער נישט איין מאָל גערופֿן סיי די אַרבעטער־פֿראַקציעס און סיי די בירגערלעכע גרופּירונגען (באַזונדערס דעם „עת לבנות״), אַז זיי זאָלן אויפֿהערן זיך צו שפּילן אין קלאַסן־קאַמף, ווייל אַזאַ זאַך עקסיסטירט גאָרנישט ביי יידן. ער האָט פֿאַקטיש נישט אָנערקענט קיין חילוק צווישן אַ חלוץ פֿון אַ לינקער אָרגאַניזאַציע און אַ רעכטער. אַלע חלוצים, סיי פֿון „השומר הצעיר״ און סיי פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן, האָט ער געהאַלטן אין דער זעלבער מאָס. ער האָט געגלייבט, אַז אויב דער חלוץ איז עולה קיין ארץ־ישׂראל, כּדי צו בויען דאָס לאַנד און אויפֿצולעבן די העברעיִשע שפּראַך, מעג ער זיין וועך ער וויל און וואָס ער וויל. ער איז ראוי צו באַקומען הילף פֿונעם יידישן פֿאָלק.

גוטהאַרציקייט איז געווען איינע פֿון ד״ר טהאָנס שענסטע מידות. די דאָזיקע מידה זיינע האָט אים נישט איין מאָל געשטויסן אָפּצוטאָן זאַכן, וואָס זיינען געווען אין סתּירה צו זיין פּאָזיציע פֿונעם פֿירנדיקן יידישן פּאָליטיקער. אָט למשל דעמאָלט, ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף קעגן דעם „נומערוס קלאַוזוס״ און ער אַליין איז געשטאַנען אין דער פֿאָדערשטער ליניע פֿון דער פּאַרלאַמענטאַרישער שלאַכט, האָט ער אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, ווו ער האָט

אָנגעוויזן: אויך אָן דעם אוניווערסיטעט קאָן זיך אַנטוויקלען אַ קולטור ביי ייִדן. והאָ ראַיה, האָט ער באַוויזן, אין די צייטן פון געטאָ זיינען געשאַפן געוואָרן די סאַמע שענסטע פּערל פון דער ייִדישער קולטור. אַזאַ אַרטיקל פונעם פירנדיקן קעמפער אין אַ מאָמענט, ווען דער קאַמף איז אין פּולן גאַנג, מיינט אונטערגעבן זיך דעם שונא. אָבער טהאָנען האָט דאָס האַרץ ווי געטאָן אויפן גורל פון דער שטודירנדיקער יוגנט און ער האָט זי געוואָלט טרייסטן.

אָדער אַן אַנדער ביישפּיל שוין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן: פון דער סיים־טריבונע האָבן אַלץ אָפטער געקלונגען אַראָפּהילכן אַנטיסעמיטישע העץ־רעדעס. די דעפּוטאַטן ריבאַרסקי און רוג האָבן אין אַ געוויסן טאָג שאַרף אַטאַקירט ייִדן און ד״ר טהאָן האָט זיי געענטפערט אין איינער פון זיינע גרויסע רעדעס. ער האָט געזאָגט, אַז ייִדן האָבן אַלע מאָל געפירט אין סיים אַ דורכויס־מלוכישע פּאָליטיק. אָבער חוץ די מלוכה־אינטערעסן האָבן זיי געהאַט פאַר די אויגן נאָך אַ ציל: היטן די ייִדישע בירגער־רעכט, די ייִדישע רעליגיע, שפּראַך און קולטור. דעם זעלבן אָוונט האָט זיך ד״ר טהאָן אַוועק־געזעצט אין זיין צימער און אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן ייִדיש־נאַציאָנאַלן שטאָלץ.

ער האָט דאָרט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע געדאַנקען: דער ייִדישער וועלט־באַנעם שטיצט זיך, זינט די נביאים ראשונים, אויף אַ ריין אידעאַליסטישער געשיכטע־אויפפאַסונג. נאָך מער אויף אַן אַבסאָלוט עטישער. דער ערשטער גרויסער אויפטו פונעם ציוניזם און זיין גרעסטער היסטאָרישער פאַרדינסט איז געווען צוריק צו דערוועקן אין דער ייִדישער נשמה דעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ. אין דער השׂכּלה־ליטעראַטור האָט זיך געהערט נאָר איין קול: „דאָרט״. „ביי זיך״, ביי די אומות העולם, איז אַלץ שיין און גוט. היינט הערט מען „ביי אונדז״, ביי אונדז ייִדן איז אַלץ פּערפעקט און דערהויבן. די דאָזיקע ענדערונג איז אַ פּועל־יוצא פונעם אַנטוויקלטן נאַציאָנאַלן שטאָלץ. אָבער נאַציאָנאַלער שטאָלץ אַליין, וואָרנט ד״ר טהאָן, איז נישט גענוג. ער מוז גיין געפּאָרט מיט זעלבסטקריטיק, ווייל נאָר דעמאָלט וועט ער דערפילן זיין אויפגאַבע אין אונדזער לעבן.

וואָס באַדייט אַזאַ אַרטיקל, געשריבן אין אַ טאָג פון געפעכט מיט די אַנטיסעמיטן? אפשר איז ער אַ נישט־דערזאָגטער המשך פון דעם, וואָס ד״ר טהאָן האָט געענטפערט די ריבאַרסקיס און די רוגס. און אפשר אַ זוכעניש פון אַן אָנשפּאַר אין די אייגענע ייִדישע נשמה־כּוחות אין אַ מאָמענט, ווען

אין דרויסן האָט אַ בייז געוויטער אָנגעהויבן צו צעשטערן די יסודות פונעם יידישן לעבן. און אפשר גאָר אַ טרייסט. פאַר וועמען? אַוודאי פאַרן יידישן כלל. אָבער נאָך מער פאַר זיין אייגענער נשמה, דער פאַרביטערטער און צעוויטיקטער, וואָס האָט געפילט אַ באַדערפעניש אַנטקעגנצושטעלן די גראָבקייט פון די אַנטיסעמיטן די סובטעלע עטישקייט פונעם יידישן גייסט.

*

זומער 1936 האָט זיך ד״ר טהאָן באַטייליקט אין דער זיצונג פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס-קאָמיטעט. ביים אָנהייב פון האַרבסט האָט ער זיך פאַרקילט. עס איז געקומען אַ לונגען-אָנצינדונג. זיין שוואַכער אָרגאַניזם און זיינע קראַנקע לונגען האָבן נישט אויסגעהאַלטן. ער איז אַוועק פון דער וועלט דעם 12טן נאָוועמבער 1936. ער האָט געהאַט דאָס מזל נישט צו דערלעבן די יאָרן פון חורבן און יענע שרעקלעכע טעג, ווען זיין באַליבטע פרוי, זיין איידעם און זיין איניקל זיינען געפירט געוואָרן צו דער עקדה.

זיין זון, ד״ר נתנאל טהאָן, איז געווען אַ באַוווסטער פיזיקער. במשך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה האָט ער פון פראַנקרייך עמיגרירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט געאַרבעט אינעם פאָרשונג-אינסטיטוט אין פרינסטאָן און דאָרט איז ער אומגעקומען אין אַן אויטאָמאָביל-קאַטאַס-טראָפע. ביים לעבן איז געבליבן בלויז זיין טאָכטער, די שוין פריער דערמאָנטע פרוי נעלי ראָסט-האָללענדער.

# ד״ר יהושע העשל גאָטליב

ס׳איז געווען ביים אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן אין מיין היימשטאָט, דראָהאָביטש. פון דער עסטראַדע האָבן מילד אַראָפּגעקוקט זיינע דורכדרינ־גענדיקע אויגן. זיין הויך צעוואָקסענע געשטאַלט האָט זיך לייכט געשאָקלט, בעת די שטימע האָט אַראָפּגעדונערט צום גרויסן עולם מענטשן, וואָס זיינען געקומען הערן זיין רעפעראַט. ער איז נישט געווען קיין גאָט־געבענטשטער רעדנער, ער האָט נישט געקאָנט אינספּירירן און מיטרייסן דאָס אוידיטאָריום. ער האָט אָבער גערעדט מיט אַן איבערצייגנדיקער לאָגיק, אין פיין געבויטע און קלאָר סטיליזירטע זאַצן. פּונקט אַזוי ווי ער האָט געשריבן. אַ מענטש אַ דורכגעדרונגענער מיט דעם, וואָס מיר פלעגן רופן: די מערב־אייראָפּעיִשע קולטור. דאָס איז געווען ד״ר יהושע העשל גאָטליב.

ער האָט יענעם זומער פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן אינעם דערנעבנדיקן קוראָרט טרוסקאַוויעץ. טאַקע דאָרט האָב איך זיך מיט אים באַקענט. ער האָט געהאַט אַ סך פרייע צייט און איז געווען אַ גוטער מיטשמועסער. ער האָט שטאַרק באַוואונדערט דעם דראָהאָביטשער ציוניסטישן מנהיג, ד״ר לעאָן טאַ־נענבוים, וואָס איז געווען דער וויצע־פּרעזידענט פון דער שטאָט און אין אין צייט אויך דער ראָש־הקהל. ער איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען קיין דראָ־האָביטש, כּדי זיך צו באַקענען מיט די אויפטוען פון דער דאָרטיקער ציוני־סטישער גרופּע און באַלד נאָך דעם האָט ער אין „היינט״ פאַרעפנטלעכט אַן ענטוזיאַסטישן אַרטיקל וועגן דראָהאָביטש און איר פירער, ד״ר לעאָן טאַנענבוים.

איך האָב דעמאָלט מיט אַ גרויס אינטערעס אָבסערווירט די פריינדשאַפט, וואָס האָט זיך פאַרבונדן צווישן די דאָזיקע צוויי מענער. כאָטש אין די זעלבע יאָרן און ביידע אויסשטודירטע יוריסטן, זיינען זיי געקומען פון צוויי פאַר־שיידענע סביבות. טאַנענבוים האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער אַרבעטער־משפחה און האָט זיינע שטודיעס אויסגעקעמפט מיט די אייגענע כּוחות, בעת גאָטליב איז געווען אַ קינד פון אַ נישט אָרעמער סוחרישער משפחה

וואָס האָט אים געקאָנט געבן אַלע מעגלעכקייטן צו דערשלאָגן זיך אַן אָנשטענדיקע פּאָזיציע אינעם לעבן. חוץ דעם די געאָגראַפישע באַדינגונגען. טאָנענבוים, אַ טיפּישער גאַליציאַנער און גאָטליב אַ פּאָלעשוק, און דאָך האָבן זיי זיך אַזוי גוט פאַרשטאַנען.

אויף גאָטליבן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז דער אמתדיקער טיפּ פון אַ פּאָלעסיער ייִד. גרויס און ברייטבייניק, גוטמוטיק־צעשמייכלט און באַרעדעוודיק. ער איז געבוירן געוואָרן אין פּינסק, דעם 31סטן אויגוסט 1882. זיין פאָטער, ר׳ דוד גאָטליב איז געווען אַ קאָמיסיאָנער, וואָס האָט אַרויסגעשיקט פאַרשיידענע סחורות קיין רוסלאַנד און האָט פון דעם געהאַט גאַנץ שיין פרנסה. יהושע איז געווען דער עלטסטער זון און ווען ס׳איז געקומען די צייט אָנצוהייבן לערנען, האָט די אויפזיכט איבער זיין חינוך איבערגענומען דער זיידע ר׳ יעקב גאָטליב, אַן אָנגעזעענער פּינסקער האָלץ־סוחר, וועמענס ספּלאָוועס זיינען געשווומען איבער די טייכן בוג און ווייסל ביז קיין מעמעל און דאַנציק.

דער יונגער יהושע האָט זיך געכאָוועט ביים זיידן אין שטוב. ווי דער שטייגער איז געווען איז ער געזעסן על התורה ועל העבודה. געהאַט האָט ער אַ גוטן קאָפּ און וואָלט גאַנץ זיכער דערגרייכט אַ הויכע מדרגה אין לערנען. אָבער גאָר גיך איז ער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון דער השׂכּלה, האָט איבערגעלאָזט די גמרא און גענומען שטודירן וועלטלעכע לימודים.

בעצם איז דאָס דאָזיקע איבערגיין פון גאָטליבן צום וועלטלעכן לימוד־שטייגער נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנערע טאַט. פּינסק איז נישט געווען קיין מרה־שחורהדיק שטעטל ערגעץ ווו אין אַ פאַרוואָרפענער העק. ביים סוף פונעם פאָריקן יאָרהונדערט איז פּינסק געווען אַ כּרך, אַ שטאָט דורכויס אַ ייִדישע מיט אַ פולבלוטיקן ייִדישן לעבן און מיט אַן אידעיִש־באַוווסטזיניקער יוגנט, וואָס האָט זיך מיט אַן אומגעוויינטלעכער התמדה געוואָרפן צו וועלטלעכער בילדונג. איז עס טאַקע געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך פאַר אַ בחור ווי גאָטליב אויסצוקלייבן פאַר זיך דעם זעלבן וועג.

ווי דאָס רוב ייִדישע בחורים האָט ער געפונען פאַרהאַקט די טויערן פון דער רוסישער מיטלשול. אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע האָט די ייִדישע יוגנט נישט געהאַט קיין פרייען צוטריט צו בילדונג. בלויז קינדער פון זייער רייכע עלטערן, פון אינטעלעקטועלע אָדער יחידים בר־מזלס האָבן געקאָנט אָנקומען אין די גימנאַזיעס. די איבעריקע, דאָס הייסט דאָס רוב

פון דער יוגנט, זיינען געוואָרן עקסטערנען. דער עקסטערן האָט געלערנט אין דער היים דעם גאַנצן קורס פון די שול־לימודים און שפּעטער געשטעלט זיך צו אַן עקזאַמען. האָט ער געהאַט מזל אָדער געלט, כּדי אונטערצוקויפן די עקזאַמינאַטאָרן, האָט ער דעם עקזאַמען דורכגעמאַכט. אויב נישט האָט מען אים צוריקגעשיקט מיט גאָרנישט און ער האָט געמוזט ווייטער לערנען דאָס זעלבע פונעם אָנהייב.

געווען פאַלן, אַז עקסטערנען, וואָס האָבן געלערנט אין משך פון לאַנגע יאָרן, זיינען געווען פול אָנגעזאַפּט מיט וויסן און האָבן זיך אויסגעהאַלטן פון לערנען אַנדערע. זייערע תּלמידים האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַכט די מלוכישע עקזאַמענס, אָבער זיי אַליין האָבן עס נישט געקאָנט באַווייזן. אַלע מאָל ווען זיי זיינען צוגעטראָטן צום עקזאַמען, האָט מען זיי צוריקגע־וואָרפן. אויך גאָטליב האָט נישט געהאַט קיין מזל דורכצומאַכן דעם רוסישן עקזאַמען. ער האָט געלערנט רוסיש, העברעיִש און מיט באַזונדערער התמדה פרעמדע שפּראַכן: דייטש און ענגליש. ביים לערנען די שול־קעגנשטאַנדן האָבן אים צוגעהאָלפן איניקע פון זיינע פריינד, וועלכע זיינען געווען שילערס פון דער פינסקער רעאַלשול. אָבער דער עיקר האָט ער געלערנט אַליין. ער איז געווען אַן אויטאָדידאַקט.

ער האָט צוגעהאָלפן דעם טאַטן אין די מיסחרים. ווען ער איז אַלט געווען זיבעצן יאָר, איז ער אַרויסגעפאָרן אויף אַ געשעפט־רייזע קיין רוסלאַנד. אים האָט, פאַרשטייט זיך, מער אינטערעסירט די נסיעה ווי דאָס געשעפט. ער האָט דערגרייכט די ווייטסטע מקומות פון דער אימפּעריע און איז צוריק־געקומען מיט אַ גרויסער צאָל באַשטעלונגען אויף סחורות פון נייע קונים. די דאָזיקע געשעפט־רייזע פונעם יונגן יהושע האָט אַריינגעבראַכט אַן אויפ־לעבונג אינעם געשעפט פון ר׳ דוד גאָטליב.

יאָרן זיינען אַריבער. גאָטליב איז שוין געווען אַ בחור פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. ס׳איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז אויב ער וועט בלייבן אין רוסלאַנד וועט אים דאָס לערנען נישט דערפירן צו קיין שום תּכלית. ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין אויסלאַנד און דאָרט צו שטודירן אויף אַן אוניווערסיטעט. דאָס פאָרן קיין אויסלאַנד איז אָבער געווען פאַרבונדן מיט אַ הוצאה, און גאָטליבס פאָטער, כאָטש נישט קיין אָרעמאַן, איז שוין דעמאָלט געווען אַ מטופל מיט עטלעכע קינדער. דאָס אַרויסשיקן יהושען און דאָס אויסהאַלטן אים דאָרט וואָלט פאַר אים געווען אַ גרויסער מאַטעריעלער

אָנשטרענג. בפרט אַז ער האָט גערעכנט, אַז זיין זון קאָן אויסקומען ווי אַ גוטער סוחר אויך אָן דער אוניווערסיטעט־בילדונג.

איז יהושע געפאַלן אויף אַזאַ המצאה: ער האָט אָנגעהויבן זיך צו באַקלאָגן אויף אַ ווייטיק אין ברוסטקאַסטן. מען איז געגאַנגען צום דאָקטער און דער דאָקטער האָט געפּסקנט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק מיט די לונגען. ס'וואָלט געווען אַ גוטע זאַך, האָט דער דאָקטער צוגעגעבן, אויב יהושע וואָלט געקאָנט אַ געוויסע צייט פאַרברענגען אין דער שווייץ. אינעם דאָרטיקן קלימאַט וועט ער גאַנץ זיכער געזונט ווערן.

ווי דער שטייגער ביי ייִדן, אויב ס'האַנדלט זיך אין ראַטעווען דאָס געזונט פון אַ קינד, איז שוין געלט נישט קיין שום פראַגע. ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט אַז דער דאָקטער איז געווען באַאַרבעט און האָט געזאָגט פּונקט דאָס, וואָס יהושע האָט אים געהייסן.

דערווייל איז גאָטליב אַרויסגעפאָרן אין דער שווייץ. געווען איז עס ביים אָנהייב פונעם יאָר 1906. ער איז פאַרפאָרן קיין בערן און האָט זיך דאָרט באַזעצט.

*

וואָס איז געווען דער אוניווערסיטעט אין בערן, די הויפּטשטאָט פון דער שווייץ, ביים אָנהייב פונעם הייַנטיקן יאָרהונדערט? ד״ר אַ. מוקדוני זאָגט אין זיינע זכרונות, אַז עס איז געווען אַ פאַבריק פון דאָקטאָר־דיפּלאָמען פאַר ייִדישע יונגע־לייט און מיידלעך פון רוסלאַנד. אָבער דאָס איז בלויז אַיין זייט פון דער מטבע, ווייל חוץ דעם האָט נאָך דער דאָזיקער אוניווער־סיטעט קאָנצענטרירט אין יענער צייט אַ מאַסע סטודענטן פון רוסלאַנד, וואָס זיינען מיט לייב און נפש אַריינגעטאָן געווען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דאָרט איז געווען די קוזניע, ווו עס איז אויסגעהאַמערט געוואָרן די רעוואָלוציע, וואָס האָט געדאַרפט דאָס רוסישע פאָלק באַפרייען פונעם צאַרישן יאָך. די ייִדן־פראַגע איז פאַרן רוב פון די דאָזיקע סטודענטן געווען אַ ווייניק באַדייטנדיקער ענין. אַז די רעוואָלוציע וועט זיגן, וועלן אַלע מענטשן זיין גלייך און די פונאַנדערטיילונג אויף פעלקער און קלאַסן וועט אויפהערן צו עקסיסטירן. במילא וועט אויך די ייִדן־פראַגע ליקווידירט ווערן.

אינעם דאָזיקן צענטער פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, ווו עס האָבן דעמאָלט געלעבט און געווירקט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי לענין, פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד א״אַ, האָט אַ סטודענט מיט ייִדיש־נאַציאָנאַלן באַ־

ווּסטזיין געמוזט האָבן אַ זייער גרויסן ווידערשטאַנד־כּוח, כּדי זיך נישט לאָזן אַריינצי:ען אין דער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. גאָטליב האָט דעם דאָזיקן כּוח פאַרמאָגט. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער נישט גרויסער גרופּע ציוניסטישע סטודענטן, וואָס איז דעמאָלט געווען אין בערן און האָט זיך אויסגעלעבט אין דער דאָזיקער גרופּע.

ד"ר א. מוקדוני, וואָס איז אין יענער צייט געווען שוין אַן עלטערער סטודענט אין בערן, שילדערט אין זיינע זכרונות („אויסלאַנד", בוענאָס־איירעס 1951) דאָס באַווייזן זיך פון גאָטליבן אויפן בערנער אוניווערסיטעט אויף פאָלגנדיקן אופן:

„אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך אין די קאָרידאָרן פון בערנער אוניווערסיטעט באַוויזן אַ הויכער, ברייטפּלייציקער בלאָנדער יונגער מענטש. זיין פּנים אַ ביסל מגושמדיק, זיינע באַוועגונגען בערישע און רעדן רעדט ער אַ פּינסקער יידיש. עפּעס איז ער נישט ענלעך אויף די בערנער יידישע סטודענטן. די קאָכיקע, היציקע, האַוועגדיקע און אימפּעטיקע. ער זעט ממש אויס ווי אַ גוי."

גאָטליב האָט געלערנט מיט גרויס התמדה. פאַרשריבן האָט ער זיך אויפן יורידישן פאַקולטעט, כאָטש זיין עיקר אינטערעס איז געווען פילאָ־סאָפיע. פאַסצינירט האָבן אים אַזעלכע פילאָסאָפן ווי שאָפּענהאַוער, ניטשע און שפּענגלער, הגם זייערע לערעס זיינען אַ בולטער ווידערשפּרוך צו גאָט־ליבס פּערזענלעכן כאַראַקטער. אין די שריפטן פון די דאָזיקע פילאָסאָפן (בפרט פון שאָפּענהאַוערן און ניטשען) געפינט מען כּמעט נישט קיין טיף־מענטשלעכע טעאָריעס. דאַקעגן געפינען זיך דאָרט אַזעלכע טעאָריעס, וואָס ביי אַ געוויסער אינטערפּרעטאַציע האָבן זיי געקענט אויסגענוצט ווערן דורך נאַצישע טעאָרעטיקערס צו דער באַגרינדונג פון זייער פּראָפּאַגאַנדע פון שינאה צווישן מענטשן. חוץ דעם אַלעמען זיינען די דאָזיקע פילאָסאָפן דורכויס פּעסימיסטן, בעת גאָטליב איז געווען אַ מענטש אַ גוטמוטיקער, אַ פריינד־לעכער און אַ צעשמייכלטער.

סוף־כּל־סוף האָט זיך גאָטליב אין זיינע שטודיעס אָפּגעשטעלט ערגעץ אויף דער גרענעץ צווישן רעכט־וויסנשאַפטן און פילאָסאָפיע. ער האָט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט דער קרימינאָלאָגיע, וואָס פאַרמעל געהערט זי צו דער יוריספּרודענץ אָבער אין תּוך שטיצט זי זיך אויף פּסיכאָלאָגישע און פּסיכאָ־אַנאַליטישע פאָרשונגען. ער האָט זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע

געשריבן אויף דער טעמע פון שאָפּענהאַוערס ווירקונג אויף דער קרימי־נאַלאָגישער וויסנשאַפט.

אין יענער צייט, כאָטש אַ יונגער מענטש און אַן אָנפאַנגער אין דער שרייבערישער פּראָפעסיע, האָט ער שוין געהאַט הינטער זיך עטלעכע גאַנץ וויכטיקע אַרבעטן אויפן געביט פון פילאָסאָפיע. אין יאָר 1908 האָט ער אין דער „ראַמאַן־צייטונג", וואָס מ. קרינסקי האָט אין משך פון עטלעכע יאָר אַרויסגעגעבן אין וואַרשע, פאַרעפנטלעכט זיין אַרבעט: „אַרטור שאָפּענהאַוער און זיין לערע". די דאָזיקע ערשטלינג־אַרבעט ווייזט נאָך אַרויס אַ היפּשע מאָס פון סטיליסטישער אומבאַהאָלפנקייט, אָבער נישט געקוקט אויף דעם איז זי לויט איר אינהאַלט ביז גאָר וואָגיק. גאָטליב האָט אין איר אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע קענטעניש פונעם קעגנשטאַנד און ער האָט געגעבן אַ תּמציתדיקע און ריכטיקע שילדערונג פונעם דאָזיקן פילאָסאָף.

מיט צוויי יאָר שפּעטער (1910) האָט גאָטליב פאַרעפנטליכט אינעם „יִדישן אַלמאַנאַך", וואָס ש. גאָרעליק האָט אַרויסגעגעבן אין קיִעוו, צען קאַפּיטלען פון ניטשעס ווערק „אַזוי האָט געזאָגט זאַראַטוסטראַ". די דאָזיקע צען קאַפּיטלען האָט ער צוזאַמען מיט אַ חבר איבערגעזעצט אויף יִדיש.

דעם דאָקטער־דיפּלאָם האָט גאָטליב באַקומען אין יאָר 1911 און גלייך נאָך דעם האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים. די יאָרן פון זיין אויפהאַלט אין בערן האָבן זיך איינגעקריצט אין זיין נשמה אויפן גאַנצן לעבן. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער אַ סך געררייזט איבער לענדער און שטעט און ס'האָט אים זיכער נישט אויסגעפעלט קיין איינדרוקן בעת די דאָזיקע רייזעס. פון דעסטוועגן זיינען די איינדרוקן פון בערן אויף שטענדיק געבליבן די שטאַרקסטע. ער האָט וועגן זיי גערעדט בעת זיינע שמועסן מיט חברים און פריינד, און אַפילו אין זיינע צייטונגס־אַרטיקלען, וואָס ער האָט געשריבן מיט יאָרן שפּעטער, האָט ער נישט זעלטן אַריינגעפלאָכטן זיינע זכרונות פון בערן.

פון בערן איז גאָטליב שוין נישט מער צוריקגעפאָרן קיין פּינסק. זיינע עלטערן האָבן זיך אין דער צווישנצייט אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע און וואַרשע איז איצט געווען זיין הײם. טאַקע דאָרט אין וואַרשע האָט ער זיך באַמיט איינצואָרדענען. אין יענער צייט האָט ער שוין קלאָר געוווּסט צו וואָס ער שטרעבט. ער האָט געוואָלט ווערן אַ זשורנאַליסט, אַ שרייבער. ער האָט גענומען זוכן קאָנטאַקטן אין די רעדאַקציעס פון די וואַרשעווער צייטונגען,

אין „פריינד", „היינט" און „מאָמענט". ס'איז אָבער נישט לייכט געווען פאַר אַן אָנפאַנגער ערגעץ ווו צו געפינען אַן אָנשפּאַר. גאָטליב האָט דעמאָלט אין די וואַרשעווער רעדאַקציעס נישט מצליח געווען.

זיין וועג צו דער וואַרשעווער זשורנאַליסטישער משפּחה האָט גאָטליב געמוזט דורכמאַכן איבער לאָדזש. פּונקט האָט זיך געמאַכט, אַז אין לאָדזש האָט מען זיך געגרייט צו וואַלן פון אַ רב. דאָס „לאָדזשער טאָגעבלאַט" אונטער דער רעדאַקציע פון ישעיה אוגער, האָט געשטיצט דעם ראַדאָמער הרב ל. טרייסטמאַן, בעת אַ גרופּע לאָדזשער ציוניסטן האָט דווקא געוואָלט אַריינפירן קיין לאָדזש דעם קאַלישער רב, הרב ליפּשיץ. האָט די דאָזיקע ציוניסטישע גרופּע, געשטיצט דורך אַלעקסאַנדערער חסידים, באַשלאָסן צו גרינדן אַן אייגענע צייטונג, וואָס זאָל פירן דעם וואַלקאַמפּיין קעגן דעם „לאָדזשער טאָגעבלאַט". די דאָזיקע נייע צייטונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אָסטראָווסקיס דרוקעריי אויף פּיעטריקאָווער־גאַס 66 און זי האָט באַקומען דעם נאָמען „נייעס לאָדזשער מאָרגענבלאַט".

די שטעלע פון רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער נייער צייטונג איז פאַר־געשלאָגן געוואָרן ד"ר גאָטליבן. דאָס „נייע לאָדזשער מאָרגענבלאַט" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין זומער 1912. ביים אָנהייב איז עס לויטן פאָרנעם געווען אַ גאַנץ קליינע צייטונג, אָבער שפּעטער האָט זי זיך פאַרגרעסערט. במשך פון אַ געוויסער קורצער צייט (1913) איז דאָרט צוזאַמען מיט גאָטליבן געווען רעדאַקטאָר א. מוקדוני.

אויף גאָטליבן איז געלעגן דער עול פון צוזאַמענשטעלן די גאַנצע צייטונג, שרייבן די אַרטיקלען און די פעליעטאָנען, מאַכן די כראָניק און אַפילו סטיליזירן די אָנאָנסן. בקיצור, אַ טיפּישע אַרבעט פון אַ רעדאַקטאָר פון אַ פּראָווינציעלער צייטונג. כדאי נאָך צוצוגעבן, אַז ער האָט זיך אויך געדאַרפט אַריינמישן אין די מחלוקתן אַרום די וואַלן פונעם רב. גאָטליב האָט אָבער די גאַנצע אַרבעט געטאָן מיט ברען און מיט ליבשאַפט. פאַר אים איז עס געווען אַ גוטע שול פון דער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע.

די צייטונג איז דערשינען במשך פון צוויי יאָר. צווישן אירע מיט־אַרבעטערס זיינען געווען אַזעלכע שרייבערס ווי דוד פרישמאַן, מ. ספּעקטאָר, בן־אליעזר א"אַ. זיינע ערשטע טריט האָט דאָרט געשטעלט י. מ. ניימאַן, וואָס איז שפּעטער געווען גאָטליבס מיטאַרבעטער אין „דאָס יידישע פאָלק" און איז פון דאָרט, אויך צוזאַמען מיט גאָטליבן, אַריבער אין „היינט".

דער אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַריינגעבראַכט אַ זאָרג אינעם גאַנצן ייִדישן לעבן אין פּוילן. מיט אוממענטשלעכער אַכזריות האָבן די רוסישע סאָטראַפּן און אַרמיי־פירערס גערודפט די ייִדישע באַפעל־קערונג. די ייִדישע פּרעסע איז געפאַלן דער ערשטער קרבן. אין לאָדזש האָבן זיך באַלד ביים אָנהייב פון דער מלחמה אָפּגעשטעלט די ייִדישע צייטונגען. דאָס „נייע לאָדזשער מאָרגענבלאַט" האָט פאַרענדיקט זיין עקסיס־טענץ. ד״ר גאָטליב האָט שוין אין לאָדזש נישט געהאַט וואָס צו טאָן און ווי באַלד די דייטשישע חיילות האָבן זיך אַ רוק געטאָן צו מיזרח, האָט ער זיך אומגעקערט קיין וואַרשע.

✶

אין וואַרשע האָט גאָטליב געטראָפן אַ צושטאַנד פון תוהו ובהו. אַ גרויסע צאָל מענטשן זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד, צוליב מורא פאַר די אָנקומענדיקע מלחמה־געשעענישן. אַנדערע זיינען דורך די רוסן, בעת זייער צוריקטריט, פאַרשלעפּט געוואָרן. צווישן די דאָזיקע מענטשן זיינען געווען אַ סך ציו־ניסטישע און געזעלשאַפטלעכע פירערס און עסקנים. אויך זיין אייגענע משפחה, די עלטערן, די ברידער און שוועסטער האָט גאָטליב נישט געפונען אין וואַרשע. זיי זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד.

די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס איז איבעריקנס נישט צו פיל פריינדלעך געווען צו ייִדן, האָט פון דעסטוועגן יאָ געגעבן אַ געוויסע פרייהייט צו שאַפן פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. גאָטליב האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער ציוניסטישער אַרבעט. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט ער זיך דערוואָרבן די פּאָזיציע פון אַ פירנדיקער פּערזענלעכקייט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין אַ צייט פון אַ פולשטענדיקער דעזאָר־יענטאַציע פון די פּוילישע ייִדן, וואָס זיינען צוליב די מלחמה־געשעענישן און דער דייטשישער אָקופּאַציע געווען אָפּגעריסן פונעם וועלט־ייִדנטום, האָט אַ ריכטיקע אינפאָרמאַציע געהאַט אַ גאָר גרויסע באַדייטונג. גאָטליב האָט דעמאָלט געשאַפן די וואָכן־צייטונג „דאָס ייִדישע פאָלק", וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו געבן אַ באַריכט פונעם פאָרשריט פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין ארץ־ישׂראל און אין גלות.

אין יענער צייט איז שוין ד״ר גאָטליב געווען אַ רייפער זשורנאַליסט. ער האָט שוין געהאַט גובר געווען זיינע סטיליסטישע שוועריקייטן, וואָס האָבן אים שטאַרק געשטערט ביים אָנהייב פון זיין קאַריערע. זיין סטיל איז

איצט געווען אַ לייכטער, אָפט מאָל אַ גלאַנציקער. זיין אַרגומענטאַציע אַ קלאָרע און אַן איבערצייגנדיקע און די באַהאַנדלונג פון דער זשורנאַליסטי־שער טעמע — אַ דירעקטע און אַ פשוטע.

ער איז געוואָרן אַן איינגעזעסענער וואַרשעווער תושב מיט אַן אייגענער שטוב און משפחה. נאָך איינעם יאָר 1915 האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פינסקער פרוי, בתיה טשאַרני, און מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט ער זיין פרוי אַריבערגעבראַכט קיין וואַרשע.

נאָכן אויסבראָך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און באַ־זונדערס נאָכן בריסקער שלום, וואָס די נייע סאָוועטישע מאַכט האָט אונטער־געשריבן מיט דייטשלאַנד, האָבן זיך פּוילישע ייִדן אָנגעהויבן אומצוקערן פון רוסלאַנד. צווישן זיי זיינען אויך געקומען וואַרשעווער ציוניסטישע פירערס און עסקנים, וואָס זיינען צוליב פאַרשיידענע טעמים פאַרוואָגלט געוואָרן קיין רוסלאַנד. איינער פון די ערשטע האָט זיך אומגעקערט יצחק גרינבוים. שפּעטער איז געקומען לעאָן לעוויטע און נאָך אַנדערע.

ס'איז געווען אַ צייט פון אַ שטאַרקער אויפלעבונג פון נאַציאָנאַלע געפילן ביי די ייִדישע מאַסן און ביי דער ייִדישער יוגנט אין פּוילן; אַ יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און נאָך דער באַזעצונג פון ארץ־ישראל דורך דער בריטישער אַרמיי, אין וועלכער ס'האָבן אויך געקעמפט ייִדישע סאָלדאַטן פון זשאַבאָטינסקיס לעגיאָן. ייִדן האָבן געפילט בחוש, אַז זיי שטייען אויף דער שוועל פון אַ נייער תקופה, וואָס וועט ברענגען די גאולה. און כאָטש די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך שווערע, כאָטש מענטשן האָבן געליטן הונגער בפועל ממש, האָט מען זיך געטרייסט, אַז דער מאָרגן וועט ברענגען די געהאָפטע ישועה.

דערנאָך איז געקומען דער סוף פון דער מלחמה. דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן איז אויפגעקומען און צוזאַמען מיט זיין אויפקום האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פּאָגראָמען אויף ייִדן. אויף אַזאַ אופן האָבן די פּאָליאַקן געפייערט דעם יום־טוב פון זייער באַפרייונג.

ביי ייִדן אין פּוילן איז אָבער דער מוט נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס האָט זיך געשטאַרקט דער ווילן צו צעמענטירן די פּאָליטישע אָרגאַני־זאַציעס און צו שאַפן פון זיי דעם כוח, וואָס וועט פאַרטיידיקן דאָס ייִדישע לעבן און דעם ייִדישן כבוד.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניס־

טישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. בראָש פון דער באַוועגונג איז דעמאָלט געשטאַנען ד״ר מאיר קלומעל, אָבער די הויפּט־דעה אין אַלע פּאָליטישע ענינים האָט געהאַט יצחק גרינבוים. אַ שטאַרקע פּערזענלעכקייט מיט ראַדי־קאַלע אָנשויונגען, אַ פּאָליטיקער, וואָס האָט נישט אָנערקענט קיין פּשרות אין זיין טאַקטיק, האָט גרינבוים מיטגעריסן די יוגנט. ער איז אין וואַרשע נישט געווען קיין נייער מענטש. נאָך זינט דעם יאָר 1905, ווען נחום סאָקאָלאָוו האָט איבערגענומען דעם אַמט פון מורשה פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד, און ער, יצחק גרינבוים, איז באַשטימט געוואָרן ווי דער סעקרעטאַר פונעם פּוילישן ראַיאָן, האָט ער פּאַקטיש און פאָרמעל אָנגעפירט מיט דער ציוניסטישער פּאָליטיק.

אָט אַזעלכע זיינען געווען די באַדינגונגען, אין וועלכע ד״ר יהושע גאָטליב האָט דורכגעמאַכט די ערשטע יאָרן פון זיין ציוניסטישער טעטיקייט אין וואַרשע. ער האָט געהערט צו די חשובסטע טוערס פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פונעם אָפיציעלן אָרגאַן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט „דאָס יידישע פאָלק״. כאָטש די פּאָליטישע ליניע פון דער צייטונג איז אָנגעגעבן געוואָרן דורך גרינבוימען, איז אָבער גאָטליבס פּאָזיציע פונעם הויפּט־רעדאַקטאָר און פּובליציסט געווען אַן אומבאַרירלעכע. בפרט, אַז אין יענער צייט זיינען נאָך נישט געקומען צום אויסדרוק די אידעיִשע דיפערענצן און מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צווישן אים און גרינבוימען און פון יענעם ריס, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן צעשפּאָלטן די אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין פּוילן, איז נאָך דעמאָלט נישט פאַראַן קיין שום אָנזאָג.

אין באַצוג צו דער א״ג לאַנד־פּאָליטיק (ווי די ציוניסטן פלעגן רופן די פּאָליטיק לגבי דער פּוילישער רעגירונג, אירע רעכטגעבערישע אָרגאַנען, מוניציפּאַלע רעגירונגען, קהילות אאַז״וו אין קעגנזאַץ צו דער ארץ־ישראל־פּאָליטיק, וואָס האָט געמיינט די פּאָליטיק לגבי דער ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט און אויך לגבי די פאַרשיידענע פראַקציעס אינעם ציוניזם) זיינען צווישן די וואַרשעווער אַלגעמיין־ציוניסטישע פירערס קיין גרויסע חילוקי־דעות נישט געווען. זיי האָבן זיך כמעט אַלע געאייניקט אויף דעם, אַז אין זייער קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג און אויטאָנאָמיע דאַרפן די יידישע פאַר־שטייערס באַנוצן זיך מיט די שאַרפסטע פּאָליטישע מיטלען.

אין דער תּקופה פון אויפקום פון פּוילן, ווען די כוואַליע פון פּאָגראָמען

האָט באַלד ביים אָנהייב געוויזן, וואָס פאַר אַ צוקונפט ער דערוואַרט דאָרט די ייִדן, האָבן די ציוניסטישע פירערס געהאַלטן פאַר נייטיק צו שאַפן די נאַציאָנאַלע פאַרטרעטערשאַפט פון די ייִדן אין פוילן. עס איז געשאַפן געוואָרן דער ייִדישער נאַציאָנאַל־ראַט, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פאַר־שטייערס פונעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט, „מזרחי", „התאַחדות" און אומפאַרטייִישע ייִדן מיטן האַנטווערקער־פאַראיין בראָש. דער דאָזיקער נאַ־ציאָנאַל־ראַט האָט צוזאַמען מיט דער אַגודה געשאַפן דעם קאָמיטעט פון די ייִדישע פאַרטייען, וואָס האָט פאַרטראַטן די ייִדן אינעם פאַראייניקטן קאָמי־טעט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. ווי באַוווסט זיינען דעמאָלט די ציוניסטן אין קאָנגרעס־פוילן געגאַנגען צו די וואַלן צום פוילישן פאַרלאַמענט (סיים) אין אַ פאַראייניקטן בלאָק מיט די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן: אור־קראַינער, וויסרוסן, רוסן, דייטשן, ליטווינער.

עס איז נישט קיין ספק, אַז יצחק גרינבוים איז געווען דער איניציאַטאָר און שאַפער פונעם בלאָק. אָבער אויך גאַטליב האָט געהאַט אַ ביז גאָר חשובן חלק אין דער אָרגאַניזירונג פונעם צייטווייליקן נאַציאָנאַל־ראַט. ער איז געווען אַ קאַנדידאַט צום סיים. ער איז אָבער נישט אויסגעוויילט געוואָרן.

אין יאַנואַר 1919 האָט „דאָס ייִדישע פאָלק" אָנגעהויבן צו דערשיינען ווי אַ טאָגצייטונג. גאַטליב האָט דעמאָלט אין דער צייטונג אָנגעהויבן צו פּראָפּאַגירן זיין באַזונדערע קאָנצעפּציע וועגן דער ראָלע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אינעם ייִדישן לעבן. ער האָט זיך אָנטפּלעקט ווי דער פאַרטרעטער פון די אינטערעסן פונעם ייִדישן מיטלקלאַס, וואָס האָט זיך אין פוילן פאַר־נומען מיט אַזעלכע פּראָפעסיעס ווי קליין־אינדוסטריע, מלאָכה און האַנדל. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז די קבוצה קאָן נישט לייזן דאָס פּראָבלעם פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישׂראל. ערשטנס, וועט די קאָלאָ־ניזאַציע ביים אָנווענדן דעם קבוצה־סיסטעם קיין מאָל נישט אָננעמען קיין מאַסן־כאַראַקטער, און גראַד איצט, ווען די ייִדישע רעכט אויף ארץ־ישׂראל זיינען אָפיציעל אָנערקענט געוואָרן דורך די אַלייִרטע מאַכטן, איז געקומען די צייט צו בויען דאָס לאַנד אין אַ גיכן טעמפּאָ. צווייטנס, האָט גאַטליב געהאַלטן, וועט די קבוצה נישט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען פון עקאָנאָמישער לעבנס־פעיִקייט. איז דעריבער גלייכער אויפצוהערן דאָס עקספּערימענטירן מיטן קבוצה־סיסטעם און אַנשטאָט דעם צו אָרגאַניזירן די מאַסן פונעם ייִדישן מיטלשטאַנד און אַריבערצופירן זיי קיין ארץ־ישׂראל.

בדרך־כּלל האָבן די אויבן אָנגעפירטע געדאַנקען רעפּרעזענטירט די אָנשויונגען פונעם רוב פון די באַלעבאַטיש־געשטימטע ציוניסטן אין יענער צייט. גאָטליב איז דאָ נישט אַרויסגעקומען מיט קיין שום נייע המצאות. ער האָט זיי בלויז מסדר געווען און אַרויסגעבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט אין דער פאָרעם פון צייטונג־אַרטיקלען. פון צווישן אָט די באַלעבאַטיש־געשטימטע ציוניסטן האָט זיך אויסגעפורעמט דער „עת לבנות", אַ גרופּע אינעם שויס פון דער כּלל־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קאָנגרעס־פּוילן, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו רעאַליזירן דעם געדאַנק פון אַ מאַסנ־האַפטער עליה פון די פּוילישע מיטלשטאַנד־ייִדן. צוזאַמען מיט גאָטליבן האָבן דעם „עת לבנות" אָרגאַניזירט לעאָן לעוויטע, מתתיהו הינדעס, שמעון זיידעמאַן א"אַ.

דער אויפקום פון „עת לבנות" איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון אַ שפּאַלטונג אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. יצחק גרינבוים, און מיט אים די גרויסע מחנה פון זיינע אָנהענגערס, איז גאָר ווייט געווען פון די צילן, וואָס דער „עת לבנות" האָט געוואָלט רעאַליזירן. אין דער ערשטער ריי איז ער נישט מסכּים געווען מיט דער באַציִונג פון „עת לבנות" צום ציוניסטישן אַרבעטער־פליגל און צו דער הסתדרות העובדים. בעת גאָטליב און זיינע חברים האָבן אַטאַקירט די הסתדרות, הלמאי זי וויל איינ־פירן אַן עקאָנאָמישע דיקטאַטור אין ארץ־ישראל, האָט זיך גרינבוים געשטעלט אויף דער זייט פון דער הסתדרות און פונקט ווי די וואָרטזאָגערס פון די אַרבעטער־פראַקציעס האָט אויך ער געטענהט, אַז די „נאַלעווקער ייִדן" מוזן פריִער דורכמאַכן אַ סאָציאַלע און עקאָנאָמישע איבערשיכטונג איידער זיי וועלן ראוי זיין צו עמיגרירן קיין ארץ־ישראל.

ווי מיר זעען, איז דאָס קערנדל פון מחלוקת פאַרזייט געוואָרן שוין דעמאָלט, ביים סאַמע אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. מיט דער צייט וועלן זיך אַנטוויקלען פאַרשיידענע אידעיִשע און טאַקטיש־פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס וועלן זיין ווי אייל אויפן פייער פון דער דאָזיקער מחלוקת. דער אינער־לעכער קאַמף וועט נישט איין מאָל ווערן אַ שטערונג אין דער דורכפירונג פון וויכטיקע נאַציאָנאַלע אַקציעס.

*

אין משך פון אַ גאַנצן יאָר איז „דאָס ייִדישע פאָלק" דערשינען ווי אַ טאָגצייטונג. עס האָט אָנגעצויגן אַ צאָל לייענערס, אָבער די דאָזיקע צאָל איז

נישט געווען קיין גענוגנדיקע, כּדי די צייטונג זאָל זיך קאָנען אַליין אויס־האַלטן. חוץ דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „דאָס יידישע פאָלק" האָט דעם רוב פון זיינע לייענערס אָפּגעצויגן פונעם „היינט", וואָס איז אויך געווען אַ ציוניסטישע צייטונג, כאָטש נישט דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי.

פאַקטיש האָט „דאָס יידישע פאָלק", ווי אַ טאָגצייטונג, אונטערגעבראָכן די עקסיסטענץ פונעם „היינט". האָבן ציוניסטישע עסקנים זיך באַרעכנט, אַז עס איז זינלאָז אָנצוהאַלטן די צוויי וועגעטירנדיקע טאָגצייטונגען, וואָס האָבן נישט קיין אויסזיכטן אויף אַ זיכערן קיום. אַ באַזונדערן אייפער האָט דעמאָלט אַרויסגעוויזן אַברהם פּאָדלישעווסקי, איינער פון עלטערע עסקנים. ער איז אַרויסגעקומען מיטן געדאַנק, אַזביידע צייטונגען זאָלן פאַראייניקט ווערן אין איין גרויסער טאָגצייטונג.

אַזוי איז טאַקע געשען, און דעם ערשטן יאַנואַר 1920 האָט דער „היינט" אָנגעהויבן צו דערשיינען אונטער אַ פאַראייניקטער רעדאַקציע פון מיט־אַרבעטער פון „היינט" און פון „דאָס יידישע פאָלק". „דאָס יידישע פאָלק" איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

פאַרמעל האָט געהייסן, אַז דער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמיטעט האָט איבערגענומען דעם „היינט". דעריבער איז ד"ר גאָטליב באַשטימט געוואָרן ווי דער הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם נייעם „היינט". צוזאַמען מיט איר זיינען נאָך 6 מיטאַרבעטערס אַריבער אין „היינט": יצחק גרינבוים, יוסף גראַוויצקי, נתן שוואַלבע, אַברהם קליינמאַן, י. מ. ניימאַן און חיים פינקעלשטיין.

פאַרן „היינט" האָט די דאָזיקע פאַראייניקונג באַדייט דעם אָנהייב פון אַ תּקופה פון אַ שטאַרקן אויפשוווּנג. ער איז געוואָרן די פירנדיקע צייטונג פון די יידן אין פּוילן סיי צוליב זיין אינהאַלט און סיי צוליב זיין מוטיקער שטעלונג אין אַלע פּאָליטישע פראַגעס פון יענער צייט. אויך גאָטליב האָט אין דער „היינט"־רעדאַקציע דורכגעמאַכט זיין ווייטערדיקע שרייבערישע אַנטוויקלונג. ער איז געוואָרן איינער פון די חשובסטע וואָרטזאָגערס פונעם פּוילישן יידנטום.

ד"ר גאָטליב האָט אין „היינט" געהאַט די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַלע ווערטן פון זיין זשורנאַליסטישן טאַלאַנט. ער איז געווען טיף באַלייענט, געקענט פרעמדע שפּראַכן און געלייענט די אויסלענדישע פּרעסע, באַזונדערס די גרויסע ענגלישע און אַמעריקאַנישע צייטונגען, געהאַט אַ זעלטענעם חוש פאַר זשורנאַליסטישער אַקטואַליטעט און איז אין יעדער צייט צוגעגרייט

געווען צו שרייבן אויף אַ יעדער נייטיקער טעמע. ביי דעם אַלעמען איז זיין צוגאַנג צו דער טעמע אַלע מאָל געווען אַ זאַכלעכער, די באַאַרבעטונג אַן אויספּירלעכע און אַ קלאָרע. ער האָט געשריבן לייטאַרטיקלען, פּאָליטישע איבערזיכטן, רעפּאָרטאַזשן און באַריכטן, אידעאָלאָגישע אַרטיקלען און אַפילו פעליעטאָנען.

כּדי צו אילוסטרירן די דאָזיקע פאַרשיידנאַרטיקייט פון גאָטליבס טע־מאַטיק, וועלן מיר אויסרעכענען איניקע פון זיינע אַרטיקלען אין די ערשטע „היינט“־יאָרן:

אַן אַרטיקל וועגן דער צענטראַליזירונג פון דער עמיגראַציע־אַרבעט. גאָטליב זאָגט דאָרט, אַז „דער עמיגראַציע־שטראָם פון פּוילן איז אַ פאַקט, אַ טרויעריקער, האַרצרייסנדיקער פאַקט, אַ נאַציאָנאַלע סכּנה אין פולן זין פון וואָרט“.

אַ באַריכט פון זיין באַזוך אין פּינסק נאָך דער גרויסער שׂרפה אין יאָר 1921.

אַן אַרטיקל וועגן דעם עסטרייכישן עקס־קייזער קאַרל האַבסבורג, אונ־טערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים ד״ר י. בן־דוד.

אַן אַרטיקל וועגן דעם אומבאַקאַנטן זעלנער אונטער דעם זעלבן פּסעוו־דאָנים.

אַן אַרטיקל וועגן לינדבערגס ערשטן פלי איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן.

אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „אין 20 יאָר אַרום“ — ווו די פאַרויסזאָגונגען פאַר דער צוקונפט ווערן געהאַלטן אין אַ ביז גאָר אָפּטימיסטישן טאָן. אַגב, איז אָפּטימיזם שטענדיק אַ טייל פון גאָטליבס כאַראַקטער.

אַרטיקלען, וואָס זיינען געשריבן אונטער דער השפּעה פון דער אַמערי־קאַנישער פּרעסע: „פאָרד און זיינע אידייען“, אָדער „די מעשׂה סאַקאָ און וואַנצעטי“, וועלכע האָט אין יענע יאָרן אַרויסגערופן אַזוי פיל אויפמערק־זאַמקייט אויף דער וועלט.

אַן אַרטיקל וועגן עספּעראַנטאָ און איר שאַפער ד״ר לודוויק זאַמענהאָף, און לעבן דעם אַלעמען אַ ריין ציוניסטישער אַרטיקל וועגן דעם קריזיס ביי דער יידישער יוגנט.

ווי מיר זעען פון די אויבן אָנגעפירטע אַרבעטן, שטעלן זיי פאָר אַ געמיש פון טעמעס און פּראָבלעמען, און עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז איין מענטש האָט געקאָנט געפינען אַן אינטערעס און, דער עיקר, געניג ידיעות,

כּדי אין דער זעלבער צייט צו שרייבן וועגן דעם אַלעמען. אמת, אַ טייל טעמעס ווערן דורך אים באַהאַנדלט בלויז אויבערפלעכלעך, אויב אַזוי צו זאָגן, אויף אַ זשורנאַליסטישן אופן. אָבער דאָס רוב אַרטיקלען זיינען גרינט־לעכע, מיט אַ סך ידיעות, וואָס פאָדערן אַ סך אַרבעט פון זוכן און אַריינקוקן אין ביכער.

גאָטליב האָט זיך, ווי אַ דעלעגאַט פון פוילן, באַטייליקט אין דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ נאָך דער מלחמה, אין דער קאָנפערענץ, וואָס איז אין יאָר 1920 צוזאַמענגערופן געוואָרן קיין לאָנדאָן. (דאָס ערשטע מאָל איז ער אַ דעלעגאַט צום קאָנגרעס געווען אין 1913. דאָס איז געווען דער עלפטער קאָנגרעס אין ווין). שפּעטער איז ער געווען אַ דעלעגאַט צו אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן, אָנהייבנדיק פונעם צוועלפטן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1921 אין קאַרלסבאַד ביזן לעצטן קאָנגרעס פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939 אין גענף. אין די יאָרן 1923 ביז 1925 איז ער אויך געווען מיטגליד פונעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט.

ער פלעגט קיין מאָל נישט שרייבן קיין באַריכטן נישט פון די קאָנגרעס־זיצונגען און נישט פון די זיצונגען פונעם אַקציאָנס־קאָמיטעט. דער „היינט" פלעגט צו יעדן קאָנגרעס שיקן זיין ספּעציעלן שליח, וואָס האָט געשריבן די דאָזיקע באַריכטן. ד"ר גאָטליב פלעגט אָבער אַלע מאָל פון די קאָנגרעסן צושיקן אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון די קאָנגרעס־אַרבעטן און נישט זעלטן אויך פון די נסיעות גופא. אַזוי אַרום האָבן די דאָזיקע אַרטיקלען אָפט מאָל געהאַט אַ באַפאַרבונג פון אַ רייזע־רעפּאָרטאַזש, אָבער דאָס רוב האָט זיך זייער טעמאַטיק געדרייט אַרום די אינערלעכע ציוניסטישע פּראָבלעמען. גאָטליב האָט אין זיי פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט פון „עת לבנות", ווי אויך די אינטערעסן פונעם יידישן מיטלקלאַס און זיינע רעכט אויף עליה קיין ארץ־ישׂראל.

נאָך זיין אומקערן זיך פון דער לאָנגער קאָנפערענץ אין יאָר 1920 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע סעריע רייזע־רעפּאָרטאַזשן א"ג „וואַרשע — פּאַריז — לאָנדאָן". ער האָט דאָרט געשילדערט זיינע איינדרוקן פונעם נאָך־מלחמהדיקן מערב־איראָפּע. אין זיין זכרון איז נאָך פריש געווען דאָס בילד פון מערב־איראָפּע פון פאַר דער מלחמה, ווען ער האָט פאַרבראַכט אין דער שווייץ. האָט ער אין דער דאָזיקער סעריע אַרטיקלען געצויגן אַ ריי געלונגענע פאַרגלייכן צווישן דעם היינט און דעם נעכטן.

אינעם יאָר 1921 האָט ער אָנגעשריבן אַ סעריע אַרטיקלען וועגן די זיצונגען פונעם גרויסן אַקציאָנס־קאָמיטעט אין פּראָג. די דאָזיקע אַרטיקלען ווינען אָנגעפיקעוועט מיט אינפאָרמאַציעס פון ציוניסטיש־אידעאָלאָגישן, ווי אויך פּאָליטיש־פּראַקטישן כאַראַקטער. די דאָזיקע סעריע האָט ער אונטער־געשריבן מיטן פּסעוודאָנים עגאַ. בכלל האָט זיך גאָטליב זייער אָפט באַנוצט מיט שרייבערישע פּסעוודאָנימען. חוץ די שוין דערמאָנטע אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער נאָך גענוצט אַזעלכע פּסעוודאָנימען ווי: דיאָגענעס, בן־נון א״אַ.

ווי אַ באַווייז פון ד״ר גאָטליבס שטאַרק אָנגעזעענער פּאָזיציע אין דער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע, דאַרף דערמאָנט ווערן דער פאַקט, אַז פון 1927 ביז 1934 איז ער געווען פאָרזיצער פונעם וואַרשעווער יידישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. ער איז אויך געווען פאַרוואַלטונג־מיטגליד פונעם אַלגעמיין פּוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. ער האָט גענומען אַן אָנטייל אין אַ ריי אינטערנאַציאָנאַלע זשורנאַליסטן־קאָנגרעסן. אין יאָר 1933 אויפן אינטער־נאַציאָנאַלן זשורנאַליסטן־קאָנגרעס אין בודאַפּעשט איז אויף זיין פאָרשלאָג דער היטלעריסטישער פּרעסע־פאַרבאַנד אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פעדעראַציע.

אין יאָר 1930 איז ד״ר גאָטליב אויסגעצייכנט געוואָרן דורכן פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט מיט „פּאָלאָניאַ רעסטיטוטאַ״, די העכסטע ציווילע אויס־צייכענונג אינעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן. די אויסצייכענונג איז אים געגעבן געוואָרן פאַר זיינע לייסטונגען אויפן זשורנאַליסטישן און געזעלשאַפטלעכן געביט. כדאי צו באַמערקן, אַז אינעם אַנטיסעמיטישן פּוילן האָבן בלויז יידן־יחידים געהאַט די זכיה צו באַקומען אַזאַ אויסצייכענונג.

✶

אויב ס׳איז אמת, אַז אַ נאָרמאַל מענטשלעך לעבן איז אַ סכום פון עליות און ירידות, איז ד״ר יהושע גאָטליבס לעבן געווען פולשטענדיק נאָרמאַל. אין זיין זשורנאַליסטישער קאַריערע, וואָס איז געווען זיין פּראָפעסיע און דער מקור פון זיין פּרנסה, האָט ער געהאַט דערפאָלגן, וואָס האָבן געקאָנט אים געבן אַ פולע סאַטיספאַקציע אין לעבן. אין משך פון אַלע יאָרן פון זיין אַרבעט האָט ער געהערט צו די צום בעסטן געצאָלטע זשורנאַליסטן. ער איז קיין מאָל נישט געווען קיין גביר, אָבער ער האָט אַלע מאָל געהאַט גענוג מיטלען פאַר אַ באַקוועם לעבן, פאַר דער גוטער בילדונג, וואָס ער האָט געגעבן זיינע צוויי קינדער (ער האָט געהאַט אַ זון און אַ טאָכטער. דער

זון איז אומגעקומען אינעם וואַרשעווער געטאָ, די טאָכטער האָט זיך נאָך דער מלחמה צוזאַמען מיט דער מוטער באַזעצט אין ישׂראל) און פֿאַר זיינע נסיעות קיין אויסלאַנד.

אַ ביסל אַנדערש איז גאָטליבן געגאַנגען אויפֿן צווייטן געביט פֿון זיין אַרבעט, אויפֿן פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן. די דאָזיקע אַרבעט האָט ער, פֿאַרשטייט זיך, געטאָן לשמה, אָן שום שׂכירות (אינעם פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן האָט זייער זעלטן געטראָפֿן, אַז אַ געזעלשאַפֿטלעכער עסקן זאָל באַקומען באַצאָלט פֿאַר זיין געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט). אָבער דאָ האָט ער צו גלייך מיט עליות געהאַט צו פֿאַרצייכענען אַ שפּאָר ביסל ירידות.

כּדי צו זיין אַ דערפֿאָלגרייכער פֿירער פֿון אַ פּאָליטישער באַוועגונג, דאַרף מען צו דעם האָבן אַ באַזונדערן טאַלאַנט. עס נייטיקט זיך התלהבות און פֿייערדיקער גלויבן אין דער אידעע, און דער עיקר אַ שטאַרקער ווילן, אַן אַמביציע, צו ווערן דער דערפֿאָלגרייכער פֿירער. אַ מענטש מיט די דאָזיקע מעלות וועט זיין לעבן און זיין נשמה אַוועקגעבן פֿאַר דער פּאָליטישער אַרבעט. ער וועט ביי טאָג און ביי נאַכט גרייט זיין צו מאַרשירן בראָש פֿון זיין מחנה.

גאָטליב איז, אָן ספֿק, געווען אַ פֿיינער רעדנער, אָבער מער אַן אינטע־לעקטועלער, ווי אַ ברענענדיקער מיט התלהבות. ער האָט אויך גאַנץ זיכער פֿאַרמאָגט דעם גלויבן אין זיין ציוניסטישן אידעאַל און ער האָט געוויטיקט צוליבן גורל פֿון זיין פֿאָלק, אָבער קיין שטאַרקע אַמביציעס צו ווערן דער דערפֿאָלגרייכער פֿירער פֿון זיין באַוועגונג האָט ער נישט געהאַט.

ער פֿלעגט גאַנצע טעג און אָוונטן פֿאַרברענגען אינעם שרייבער־פֿאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13 און אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען טלאָמאַצקע 13 האָט אָנגעהויבן צו פּוסטעווען — אין דער „זשעמיאַנסקע". ער פֿלעגט דאָרט אַ מאָל שפּילן אַ שאָך, אָבער דאָס רוב פֿלעגט ער שמועסן מיט חברים שרייבערס, פּאָלעמיזירן מיט פּאָליטישע קעגנערס וכד׳. אַזאַ מין פֿאַרברענגען פֿון דער צייט איז זייער פּאַסיק און נוצלעך פֿאַר אַ זשורנאַליסט. ער האָט אַ מעגלעכקייט אויסצוטוישן זיינע געדאַנקען מיט אַנדערע, צוצוהערן זיך וואָס דער עולם טראַכט וועגן די געשעענישן פֿונעם טאָג, מיט איין וואָרט צו האַלטן די האַנט אויפֿן דופּק פֿונעם לעבן.

אָבער פֿאַר אַ פּאָליטישן פֿירער איז דאָס פֿאַרברענגען אין פֿאַראיין אָדער קאַפֿע נישט מער ווי אָפּבטלענען אַ טאָג. אָט איז גאָטליב געווען זינט דעם יאָר 1924 אַ פּרנס פֿון דער קהילה און צווישן 1926 ביז 1930 וויצע־פּאַרזיצער.

אַזאַ שטעלע פאָדערט אַ סך צייט. אַ וויצע־פּאַרזיצער מוז אַמטירן אין ביוראָ, באַטייליקן זיך אין אַ סך זיצונגען. גאָטליב האָט נישט ליב געהאַט, נישט דאָס אַמטירן און נישט די זיצונגען. בכלל האָט האָט ער נישט ליב געהאַט קיין שום צוואַנגען אויף זיך. ער איז געווען מער אַ פרייע נאַטור, אַ נאַטור פון אַ באַהעם.

אין משך פון גאַנצע פינף יאָר (פון 1923 ביז 1928) איז אין דער ציוניסטישער וועלט־מחנה אָנגעגאַנגען אַ ליידנשאַפטלעכער קאַמף אַרום דער אויסברייטערונג פון דער יידישער אַגענץ. ווען מיר קוקן היינט רעטראָספּעקטיוו אויף די דאָזיקע געשעענישן, קאָנען מיר זיך נישט באַפרייען פונעם געדאַנק, אַז אין תּוך איז עס געווען אַ קאַמף צוליב גאָרנישט, אַ שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער. נאָר אין יענע יאָרן האָט דער ענין אָנגענומען זייער אַ סך בייז בלוט און אין פּוילן האָט ער ביזן סוף צעשטערט די אחדות אין די אַלגעמיין־ציוניסטישע רייען.

געהאַנדלט האָט זיך אין דעם, אַז די ציוניסטישע וועלט־לייטונג האָט לויט דער פאָדערונג פונעם מאַנדאַט־געזעץ געהאַט דעם חוב צו שאַפן די יידישע אַגענץ, וואָס זאָל זיין די אָפיציעלע פאַרטרעטערשאַפט פונעם יידישן פאָלק לגבי דער ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט. די יידישע אַגענץ האָט געדאַרפט אַרומנעמען ציוניסטן און נישט־ציוניסטן. ד״ר חיים ווייצמאַן האָט געהאַט זיך פאַרשטענדיקט מיט די נישט־ציוניסטישע פירערס פון אַמעריקע: לוי מאַרשאַל און ד״ר סיירוס אַדלער. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די יידישע אַגענץ וועט געשאַפן ווערן לויטן פּאַריטעט פון 50 פּראָצענט ציוניסטן און 50 פּראָצענט נישט־ציוניסטן.

קעגן דעם דאָזיקן באַשלוס פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע האָט זיך געשאַפן אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע אין דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג. ס׳איז דאָ נישט דאָס אָרט איבערצודערציילן די אַלע אַרגומענטן, וואָס די אָפּאָזיציע האָט אַרויסגערוקט קעגן דעם שותּפות פון ציוניסטן מיט אַסימילאַטאָרן. מעגלעך אַז די אַרגומענטן זיינען געווען אין אַ גרויסער מאָס ריכטיקע, נאָר פון דער צווייטער זייט — אויב מישפּטן דעם ענין רעטראָספּעקטיוו — ווי גערעכט די אַרגומענטן זאָלן נישט זיין, איז דאָס שאַפן פון דער געמישטער אַגענץ נישט געווען אַזוי געפערלעך און גאַנץ זיכער איז נישט באַרעכטיקט געווען יענע ליידנשאַפט, מיט וועלכער מען האָט דעמאָלט געפירט דעם קאַמף.

יצחק גרינבוים, וואָס איז צוזאַמען מיט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקין געווען דער ראש המדברים פון דער אָפּאָזיציע, זאָגט אין זיינע זכרונות, אַז „אין דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע האָט מען נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס מיר זיינען קעגן דעם מע זאָל אַריינגעמען אין דער אַגענץ יידן, וואָס ווילן געבן זייער הילף, געלט און איינפלוס פאַרן אויפבוי פון לאַנד".

דער „עת לבנות" האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון ד"ר ווייצמאַן און האָט געשטיצט דעם אַגענץ־באַשלוס און יצחק גרינבוים איז דעמאָלט צוזאַמען מיט זיין גרופּע אַרויסגעשטויסן געוואָרן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז איבערגענומען געוואָרן דורכן „עת לבנות" און גרינבוים האָט געשאַפן אַ נייע פראַקציע, דעם „על המשמר".

דער „עת לבנות" האָט אָבער נישט מצליח געווען אין דער פירערשאַפט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן. באַלד איז געקומען די פערטע עליה (1924–1925), וואָס האָט אַריינגעבראַכט קיין ארץ־ישׂראל קרוב 50 טויזנט יידן. דאָס רוב פון די עולים זיינען געווען פונעם יידישן מיטלקלאַס אין פוילן. די דאָזיקע יידן זיינען געלאָפן פונעם ריקזיכטלאָזן שטייערדרוק, וואָס די דעמאָלטיקע גראַבסקי־רעגירונג האָט איינגעפירט קעגן יידן.

די „עת לבנות"־גרופּע האָט דערמוטיקט די דאָזיקע עליה, וואָס איז געווען דער אינטעגראַלער טייל פון דער פּראָגראַם. דער „על המשמר" איז אַרויסגעטראָטן קעגן איר, טענהנדיק, אַז די קאָנצענטראַציע פון עולים אין שטאָטישע ישובים אויפן חשבון פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע איז שעדלעך פאַרן לאַנד. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די פערטע עליה האָט אַרויסגערופן אַן אַרבעטלאָזיקייט און אַ קריזיס אין ארץ־ישׂראל. יידן האָבן גענומען צוריקלויפן. דער נצחון פונעם „עת לבנות" האָט זיך אין איין מינוט פאַרוואַנדלט אין אַ מפּלה.

אויב מען זאָל רעטראָספּעקטיוו אָפּשאַצן די סך־הכּלען פון דער פערטער עליה, מוז מען צוגעבן, אַז אין תּוך איז זי געווען אַ ברכה פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישׂראל. זי האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד גאַנץ באַדייטנדיקע קאַפּיטאַלן, אויסגעבויט תּל־אָביב צום פאַרנעם פון אַ גרויסער שטאָט, אויפגעבויט אַ ריי נייע ישובים, און דער עיקר אַריינגעבראַכט אין לאַנד די ביז דעמאָלט גרעסטע צאָל עולים פון אַלע פריערדיקע עליות. אויב עס זיינען אַפילו צוריקגעלאָפן אַן ערך 15 טויזנט עולים, זיינען דאָך 35 טויזנט געבליבן;

און די דאָזיקע צאָל האָט געשאַפן אַ זייער חשובן פּראָצענט־טייל פון דעם דעמאָלט נאָך קליינעם יישוב.

נאָר וואָס דען? אין פּוילן האָט מען נישט געזען יענע 35 טויזנט, וואָס זיינען דאָרט געבליבן. מען האָט געזען די 15 טויזנט, וואָס זיינען צוריקגעקומען. און צוריקגעקומען זיינען זיי אין אַ ביז גאָר קלאָגעדיקן צושטאַנד, נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרלוירן זייער גאַנץ פאַרמעגן. אויב נאָך צוגעבן, אַז די אַנטי־ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן גענומען שלאָגן קאַפּיטאַל פונעם קריזיס אין ארץ־ישראל, וועט פאַר אונדז קלאָר ווערן אין וואָס פאַר אַ לאַגע עס זיינען געשטעלט געוואָרן די פירערס פונעם „עת לבנות", וואָס האָט דערמוטיקט די עליה.

אין גאָטליבס אַרטיקלען, וואָס ער האָט אין יענע יאָרן געדרוקט אין „היינט", פילט זיך אַ שטאַרקער טאָן פון קאַמף קעגן די קעגנערס פון דער מיטלשטאַנד־עליה. ער געפינט זיך כסדר אין אַ דעפענסיווע. ער פאַרטיידיקט דעם „עת לבנות" קעגן די אַטאַקעס פון „על המשמר", הלמאי די עליה פון די „נאַלעווקער יידן" איז נישט צוגעגרייט געוואָרן. ער שלאָגט צוריק די אָנגריפן פון די אַנטי־ציוניסטן און דערווייזט, אַז די פערטע עליה איז געווען אַ שטאַפּל, אַ וויכטיקער שטאַפּל, אויפן וועג צום אויפבוי פון ארץ־ישראל.

גאָטליב קאָן אויך זיין אָנגרייפעריש. אויפן 14טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין איז ער מיט אַ שאַרפער רעדע אַרויסגעטראָטן בשעת דער גענעראַל־דעבאַטע. ער האָט באַשולדיקט זיינע קעגנערס פון „על המשמר" און די אַנדערע פּאַרטייען, אַז זיי באַציִען זיך מיט שפּאָט און שינאה צו די עולים פונעם מיטלקלאַס, אַז זיי באַנוצן זיך מיט אַ לשון פונעם אַנטיסעמיטישן אַרסענאַל, בעת זיי באַצייכענען די עולים מיט אַזעלכע ווערטער: „אָט די יידן פון נאַלעווקי און דזשיקע־גאַס". ער האָט אויך נישט געשוינט די ציוניסטישע וועלטלייטונג, וואָס האָט נישט געגעבן קיין שום הילף די עולים פון דער פערטער עליה און וואָס פאַרטיילט סערטיפיקאַטן (אין יענער צייט האָט אַ נישט־קאַפּיטאַליסט געקאָנט עולה זיין בלויז אויפן סמך פון אַ סערטיפיקאַט פון דער ענגלישער מאַכט) צווישן יונגע־לייט, וואָס אַרבעטן 2–3 חדשים אין וואַרשטאַטן, בעת ספּעציאַליזירטע פאַכלייט און האַנטווערקער באַקומען נישט קיין סערטיפיקאַטן.

חוץ די צוויי אויסגערעכנטע גורמים פון דער שפּאַלטונג אינעם פּוילישן אַלגעמיינעם ציוניזם, די אויסברייטערונג פון דער יידישער אַגענץ און די

פערטע עליה, איז געווען נאָך אַ דריטער גורם. דער דאָזיקער דריטער גורם איז געווען דער אַ״ג פויליש־ייִדישער אָפּמאַך („אוגאָדע״) וואָס די פּאַרלאַ־מענטאַרישע פירערס פון די גאַליצישע ייִדן (ד״ר לעאָן רייך, ד״ר יהושע טהאָן און ד״ר הענריק ראָזמאַרין) האָבן אין יאָר 1925 אונטערגעשריבן מיט דער פוילישער רעגירונג. לויטן דאָזיקן אָפּמאַך האָבן די ייִדישע פּאַר־טרעטערס אויסגעדריקט אַ פולע לאָיאַליטעט צו דער פוילישער רעגירונג און די רעגירונג האָט זיך מתחייב געווען צו געבן אַ גלייכבאַרעכטיקונג דער ייִדישער מינדערהייט אין פוילן. היינט איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר, אַז אַזאַ מין אָפּמאַך צווישן אַ גרופּע בירגער און זייער רעגירונג איז סיי פונעם פּאָליטישן און סיי פונעם לעגאַלן שטאַנדפּונקט אַן אַבסורד. נאָר אין יענער צייט האָבן די גאַליצישע פירערס געהאָפט, אַז אַנכאַפּנדיק זיך אינעם שטרוי פון דער „אוגאָדע״ וועט זיי געלינגען אָפּצוראַטעווען די ייִדישע מאַסן, וואָס האָבן זיך געטרונקען אינעם ים פון די גראַבסקי־גזירות.

נאָר באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליאַקן האָבן נישט קיין ערנסטע באַציִונג צום אָפּמאַך. זיי האָבן אים געדאַרפט בלויז פאַר זייערע פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן אין אויסלאַנד. די „אוגאָדע״ איז קיין מאָל נישט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן דורך דער פוילישער רעגירונג, און צווייטנס, האָט זי דערפירט צו אַ פאַרשאַרפונג פון דער מחלוקת אין דעם ציוניסטישן לאַגער אין פוילן.

דער „על המשמר״ איז געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פון דער „אוגאָ־דע״ און דער „עת לבנות״, וואָס איז אין אַלע אַנדערע ציוניסטישע פראַגן געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די גאַליצישע ציוניסטן, האָט אַנגענומען אַ פּאָזיציע פון סימפּאַטישער נייטראַליטעט לגבי די „אוגאָדע״־שאַפערס. דאָס איז געווען געגנוג, כּדי דער „עת לבנות״ זאָל ווערן דאָס צילברעט פון אַ פרישער כוואַליע פון אַטאַקעס מצד דעם „על המשמר״, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אַנצונעמען אַ פירנדיקע פּאָזיציע אינעם פוילישן ציוניזם.

ד״ר יהושע גאָטליב איז פאַרזענלעך געפאַלן דער ערשטער קרבן פון די דאָזיקע קאַמפן. אין יאָר 1926 איז ער באַזייטיקט געוואָרן פון דער שטעלע פון הויפּט־רעדאַקטאָר פון „היינט״, כאָטש פאַרבליבן איז ער אין דער צײַ־טונג, ווי איינער פון אירע חשובסטע מיטאַרבעטערס נאָך אין משך פון די ווייטערדיקע צען יאָר. אַ ביסל שפּעטער איז דער „עת לבנות״ אַרויסגעוו־שטויסן געוואָרן פון דער אָנפירערשאַפט פונעם ציוניסטישן צענטראַל־

קאָמיטעט. דער „על המשמר" האָט שוין דעמאָלט געהאַט די פולע שטיצע פון די מאַסן און ער האָט געקאָנט איבערנעמען די גאַנצע אחריות פאַר דער אָנפירערשאַפט פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג אין פוילן.

✶

דאָס לעצטע יאָרצענדליק פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער שווערסטער פעריאָד אינעם לעבן פון יידן אינעם אומאָפּהענגיקן פוילן. אָנגעהויבן האָט זיך די דאָזיקע תקופה מיט אַ שטאַרקן אויפשטייג פון אַנטיסעמיטיזם ביי די פּאָליאַקן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט בהדרגה־דיק אָנגענומען זאָאָלאָגיש־ראַסיסטישע פאָרמען, לויטן היטלעריסטישן נוסח, און ער האָט באַהערשט דאָס רוב פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז די לאַגע פון די יידן אין די לעצטע 3–4 יאָר געוואָרן ממש אַ פאַרצווייפלטע.

אין יאָר 1926 האָט פּילסודסקי נאָך אַן איבערקערעניש איבערגענומען די מאַכט. כאָטש פּילסודסקי אַליין האָט געהאַט אַ מער יושרדיקע באַציִונג צו יידן, איז ער אָבער אַרומגערינגלט געווען מיט מענטשן, וואָס האָבן דעם ייד נישט ליב געהאַט. די מלוכה האָט אָנגענומען אַ האַלב־פאַשיסטישן סיסטעם: אונטערדריקונג פון פּאָליטישע קעגנערס, קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע אאַז"וו. שפּעטער איז צוגעטראַכט געוואָרן אַ נייע קאָנסטיטוציע, וואָס האָט געדאַרפט סאַנקציאָנירן דעם דאָזיקן נישט דעמאָקראַטישן רעזשים.

דער הויפּטצוועק פון דער קאָנסטיטוציע איז געווען צו זיכערן דער רעגירונג־פּאַרטיי אַ מערהייט אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער פאַרטרעטערשאַפט פונעם לאַנד. די רעכט און מעגלעכקייטן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן צו שיקן אין סיים אַזאַ צאָל דעפּוטאַטן, וואָס איז זיי געקומען לויט זייערע פּראָצענט־טיילן, זיינען רעדוצירט געוואָרן צו אַ מינימום. אין אָנבליק פון די דאָזיקע געשעענישן איז דאָס ווייטערדיקע פירן דעם קאַמף פאַר יידישע רעכט און פאַר יידישער קולטורעלער אויטאָנאָמיע געוואָרן אויסזיכטלאָז. מיט אַזאַ קליינער פּאַרלאַמענטאַרישער פאַרטרעטערשאַפט וואָס יידן האָבן אין אַזעלכע באַדינגונגען געקאָנט דערגרייכן, איז געבליבן בלויז די מעגלעכקייט צו קעמפן פאַר איינצלנע עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָזיציעס.

דער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, וואָס איז געווען

אין גאַנצן אין רשות פון „על המשמר״, האָט באַשלאָסן צו באַיקאָטירן דעם סיים. אין די וואַלן צום פינפטן פאַרלאַמענט (1935–1938), וואָס זיינען שוין דורכגעפירט געוואָרן לויט דער נייער וואַל־אָרדינאַציע, האָט זיך דער צענטראַל־קאָמיטעט נישט באַטייליקט. עס האָבן זיך אויך נישט באַטייליקט די מערב־גאַליצישע אַלגעמיינע ציוניסטן. יאָ באַטייליקט האָבן זיך די מיזרח־גאַליצישע ציוניסטן, מזרחי, אַגודה און, פאַרשטייט זיך, אַסימילאַטאָרן, וואָס זיינען געגאַנגען צוזאַמען מיט דער רעגירונג־פּאַרטיי.

בעת די דאָזיקע וואַלן איז דער „עת לבנות״ דאָס ערשטע מאָל עפנטלעך אַרויסגעטראָטן קעגן דעם באַשלוס פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. ער האָט אַרויסגעשטעלט זיין אייגענעם קאַנדידאַט צום סיים. דער דאָזיקער קאַנדידאַט איז געווען ד״ר יהושע גאָטליב, וועלכע איז טאַקע אויסגעוויילט געוואָרן ווי אַ דעפּוטאַט.

נאָך דעם ווי גאָטליב איז געוואָרן דעפּוטאַט, האָט ער שוין נישט געקאָנט מער אָנהאַלטן זיין שטעלע פון מיטאַרבעטער אין „היינט״, וואָס האָט מיט זיין גאַנצער אויטאָריטעט געשטיצט דעם צענטראַל־קאָמיטעט און דעם באַשלוס צו באַיקאָטירן די פאַרלאַמענט־וואַלן. גאָטליב איז דעמאָלט אַריבער־געגאַנגען אין „מאָמענט״, ווו ער האָט מיטגעאַרבעט פונעם יאָר 1936 ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

גאָטליבס טעטיקייט אין סיים במשך פון די נישט גאַנצע דריי יאָר פון זיין קאַדענץ, איז געווען ווייניק מזל־ברכהדיק, אויב מען קאָן בכלל טראַכטן וועגן מזל און ברכה פאַר ייִדן אין אַזאַ נסיונדיקער צייט, ווי עס איז געווען יענע תקופה. גאָטליב איז צוזאַמען מיטן לעמבערגער דעפּוטאַט, ד״ר עמיל זאָמערשטיין און מיטן מזרחי־פאַרטרעטער, הרב יצחק רובינשטיין געשטאַנען אונטער אַ כסדרדיקן האָגל פון אָנגריפן מצד די פּוילישע אַנטיסעמיטן.

געווען איז עס אַ צייט, וועלכע האָט שוין מיט אַ פולער האַנט געגעבן דעם פאָרגעשמאַק פונעם מוראדיקן חורבן, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער טיר. פּונקט איז געשטאָרבן פּילסודסקי און מיט זיין טויט זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די לעצטע צוימען, וואָס האָבן אָפּגעהאַלטן די אַ״ג רעגירונג־פּאַרטיי פון אַן אַנטיסעמיטישן אַרויסטריט. די קליקע פון די פּולקאָווניקעס (קאָלאָ־נעלן), וואָס האָט געשאַפן די רעגירונג, האָט געפירט פריינדלעכע אונטער־האַנדלונגען מיט היטלערן און האָט גענומען נאָכמאַכן היטלערסביישפּיל אין דער אויסראָטונג פון ייִדן.

די צייטן פון זבאַנשין, ווען די פוילישע רעגירונג האָט מקרב געווען די דורך היטלערן פאַרטריבענע פּליטים פון דייטשלאַנד, איז שוין לאַנג פאַרביי. איצט איז געווען די צייט פון „אָזשעם", ווען דער פּרעמיער־מיניסטער סקלאַדקאָווסקי האָט פון דער פּאַרלאַמענט־טריבונע געגעבן זיין הסכּמה אויף צו פירן דעם עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן ייִדן, די צייט פון פּאָגראָמען אין פשיטיק, מינסק און אַנדערע מקומות, די צייט פון פאַרבאָט פון דער ייִדישער שחיטה און די צייט פונעם פּלאַן צו עוואַקויִרן די ייִדן קיין מאַדאַגאַסקאַר.

אין אַ פּאַרלאַמענט, וואָס איז באַהערשט געווען דורך אַ גייסט פון לי־קווידאַציע און עוואַקואַציע פון דער ייִדישער מינדערהייט, האָבן די דריי ייִדישע פאַרשטייערס נישט געקאָנט אויפטאָן קיין שום זאַך.

ד"ר גאָטליב איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער עקאָנאָמישער קאָמיסיע פון סיים. במשך פון זיין קאַדענץ האָט ער געהאַלטן סך־הכּל דריי רעדעס אינעם פּלענום פון סיים. צום קומענדיקן סיים, וואָס איז שוין געווען דער לעצטער אינעם אומאָפּהענגיקן פוילן (1938—1939) האָט ער נישט מער קאַנדידירט. דער „עת לבנות" האָט צום דאָזיקן סיים אַרויסגעשטעלט דעם אַדוואָקאַט שמעון זיידעמאַן.

אַ סך מער הצלחה האָט ד"ר גאָטליב געהאַט אויף אַן אַנדערן געביט, אויף וועלכן ער איז טעטיק געווען אין יענער צייט. ער איז געווען דער גרינדער און פאָרזיצער פונעם אַנטי־היטלעריסטישן קאָמיטעט אין פוילן. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אַרום זיך גרופּירט אַלע שיכטן און פּאַרטייען, וואָס זיינען געווען אויף דער ייִדישער גאַס. ער האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע הילפסאַרבעט לטובת די פּליטים פון היטלער־דייטשלאַנד. ער האָט אויך אָרגאַניזירט און דורכגעפירט דעם באָיקאָט אויף דייטשישע סחורות. נאָך דעם, ווי די פוילישע רעגירונג האָט זיך אָנגעהויבן צו חברן מיט היטלער־דייטשלאַנד, איז די אַרבעט פונעם קאָמיטעט פאַרבאָטן געוואָרן. דער קאָמי־טעט האָט זיין ווייטערדיקע טעטיקייט געפירט אומלעגאַל. דער אַנטי־היטלער־קאָמיטעט געהערט צו די שענסטע קאַפּיטלען פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פונעם פוילישן ייִדנטום.

אַריינטרעטנדיק אין „מאָמענט" האָט ד"ר גאָטליב נישט געענדערט דעם נוסח און דעם דרך פון זיין זשורנאַליסטישער אַרבעט. נאָר פון דעסט־וועגן, אויב טיפער זיך אַריינלייענען אין ד"ר גאָטליבס אַרבעטן פון יענער

גסיסה־תקופה פונעם פוילישן יידנטום, וועט מען גלייך דערפילן געוויסע ענדערונגען אין דער טאָנאַציע און אין דעם גייסט. ווי אַ דינער וואָלקן שוועבט איבער זיי דער טאָן פון עפּעס אַ מעלאַנכאָלישער פילאָסאָפיע, וואָס איז אין די פריערדיקע יאָרן פרעמד געווען דעם שטענדיק אָפּטימיסטישן שרייבער.

ער האָט אַ סך געשריבן וועגן דער סכנה, וואָס דראָט יידן מצד היטלערן. ער איז אָבער גאַנץ ווייט געווען פון יעדן אויסדרוק פון אויפרעגונג אָדער פאַרביטערונג. ער האָט בלויז אויפגעקלערט דעם תּמצית פון דער סכנה, געגעבן צו פאַרשטיין איר פאַרנעם, גלייך ווי אינעם פאַרשטיין די סכּנה וואָלט געלעגן אַ כּוח, וואָס קאָן ברענגען רעטונג און ישועה. אַן ענלעכער איז אויך געווען זיין צוגאַנג, בעת ער האָט באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון די פוילישע גזירות קעגן יידן: פּאָגראָמען, שחיטה־פאַרבאָט, געטאָ־בענק אויף די אוניווערסיטעטן וכד׳.

ער האָט גערופן צו אַ קאָלעקטיווער שיבעה און קאָלעקטיוון קדיש־זאָגן פונעם גאַנצן פוילישן יידנטום נאָך די קדושים פונעם פּאָגראָם אין פּשיטיק. אין שייכות מיטן שחיטה־פאַרבאָט איז ער אַרויס מיט אַ מאמר, וווּ ער האָט דערוויזן, אַז די פאַרגאַנגענע צענדליקער יאָרן פון קאַמף צווישן די לאַגערן פון דער אָרטאָדאָקסיע און פונעם נאַציאָנאַלן יידנטום האָבן דעם יידנטום נישט געבראַכט קיין שום נוצן. פאַרקערט, זיי האָבן גורם געווען שאָדנס, וואָס וועלן קיין מאָל נישט קאָנען פאַרריכט ווערן.

דעם עצמדיקן שטויס צו די דאָזיקע קאַמפן — האָט גאָטליב געהאַלטן — האָט געגעבן די פראַגע: מה יאמרו הגויים? די אָרטאָדאָקסן האָבן זיך איינ־גערעדט, אַז די אומות העולם האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו יידן, וואָס היטן אָפּ זייער רעליגיע. זיי האָבן בלויז פיינט די אַסימילירטע און נאַציאָנאַלע יידן, וועלכע ווילן פון זיך קאָנסטרויִרן פּונקט אַזאַ נאַציע, ווי עס זיינען די גויים. פון דער צווייטער זייט האָבן די נאַציאָנאַלע יידן געטראַכט, אַז די גויים האָבן פיינט די יידישע אַנדערשקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין זייער רעליגיעזער אָפּגעהיטנקייט, בעת דאָס וועלטלעכע יידנטום וועט דורך די אומות העולם אויפגענומען ווערן מיט אָפענע אָרעמס.

אָבער וואָס איז געווען דער סוף? דער ראַסיזם האָט דערלאַנגט אַ קלאַפּ דעם גאַנצן יידנטום צוזאַמען, נישט רעכענענדיק זיך דערמיט, צי דער ייד איז אַ נאַציאָנאַלער אָדער אַן אָרטאָדאָקסישער. די קלעפּ, וואָס יידן באַקומען

סיי אין דייטשלאַנד און סיי אין פוילן פאַרשאַפן ווייטיק נישט דעם אָדער יענעם טייל פונעם ייִדנטום, נאָר אַלע ייִדן צוזאַמען. איז דעריבער גאָטליבס אויספיר, אַז דאָס נאַציאָנאַלע און דאָס אָרטאָדאָקסישע ייִדנטום דאַרפן זיך פאַראייניקן אינעם קאַמף פאַר זיין קיום.

ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט פאַר וועלכער נישט איז פאַראייניקונג אָדער אַנדערער פאַרטיידיקונג־אַקציע פונעם פוילישן ייִדנטום. די פּאָליטישע געשעענישן אויף דער וועלט האָבן זיך גענומען רוקן פאָרויס אין אַ גיכן טעמפּאָ. די סכנה פון היטלערס אַגרעסיע האָט גענומען געוועלטיקן איבער אייראָפּע.

✶

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 האָבן היטלערס האָרדעס אָנגעגריפן פוילן און קנאַפּע פינף טעג שפּעטער איז שוין די פוילישע רעגירונגס־מאַכט, איר אַרמיי און אירע ציווילע אָרגאַנען, געווען דעזאָרגאַניזירט און חרוב. אין יענעם פינפטן טאָג פון דער מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פון דער הויפּטשטאָט, וואַרשע. אונטער אַ כּסדרדיקן האָגל פון באָמבעס זיינען די פוילישע מלוכה־פירערס אין בהלה געלאָפן צו דער רומענישער גרענעץ. דער מיניסטאָרן־ראָט האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר זיינע באַאַמטע אַ באַזונדערן עוואַקואַציע־צוג. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז מיטן דאָזיקן צוג וועלן מיטפאָרן 65 וואַרשעווער זשורנאַליסטן און פון זיי 15 ייִדישע. ד״ר גאָטליב איז געווען צווישן די דאָזיקע 15.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט אין זיין בוך „געברענטע טריט״ באַריכותדיק געשילדערט די ליידן פון דער דאָזיקער נסיעה אינעם עוואַקואַציע־צוג. פון דער דאָזיקער שילדערונג ווייסן מיר, אַז דער צוג האָט זיך במשך פון טעג געשלעפּט אונטער אַ כּסדרדיקן פייער פון דייטשישע באָמבעס און מאַשינ־ביקסן. נאָך לאַנגע טעג פון פאָרן האָט זיך די גרופּע ייִדישע זשורנאַליסטן דערשלעפּט קיין ראָוונע. דאָרט האָט זיך גאָטליב אָפּגעטיילט פון זיינע חברים. ער האָט שוין גענוג געהאַט דאָס פאָרן. ער האָט באַשלאָסן אויף אייגענער האַנט זיך צו דערשלאָגן קיין פּינסק.

אין פּינסק האָט גאָטליב געהאַט אַ גרויסע משפּחה פון זיין צד און פון זיין פרויס צד. אמת, זיין פאָטער איז מיט אַן ערך אַ יאָר פריִער געשטאָרבן, אָבער די מוטער האָט נאָך געלעבט און זי האָט געוווינט אינעם אייגענעם הויז. גאָטליב האָט גערעכנט, אַז אין פּינסק וועט ער געפינען אַ רויִק ווינקל

איבערצוּוואַרטן די מלחמה. אין יענע טעג האָט נאָך קיינער נישט געגלייבט, אַז די דייטשישע שווערד וועט דערלאַנגען אַזוי ווייט, דאָס הייסט ביז פּינסק.

בעת גאָטליב איז אָנגעקומען קיין פּינסק, האָבן דאָרט געהאַלטן אין אַריינמאַרשירן די סאָוועטישע חיילות. סטאַלין האָט מיט היטלערן געשלאָסן שותפות און געטיילט זיך מיט דער פּוילישער ירושה. ווי ס'זאָל אָבער נישט זיין, איז דער סאָוועטישער גלות פאַר יידן בעסער ווי דער נאַצישער. האָט גאָטליב אָוועקגעשיקט שליחים קיין וואַרשע און האָט קיין פּינסק געבראַכט זיין פרוי און טאָכטער. דער זון איז געבליבן אין וואַרשע, וווּ ער איז שפּעטער אומגעקומען.

קיינער האָט זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס וועגן דעם גורל פונעם יידישן ציבור אונטער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע. מען האָט געוווּסט, אַז יידישקייט און יידנטום, ווי אַ כּלל, זיינען פאַרמישפּט צום אומקום. דאָך האָט מען גערעכנט, אַז דאָס לעבן פונעם יידישן יחיד איז נישט באַדראָט. זיינען אָבער געציילטע וואָכן פאַרביי און יידן האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי האָבן אויך אין דעם פּרט געהאַט אַ ביטערן טעות.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן פון כּלל־טוערס, ציוניסטן, בונדיסטן און סתם אָנגעזעענע באַלעבאַטים. מענטשן פלעגן פאַרשווינדן און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט זיי איז געשען. אַ צייט שפּעטער האָט מען זייערע משפּחות ביי נאַכט אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן און פאַרשיקט צום ווייטן צפון פון סאָוועט־רוסלאַנד. אין משך פון ווינטער, אין אָנהייב 1940, האָט גאָטליב זיך דערוווּסט, אַז אויך פאַר אים ווערט צוגעגרייט אַן ענלעכער גורל.

ער האָט געהאַט אַ שוועסטער, וואָס האָט געוווינט אין דער געגנט פון קאָוונע. ליטע איז נאָך דעמאָלט געווען אַן אומאָפּהענגיקע רעפּובליק. האָט גאָטליב באַשלאָסן איבערצוגיין די גרענעץ קיין ליטע און צו ראַטעווען זיך ביי דער שוועסטער. נאָך ווייזט אויס, אַז די אַגענטן פון דער סאָוועטישער פּאָליציי זיינען שוין געווען אויף זיינע שפּורן. ער איז ווייט נישט דערגאַנגען. אין לידע איז ער אַרעסטירט געוואָרן און זינט דעמאָלט האָט מען פון אים מער נישט געהערט.

אַ צווייטע שוועסטער, וואָס האָט געוווינט אין מאָסקווע, האָט דורך פאַרשיידענע וועגן באַמיט זיך צו דערוויסן זיך וואָס נישט איז וועגן דעם גורל פון איר ברודער. סוף־כּל־סוף האָט זי באַקומען אַ ידיעה, וואָס האָט

געשטאַמט פון די אָפּיציעלע נ.ק.וו.ד.־קרייזן. עס איז דאָרט געווען געזאָגט, אַז ד״ר גאָטליב איז אין תּפיסה געשטאָרבן פון אַ האַרצאַטאַק. די דאָזיקע ידיעה איז נישט קיין זיכערע. עס איז פאַראַן נאָך אַ צווייטע ווערסיע וועגן גאָטליבס טויט. לויט דער דאָזיקער ווערסיע איז ער פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ לאַגער אין צפון־קאַזאַכסטאַן און דאָרט איז ער אומגעבראַכט געוואָרן.

זיין פרוי און טאָכטער זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן קיין סיביר, דאָרט איבערגעלעבט די מלחמה און נאָך דער מלחמה זיינען זיי עולה געווען קיין ישׂראל.

אַזוי איז אומגעקומען איינער פון די פיינסטע און טיפזיניקסטע יידישע זשורנאַליסטן. ער איז געפאַלן פון די הענט פון די זעלבע רוצחים, וואָס האָבן מיט 8 יאָר שפּעטער פאַרפייניקט די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס, קינסטלערס און קולטור־טוערס. עס איז פאַראַן אַ דירעקטע שייכות צווישן דער דערמאָרדונג פון ד״ר גאָטליבן און דער אויסראָטונג פון דער סאָוועטיש־יידישער קולטור. צוזאַמען מיט ד״ר גאָטליבן זיינען אומגעקומען טויזנטער אַנדערע יידישע עסקנים און קולטור־טוערס פון הונדערטער שטעט און שטעטלעך פונעם סאָוועטיש־אָקופּירטן מיזרח־פּוילן.

בעת די נאַציס האָבן דורכגעפירט די פיזישע פאַרניכטונג פון די יידישע מאַסן, האָבן זיי די קאָמוניסטן צוגעהאָלפן, ליקווידירנדיק דאָס ביסל יידישע קולטור־טוערס, וואָס די נאַצישע שווערד האָט צו זיי נישט דערלאַנגט.

# די אַלט־ייִדישע היסטאָריאָגראַפֿיע אין לשון ייִדיש

### 1. די פֿאַרהיסטאָרישע תּקופֿה און די געשיכטע פֿון דער אַנטיקער צייט

ס'האָבן זיך ביי אונדז איינגעבירגערט עטלעכע ספּעציפֿישע באַגריפֿן אין שייכות מיט דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפֿיע. איינער פֿון זיי איז דער, אַז די מאָדערנע ייִדישע היסטאָריאָגראַפֿיע הייבט זיך אָן מיט גרעצן, נעמלעך מיט זיין מאָנומענטאַלן ווערק „די געשיכטע דער יודען", וואָס איז אין אַ צייט־שטח פֿון צענדליקער יאָרן דערשינען אין אַ סך שפּראַכן און אַ סך אויסגאַבעס. אַלע ייִדישע היסטאָריאָגראַפֿישע ווערק, וועלכע זיינען דערשינען פֿאַר גרעצן ווערן פֿאַררעכנט צו דער קאַטעגאָריע פֿון דער אַלט־ייִדישער היסטאָריאָגראַפֿיע.

אַ צווייטער באַגריף, וואָס האָט זיך איינגעבירגערט ביי די היסטאָריקערס איז דער, אַז דער אַלט־ייִדישער היסטאָריאָגראַפֿיע פֿעלט איין עלעמענט און טאַקע דער, וואָס איז דער וויכטיקסטע פֿאַר איר זשאַנער: דער עלעמענט פֿון אמת. אַזאַ באַגריף האָט זיך אויסגעפֿורעמט צוליב עטלעכע טעמים. ערשטנס, זיינען די פֿאָרשערס פֿון דער אַלט־ייִדישער געשיכטע־שרייבונג געווען אין פֿאַרגלייך מיט די מאָדערנע פֿאָרשערס פֿון דער הייַנטיקער צייט הינטערשטעליק אין באַנוצן די מער ראַפֿינירטע פֿאָרש־מעטאָדן און, צווייטנס, האָבן די אַלט־ייִדישע היסטאָריקערס אין זייער רוב נישט אַרויסגעפֿילט דעם אונטערשייד צווישן אַ דאָקומענטירטן היסטאָרישן פֿאַקט און אַ לעגענדע. בכן, האָבן זיי אָפֿט די דאָזיקע ביידע עלעמענטן ביינאַנד גענוצט ווי דעם יסוד פֿון זייערע שרייבונגען.

די געשיכטע־שרייבונג האָט ביי ייִדן אַ טראַדיציע וואָס גייט צוריק צו די צייטן פֿון די בעלי־תּנך. פֿאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז דער רוב פֿונעם תּנך־אינהאַלט איז אַ קאָנדענסירטע געשיכטע פֿון דער ייִדישער פֿאַרהיס־טאָרישער תּקופֿה. אָבער אין דעם ליכט פֿון די אַלץ רייכערע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען באַקומט דער תּנך אַלץ שאַרפֿערע קאָנטורן פֿון אַ פֿולשטענ־דיקן געשיכטע־ווערק. אַ סך עפּיזאָדישע און פֿאַקטישע שילדערונגען פֿון תּנך, וואָס זיינען דורך די נישט־רעליגיעזע פֿאָרשערס געווען באַטראַכט ווי לעגענדעס, זיינען דורך די דאָזיקע אויסגראָבונגען באַשטעטיקט געוואָרן ווי אמתדיקע היסטאָרישע פֿאַקטן און געשעענישן.

אַ סך ביז גאָר אינטערעסאַנטע פּרטים אין שייכות מיט דער פראַגע פון די אויסגראַבונגען ברענגט דאָס נישט לאַנג צוריק דערשינענע בוך פונעם דייטשישן פאָרשער ווערנער קעללער א״נ „די ביבל אַלס געשיכטע״.* אין דעם דאָזיקן בוך האָט דער מחבר אָנגעזאַמלט אַ צאָל אינטערעסאַנטע באַריכטן פון אַרכעאָלאָגישע אויסגראַבונגען און האָט זייערע רעזולטאַטן קאָנפראָנטירט מיט די געהעריקע פסוקים פון תנך, וועלכע זיי באַגרינדן.

לאָמיר טאַקע גלייך ברענגען ווי אַ ביישפּיל פון קעללערס אַרבעט־מעטאָד דעם באַריכט פון אַ פּיליאַריקער אויסגראַבונג־אַרבעט אין דער מעזאָפּאָטאַמישער שטאָט אור־כשדים. דאָרט האָט דער ענגלישער אַרכעאָלאָג טשאַרלס וווּלעי אין יאָר 1929 פאַרענדיקט זיין אויסגראַבונג. ער האָט דאָרט געפונען מוסטערן פון קאָמפּלעטע וווינהייזער מיט זייערע אינערלעכע איינ־ריכטונגען און אויסערלעכע דעקאָראַציעס. ער האָט אויך געפונען שטאָטישע איינריכטונגען פאַר די הצטרכותן פון אַ ציוויליזירטן שטאָטישן קיבוץ. מיט אָט די אַלע געפונענע עקספּאָנאַטן האָט דער אַרכעאָלאָג אויפגעלעבט אַ מוסטער פון דער אַלטער שטאָט אַזוי ווי זי האָט אויסגעזען אין די טעג פון אַברהם אָבינו.

וועגן דער שטאָט אור־כשדים ווערט געזאָגט אין חומש (בראשית י״א; ל״א) אָט וואָס: „ויקח תרח את־אברם בנו ואת לוט בן־הרן בן־בנו ואת שרי כלתו אשת אברם בנו ויצאו אתם מאור כשדים ללכת ארצה כנען ויבאו עד־חרן וישבו שם״ (און תרח האָט גענומען זיין זון אַבראַמען און זיין אייניקל לוט, דעם זון פון הרנען, און זיין שנור שרי, די ווייב פון זיין זון אַבראַמען, און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען מיט אים פון אור־כשדים צו גיין קיין לאַנד כנען, און זיי זיינען געקומען קיין חרן, און האָבן זיך דאָרטן באַזעצט).

די אינטערפּרעטאַציע פון אַברהם אָבינוס וואַנדערונג צום לאַנד כנען איז אַלע מאָל געווען די, אַז די משפחה פון תרחן האָט געהערט צו אַ נאָמאַדישן שבט, וואָס האָט געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט און פון לאַנד צו לאַנד זוכנדיק פּאַשע פאַר זייערע שאָף און בהמות. אָבער די אויסגעגראַבענע שטאָט אור־כשדים ווייזט בפירוש, אַז תרח און זיין שבט, וואָס האָבן געוווינט אין אַ שטאָט מיט אַזאַ הויכער ציוויליזאַציע, האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פירן

* **"The Bible as History"** — A Confirmation of The Book of Books — by Werner Keller — Bantam Revised Edition — 1982.

אַ נאָמאַדישע עקסיסטענץ, מחמת דער דאָזיקער שבט איז געווען אַ דורכויס שטאָטישער עלעמענט, וואָס איז געווינט געווען צו די אַלע באַקוועמלעכקייטן און לוקסוסן, וואָס אַ גרויסע און אַנטוויקלטע שטאָט האָט געקאָנט געבן.

און נאָך אַ ריי וויכטיקע אַנטפּלעקונגען מאַכט אין זיין בוך ווערנער קעללער. אַזוי ברענגט ער אין איין אָרט פון בוך ביישפּילן פון די מגילות וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין די היילן. אויך דאָרט געפינט קעללער אַ סך באַווייזן וואָס באַשטעטיקן די היסטאָרישע אויטענטישקייט פון תּנך. אָבער די סאַמע וויכטיקסטע אַנטפּלעקונג איז די, אַז אין ארץ־ישׂראל ווערן די שטעט און שטעטלעך, וועלכע די בעלי תּנך דערמאָנען אַ סך מאָל, אַרויס־געפירט דורך די אַרכעאָלאָגן פון זייער פאַרגעסנקייט צום ברייטן שיין פון טאָגליכט. און ס׳איז באמת צו שטוינען — זאָגט קעללער — הלמאי די דאָזיקע אויסגעגראָבענע שטעט און שטעטלעך זעען אויס פּונקט אַזוי ווי זיי ווערן באַשריבן אין תּנך און זיי געפינען זיך אין די זעלבע ערטער ווו דער תּנך האָט זיי אַוועקגעשטעלט.

✶

ס׳וועט דאָ זיין נייטיק אָפּצושטעלן זיך בקיצור אויף דער אַנטוויקלונג פון דער היסטאָריאָגראַפיע אין אַנטיקן גריכנלאַנד און רוים, מחמת דאָרט האָט די דאָזיקע וויסנשאַפט געהאַט איר אָנהייב.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז די היסטאָריאָגראַפישע ליטעראַטור האָט דערגרייכט אַ העכערע וויסנשאַפטלעכע און קינסטלערישע מדרגה אין דעם אַנטיקן גריכנלאַנד און שפּעטער אויך אין דער רוימישער אימפּעריע, אָט דער אַזוי וויכטיקער צווייג פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור האָט אין די דאָזיקע צוויי קלאַסישע קולטור־צענטערס פון דער אַנטיקער וועלט צעבליט זיך אין פאַרשיידענע צייטאָפּשניטן. ביי די גריכן האָט די היסטאָריאָגראַפיע דער־גרייכט איר הויכפּונקט אין דעם פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג. פון דער גרעסערער פלעיאַדע גריכישע געשיכטע־שרייבערס האָבן באַזונדערס דריי באַקומען דעם גרעסטן רום און אומשטערבלעכקייט. זיי זיינען: העראָדאָטוס, וועלכער איז געווען דער עלטסטער פון די דריי. אַ ביסל יינגער איז געווען טוקידידעס און דער יינגסטער פון די דריי איז געווען קסענאָפאָן.

וועגן דעם לעבן פון העראָדאָטוסן זיינען צו אונדז דערגאַנגען גאַנץ ווייניק פּרטים. ס׳איז אָבער באַקאַנט דאָס ווערק פון זיין לעבן, זיין בוך

אונטערן נאָמען: „היסטאָריע”. אין דעם דאָזיקן בוך גיט העראָדאָטוס אַן איבערבליק פון דער גריכישער געשיכטע זינט די צייטן פון קרעזוסן, דעם לעגענדאַרן קעניג פון לידיאַ, ביז צו דער העלפט פונעם פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג. ביי העראָדאָטוסן דאָמינירט אַלע מאָל דער צוגאַנג פון דער גריכיש־פאַגאַנישער רעליגיעזער פילאָסאָפיע. די גורמים פון די געשיכטלעכע געשעענישן זיינען ביי אים די געטער, וועלכע באַשטימען דעם גורל פון יעדן באַזונדערן יחיד און ווענדן צו אים אַן די פּרינציפּן פון זייער יושר.

טוקידידעס ווערט באַטראַכט ווי דער ערשטער גרויסער פּראָזע־שרייבער פון אַטען. ער איז געווען אַ גענעראַל און האָט אָנגעפירט מיט דעם אַטענישן ים־פלאָט אין דער פעלאָפּאָנעזישער מלחמה צווישן די צוויי גריכישע הויפּט־שטעט: אַטען און ספּאַרטאַ. טויקידידעסעס הויפּטווערק איז טאַקע „די געשיכטע פון דער פעלאָפּאָנעזישער מלחמה”.

אויך קסענאָפאָן איז געווען אַ גריכישער גענעראַל. ער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער גריכישער אַרמיי, וואָס האָט אין יענעם פּעריאָד געפירט אַ לאַנגיאָריקע מלחמה קעגן די פּערסישע דעראָבערערס. אויך קסענאָפאָן האָט געשריבן געשיכטע־ווערק וועגן די מלחמות אין וועלכע ער אַליין האָט זיך באַטייליקט.

אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער האָט די גריכישע היסטאָריאָגראַפיע געהאַט נאָך אַ סך באַרימטע געשיכטע־שרייבערס. אַרום דעם יאָר 150 פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג האָט דער היסטאָריקער פּאָלוביוס אָנגעשריבן די געשיכטע פון דער רוימיש־גריכישער מלחמה, אין וועלכער רוים האָט באַזיגט און איינגענומען גריכנלאַנד. אַן ערך אין דער זעלבער צייט האָט געלעבט און געשאַפן דער באַרימטער ביאָגראַף פּלוטאַרך, וועלכער האָט געשריבן די ביאָגראַפיעס פון באַרימטע מענטשן, סיי גריכישע און סיי רוימישע.

די רוימישע היסטאָריאָגראַפיע אין דער לאַטיינישער שפּראַך איז אויפגעקומען מיט אַן ערך דריי יאָרהונדערטער שפּעטער ווי די גריכישע. אויך דאָ קומען די היסטאָריקערס אַרויס פון די קרייזן פון מלחמה־פירערס. יוליוס צעזאַר, דער דעראָבערער פון גאַליע און דער באַגרינדער פון דער רוימישער אימפּעריע, האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פונעם „גאַלישן קריג” און אַ צווייטער היסטאָריקער, סאַלוסטיוס, וועלכער האָט אין זיינע ווערק זיך באַמיט

פילאָסאָפיש צו פאַרענטפערן היסטאָרישע געשעענישן, האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין צעזאָרס מלחמה־עקספּעדיציעס.

דער סאַמע וויכטיקסטער צווישן די רוימישע היסטאָריאָגראַפן איז טאַציטוס. ער איז באַרימט געוואָרן ווי דער מחבר פון דער געשיכטע פון דער רוימישער אימפּעריע.

דאָס ערשטע ווערק פון דער יידישער געשיכטע, פאַרטראַכט און אָנגעשריבן לויט די מאָסן פון די גוייִשע היסטאָריאָגראַפן פון יענער עפּאָכע, האָט געשאַפן אַ געוועזענער יידישער גענעראַל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן יידישן ווידערשטאַנד קעגן וועספּאַסיאַנס רוימישע לעגיאָנען. יוסף בן מתתיהוס בוך הייסט „דער יידישער קריג" און ס'איז נישט קיין ספק, אַז דער דאָזיקער נאָמען פונעם בוך מאַניפעסטירט די כוונה פון זיין מחבר אַרויסצוגעבן אַ ווערק וואָס נישט עס דאַרף באַפרידיקן דעם יידישן צד, נאָר ס'דאַרף געפעלן ווערן דעם רוימישן אָדון, וועלכער האָט דאָס ווערק באַשטעלט און פאַר אים באַצאָלט דעם פולן פּרייז.

וועגן יוסף בן מתתיהו הכהן וויסן מיר היינט בלויז דאָס וואָס ער אַליין האָט וועגן זיך געשריבן אין זיינע ווערק, און גראָד דאָס וואָס ער האָט וועגן זיך געשריבן קאָן אים נישט פאַרשאַפן קיין כבוד. לויט זיינע אייגענע דערקלערונגען איז ער געווען דער קאָמענדאַנט פונעם יידישן חייל אין גליל. ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט אין דעם, אַז דער יידישער ווידערשטאַנד האָט נישט קיין שום מעגלעכקייט צו געווינען אין דער דאָזיקער מלחמה. האָט ער, יוסף, אין אַ געוויסן טאָג פאַרלאָזט זיינע חיילים און דעזערטירט צו די רוימער. ער איז זייער פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן דורך וועספּאַסיאַנען. ער האָט אָנגענומען דעם רוימישן נאָמען יאָסעפוס פלאַוויוס און איז ביי די רוימער געוואָרן דער געשיכטע־שרייבער פונעם „יידישן קריג".

דער נאָמען „יידישער קריג" דערמאָנט אונדז נעמען פון אַנדערע מלחמות, וואָס רוימישע און גריכישע היסטאָריאָגראַפן האָבן גענוצט ווי טיטולן פון זייערע ווערק און וועגן אייניקע פון די דאָזיקע נעמען האָבן מיר שוין פריִער אין דער דאָזיקער אַרבעט געשריבן: „דער פּונישער קריג", „דער גאַלישער קריג", „דער פּעלאָפּאָנעזישער קריג" וכד'. איצט האָט יאָסעפוס פלאַוויוס צוגעגעבן זיינע אַפּוטרופּסים דעם „יידישן קריג" — אַ ווערק וואָס האָט דעם ברוטאַלן רוימישן אָנפאַל אויף די יידן אין ארץ־ישׂראל פאַרגעשטעלט לויט דעם קוקווינקל און די אינטערעסן פון דער רוימישער אימפּעריע.

דער ייִדישער היסטאָריקער, סעסיל ראָט, האָט פלאַוויוסן פאַראורטיילט ווי אַ פּחדן און היפּאָקריט און האָט אים באַצייכנט מיטן עפּיטעט: „פאַררעטער פון ירושלים". אָבער ס׳קאָן זײַן, אַז דער דאָזיקער פּסק איז אַ ביסל צו שטרענג. דאָך, ווי מיר וועלן עס זען פון אונדזערע ווײַטערדיקע אויספירן, האָט זיך יאָסעפוס פלאַוויוס נישט פאַרדינט ביים ייִדישן פאָלק צו ווערן דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ צדיק. אין זײַן בוך קאָן מען אַפילו יאָ געפונען אַ סימפּאַטישן אויטאָביאָגראַפישן שטריך, אין וועלכן ער זאָגט: „איך בין אַ העברעער לויט מײַן ראַסישן אָפּשטאַם און אַ כהן פון ירושלים. ביים אָנהייב האָב איך געקעמפט קעגן די רוימער, אָבער שפּעטער בין איך געוואָרן אַ בעל־כּרחודיקער עדות פון די געשעענישן". און נאָך אַ פּרט אין זײַן זכות. סוף כּל סוף קאָן מען נישט לייקענען, אַז יאָסעפוס פלאַוויוסעס „דער ייִדישער קריג" איז ביי ייִדן דאָס איינציקע קלאַסישע היסטאָריאָגראַפישע ווערק וועגן חורבן בית שני, אָנגעשריבן טאַקע דעמאָלט אין דער תּקופה פונעם דאָזיקען חורבן. נישט געקוקט אויף פלאַוויוסעס שטאַרקע אַסימילאַ־טאָרישע ניואַנסן בלייבט אָבער דאָס דאָזיקע ווערק פאַר אונדז אויף שטענדיק די לעבעדיקע געשיכטע פון מלכות יהודה אין אַ תּקופה פון סאַמע שאַרפסטע נאַציאָנאַלע קריזיסן און טראַגישע אַנטוויקלונגען. פון דעם טאַקע נעמט זיך דער שטאַרקער אינטערעס, וואָס דאָס דאָזיקע ווערק האָט אַרויסגערופן ביי ייִדן פון אַלע דורות נאָך דעם חורבן.

„דער ייִדישער קריג" איז לויט זײַן עצמדיקן אינהאַלט אַ היסטאָרישע שילדערונג פון מלכות יהודה פאַר אַ צײַטאָפּשניט פון איבער צוויי יאָר־הונדערטער, וואָס הייבט זיך אָן מיטן אויפשטאַנד פון די חשמונאים (אַן ערך אין יאָר 150 פאַר דער קריסטלעכער צײַטרעכענונג) ביז צו דעם פאַלן פון דער מסדה־פעסטונג (אין יאָר 73 נאָך דער קריסטל. צײַטרעכענונג). ס׳איז אַ שילדערונג פון מוראַדיקע אַכזריותן און איבערמענטשלעכער גבורה; פון מרידות, וואָס האָבן גלייך ביי זייער אויסבראָך נישט געהאַט קיין האָפענונג אויף נצחון און פון שלאַכטן, וואָס זיינען געווען סינאָנימען פון אַליינמאָרד.

אָט אַזעלכע שילדערונגען וויקלען זיך איינע נאָך דער צווייטער דורך אין פלאַוויוסעס בוך און דער אמת איז, אַז אין די דאָזיקע שילדערונגען פילט זיך נישט קיין סימן פון מיטגעפיל פאַר זיינע ברידער־ייִדן, וועלכע זיינען אין די דאָזיקע שילדערונגען פון אַכזריות און פּיין געווען די עצמדיקע קרבנות. פאַרקערט, פלאַוויוס מוסרט כּסדר די ייִדן, הלמאי זיי האָבן כּשר

פֿאַרדינט דאָס וואָס מיט זיי איז געשען. מיט אַ געפֿיל פֿון צופֿרידנקייט דערציילט ער איבער די שרעקלעכע סצענעס פֿון אומקום פֿון זיינע פֿער־זענלעכע שׂונאים און קוויקט זיך מיט די העסלעכע טריומף־פֿייערונגען, וואָס די צוויי רשעים וועספּאַסיאַן און טיטוס האָבן אינסצעניזירט אין רוים.

פֿון דער צווייטער זייט געפֿינט מען נישט ביי פֿלאַוויוסן קיין שום אויסדרוק פֿון אומצופֿרידנקייט (שוין אָפּגערעדט וועגן פּראָטעסט) צוליב די אַכזריותדיקייטן וואָס די רוימער זיינען באַגאַנגען לגבי די ייִדן. פֿלאַוויוס איז אַלע מאָל גרייט צו פֿאַרענטפֿערן די רוימישע מושלים און אַרויסברענגען זייער פֿיינקייט און גרויסמוטיקייט.

ווי ס׳גיט איבער פֿלאַוויוס, האָט ער דעם אָריגינאַל פֿון „דער ייִדישער קריג" געשריבן אין אַראַמעיִש, וואָס איז אין זיין צייט געווען די אומגאַנג־שפּראַך ביי ייִדן. דאָס דאָזיקע בוך איז אַזוי אַרום געווען דאָס ערשטע ערנסטע ווערק וואָס איז אין זיין אָריגינאַל געשריבן געוואָרן אין דער ייִדישער פֿאָלקסשפּראַך.

2. אַלט־ייִדישע היסטאָריאָגראַפֿיע אין לשון ייִדיש

פֿאַר אַ צייטאָפּשניט פֿון קרוב אַ יאָרטויזנט איז דאָס לעבנסווערק פֿון יאָסעפֿוס פֿלאַוויוס פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿונעם ייִדישן לעבן און איז געבליבן וואַרטן אויף זיין תּיקון אין שאָטן פֿון דער פֿאַרגעסנקייט. און ס׳איז לגמרי נישט קיין וווּנדער. פֿאַר ייִדן, וואָס האָבן קיין מאָל נישט אויפֿגעהערט צו טרויערן אויפֿן חורבן ירושלים, איז אַזאַ מין אַפּאָלאָגעטיש ווערק, וואָס האָט געצילט ריינצווואַשן פֿון זייערע זינד די סאַמע אַכזריותדיקסטע רשעים און שׂונאים פֿונעם ייִדישן פֿאָלק נישט געווען צום אָננעמען. ביי נישט־ייִדן ווידער האָט ממילא נישט געקענט זיך אָפּרופֿן אַן אינטערעס פֿאַר אַ ייִדישער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ ווייטן עבֿר און וואָס האָט חוץ ייִדן געהאַט אַ שייכות בלויז צו די רוימישע אימפּעריאַליסטן. אָבער די רוימישע אימפּעריע איז אין דער צווישנצייט פֿאַרשוווּנדן פֿון דער וועלטמאַפּע און די אימפּעריאַליסטן זייערע זיינען געווען שוין טויט.

ערשט אין מיטל־עלטער, אַן ערך אין דער צווייטער העלפֿט פֿון דעם צענטן יאָרהונדערט, ווען אין איטאַליע האָט אויפֿגעלעבט אַ וועלטצענטער פֿון דער נייער קולטור, איז עפּעס געשען מיטן פֿאַרגעסענעם און ערגעץ ווו פֿוילנדיקן כּתבֿ־יד פֿון יאָסעפֿוס פֿלאַוויוסעס היסטאָריש ווערק. דאָס האָט אַן

אַנאָנימער ייִדישער מחבר, און גראָד אַ טאַלאַנטירטער שרייבער, צוזאַמענ־געשטעלט אַ קאָמפּילאַטיוו היסטאָריאָגראַפיש ווערק וועגן דער ייִדישער געשיכטע. דאָס בוך דאַרף זיך אָנהייבן מיט דער שילדערונג פון אָדם הראשונס צייטן, אָבער אין אַ ברייטערן פאַרנעם הייבט זיך דער היסטאָרישער סיפּור־המעשׂה אָן פון דעם לעצטן יאָרהונדערט פון מלכות יהודה און פאַרענדיקן פאַרענדיקט עס זיך מיט דער צייט פון חורבן בית שני.

דער מחבר האָט זיין ווערק אָנגעשריבן אין אַ ציכטיקער העברעיִשער שפּראַך מיט אַ גאָר שטאַרקן כּוח הדיבור. אין לעצטן סך־הכּל ווערט דאָס ווערק אָפּגעשאַצט ווי אַ פיינע ליטעראַרישע אַרבעט. דאָס בוך איז אין אונדזער ליטעראַטור באַקאַנט אונטערן נאָמען „יוסיפון" (דער קליינער יוסף). ס'איז אויך פאַראַן אַ סברה, אַז לכתּחילה האָט דאָס דאָזיקע בוך געהאַט דעם נאָמען „דברי ירושלים".

דער „יוסיפון" איז ביי ייִדן געווען אַ שטאַרק געזוכטע לעקטור במשך פון אַ סך יאָרהונדערטער. ער איז איבערגעשריבן געוואָרן אַ סך מאָל און ס'איז אויך באַוווסט, אַז אַ סך מאָל האָבן די איבערשרייבערס צוגעגעבן אָדער אַראָפּגענומען עפּעס לויט ווי ס'האָט זיך זיי געגלוסט. אַזוי אַרום האָבן זיך אויפגעהיט אַ סך ווערסיעס פונעם דאָזיקן ווערק. אַ טייל פון די דאָזיקע ווערסיעס זיינען שוין שטאַרק דערווייטערט פונעם ערשטן אָריגינאַל.

דער קאָמפּילאַטאָר פון „יוסיפון" האָט געגאַרט צו שאַפן אַן אמתדיק היסטאָריש ווערק. אין זיין בוך זאָגט ער טאַקע, אַז דער חוב פון אַ היסטאָ־ריקער איז שרייבן דעם אמת און צו באַנוצן זיך אויסשליסלעך מיט פאַרלאָז־לעכע מקורות. אָבער דאָס שטערט אים נישט צו קאָפּירן מעשׂיות פון די „אַלכּסנדר־ראָמאַנען", וואָס זיינען אין מיטל־עלטער געווען ביי נישט־ייִדן און אויך ביי ייִדן שטאַרק פאַרשפּרייט. די דאָזיקע ראָמאַנען האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שום שייכות נישט צום היסטאָרישן אמת און נישט צו היסטאָריע בכלל. דער „אַלכּסנדר־ראָמאַן" איז דער עיקר געווען אַ זאַמלונג פון לעגענדעס און סתּם אויסגעטראַכטע מעשׂיות, וואָס מען האָט אין יענע צייטן צוגעשריבן דעם גרויסן העלד — אַלכּסנדר מוקדון.

ביי דער צוזאַמענשטעלונג פון „יוסיפון" האָט זיך דער מחבר באַנוצט מיט די פאָלגענדיקע מקורות: די געשיכטע פון אָנהייב וועלט האָט ער גענומען פון דעם חומש. די ווייטערדיקע קאַפּיטלען האָט ער, ווי שוין דער־מאָנט, קאָפּירט פון „אַלכּסנדר־בוך". די געשיכטע פון די חשמונאים און

זייערע מלחמות מיט אַנטיוכוסן האָט ער גענומען פון די „כּתובים אַחרונים“, ספרי חשמונאים און די ווייטערדיקע קאַפּיטלען ביזן סוף פון זיין בוך פון פלאַוויוסעס „דער יידישער קריג“. ווי ס'ווייזט אויס, האָט ער זיך נישט באַנוצט מיט פלאַוויוסעס גריכישן טעקסט, וואָס איז געווען די ערשטע אָריגי־נעלע איבערזעצונג פונעם אַראַמעישן אָריגינאַל, נאָר זיך באַנוצט מיט דער לאַטיינישער איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון דעם גריכישן טעקסט. אין דער דאָזיקער לאַטיינישער איבערזעצונג טראָגט פלאַוויוסעס בוך דעם נאָמען „העגעסופוס“.

שמעון דובנאָוו באַמערקט, אַז דער „יוסיפון“ האָט באַקומען אַ נישט־געוויינטלעך גרויסן פּירסום. שוין אין 11טן יאָרהונדערט האָט זיך אין שפּאַניע באַוויזן זיין אַראַבישע איבערזעצונג. באַלד נאָך דעם אויפקום פון דער דרוקער־קונסט איז דער „יוסיפון“ אָפּגעדרוקט געוואָרן אין צוויי באַזונדערע נוסחאות. דער פאַרקירצטער נוסח, וואָס שטייט נענטער צום ערשטן אָריגינאַל פונעם אומבאַקאַנטן מחבר, איז דערשינען אין מאַנטוא אין יאָר 1480, בעת דער צווייטער נוסח, אַ פּיל ברייטערער, איז דערשינען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין יאָר 1510. ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם באַוווּסטן געלערנטן תּם אבן יחייא.*

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער זיינען אַרויס ווייטערדיקע אויסגאַבעס פון „יוסיפון“ אין העברעיש און אויך איבערזעצונגען אין אַנדערע שפּראַכן. אַן ערך דעמאָלט איז אויך דערשינען די ערשטע יידישע איבערזעצונג אַרויסגעגעבן דורכן משומד מיכל אַדאַם (1546). די דאָזיקע איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פונעם אויסגעברייטערטן קאָנסטאַנטינאָפּאָלער נוסח. דער „יוסיפון“ געהערט צו די וויכטיקסטע ווערק פון דער אַלט־יידישער היסטאָריאָגראַפישער ליטעראַטור. אויך זיין יידישע איבערזעצונג האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל אויסגאַבעס און איז דערגאַנגען צו די יידיש־לייענערס פון אַ סך דורות.

אין 1743 האָט מנחם בן שלמה אַמעלאַנדער אַרויסגעגעבן אין אַמסטער־דאַם אַ פאַרבעסערטע אויסגאַבע פון דער „יוסיפון“־איבערזעצונג. מנחם בן שלמה איז געווען אַ תּלמיד פונעם באַוווּסטן אַמסטערדאַמער דיין ר' משה

* שמעון דובנאָוו — די וועלטגעשיכטע פון יידישן פאָלק — בוענאָס־איירעס, ניו יאָרק — ב' IV, זייט 138.

פראַנקפורט, וועלכער האָט זיך צוו"אַ באַוווּסט געמאַכט מיט זיין אַקטיוון איינשטעלן זיך פאַר לשון יידיש. שוין אין יענער צייט האָט ר' משה פראַנק־פורט פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפע ווענדונג צו די רבנים און לומדים זיי זאָלן אָפּשטעלן זייער קאַמף קעגן דעם אַרויסגעבן ספרים אין דער יידישער שפּראַך. ר' משה האָט אָנגעוויזן, אַז ס'איז נישט קיין חטא נאָר ממש אַ מצווה מגלה צו זיין פאַר אַלע יידן די לערעס פון די מדרשים און גמרות און ווער ס'פאַרשטייט נישט לשון־קודש זאָל די אַלע זאַכן קאָנען לערנען אין זיין שפּראַך.

ר' משה פראַנקפורטס תּלמיד, פנחס בן שלמה הלוי אַמעלראַד, איז געגאַנגען אין די פוסטריט פון זיין רבין. אויך ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו פאַרשפּרייטן ספרים אין דער פאָלקסשפּראַך. אין דעם זעלבן יאָר 1743, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן די פאַרבעסערטע אויסגאַבע פונעם "יוסיפון", האָט ער אַרויסגעגעבן זיין אָריגינעל היסטאָריש ווערק א"נ "שארית ישׂראל", וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ המשך פונעם "יוסיפון". אינעם דאָזיקן בוך ווערט אין דער יידישער שפּראַך דערציילט די יידישע געשיכטע אָנהייבנדיק פון נאָכן חורבן בית שני ביז צו דער לעצטער צייט.

דאָס ווערק "שארית ישׂראל" האָט פונקט ווי דער "יוסיפון" דערגרייכט די ברייטע יידישע מאַסן. צווי ווייטערדיקע אויסגאַבעס פונעם בוך זיינען דערשינען אין די יאָרן 1751 און 1757. נאָכן מחברס טויט, אין יאָר 1771, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ נייע דערגאַנצטע אויסגאַבע, אין וועלכער עס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן די ווייטערדיקע היסטאָריש־כראָניקאַלע פאַקטן ביזן יאָר 1770. דאָס ווערק "שארית ישׂראל" איז דערשינען אויך אין דער העברעישער און האָלענדישער איבערזעצונג.

*

אַ טייל היסטאָריאָגראַפישע און כראָניקאַלע ווערק וועגן די גירושים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן געפונען זייער וועג צום ברייטן עולם יידיש־לייענערס. אַ טיפּישער מוסטער פון אַזאַ ווערק איז דאָס בוך "שבט יהודה" פון שלמה אבן וירגה. וועגן דעם מחבר פון דער דאָזיקער אינטע־רעסאַנטער כראָניק ווייסן מיר, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע, פון וואַנען ער איז נאָכן גירוש (1492) אַנטלאָפן קיין פּאָרטוגאַל. אָבער אויך דאָרט האָבן די שווערע גזירות נישט געשוינט די יידן. אין יאָר 1497 איז שלמה אבן וירגה געוואָרן אַן אָנוס און איז געבליבן וווינען אין דער אומגעגנט פון ליסבאָן. דאָרט האָט ער צוגעזען דעם בלוטיקן פּאָגראָם אויף

אַנוסים פון 1506 און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט זיך אים איינגעגעבן אויס־צוּוואַנדערן קיין איטאַליע.

אבן וירגה האָט דעם „שבט יהודה" אָנגעהויבן צו שרייבן אין פּאָרטו־גאַל און האָט אים פאַרענדיקט אין איטאַליע. דער וויכטיקסטער עלעמענט פונעם דאָזיקן בוך זיינען די דורך דעם מחבר איבערדערציילטע געשעענישן, וועלכע ער אַליין האָט בייגעוווינט אָדער ער האָט פאַרנאָטירט פון דעם, וואָס אַנדערע האָבן אים דערציילט. ער גיט אָבער איבער זיינע דערציילונגען אין אַ זאַכלעכן אינהאַלט און רויִקן טאָן, פריי פון יעדן עמאָציאָנעלן אויפברויז און אָן שום באַפּוצונג. ביי די אַלע מעלות שיילט זיך פון אבן וירגהס שילדערונגען אויס דער גאַנצער טראַגיזם פון דער ייִדישער לאַגע, וואָס באַאיינדרוקט דעם לייענער צוליב דעם שטילן פּאַטאָס, וואָס רעדט אַרויס פון דעם מחברס ווערטער.

אַ ווייטערדיקער עלעמענט, וואָס שאַפט אַ חשובן טייל פונעם בוך, זיינען די רעליגיעזע וויכּוּחים, פון וועלכע בלויז איינער — דער וויכוח פון טאָר־סאָטאַ — האָט אַן אמתדיקן היסטאָרישן יסוד. דאָ און דאָרט דריקט דער מחבר אויס קריטישע מיינונגען וועגן ייִדן. ער קריטיקירט באַזונדערס די ייִדישע געלטגייציקייט.

די ערשטע ייִדישע איבערזעצונג פון „שבט יהודה" איז געמאַכט געוואָרן דורך אַן אַנאָנימען איבערזעצער. זי איז דערשינען אין קראָקע אין יאָר 1591. אויב אָננעמען, אַז דער משומד מיכל אַדאַם האָט אין זיין אויסגאַבע פון דעם „יוסיפון" אויף ייִדיש געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער היסטאָריאָגראַפיע אויף ייִדיש, איז איצט דער „שבט יהודה" מיט זיין קראָקעווער אויסגאַבע אויף ייִדיש געוואָרן דאָס צווייטע וויכטיקע ווערק פונעם זעלבן זשאַנער.

אין 1625 איז דערשינען די ייִדישע איבערזעצונג פון „כתובים אחרונים" (אַפּאָקריפן) געמאַכט דורך חיים בן נתן פון פּראָג. ער האָט די דאָזיקע איבערזעצונג געמאַכט פון דער קריסטלעכער ביבל־אויסגאַבע מיט איניקע קירצונגען פונעם טעקסט. דאָס דאָזיקע בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ספר המעשׂים", האָט געהאַט אַ ביז גאָר וואַרעמען אָפּרוף ביי די לייענערס. די סיבה פונעם דאָזיקן דערפאָלג דערקלערט טאָקע דער איבערזעצער אַליין בעת ער ווייזט אָן, אַז דער דאָזיקער ספר באַהויכט דעם לייענער מיט אַ סך יראת־שמים און אין דער זעלבער צייט לערנט ער אים וועגן די שרעקלעכע נסיונות וואָס אונדזערע אורעלטערן האָבן געהאַט אויסצושטיין.

ווענן דעם זעלבן חיים בן־נתן איז אויך באַוווּסט, אַז ער האָט איבער־געזעצט אויף ייִדיש דעם ספר „עשׂרים וארבע" און זיין אַריינפיר צו דער דאָזיקער איבערזעצונג האָט ער אויסגענוצט פאַר אַ שאַרפער פּאָלעמיק מיט די לומדים, וועלכע האָבן געטענהט, אַז דאָס שרייבן און לייענען ספרים אין ייִדיש־טייטש דערנידעריקט דעם כּבֿוד פון מענטש. אָבער די שטעלונג פון חיים בן נתן איז געווען די, אַז ס'איז נישט קיין אונטערשייד אין וועלכער שפּראַך דער ייִד לייענט זיין באַליבט ספר: לשון־קודש צי ייִדיש־טייטש. און באַזונדערס האָט זיך חיים בן נתן באַמיט אונטערצושטרייכן, אַז ס'איז לחלוטין נישט קיין שאַנד, אויב איינער לייענט אַ ייִדיש בוך. ס'איז כּדאַי דאָ צו באַמערקן, אַז אין דער ליטעראַטור פון יענער צייט (צווייטע העלפט פונעם 17טן יאָרהונדערט) טרעפט מען שוין גאַנץ אָפט פּאָלעמיקעס און וויכּוחים אויף דער דאָזיקער טעמע. אַ סימן, אַז דער קאָנפליקט צווישן די באַנוצערס פון לשון־קודש און פון ייִדיש־טייטש — צווישן רבנים־למדנים און דעם פּשוטן „געמיינעם" פאָלק — איז שוין דעמאָלט געווען אין פולן ברען.

*

ס'וועט אינטערעסאַנט זיין צו דערמאָנען נאָך איין היסטאָריש־כראָני־קאַליש ווערק, וואָס הגם ס'איז דורכויס קאָמפּילאַטיוו, האָט עס אָבער אַ באַדייטנדיקע חשיבות צוליב דער גרינטלעכקייט אין דער באַהאַנדלונג פונעם מאַטעריאַל און זיין סיסטעמאַטישן צונויפשטעל. ס'איז דאָס ווערק „צמח דוד", וואָס איז אין צוויי טיילן אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1592 אין לשון־קודש. דער מחבר פונעם ווערק איז דוד גאַנז, אַ תּלמיד פונעם רמ"א. גאַנז האָט געשטאַמט פון דייטשלאַנד און האָט געלערנט אין די דאָרטיקע ישיבות. אים האָט אָבער געצויגן צו דער ישיבה פונעם רמ"א און ער איז געקומען קיין קראָקע און דאָרט אַ געוויסע צייט געלערנט.

גאַנז איז דער עיקר פאַראינטערעסירט געווען אין וועלטלעכע וויסנ־שאַפטן ווי אַסטראָנאָמיע, מאַטעמאַטיק און פילאָסאָפיע. אונטער דער השפּעה פונעם רמ"א האָט זיך ביי גאַנזן דערוועקט דער חשק אָנצושרייבן די דאָזיקע כראָניק פון דער ייִדישער און אַלגעמיינער וועלט־געשיכטע. דעם „צמח דוד" האָט זלמן הענאַ איבערגעזעצט אויף ייִדיש און האָט דאָס בוך אַרויסגעגעבן אין יאָר 1698 אין פראַנקפורט ביים מיין.

*

די כראָניקאַלע ליטעראַטור וועגן גזירות ת״ח ות״ט, וואָס שטאַמט טאַקע פון דער צייט פון די געשעענישן, איז ווייט נישט קיין רייכע. די צאָל כראָניקעס און מעמואַרן, וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען פון יענער צייט, קאָן מען אויסציילן אויף די פינגער פון איין האַנט. די דריי וויכטיקסטע מעמואַרן־ביכער זיינען: דאָס ווערק „טיט היון״ פון שמואל פייוויש פייטל, וווּ ס׳ווערט איבערגעגעבן אַ באַריכט פון 262 יידישע קהילות אין אוקראַינע, אומגעבראַכטע דורך כמעלניצקין; דאָס ווערק „מגילת עיפה״ פון שבתי כהן (ש״ך), וואָס איז אַ באַריכט פונעם חורבן אָנגעשריבן אין אַ געגראַמטער פּראָזע מיט אַ שטאַרקן עמאָציאָנעלען אויסדרוק; און דאָס סאַמע וויכטיקסטע פון די אַלע ווערק — „יוֵן מצולה״ פון נתן־נטע האַנאָווער. „יון מצולה״ איז דאָס איינציקע פון די דאָזיקע ווערק, איבערגעזעצט אין יידיש. במילא, גייט עס אַריין אין קאָנטעקסט פון דער דאָזיקער אַרבעט.

נתן־נטע האַנאָווער האָט דעם חורבן איבערגעלעבט אין דער אוקראַינישער שטאָט זאַסלאַוו. זיין פאָטער און כמעט אַלע זיינע פריינד זיינען אומגעקומען אין דער שחיטה. אים און זיין משפחה האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן ממש פון אונטער די רוצחישע הענט.

לכתחילה האָט זיך נתן־נטע האַנאָווער באַזעצט אין דייטשלאַנד, אָבער שפּעטער איז ער אַוועק קיין איטאַליע, וווּ ער האָט איבערגענומען דאָס רבנות אין ליוואָרנאָ. נתן־נטע איז חוץ אַ טאַלאַנטפולער שרייבער געווען אויך אַ גוטער בעל־דרשן. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צו קבלה און איז במשך פון זיינע יאָרן געווען פאַרטיפט אין די סודות פון „חכמת הנסתר״.

דורך זיין קלאַסישן ווערק „יוֵן מצולה״ איז נתן־נטע האַנאָווער באַרימט געוואָרן נישט בלויז ביי יידן פון זיין דור, נייערט אויך ביי יידן פון אַלע שפּעטערדיקע דורות. די קאָמפּאָזיציע פונעם דאָזיקן בוך, זיין פיינער סטיל, פריי פון יעדער איבערגעטריבענער מליצה, די צוריקגעהאַלטנקייט און זאַכלעכע געלאַסנקייט אין אויסדרוק פון עמאָציעס בעת דער באַשרייבונג פון די סאַמע דראַמאַטישסטע פאַקטן און איבערלעבונגען, לאָזן איבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק. זיינע באַשרייבונגען פון די הריגות אין נעמיראָוו, טולטשין און אַנדערע מקומות, זיין אופן ווי ער פילט זיך אַריין אין די אוממענטשלעכע ליידן פון די אומשולדיקע יידישע קרבנות אַנטפּלעקט דעם אמתדיקן שרייבערישן טאַלאַנט פונעם מחבר.

דאָס חשיבות פון „יוָן מצולה" וואַקסט נאָך מער צוליב דעם, וואָס עס ווערט אין דעם ווערק אָנגעצייכנט אויך דער קולטור־היסטאָרישער הינטער־גרונט פונעם יידישן לעבן אין אוקראַינע און אין פוילן. ביים אָנהייב פון בוך דערציילט דער מחבר באַריכותדיק וועגן דער סאָציאַלער אונטער־דריקונג פון די פויערים אין אוקראַינע און ביים סוף פון בוך מאָלט ער דאָס בילד פון דעם גייסטיקן און קולטורעלן לעבן פון יידן אין פוילן פאַרן חורבן.

„יון מצולה" איז דאָס ערשטע מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין לשון־קודש אין ווענעציע, אין יאָר 1653, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן איבער־געדרוקט געוואָרן אין אַ סך אויפלאַגעס. די ערשטע יידישע איבערזעצונג האָט געמאַכט משה בן אַברהם. זי איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1655. אַ נייע יידישע איבערזעצונג איז דערשינען אין 1738 מיט ווייטערדיקע אויפלאַגעס אין משך פון 18טן און 19טן יאָרהונדערט.

נתן־נטע האַנאָווערן איז נישט באַשערט געווען אויסצולעבן זיינע יאָרן בשלום. אין יאָר 1683, בשעת דער טערקיש־עסטרייכישער מלחמה, איז ער אומגעקומען פון די הענט פון טערקישע רוצחים.

*

מיר וועלן איצט דערציילן וועגן נאָך אייניקע היסטאָריאָגראַפישע שאַ־פונגען וואָס זיינען אין זייער אָריגינאַל אָנגעשריבן געוואָרן אויף יידיש. אַ טייל פון זיי זיינען שפּעטער אַפילו איבערגעזעצט געוואָרן אויף לשון־קודש. וועגן דער שבתי־צבי־באַוועגונג האָט דער אַמסטערדאַמער ייד, יהודה־לייב בן־עוזר, אָנגעשריבן זיין „באַשרייבונג פון שבתי־צבי", וואָס איז אַ ווערט־פולער און באַגלייבטער היסטאָרישער דאָקומענט וועגן שבתי־צבי.

אַ יידיש בוך א"נ „ווינער גזירה" איז דערשינען אין קראָקע אין דעם ערשטן יאָרצענדליק פונעם 17טן יאָרהונדערט. ס'ווערט דאָרט באַשריבן דער קידוש־השם פון אַ גאַנצער קהילה בעת דעם הוסיטן־קריג אין 1420. דאָס דאָזיקע בוך איז איבערגעזעצט אין העברעיש דורך אַ ייד פון אַראָווטשיק מיטן נאָמען יחיאל בן־ידידיה.

אין דעם חיבור „צרות ווערמייזע" האָט אַ וואָרמסער תושב געשילדערט די געשעענישן אין וואָרמס פון יאָר 1636 בשעת דער באַלאַגערונג פון דער שטאָט. דער דאָזיקער חיבור איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין יאָר 1898.

די אומרועז אין אַמסטערדאַם פון יאָר 1696 האָט געשילדערט אַן אַמ־סטערדאַמער ייִד אין זיין חיבור א״נ „אין בעשרייבונג פון דער ריבעלירייַ צו אַמסטערדאַם״.

אַ גאַנצע ריי עלילת־דם־עפּיזאָדן זיינען באַשריבן געוואָרן אין אָריגינאַל אויף ייִדיש. דעם עלילת־דם אין מעץ פון יאָר 1669 האָט אין זיינע זכרונות באַשריבן אַ מעצער תושב, וואָס האָט אין זיין אַריינפיר צום בוך זיך פאַר־ענטפערט הלמאַי ער האָט זיין באַריכט געשריבן אין ייִדיש־טייטש. ער האָט געוואָלט, האָט ער געזאָגט, אַז אַלע — פרויען, מענער, בחורים או בתולות — זאָלן עס קאָנען לייענען און זען ווי דער אויבערשטער האָט אונדז באַשיצט.

דאָס בוך „זכרונות״ פון גליקל האַמיל איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע ווערק וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען פון יענער איבערגאַנג־תקופה צווישן די צוויי פעריאָדן: דעם סוף פון אַלט־ייִדישן פעריאָד און דעם אָנהייב פון דער מאָדערנער צייט. אינעם דאָזיקן בוך לאָזן זיך באַמערקן עטלעכע פאַרשיידנ־אַרטיקע ליטעראַרישע עלעמענטן. געוויס איז אין די דאָזיקע זכרונות פאַראַן אַ שטאַרקער געשיכטלעכער עלעמענט, אָבער אַ פיל שטאַרקערער איז דאָרט דער עלעמענט פון קולטור־געשיכטע. ס'פילט זיך אין זיי אַ השפעה פון דער מוסר־ליטעראַטור, וואָס האָט אין גליקלס צייט באַהערשט דאָס ייִדישע לעבן און דענקען. אָט די אַלע עלעמענטן ווערן דורך גליקלען בעלעטריסטיש איינגעוועבט אין אַ סיפור־המעשה וואָס איז אין זיין עצם די לעבנסגעשיכטע פון — מ'קאָן זאָגן — גליקלס משפחה. אָבער ס'קאָן אויך זיין, אַז ס'איז די געשיכטע פון אַ גאַנצן דור, פון אַ גאַנצער געזעלשאַפט. און אין סאַמע תוך שפיגלט זיך אָפּ אין דעם דאָזיקן בוך זכרונות דער לעבנסשטייגער פון די ייִדן אין דייטשלאַנד אין דער צייט צווישן דעם 17טן און 18טן יאָרהונדערט.

פאַר קרוב צוויי יאָרהונדערטער זיינען גליקל האַמילס זכרונות באַ־קאַנט געווען בלויז פון צוויי פאַראַנענע מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן ערגעץ ווו אין די אַרכיוון. קיין איינער פון די צוויי מאַנו־סקריפּטן איז נישט געווען דער אָריגינעלער כתב־יד, וואָס גליקל האָט מיט איר אייגענער האַנטשריפט פאַרשריבן אין זיבן ביכער און זיי איבערגעלאָזט בירושה אירע קינדער, כדי זיי זאָלן וויסן פון וואַנען זיי שטאַמען און ווי אַזוי זיי דאַרפן זיך פירן אין לעבן. די צוויי מאַנוסקריפּטן זיינען געווען איבערגעשריבענע קאָפּיעס און איינע פון זיי איז געווען איבערגעשריבן לויט דעם אַזוי גערופענעם מערצבאַך־טעקסט. אָט דעם מאַנוסקריפּט האָט

אין יאָר 1896* דער באַוווּסטער יידישער געלערנטער ד״ר דוד קויפמאַן באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן אין פראַנקפורט ביים מיין. זינט דער דאָזיקער ערשטער אויסגאַבע פון דעם בוך זיינען גליקלס זכרונות געוואָרן אַ שם־דבר אין דער יידישער וועלט. דאָס בוך איז שפּעטער דערשינען אין אַ סך ווייטערדיקע אויסגאַבעס.

✶

די מאָדערנע תקופה אינעם יידישן לעבן, וואָס איר אָנהייב צייכנט אָן דער אויפקום פון דער השׂכּלה, האָט מיט זיך געבראַכט אַן אויפשטייג אויף אַלע געביטן פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור. אין אַ גרויסער מאָס איז דער דאָזיקער אויפשטייג אויך באַווירקט געוואָרן דורכן שטאַרקן אינטערעס פאַר פּאָליטישער אַקטיוויקייט, וואָס איז אויפגעקומען אויף דער יידישער גאַס. דער דאָזיקער אויפשטייג האָט אין דער ערשטער ריי באַווירקט אַזעלכע געביטן פון דער יידיש־קולטור ווי פּרעסע, ליטעראַטור, פילאָסאָפיע, וויסנשאַפטן, טעאַטער און שולוועזן. עס זיינען אויפגעקומען פּאָליטישע פּאַרטייען מיט נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און רעליגיעזע אידעאָלאָגיעס. עס איז געוואַקסן דער שאָפערישער פּאַרנעם פון אָט די אַלע געביטן סיי אין געשריבענעם און געדרוקטן וואָרט און סיי אין גערעדטן וואָרט. אויך די יידישע היסטאָריאָגראַפיע אין לשון יידיש, אַ דורכויס נאַציאָנאַלע וויסנשאַפט, האָט געהאַט איר בכּבודיקן חלק אין דעם דאָזיקן אויפשטייג. עס זיינען ביי אונדז אופגעקומען גאַנצע פּלעיאַדעס פון אויסגעצייכנטע פאָרשערס און שרייבערס פון יידישער געשיכטע. זייערע אָפּט מאָל מאָנומענטאַלע ווערק שאַפן היינט דעם יסוד פון אונדזער מאָדערנער געשיכטע־וויסנשאַפט. אין קאָנטעקסט פון דער דאָזיקער אַרבעט וועלן מיר אָבער נישט קאָנען פאַרנעמען זיך מיט דער מאָדערנער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, וואָס איז אַ טעמע פאַר אַ באַזונדערער אַרבעט.

דאַקעגן אָבער פילן מיר, אַז מיר האָבן דעם חוב צו פאַרענטפערן די פראַגע פון דער אויסווירקונג פון דער אַלט־יידישער היסטאָריאָגראַפיע אויף דער אַנטוויקלונג פון לשון יידיש. די דאָזיקע שפּראַך האָט דורכגעמאַכט אַ נאָרמאַלן אַנטוויקלונג־פּראָצעס גלייך ווי יעדע אַנדערע שפּראַך אויף

---

* דאָס רוב פון די ביבליאָגראַפישע דאַטעס אין שייכות מיט די ביכער, וואָס ווערן באַשריבן אין דעם צווייטן טייל פון דער דאָזיקער אַרבעט, ווערן ציטירט לויט ד״ר ישראל צינבערגס „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור ביי יידן״.

אונדזער וועלט. אויפגעקומען איז זי ווי אַ גערעדטע שפּראַך און ערשט מיט אַ צייט שפּעטער האָט זי דערגרייכט די מדרגה פון אַ לשון שבכתב. פאַראַן געוויסע קלאָרע סימנים אויף דעם, אַז ביים סוף פונעם מיטל־עלטער האָט ייִדיש־טייטש אָנגעהויבן צו אָנטפּלעקן זיך ווי אַ ליטעראַרישע שפּראַך, וואָס איז אַ פּאָזיציע מיט אַ גאַנצן גראַד העכער פון דער געשריבענער שפּראַך. אויפגעהיטע כּתב־ידן פון ליטעראַרישע ווערק אויף ייִדיש־טייטש, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין מיטל־עלטער, זאָגן אויף דעם עדות. לאָמיר זיי אידענטיפיצירן: דאָס „שמואל־בוך״, אַ ריי „ריטער־ראָמאַנען״, אויך טעקסטן פון אַלטע פּורים־שפּילן וואָס ייִדישע טעאַטער־טרופּעס פלעגן אין מיטל־עלטער שפּילן פאַר אַן עולם ייִדן אין די סעזאָנען פון פּורים און חנוכּה. אָט די ווערק זיינען צו אונדז דערגאַנגען אין קאָפּירטע מאַנוסקריפּטן און טאַקע זיי זאָגן עדות אויף דעם ענגן צונויפהאַלט פון לשון ייִדיש מיט ליטעראַטור שוין אין די פריִע יאָרהונדערטער פונעם איצטיקן יאָרטויזנט.

מיטן אויפקום פון די דרוקעריען, אין דעם 15טן יאָרהונדערט, האָט די ליטעראַטור ביי ייִדן אויפגעבליט אין אַ פולן שוווּנג. צווישן די ספרים פון רעליגיעזן געברויך זיינען אויך געדרוקט געוואָרן ביכער פון אַ סעקולאַרן אינהאַלט. אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס זיינען עס געווען היסטאָרישע כראָניקעס און היסטאָריאָגראַפישע באַשרייבונגען אין ייִדיש־טייטש.

געוויינטלעך פירט זיך, אַז וואָס שייך דער צוזאַמענווירקונג פון אַ שפּראַך מיט אירע קולטורמעסיקע הויפּט־קאָמפּאָנענטן ווי ליטעראַטור, פּרעסע, טע־אַטער, שולוועזן וכד׳, איז די דאָזיקע צוזאַמענווירקונג אַלע מאָל אַ קעגנ־זייטיקע. די קעגנזייטיקייט באַשטייט דער עיקר אין דעם, אַז פון איין זייט גיט די מוטערשפּראַך אירע קאָמפּאָנענטן די היים, אין וועלכער זיי לעבן און אַנטוויקלען זיך, און פון דער צווייטער זייט זיינען עס די קאָמפּאָנענטן, וואָס ברייטערן אויס אין זייער טעגלעכן באַניץ די האָריזאָנטן פון זייער מוטערשפּראַך. ס׳איז טאַקע אין זכות פון די דאָזיקע קאָמפּאָנענטן אויב זייער מוטערשפּראַך דערגרייכט צו אַ וווּקס פון איר אינטעלעקטועלן מהות אין דער הייך און אין דער ברייט.

ווי שוין פריִער דערמאָנט זיינען די ערשטע צוויי שאַפּונגען אויפן געביט פון ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע אין ייִדיש־טייטש: דער „יוסיפון״ און דער „שבט יהודה״ אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די יאָרן 1546 און 1591. דאָס מיינט, אַז אויב רעכענען ביז דער איצטיקער צייט, עקסיסטירט שוין די ייִדישע

געשיכטע־שרייבונג אין לשון ייִדיש קרוב צו פינף יאָרהונדערטערס. אַזאַ דויערנדיקער צייטשפּאַן איז נישט קיין קלייניקייט, בפרט, אויב מען נעמט אין אַכט, אַז אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָט די ייִדישע היסטאָריאָ־גראַפיע באַרייכערט די ייִדישע שפּראַך מיט וויכטיקע קולטורווערטן, וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסן פון 1) די פאָרשונגען פונעם עָבר און 2) פון דעם פאַרשרייבן די רעזולטאַטן פון די דאָזיקע פאָרשונגען אין די געשיכטע־ביכער. ס׳איז נישט קיין ספק, אַז די דאָזיקע היסטאָרישע קולטורווערטן פּונקט ווי די קולטורווערטן פון די אַלע אַנדערע קאָמפּאָנענטן פון לשון ייִדיש, זיינען געווען די ציגל, מיט דער הילף פון וועלכע ס׳איז איבערן ערשטן גאָרן פון דער גערעדטער ייִדישער שפּראַך אַרויפגעצויגן געוואָרן דער צווייטער גאָרן: לשון ייִדיש שבכתב. און אָט אויף אַזאַ אופן איז אין משך פון די יאָרהונדערטער די גערעדטע פאָלקסשפּראַך, וואָס איז אין געוויסע צייטן מיט ביטול באַצייכנט געוואָרן ווי אַ „זשאַרגאָן", דערהויבן געוואָרן צו איר כשר פאַרדינטער פּאָזיציע פון אַ ליטעראַרישער שפּראַך.

## ד״ר פיליפ פרידמאַן — דער היסטאָריקער פון אונדזער חורבן

וועגן דעם פריצייטיק פאַרשטאָרבענעם היסטאָריקער, ד״ר פיליפ פריד־מאַן, זאָגט מען, אַז ער איז דער פאָטער פון דער חורבן־פאָרשונג. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די דאָזיקע מיינונג איז אַ ריכטיקע, כאָטש ס׳איז אויך באַוווּסט, אַז פאַר פרידמאַנען האָט ד״ר עמנואל רינגעלבלום געלייגט די יסודות פון אַ ברייט־פאַרנעמיקער פאָרשונג פונעם חורבן. ד״ר רינגעלבלום האָט, צום באַדויערן, נישט איבערגעלעבט דעם נאַצישן קאַטאַקליזם און ד״ר פרידמאַן האָט נאָך דער באַפרייונג מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און פאַכמענישער קענטעניש גענומען אין זיינע הענט די איניציאַטיוו וועלכע זיין אומגע־קומענער קאָלעגע האָט נישט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן.

איך האָב ד״ר פרידמאַנען אָבסערווירט פון דער נאָענט אין יענע ערשטע טעג נאָכן פאַרטרייבן די נאַצישע רוצחים פון דער פוילישער ערד. אין האַרבסט 1944 האָט ער זיך געפונען אין לובלין, ווו ער האָט צוזאַמען מיט אַ קליינער גרופע קאָלעגן היסטאָריקערס (צווישן זיי ד״ר יוסף קערמיש, נחמן בלומענטאַל א״אַ) געגרינדעט די „צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע״ אין נאָכמלחמהדיקן פוילן.

מיט סך הכל עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער האָב איך אים ווידער געזען, בעת ער האָט די דאָזיקע קאָמיסיע מיט איר נאָך דעמאָלט זייער אָרעמען אַרכיוו אַריינגעפירט אין דער נאָר וואָס באַפרייטער שטאָט לאָדזש. ערשט דאָרט, אין לאָדזש, האָט זיך איינגעשטעלט אַ פאַרצווייגטע פאַרשאַרבעט וואָס איז באַשטאַנען דער עיקר פון זאַמלען דאָקומענטן פון אַלע מינים.

אַ גאָר גרויסע חשיבות איז צוגעטיילט געוואָרן דער זאַמלונג פון גבית־עדות פון יידן, וועלכע האָבן זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון די נאַצישע פאַרטיליקונג־לאַגערן, אָדער זיינען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, ווו ס׳האָט זיך זיי איינגעגעבן איבערצולעבן די שרעקלעכע צייט. אין די ביוראָ־צימערן פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע זיינען איצט די זאַמלערס פון גבית־עדות געזעסן ביי זייערע שרייבטישן און האָבן פאַרשריבן מיט גרויס התמדה אַלץ וואָס די יידן האָבן זיי דערציילט וועגן זייערע דורכגעלעבטע טעג אין

נאַצישן גיהנום, און נישט בלויז האָבן זיי, די זאַמלערס, פֿאַרשריבן, נייערט זיי האָבן אויך געמוזט אויספֿרעגן זייערע קליִענטן וועגן פֿאַרשיידענע ענינים, כּדי דאָס גבית־עדות זאָל מיט זיין אינהאַלט אַרויסברענגען דעם תּמצית פֿון אַ היסטאָרישן דאָקומענט. האָט דעריבער יעדער זאַמלער געהאַט פֿאַר זיינע אויגן די בראָשור מיט מעטאָדאָלאָגישע אינסטרוקציעס. עס זיינען דאָרט פֿאַראַן געווען די סאַמע וויכטיקסטע פֿראַגן, אויף וועלכע דער עדות דאַרף געבן אַן ענטפֿער. איבעריק צו זאָגן, אַז אָט די אַלע מעטאָדאָלאָגישע אינ־סטרוקציעס האָט צונויפֿגעשטעלט ד״ר פֿיליפּ פֿרידמאַן.

די צייט איז געווען אָנגעלאָדן מיט אַ מטורפֿדיקער שפּאַנונג. די וועלט האָט נישט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען. מע האָט געדאַרפֿט אַרויסקומען מיט אינפֿאָרמאַציע, דערציילן פֿאַקטן. פֿרידמאַן איז געווען אַ היסטאָריאָגראַף מיט אַ דורכויס וויסנשאַפֿטלעכן צוגאַנג סיי צו דער פֿאָרשאַרבעט און סיי צו דער געשיכטע־שרייבונג. אָבער אין יענע אויסערגעוויינטלעכע באַדינגונגען האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נישט מעגלעך צו וואַרטן ביז די פֿאָרש־אַרבעטן וועלן ווערן צייטיק און מען וועט — ווי געוויינלעך אין נאָרמאַלע באַדינגונגען — זיך קאָנען נעמען צום שרייבן געשיכטע. מען האָט געדאַרפֿט גלייך אויפֿן אָרט דערציילן די פֿאַקטן פֿון דער בלוטיקער פֿאַרטיליקונג און פֿון דעם העראָישן קאַמף.

ס׳זיינען נאָך דעמאָלט נישט פֿאַראַן געווען די פֿאַרכאַפּטע נאַצישע אַרכיוון, און ס׳זיינען אויך נישט געהאַט פֿאָרגעקומען קיין סך געריכטלעכע פּראָצעסן קעגן נאַצישע רוצחים, אויף וועלכע ס׳זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן פֿאַקטן פֿון נאַצישע רציחות. דאָס אַלץ וועט קומען שפּעטער, אָבער איצט האָט פֿרידמאַן געפֿילט, אַז ער דאַרף שוין היינט שרייבן וועגן אַ ריי פּראָגעס אויפֿן סמך פֿון מאַטעריאַלן, וועלכע ער האָט שוין איצט אין זיין רשות. און באַשטאַנען זיינען די דאָזיקע מאַטעריאַלן דער עיקר פֿון זיינע אייגענע זכרונות און פֿון די פֿאַקטן וואָס ייִדן האָבן אָנגעגעבן אין זייערע גבית־עדות.

אָט אַזוי זיינען אַנטשטאַנען פֿרידמאַנס צוויי ווערק וועגן דעם אומקום פֿון זיין היימשטאָט לעמבערג[1] און וועגן אוישוויץ.[2] לכתּחילה זיינען עס געווען צוויי בראָשורן אין דער פּוילישער שפּראַך, אָבער מיטן אָפּלויף פֿון יאָרן,

1 Dr. Filip Friedman: Zagłada Żydów Lwowskich w Okresie **Okupacji Niemieckiej**, Łódź, 1945.

2 Dr. Filip Friedman: **To Jest Oświęcim**, Warszawa, 1945.

בעת ס׳זיינען צוגעקומען נייע דאָקומענטן, האָט דער מחבר פאַרגרעסערט און אויסגעברייטערט דעם פאַרנעם פון זיין אַרבעט. דיביידע ווערק זיינען שפּעטער אין אַן אויסגעברייטערטן אינהאַלט דערשינען אין אַ צאָל שפּראַכן: יידיש, העברעיש, שפּאַניש און ענגליש. ד״ר פרידמאַן האָט פאַרלאָזט פּוילן אין יאָר 1946. ער האָט זיך צייטווייליק באַזעצט אין מערב־דייטשלאַנד, האָט אָבער שפּעטער עמיגרירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו ער האָט אין דעם גרויסן יידישן צענטער, אין ניו־יאָרק, געפונען זיין שטענדיקע היים.

*

ביים אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט שוין ד״ר פיליפּ פרידמאַן געהאַט דערגרייכט אַן ערנסטע פּאָזיציע אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. חוץ אַ סך פּרט־אַרבעטן אויף היסטאָרישע טעמעס, וועלכע ער האָט געדרוקט אין אַ ריי זשורנאַלן, האָט ער שוין דעמאָלט געהאַט אַרויסגעגעבן צוויי וויכטיקע ביכער: די גאַליצישע יידן אין קאַמף פאַר זייער גלייכבאַרעכטיקונג און די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש פונעם אָנהייב ביז 1863. די דאָזיקע צוויי ווערק האָבן דעם יונגן היסטאָריקער אַוועקגעשטעלט אין דער ריי פון די סאַמע חשובסטע יידישע געשיכטע־שרייבערס אין פּוילן, וואָס האָט אין יענער תקופה פאַרמאָגט אַ ביז גאָר רייכע פּלעיאַדע פון אויסגעצייכנטע היסטאָריקערס.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך פרידמאַן — קאָן מען זאָגן — אויסשליסלעך געווידמעט דער חורבן טעמאַטיק. ער האָט געפאָרשט אַלע געביטן פון דער חורבן־געשיכטע און די שפע פון טעמעס אויף וועלכע ער האָט געשריבן, באַווייזט באַשיימפּערלעך, אַז ער האָט געאַרבעט מיט אַ שטאַרקן אימפּעט און מיט גרויס התמדה. פון דער דאָזיקער שפע פון טעמעס איז אויך צו זען, אַז ער האָט געוואָלט אַרומנעמען דאָס גאַנצע געביט פון דער חורבן־געשיכטע און געגרייט זיך צו שאַפן דאָס מאָנומענטאַלע סינטעטישע ווערק פון דער אַלגעמיינער חורבן־געשיכטע.

אָט די אַלזייטיקייט אין פרידמאַנס חורבן־טעמאַטיק שפּיגלט זיך צום בולטסטן אָפּ אין זיין לעצטנס דערשינענעם בוך,[3] וואָס איז אַרויסגעגעבן

---

3 Dr. Filip Friedman: **Roads to Extinction:** Essays on the Holocaust – Edited by Ada June Friedman with an Introduction by Salo Wittmayer Baron — The Jewish Publication Society – N.Y. & Phila. – 5740 – 1980 – 610 pp.

געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פונעם מחברס אַלמנה, ד״ר אַדאַ עבער־פרידמאַן, וועלכע האָט במשך פון די לעצטע עטלעכע יאָר געווידמעט אַ סך מי און אַרבעט לטובת דעם דאָזיקן בוך.

אינעם בוך זיינען אַריין 23 עסייען, וואָס פרידמאַן האָט אָנגעשריבן אויף אַ שטח פון אַן ערך פופצן יאָר און האָט אין אָריגינאַל זיי פאַרעפנטלעכט אין דריי שפּראַכן: ייִדיש, העברעיִש און פויליש. אַ דאַנק דער מי פון ד״ר אַדאַ פרידמאַן זיינען איצט די אַלע עסייען איבערזעצט געוואָרן אין אַ ציכטיקן ענגליש און האָבן באַקומען די נייטיקע רעדאַקציאָנעלע באַמערקונגען און הערות. אויך אין דער אויסשטעלונג פון די באַזונדערע עסייען און אין דער אַראַנזשירונג פון די טיילן פון בוך פילט מען די האַנט פון אַ מענטש וואָס איז געווען נאָענט פאַרבונדן מיט דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פונעם פאַר־שטאָרבענעם היסטאָריקער.

דאָס בוך איז פאַרטיילט אין דריי חלקים: אין ערשטן חלק זיינען אַריינ־געגאַנגען אַכט עסייען, אין וועלכע ס׳ווערן באַהאַנדלט אַספּעקטן פון סעגרע־גאַציע און ברוטאַלער דיסקרימינאַציע קעגן ייִדן. די דאָזיקע עסייען דעקן דעם צייטאָפּשניט פון דער גאַנצער מלחמה: פון 1939 ביז 1945, מחמת דיסקרימינאַציע איז ביי די נאַציס געווען דער הויפּט־קאָמפּאָנענט פון זייער אונטערדריקונג־טעכניק פון דער „מינדערוועדטיקער״ ייִדישער ראַסע.

דערקעגן אָבער האָבן די עסייען פונעם צווייטן טייל פון בוך אַ שייכות צו דער ענדגילטיקער פאַרטיליקונג פון ייִדן. ווי מיר ווייסן האָט ביי די נאַציס די ענדגילטיקע לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע באַקומען איר אָפיציעלן תּיקון נישט פריִער ווי אין יאָר 1941. דעקן דעריבער די עסייען פונעם צווייטן טייל פון בוך אַ צייטאָפּשניט פון 1941 ביז 1945.

איר עפנט די ערשטע זייטן פון בוך און איר דערפילט גלייך דעם ערשטן ציטער: איר דערמאָנט זיך ווי מען האָט אויף אייך גוזר געווען די גזירה פון דעם ייִדישן צייכן — דעם אָרעמבאַנד מיטן מגן־דוד. איר לייענט און ס׳דערמאָנען זיך אייך אַ סך זאַכן, וואָס איר האָט שוין אפשר געהאַט פאַרגעסן. אָבער זיי זיינען דאָ, זיי וואָרצלען אין אייער בלוט.

פרידמאַן דערציילט וועגן דעם ייִדישן צייכן און וועגן דעם אופן ווי ער איז איינגעפירט געוואָרן אין פאַרשיידענע לענדער פון אָקופּירטן אייראָ־פּעיִשן קאָנטינענט. און באַלד אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדזערע אויגן אונטער־שיידן צווישן מענטשן און מענטשן. אין מיזרח־אייראָפּע איז אַלץ דורכגע־

גאַנגען גלאַטיק. נאַציס האָבן אַרויסגעגעבן דעקרעטן, ייִדן האָבן אָנגעטאָן דעם צייכן און די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט נישט פּראָטעסטירט. אָבער אין מערב־אייראָפּע איז עס אַזוי גלאַטיק נישט דורכגעגאַנגען. אין פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד האָט די פאַראָרדענונג וועגן דעם ייִדן־צייכן אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן. אין דענעמאַרק האָט דער קעניג קריסטיאַן דער צענטער נישט דערלאָזט איינפירן דעם ייִדן־צייכן און אין בולגאַריע איז בלויז אַ קליינער טייל פון די דאָרטיקע ייִדן געווען געצוווּנגען צו טראָגן דעם צייכן.

אין די ווייטערדיקע עסייען פונעם ערשטן טייל דערציילט פרידמאַן וועגן די דייטשישע פּלענער צו באַזעצן ייִדן אין דער לובלינער געגנט און אויפן אינדזל מאַדאַגאַסקאַר. ווי באַוווּסט זיינען עס געווען פּלענער וואָס האָבן קיין מאָל נישט געדאַרפט פאַרווירקלעכט ווערן. דאַקעגן אָבער געפינען מיר באַזונדערס אינטערעסאַנטע פּרטים אין פרידמאַנס צוויי עסייען וועגן געטאָ. ערשטנס, אַנטפּלעקט זיך די פראַגע צי בעת דער קאָנפערענץ אין בערלין, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 21סטן סעפּטעמבער 1939 אונטערן פאָרזיץ פון ריינהאַרד היידריך, איז שוין פאַראַן געווען דער באַשלוס דורכצופירן די טאָטאַלע ליקווידאַציע פון ייִדן. ס'איז אָבער באַוווּסט, אַז ס'האָט זיך נישט אָפּגעפונען דער פּראָטאָקאָל פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ. במילא קאָן מען נישט וויסן וועגן וואָס מען האָט דאָרט דיסקוטירט. ס'איז אָבער אויך באַוווּסט, אַז באַלד נאָך דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן די נאַציס אָנגעהויבן איינצופירן ייִדישע וווינגעגנטן און געטאָס. אויך דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן די „איינזאַצגרופּן", וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו באַזוכן ייִדישע געטאָס און צו מאָרדן ייִדן.

דער אמת וועגן די געטאָס מוז זיין ערגעץ אין מיטן פון וועג. אויב ס'איז אַפילו אין סעפּטעמבער 1939 נישט געווען קיין אָפיציעלער באַשלוס וועגן טאָטאַלער ליקווידאַציע, האָבן אָבער די פּני פון דער נאַציִשער מאָרד־ממשלה שוין דעמאָלט געהאַט ביי זיך באַשלאָסן, אַז אַלע ייִדן דאַרפן אויסגעשאָכטן ווערן. פאַרן געטאָ איז דערוויל פאַרטראַכט געוואָרן זיין ערשטע אויפגאַבע: אויסצוהונגערן און ביזן טויט אויסמאַטערן אַזוי פיל ייִדן ווי מעגלעך. אַז דאָס וועט געשען, וועט אין דער צווייטער פאַזע לייכטער אָנקומען אויסצושעכטן די איבערגעבליבענע ייִדן. ווי מיר זען, איז דער גהינומדיקער נאַציִשער פּלאַן פאַרטראַכט געוואָרן מיט אמתדיקער סיסטעמאַטישקייט.

עס דאַרפֿן דערמאָנט ווערן פרידמאַנס צוויי ביז גאָר אינטערעסאַנטע אַרבעטן, וואָס שליסן אָפּ דעם ערשטן טייל פֿונעם איצטיקן בוך: קראַיִם אונטער דער נאַצישער ממשלה און אוקראַיִניש־ייִדישע באַציִונגען אין דער צייט פֿון דער אָקופּאַציע. ס'איז נישט קיין ספק, אַז מיט זיין באַאַרבעטונג פֿון די דאָזיקע צוויי טעמעס, וואָס זייער דאָקומענטאַציע איז נישט לייכט צו געפֿינען, האָט ד"ר פרידמאַן געמאַכט אין אַ געוויסער מאָס אַ פּיאָנערישע אַרבעט פֿון גרויסער חשיבות.

די צען עסייען, וואָס שאַפֿן דעם צווייטן טייל פֿון פּיליפּ פרידמאַנס זאַמלונג, דערציילן וועגן דירעקטע מעשׂים פֿון דער נאַצישער פֿאַרטיליקונג פֿון ייִדן, אין הסכּם מיטן פּראָגראַם פֿון דער „ענדגילטיקער לייזונג פֿון דער ייִדן־פֿראַגע". די צוויי וויכטיקסטע עסייען פֿונעם דאָזיקן צווייטן טייל זיינען: די אויסראָטונג פֿון די פּוילישע ייִדן בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, 1939—1945 און די פֿאַרניכטונג פֿון די לעמבערגער ייִדן, 1941—1944.

דעם ערשטן פֿון די צוויי עסייען האָט פרידמאַן אין 1945 אָנגעשריבן פֿאַר דער „פּוילישער מלוכישער קאָמיסיע אויסצופֿאָרשן די דייטשישע פֿאַרברעכנס". ער האָט דאָ געגעבן אַ בקיצורדיקן סך־הכּל פֿון די גרויסע אַבֿידות, וואָס דאָס פּוילישע ייִדנטום האָט געליטן בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, ווען פֿון דער איבער דריי־מיליאָניקער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿאַרן אויסבראָך פֿון דער מלחמה האָבן זיך אויף דער פּוילישער ערד געראַטעוועט קוים וועלכע פֿופֿציק טויזנט נפֿשות (לויט פרידמאַנס אויסרעכענונג).

אינעם עסיי די פֿאַרניכטונג פֿון די לעמבערגער ייִדן זיינען אַריין גרעסערע פֿראַגמענטן פֿון פרידמאַנס ווערק וועגן אומקום פֿון ייִדן אין לעמבערג, וואָס איז דאָ שוין פֿריִער דערמאָנט געוואָרן.

אין דעם צווייטן טייל פֿון בוך זיינען אויך אַריין דריי עסייען וועגן די דריי „פֿאַלשע משיחים", וואָס די געטאָס אין פּוילן האָבן פֿון זיך אַרויסגעגעבן. דער „קייסער" פֿון לאָדזשער געטאָ, מרדכי חיים רומקאָווסקי, איז צווישן די דאָזיקע דריי געטאָ־מושלים געווען דער עלטסטער. משה מערין, וואָס האָט געהאַט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט איבער די געטאָס און די ייִדן פֿון זאַגלעמביע און שלעזיע, האָט מיט אַן אייזערנער האַנט אָנגעהאַלטן די דיסציפּלין אין זיין געביט. יעקב גענס, דער קאָמענדאַנט פֿון דער ייִדישער פּאָליציי און דער פֿאַקטישער דיקטאַטאָר פֿון ווילנער געטאָ, האָט צוליב דעם מאַנגל

פון אַנטשלאָסנקייט אָפט מאָל גורם געווען סכּנותדיקע סיטואַציעס פאַר דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג פון געטאָ.

פרידמאַן מאָלט די דאָזיקע דרײַ פּערזענלעכקייטן מיט אַ פּענדזל פון אַ געניטן מאָלער. ער אַנאַליזירט די פּסיכישע און די אינטעלעקטועלע וואָרצלען וואָס האָבן ביי אַלע דרײַ געטאָ־דיקטאַטאָרן געווירקט, אַז זיי זאָלן מיט אייגענעם ווילן זיך אַוועקלאָזן אויף דעם דאָזיקן סכּנותדיקן וועג צו דינען דעם ווילדן רוצח און צו העלפן אים אין דער פאַרטיליקונג פון זייערע ברידער. איבעריק צוצוגעבן, אַז דאָ און דאָרט געפינט אויך פרידמאַן זכותים אויף די דרײַ דיקטאַטאָרן, וואָס זיינען באַהערשט געוואָרן דורך אַ משיחישן משוגעת און האָבן געגלייבט, אַז זיי וועלן ראַטעווען ייִדן פון טויט.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די דאָזיקע דרײַ עסייען לייענען זיך מיט גרויס אינטערעס, קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז ד״ר פרידמאַנס איצטיקע זאַמלונג פון היסטאָרישע עסייען וואָלט צוגעווונען אַ סך ווערט, אויב אויף זייער אָרט, און אפשר אויך אויפן אָרט פונעם עסיי וועגן דער אויסראָטונג פון ציגיינער, וואָלטן אַריינגעקומען אַרבעטן וועגן וואַרשעווער געטאָ און וועגן דעם דאָרטיקן אויפשטאַנד. אמת, ס׳איז פאַראַן אין דעם צווייטן טייל פון בוך אַן אַרבעט א״נ ייִדישער ווידערשטאַנד קעגן נאַציזם, ווו דער מחבר גיט אַ בקיצורדיקע און סך־הכּלדיקע אָפּשאַצונג פונעם ייִדישן אָנשטרענג אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם נאַצישן טעראָר, אָבער פון דעסטוועגן פילט זיך שטאַרק אינעם בוך דער מאַנגל פון אַן אַרבעט (אָדער אַרבעטן) וועגן וואַרשע, וואָס איז אין פוילן געווען דער ייִדישער הויפּט־צענטער, און אין דער פראַגע פון ווידערשטאַנד און קאַמף קעגן דעם שונא האָט זי צווישן די ייִדישע קהילות פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט.

אינעם צווייטן טייל פון בוך קאָן מען אויך געפינען צוויי אַרבעטן וועגן חסידי־אומות־העולם, וואָס האָבן אין דער דעמאָלטיקער מוראדיקער צייט איינגעשטעלט זייער לעבן און האָבן נאָכגעפאָלגט דעם רוף פון זייער מענטשלעכן געוויסן. זיי האָבן געהאָלפן ייִדן זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די נאַצישע רוצחים און אַ טייל פון זיי זיינען מיט גרויס מוט אַרויסגעטראָטן אין פּאָליטישע אַקציעס מיט פּראָטעסטן קעגן די נאַצישע ייִדן־רדיפות. עס דערציילט זיך אין די דאָזיקע קאַפּיטלען וועגן יחידים, וואָס האָבן זייער אַרבעט געטאָן בשתיקה, און וועגן גאַנצע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געאַרבעט אין אונטערגרונט הינטער פאַרשיידענע קאַמופלאַזשן.

די גאַנצע פּראָבלעם פון ראַטעווען ייִדן בכלל און ייִדישע קינדער בפרט איז געווען שטאַרק קאָמפּליצירט און ד״ר פרידמאַן האָט אין זיין שאַפונג דער דאָזיקער פראַגע געגעבן אַ באַריכותדיקע באַלייכטונג אין זיין בוך Their Brothers Keepers (N. Y. 1957) און אין אַ ריי זייער אינטערעסאַנטע פרט־אַרבעטן.

אינעם 3טן און לעצטן טייל פון ד״ר פרידמאַנס בוך Roads to Extinction וועט אונדזער לייענער געפינען פינף עסייען, וואָס ווערן דורך דער רעדאַקציע פונעם בוך באַצייכנט ווי מעטאָדאָלאָגישע שטודיעס. אָבער אין דער אמתן שפּרייזן די דאָזיקע שטודיעס ווייט אַריבער דאָס געביט פון פּשוטער מעטאָדאָלאָגיע. עס רעדט זיך אין זיי וועגן סיסטעמען פון געשיכטע־פאָרשונג אין סטאַנדאַרטן פון היסטאָריאָגראַפישע אַרבעטן. גאַנץ נישט זעלטן שפּאַרן אָן די דאָזיקע שטודיעס אין פּראָבלעמען פון היסטאָריאָזאָפיע.

מיר וועלן זיך באַמיִען אַרויסצוהייבן פון די דאָזיקע שטודיעס עטלעכע גרונט־אידייען, וואָס כאַראַקטעריזירן פרידמאַנס היסטאָריאָגראַפישע שאַפונג אויפן געביט פון דער חורבן־געשיכטע. שוין פון פריִער ווייסן מיר, אַז פרידמאַן האָט די דייטשישע אַרכיוון און די פּראָצעסן קעגן די מלחמה־פאַרברעכערס באַטראַכט ווי דעם וויכטיקסטן קוואַל פון דער דאָקומענטאַציע. ער האָט אָבער אויך גלייכצייטיק הויך געשאַצט די חשיבות פון די גבית־עדות פון געראַטעוועטע ייִדן. זיין סיסטעם איז באַשטאַנען אין אַ קעגנזייטיקער פאַרגלייכונג פון די ביידע מינים דאָקומענטן און אַזוי אַרום צו דערגרייכן דעם מיטלוועג צווישן זיי ביידע.

ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין שילדערן געשעענישן פונעם ייִדישן סעקטאָר (און אַזעלכע שילדערונגען שאַפן דאָך דאָס רוב פון די חורבן־שילדערונגען) האָט די דאָקומענטאַציע פונעם דייטשישן סעקטאָר נישט געקאָנט ברענגען קיין גרויסן נוצן. דאָ האָט דער געשיכטע־שרייבער געמוזט זיך באַנוצן מיט ייִדישער דאָקומענטאַציע.

אין דעם רוב פון ד״ר פרידמאַנס שטודיעס און עסייען ווערט דערציילט וועגן געשעענישן פון ייִדישן סעקטאָר. במילא, האָט זיך דער מחבר באַנוצט מער מיט ייִדישע דאָקומענטן ווי מיט די דייטשישע. פון דעם נעמט זיך, אַז אַ טייל היסטאָריקערס, וואָס האָבן אַ שוואַך פאַרשטענדעניש פון די געשעענישן פון דער חורבן־צייט, באַגייען דעם טעות פון באַצייכענען פרידמאַנס אַרבעטן ווי סאָציאָלאָגישע שטודיעס.

דער ייִדישער היסטאָריקער איז געוויינטלעך אַ מענטש מיט עמאָציעס און געפילן. אויב ס'קלאַפּט ביי אים נישט דער אָדער פון אַהבת ישׂראל, אויב ער וויטיקט נישט אויפן גורל פון זיין פאָלק און קאָן נישט פילן קיין אינערלעך גליק, בעת זיין פאָלק לעבט איבער אַ שעה פון שׂימחה, זאָל ער זיך בעסער נישט נעמען צום שרייבן ייִדישע געשיכטע, גענוג צו עפּענען אַ וועלכע נישט איז זייט פון דובנאָווס אָדער גרעצס געשיכטע, כּדי זיך גלייך צו איבערצייגן, אַז איבער יעדן זאַץ, ממש איבער יעדן וואָרט ציט זיך דער דינער פאָדעם פון אַהבת ישׂראל.

מיט קרוב הונדערט יאָר צוריק האָט גרעץ געשריבן צו די רבנים פון ייִדישע קהילות, אַז זייער חוב איז אויסצופאָרשן און אָנצושרייבן די געשיכטע פון זייער קהילה. אַ סך רבנים האָבן אים געפאָלגט און איך בין נישט זיכער צי זיי האָבן אָנגעשריבן גוטע היסטאָרישע ווערק. זיי האָבן אָבער מצליח געווען אַריינצואָטעמען אין זייערע אַרבעטן אַ שפּאָר ביסל ייִדישע וואַרעמקייט.

מיר איז באַקאַנט, אַז פרידמאַן איז געווען שטאַרק אָפּגעהיט אָנצוהאַלטן אַ וויסנשאַפטלעכן טאָן אין זיינע אַרבעטן. ער האָט זיך באַמיט צו צוימען זיינע עמאָציעס, כּדי אָנצוהאַלטן זיין פּאָזיציע פון אַן אָביעקטיוון היסטאָריאָגראַף. ער האָט זיך טאַקע געהאַלטן אין דער מעלה, און בעת איר לייענט אַזעלכע אַרבעטן זיינע ווי די אַרבעט וועגן די געטאָס, אָדער וועגן זיין היימשטאָט לעמבערג און אַ סך אַנדערע, פילט איר בפירוש, אַז דער שרייבער פון דער אַרבעט לעבט איבער מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים די שרעקלעכע טראַגעדיע וואָס איז באַפאַלן זיין פאָלק.

מיר ווילן טאַקע בכּיוון אונטערשטרייכן די דאָזיקע מעלה פון ד"ר פרידמאַן און אַנטקעגנשטעלן אים עטלעכע שרייבערס פון דער חורבן־געשיכטע וואָס האָבן פון זייערע שאַפונגען באַזייטיקט יעדן שמץ פון עמאָציע און געפיל. וואָס איז די פּעולה? זייערע אַרבעטן זיינען טאַקע פּינקטלעך אין דער פאַקטאָלאָגיע און לאָגיק, אָבער ס'פעלט זיי דער עיקר: דאָס האַרץ און די נשמה. זיי זיינען טרוקן ווי אַן אויסגעטריקנטער שייטער האָלץ.

אַן אַנדערער געשיכטע־שרייבער האָט זיך פאַרמאָסטן אָנצושרייבן אַ גרויס ווערק וועגן דער פאַרטיליקונג פון ייִדן אין אייראָפּע אויפן סמך פון נאַצישע דאָקומענטן. ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע צו ווייזן די ייִדן דורך די אויגן פון די נאַצישע רוצחים. איז וואָס, טראַכט איר, איז

פון דעם אַרויסגעקומען? אַ געשיכטע פון די נאַצישע רוצחים און לחלוטין נישט פון דעם ייִדישן מאַרטירערטום.

ד״ר פיליפּ פרידמאַן איז דער אמתדיקער ייִדישער געשיכטע־שרייבער. אָבער אין דער געשיכטע־שרייבונג אַליין ליגט נאָך נישט דער גאַנצער פאַרדינסט זיינער פאַר דער חורבן־געשיכטע. כּדי דאָס אויפצוקלערן וועלן מיר זיך אומקערן צו דעם וואָס מיר האָבן געזאָגט ביים אָנהייב פון דער דאָזיקער אַרבעט: פרידמאַן ווערט באַטראַכט ווי דער פאָטער פון דער חורבן־פאַרשונג. צוליב וואָס איז עס? דער עיקר צוליב דעם, וואָס ער האָט געוויזן דעם וועג. פאַרטראַכט דעם סיסטעם און די מעטאָדן פאַרן אויפבוי פון דעם בנין פון דער חורבן־פאַרשונג. אין די ראַמען פונעם דאָזיקן בנין האָט ער מיט דער הילף פון זיין פרוי, און שפּעטער מיט אַ שטאַב מיטאַרבעטער פונעם בשותּפותדיקן פּראָיעקט פון ייִוואָ און יד ושם צוזאַמענגעשטעלט אַ ביבליאָגראַפיע פון געדרוקטע אַרבעטן וועגן ייִדישן חורבן אין אַלע שפּראַכן.

צום באַדויערן איז בלויז דער ערשטער באַנד פון דער דאָזיקער מאָנומענטאַלער ביבליאָגראַפיע, די ביבליאָגראַפיע פון די העברעיִשע ביכער וועגן חורבן, געווען פאַרטיק ביי פרידמאַנס לעבן. מעגלעך אַז פאַר זיין טויט האָט ער נאָך געהאַט די זכיה צו זען דעם „גייד״ אין דער ענגלישער שפּראַך, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען פאַרטיק צום דרוק. אָבער די גאַנצע ווייטערדיקע אַרבעט אַרום דעם ביבליאָגראַפיע־פּראָיעקט איז שוין געטאָן געוואָרן נאָך זיין טויט.

מיט דער שאַפונג פון דער דאָזיקער ביבליאָגראַפיע איז געווען פאַרבונדן ד״ר פרידמאַנס גרויסער חלום: די פולע סינטעטישע געשיכטע פון דריטן חורבן, וואָס האָט געזאָלט ווערן דאָס קרוינווערק פון זיין לעבן. צו דעם דאָזיקן קרוינווערק זיינעם וואָלט די ביבליאָגראַפיע אויסגעפּלאַסטערט פאַרן מחבר דעם דרך המלך.

האָט אָבער דער גורל געפירט אַנדערש. כאָטש די ביבליאָגראַפיע האָט שוין ביז איצט פאַר אַ סך געשיכטע־שרייבערס פון חורבן געטראָגן הילף אין זייערע אַרבעטן, איז פרידמאַנען באַשערט געווען מיטצונעמען אין קבר זיין גרויסן חלום. די סינטעטישע געשיכטע פון דריטן חורבן איז נאָך ביז היינט נישט דערשינען. זי וואַרט נאָך אַלץ אויף איר באַשערטן מחבר.